ד״ר ש. א. האָראָדעצקי

# דער חסידיזם און זיינע פירער

אין צוויי טייל

ווילנע — 1937

פאַרלאַג „טאָמאָר"

Max and Rebecca Askotzky
AL 331
Memorial Library

# אינהאַלט

זײַט



## ערשטער בוך



## צווייטער בוך



### די ליובאַוויטשער דינאַסטיע

# אַ ר י י נ פ י ר.

שוין איבער צוויי הונדערט יאָר זיינען פאַרגאַנגען זינט ס'איז געבוירן געוואָרן דער חסידיזם; מיט שטורעם און דראַנג, מיט פיל מי און קאַמף האָט ער דורכגעמאַכט זיין וועג פון דור צו דור. זיין אויסערלעכע פאָרם האָט זיך אמת געענדערט לויט דער צייט און אָרט, אָבער זיין אינערלעכער גייסט איז געבליבן דער זעלבער ביז צום היינטיקן טאָג. דער חסידיזם איז היינט נאָך אַ גייסטיקע נאַרונג פאַר פילע טויזנטער יידן אין פאַרשיידענע לענדער.

דער חסידיזם איז דער לעצטער רינג אין דער קייט פון דעם יידישן מיסטיציזם, ער שנירלט זיך דורך דורך דער יידישער געשיכטע פון דעם גאָר ערשטן אָנהייב אירן: די נביאים, די יידישע אַפּאָקאַליפּטיק, די עסעער, אַגדה און תלמוד, מדרש און קבלה. אַט די אַלע מיסטישע שטרעמונגען האָבן איין אורשפּרונג און טראָגן איין און די זעלבע כאַראַקטעריסטישע סימנים.

די מיסטישע פונקען האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו גליען אין דער נשמה פון דעם יידישן פאָלק. ס'פלעגט אָפטמאָל אויסזען, אַז די פונקען שימערן נאָר, זייענדיק ערגעץ פאַרשטעקט, אָבער פלוצלונג פלעגן זיי ווידער אויפפלאַקערן און אַנטפלעקן זיך אין פאַרשיידענע אָרטן. צולעצט האָבן זיך אָט די דאָזיקע יידיש־מיסטישע פונקען אָנגעצונדן און זיך אַנטפלעקט דורך דעם ח ס י ד י ז ם.

דער חסידיזם איז די גרעסטע רעליגיעזע באַוועגונג אין דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק. ער האָט זיך טיף איינגעוואָרצלט אין דעם האַרץ פון דעם פאָלק. ער איז די איינציקע רעליגיעזע באַוועגונג אין יידנטום, וואָס, ניט געקוקט אויף דער אָפּאָזיציע פון דעם אָפיציעלן יידנטום, און אויף די אַלע פאַרפאָלגונגען און באַמיִונגען אים אויסצוראָטן, איז ער דאָך געבליבן אומדערשיטערט, בעת די אַנדערע רעליגיעזע באַוועגונגען אינם יידנטום, ווי די קאַראַיִמען, שבתי־צבי און די פראַנקיסטן, זיינען פון יידישן פאָלק געוואָרן אַרויסגעוואָרפן און פאַרניכטעט.

---

# ר׳ ישראל בעל-שם-טוב

## א.

דאָס פינפטע יאָרהונדערט אין זעקסטן טויזנט נאָך אונזער צייט־רעכענונג האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ סך אומגליקן פאַר יידן: פון איין זייט די גרויסע שנאה און פאַגראָמען דורך באָגדאַן כמעלניצקי (ת״ח), און פון דער אַנדער זייט — די גרויסע אַנטטוישונג אין שבתי־צבי, דעם פאַלשן משיח, אין וועלכן זייער פיל יידן האָבן געגלויבט, אַז ער וועט ברענגען די גאולה שלמה צום פאָלק ישראל. דורך זייערע שטאַרקע ליידן און אַנטטוישונגען האָבן די יידן אָנגעפאַנגען צו ווערן מיד; זיי האָבן אָנגעפאַנגען צו פאַרלירן זייער מוט און געדולד. אָט אין דער פאַרצווייפלטער צייט איז נייטיק געווען, עס זאָל אויפשטיין אַ נייער גרויסער ייד און זאָל אין זיי דערוועקן אַ נייעם און פרישן גלויבן אין זיך אַליין און זייער צוקונפט. און אָט דער גרויסער ייד איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט און ער איז געווען: ר׳ ישראל בעל שם־טוב — אָדער ווי מען רופט אים: בעש״ט.

ער איז געבאָרן אַן ערך אין יאָר ת״ס, אין דער קליין שטעטל אָקופּ, ביי דער גרענעץ צווישן פּוילן און וואַלאַכיע (רומעניע). וואָס איז געווען זיין משפחה? — דאָס ווייס מען ניט גענוי. נאָר פון זיין פאָטער ר׳ אליעזר דערציילט מען, אַז ער איז געווען אַ גרויסער פרומער ייד און אַ גרויסער בעל־צדקה. ער האָט געוואוינט אין דאָרף און האָט געהאַט די מידה טובה צו זיין אַ שטאַרקער מכנים אורח. ער האָט געשטעלט שומרים אויף אַלע עקן פון דאָרף, כדי יעדער אורח, וואָס איז פאַרביי־געגאַנגען דעם דאָרף, זאָל קומען צו אים. די חסידישע לעגענדע דער־ציילט:

אַמאָל האָט מען ר׳ אליעזרן שטאַרק געלויבט אין הימל פאַר זיינע גוטע מידות און מען האָט באַשלאָסן אים צו פּרוּוון. דער ס״ם האָט זיך זייער געפרייט און ער האָט געוואָלט גיין פּרוּוון ר׳ אליעזרן, אָבער אליהו

הנביא האָט גובר געווען דעם ס״ם און מען האָט אים געהייסן, ער זאָל גיין צו ר׳ אליעזרן און אים ברענגען צו א נסיון. אליהו הנביא האָט זיך פאַרשטעלט ווי אַן אָרעמאַן מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס און אַ שטעקן אין האַנט, און ער איז געקומען צו ר׳ אליעזרן שבת בייטאָג. ער האָט געזאָגט:

— גוט שבת, ר׳ אליעזר!

ר׳ אליעזר, כאָטש ער האָט געזען, אַז דער אָרעמאַן האָט מחלל שבת געווען, האָט ער אים מקבל פנים געווען מיט גרויס כבוד און אים געגעבן „שלש סעודות" און „מלווה מלכה". זונטאָג אינדערפרי האָט ער אים נאָך געגעבן אַ שיינע נדבה און אים אפילו ניט מיט קיין וואָרט דער־מאָנט, וואָס ער האָט מחלל שבת געווען. תיכף האָט זיך אליהו הנביא אַנטפּלעקט און צו אים געזאָגט:

— דו זאָלסט וויסן, אַז איך בין אליהו הנביא און בין געקומען דיך פּרווון. און ווייל דו ביסט געווען אַן עומד בנסיון, וועסטו בשכר זה זוכה זיין צו אַ זון, וואָס ער וועט ליכטיק מאַכן די אויגן פון די יידן.

אַן אַנדער חסידישע מעשה דערציילט:

ר׳ אליעזר און זיין פרוי זיינען געווען אַלט און אָרעם, אָן קינדער. זיי האָבן געלעבט אין דאָרף. איינמאָל זיינען זיי איבערגעפאַלן געוואָרן פון רויבער. די פרוי איז אַנטלאָפן אין שטאָט און איז דאָרט געוואָרן אַ הייבאַם, און ר׳ אליעזרן האָבן די רויבער פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט אין אַ זייער ווייטער מדינה, וווּ עס זיינען ניט געווען קיין יידן. ער האָט געבעטן זיין באַלעבאָס, ער זאָל אים דערלויבן ניט צו טאָן קיין מלאכה אום שבת. זיין באַלעבאָס איז צו דעם מרוצה געוואָרן. נאָכדעם האָט אים דער באַלעבאָס געשענקט צום יועץ המלך. און ער האָט שטאַרק נושא חן געווען ביי דעם קיניגלעכן ראָטגעבער. אין דער גאַנצער צייט האָט ער עוסק געווען אין תורה און תפילה אין אַ חדר מיוחד. דורך אַ גוטער עצה, וואָס ער האָט געגעבן דעם יועץ־המלך, איז ער באַקאַנט געוואָרן דעם מלך אַליין, און ער איז ביי אים געוואָרן דער פירער פון זיינע מלחמות. נאָך דעם טויט פון דעם יועץ־המלך איז ער געוואָרן דער ראָט־געבער פון מלך, און דער מלך האָט אים געגעבן די טאָכטער פון זיין געוועזענעם באַלעבאָס, דעם פאַרשטאָרבענעם יועץ־המלך, פאַר אַ פרוי. אָבער ער איז געווען פון איר דערווייטערט און האָט איר מגלה געווען דעם סוד, אַז ער איז אַ ייד. באַלד האָט זי אים געגעבן פיל גאָלד און זילבער און האָט אים אַוועקגעשיקט אַהיים. אויף דער רייזע האָט מען אים באַגנבעט און ער איז געבליבן אַן אָרעמער מענטש ווי פריער. אויפן וועג האָט זיך צו אים באַוויזן אליהו הנביא און האָט אים געזאָגט:

— פאַר דעם זכות, וואָס דו ביסט ביינגעשטאַנען דעם נסיון און דו ביסט געבליבן פרום, וועט דיר דיין פרוי געווינען אַ זון, וואָס וועט ליכ־טיק מאַכן די אויגן פון די יידן.

ר׳ אליעזר איז געקומען בשלום אהיים און האָט געטראָפן זיין פרוי. אין זייער עלטער פון הונדערט יאָר האָט זיין פרוי אים געבאָרן אַ זון, וועלכן זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן ישראל.

מיט אַזוינע צוויי מעשיות האָט דער חסידיזם אויסגעפּוצט די גע־בורט פון בעש״ט און אין ביידע מעשיות טרעט אויף אליהו הנביא, וואָס איז מבשר די געבורט פון די הייליקע מענטשן. אַזוי איז אליהו הנביא געקומען צו דעם פאָטער פון דעם אר״י הקדוש און האָט אים פריער מבשר געווען וועגן זיין נייגעבאָרן קינד, וואָס וועט זיין אַ ליכט פאַר דעם יידישן פאָלק.

וועגן דער נשמה פון בעש״ט האָט מען געזאָגט, אַז זי איז די נשמה פון חנוך, וואָס איז אַרויפגעגאַנגען לעבעדיקערהייט אויפן הימל, ווי אין פסוק שטייט. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז די נשמה פון בעש״ט איז געווען פון די נשמות, וואָס האָבן זיך ניט באַטייליקט אין דעם זינד פון אָדם הראשון און האָבן זיך אָפּגעשיידט פון אָדם הראשון נאָך דעם, ווי ער האָט געזינדיקט. דאָס הייסט: דער בעש״ט איז ניט באַשוועדט מיט דעם זינד פון אָדם הראשון, ווי עס זיינען אַלע מענטשן. זיין נשמה איז תמיד ריין געווען.

ווי זיין נשמה אַזוי אויך זיין גוף. די חסידים האָבן ניט געקאָנט צוגעבן, אַז דער גוף פון בעש״ט איז געווען אַ ממשותדיקער גוף. ניין, דעם בעש״טס גוף איז גאַנץ אַנדערש געווען. די מאַטעריע איז אויך גע־ווען גייסט, דורכגעלויכטן. זיין גוף איז געווען פון דער הייליקער גייסטי־קער מאַטעריע, פון וועלכער עס איז געווען דער גוף פון חנוך און אליהו הנביא — צוויי לעבעדיקע מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט אויף דער ערד גלייך ווי אַלע מענטשן, און דאָך גאַנץ אַנדערע מענטשן, מיט אַנדערע גופים, רוחניותדיקע גופים.

באַלד נאָך זיין אַנטוויינונג איז ישראלס פאָטער, ר׳ אליעזר, גע־שטאָרבן. פאַר זיין טויט האָט ער גענומען דאָס קינד אויף זיינע הענט און צו אים געזאָגט, ווי די לעגענדע דערציילט:

— איך זע, אַז דו וועסט לייכטן אויף דער וועלט. איך אָבער האָב ניט זוכה געווען דיך מגדל צו זיין. געדענק, מיין ליב קינד, גאָט וועט מיט דיר זיין. לכן דאַרפסטו ניט מורא האָבן פאַר קיין זאַך אין דער וועלט.

באלד איז אויך ישראלס מוטער געשטארבן און ער איז געבליבן
א קליינער יתום.

## ב.

דער קליינער יתום ישראל איז געבליבן גאנץ אליין. איינזאם, אן פאטער און אן מוטער און אן קרובים איז ער אין דעם קליינעם שטעטל געבליבן. די פני העיר האבן אויפגעפאסט אויף דעם קליינעם יתום, ומכל־שכן א קינד פון אזא פרומען ייד, ווי עס איז געווען זיין פאטער ר׳ אליעזר. זיי האבן אים אנגענומען פאר זיין עלנטקייט און אים אוועקגעגעבן אין חדר.

וואס איז דעמאלט געווען דער חדר? ווי האט ער אויסגעזען? און וואס איז געווען דער מלמד און דער באהעלפער? אט די אלע זאכן ווייסן מיר גענוג פון אונזערע אייגענע חדרים, וואו מיר האבן געלערנט אין אונזער יונגער צייט. א גענויע באשרייבונג פון דעם חדר און מלמד פון יענער צייט האט אונז געגעבן דער פילאסאף שלמה מיימון, וועלכער האט געלעבט נאענט צו יענער צייט.

דער חדר — שרייבט מיימון — איז געווען אין א קליינעם, שמוציקן צימער. די קינדער, די תלמידים זיינען א טייל געזעסן אויף בענקלעך און א טייל אויף דער ערד. דער מלמד איז געווען שמוציק אנגעטאן. ער איז געזעסן אויפן טיש, און אין זיין האנט האט ער געהאלטן א גראבן שטאק, וואס איז געווען אין א בעקן, וועלכער איז געשטאנען צווישן זיינע פיס, און מיט דעם שטאק האט ער אויך געשלאגן זיינע תלמידים. אין דעם זעלבן חדר זיינען אויך געזעסן די באהעלפער, יעדער אין זיין ווינקל, האבן געלערנט די תלמידים און האבן מיטגעהאלפן דעם מלמד שלאגן די קינדער. פון דעם עסן, וואס מען האט געשיקט די קינדער אין חדר, האבן זיי זיך צוערשט אראפגענומען זייער חלק. אמאל האבן זיי די תלמידים גארנישט איבערגעלאזט, און די קינדער האבן ניט געוואגט זיך צו באקלאגן. אט אין די חדרים זיינען די יונגע תלמידים געבליבן פון פרימארגן ביז אוונט, חוץ שבת און יום־טוב, ווען זיי זיינען געווען פריי.

דער צדיק ר׳ יעקב פון פאלאנע, דער תלמיד פון בעש״ט, באשרייבט די מלמדים פון יענער צייט מיט איראניע. ער דערציילט, וואס זיי פלעגן זאגן:

— צו וואס זאל איך מיך פלאגן מיט די תלמידים דאס גאנצע יאר און מיט זיי לערנען? איך וועל מיך בעסער באמיען א פאר וואכן מיט

זייערע עלטערן, אום ביי זיי נושא חן צו זיין, וועל איך ניט מער דארפן זיך צו מוטשען מיט די קינדער.

אט אין אזא חדר און צו אזא מלמד איז דער קליינער יתום ישראל געגאנגען לערנען. אבער דאס קינד איז געווען זייער טעמפעראמענטפול, פריי, פון דער נאטור זייער לעבעדיק און באוועגלעך און האט ניט געקאנט אויף זיך נעמען דעם יאך פון אזא מין חדר און מלמד. האט זייער אפט פאסירט, אז ער איז אנטלאפן פון חדר אין וואלד אריין און דארט איז ער געזעסן אונטער א בוים גאנץ אליין. אט די „ווילדקייט" האט אויפגערעגט זיינע אויפזעער. זיי האבן זיך פון אים אפגעזאגט.

פארלאזן און איינזאם איז ישראל אויפגעוואקסן ביז ער איז געווארן א „באהעלפער". ער האט ניט געלערנט מיט די קינדער אין חדר, ווייל די מלמדים האבן אים געהאלטן פאר אן עם־הארץ. זיין באשעפטיקונג האט זיך באשרענקט נאר אויף דעם: ער האט געבראכט די קינדער אין חדר, און פון דארט האט ער זיי געפירט אין שול צו זאגן אמן יהא שמיה רבא און קדושה.

גייענדיק מיט זיי אין שול, דערציילט די לעגענדע, האט ער מיט די קינדער געזונגען מיט א זיסער שטים פארשיידענע תפילות. אט די תפילות, וועלכע זיינען ארויסגעגאנגען פון טיפן הארצן, זיינען ארויפגעשטיגן אין הימל און האבן מרעיש עולמות געווען. דער נחת און תענוג אין הימל איז געווען זייער גרויס פון דעם געזאנג פון דעם יונגן באהעלפער ישראל, ווי פון דעם געזאנג פון די לוויים אין בית־המקדש, און דער שטן האט זיך דערשראקן. ער האט געפילט, אז דער יונגערמאן, ישראל דער באהעלפער, וועט מיט זיין כוח אים אפשוואכן. האט ער זיך פארלייגט ישראלן צו שטערן און ניט צולאזן אט דעם געזאנג מיט די קינדער.

איינמאל, ווען ישראל דער באהעלפער איז געגאנגען מיט דער גאנצער שיירא קינדער אין שול אריין, ווי זיין שטייגער איז געווען, און האט מיט גרויס חשק און מיט גרויס נעימות געזונגען מיט די קינדער תפילות צו גאט, איז געקומען דער שטן, איבערגעטאן אין א מכשף, און דער מכשף האט זיך פארשטעלט ווי א חיה רעה, וואס הייסט ווילקולאק. דער ווילקולאק איז אנגעפאלן אויף זיי. פון גרויס שרעק זיינען די קינדער זיך פונאנדערגעלאפן. אבער ישראל דער באהעלפער איז ביי זיך ניט אראפגעפאלן. ער האט צוגערעדט די עלטערן, זיי זאלן אים דאך געבן די קינדער, ער זאל אויך ווייטער גיין מיט זיי אין שול אריין.

וואס האט ער געטאן?

ער האט גענומען א שטארקן שטעקן מיט זיך און געגאנגען מיט די קינדער איבער די גאסן, ווי זיין שטייגער איז געווען, און האט מיט זיי געזונגען. ווען די חיה רעה איז ווידער אויף זיי אנגעפאלן, האט ער מיטן שטעקן איר געשלאגן איבערן קאפ און זי איז געבליבן ליגן אויף דער ערד טויט.

אזוי האט די חסידישע לעגענדע פארגעשטעלט דעם באהעלפער ישראל. שוין אין זיין גאנץ יונגטלעכער צייט זעט דער חסידיזם אין ישראל דעם באהעלפער דעם הייליקן מענטשן, וועלכער איז מרעיש עולם דורך זיין געזאנג ווי דער שיר פון די לוויים. שוין דעמאלט האט זיך דער שטן דערשראקן פאר דעם גאנץ יונגן און איינפאכן קינד און ער ווערט פון אים באזיגט. דער חסידיזם זעט שוין אין דער פריסטער צייט פון בעש"ט דעם אנפאנג פון דער גרויסער הייליקייט פון דעם צוקונפטיקן בעל-שם. די ערשטע שטופע, — אבער שוין א גרויסע מדרגה.

ישראל דער באהעלפער איז געווארן א היטער אין בית-מדרש. מען האט געהאט צו אים צוטרוי. ער האט געהאלפן דעם שמש, ער האט באדינט די בית-מדרש-יידן, וועלכע זיצן און לערנען, און איז אויך דארט געשלאפן.

אזוי האט ער זיך גענערט מיט לחם צר ומים לחץ. אינגאנצן איז ער דעמאלט אלט געווען דרייצן יאר. אבער דער חסידיזם זעט שוין אין דעם דרייצניאריקן שומר, ווי ער גרייט זיך צו בסוד צו זיין הייליקער צוקונפט. לויט דער חסידישער לעגענדע האט ער שוין דעמאלט, אלס שומר, ווען די בחורים האבן אין בית-מדרש געשלאפן, עוסק געווען אין עבודה צו גאט, און אז זיי האבן זיך אויפגעכאפט, האט ער זיך געמאכט שלאפנדיק, כדי מען זאל ניט וויסן, ווי ער איז עוסק אין גאט-זאכן.

אזוי האט געדויערט א גאנץ יאר. שוין צו פערצן יאר איז ישראל געווארן א הייליקער מענטש. די חסידישע לעגענדע דערציילט, ווי ער האט שוין דעמאלט דערגרייכט די גרויסע מדרגה פון א „צדיק נסתר", פון א באהאלטענעם צדיק. און זיין סביבה, אט די אלע בית-מדרש-יידן, האבן גארניט געוואוסט, וואס פאר א מין שומר זיי האבן. זיי האבן אים גע-האלטן פאר א גאנץ איינפאכן יתום, אן עם-הארץ, וואס קען נאר דאווענען און זאגן תהילים.

## ג.

באלד איז געקומען א גרויסע ווענדונג אין לעבן פון דעם יונגן ישראל. ביז איצט האט ער גאט געדינט מיט תמימות און התלהבות, אבער

די טיפע און גרויסע סודות התורה, וועלכע גייען איבער פון איין צדיק הדור צום אנדערן צדיק הדור, אַט די הייליקע סודות האָט ער נאָך ניט געוואוסט, ווייל דער צדיק הדור, וואָס האָט זיי ביי זיך געהאַט, האָט נאָך געלעבט, און דער איז געווען ר׳ אדם בעל־שם.

ווער איז געווען אָט דער ר׳ אָדם בעל שם? נאַטירלעך מוזן מיר זיך שטיצן נאָר אויף די עדות און מסורות פון דעם חסידיזם. ווי דער חסידיזם שילדערט אים, איז ער געווען אַן איש פלא, אַ לעגענדאַרישער טיפּ. די חסידישע מסורה דערציילט פון אים אַ סך וואונדערלעכע זאַכן, ווי, למשל, אַז ער האָט אַמאָל איינגעלאַדן אַ קיסר און זיינע שרים צו זיך, און כּדי פאַרצוברענגען אַ סעודה פאַר דעם קיסר כּיד המלך, האָט ער איבערגעפירט אַ גרויסן פּאַלאַץ מיט גאָלדענע כּלים און גוטע מאכלים פון אַן אַנדער קיסר און האָט זיי דורך אַ נס געבראַכט צו זיך, און אַזוי אַרום האָט דער קיסר געקענט קומען צו אים.

אָט דער וואונדער־מענטש האָט ביי זיך געהאַט די „כּתבים“ מיט די גרויסע סודות התורה, וואָס שטאַמען נאָך פון אברהם אָבינו. פאַר זיין טויט האָט ער גערופן צו זיך זיין זון און אים געזאָגט: „גיי אין דער שטאָט אָקופּ, און דאָרט וועסטו געפינען אַ יונגנמאַן, וועלכער הייסט ישראל בן אליעזר, ער איז אַלט פערצן יאָר, און אים זאָלסטו איבערגעבן די כּתבים“. און אַזוי האָט דער זון פון ר׳ אָדם געטאָן.

ער איז געקומען קיין אָקופּ און האָט געזוכט דעם יונגנמאַן ישראל בן אליעזר, און עס איז ניט געווען קיין אַנדערער, ווי דער „שומר“ פון בית־מדרש, דער יתום. האָט ער אָנגעהויבן אים נאָכצוקוקן און אויספאָרשן, און האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער יינגל איז אַ פאַרשטעלטער צדיק. אַן איינפאַכער מענטש, אָבער אין דער אמתן איז ער אַ באַהאַלטענער צדיק. נו, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער יתום ישראל איז דער ריכטיקער מענטש, וועמען זיין פאָטער ר׳ אָדם האָט געמיינט, און ער האָט זיך געמאַכט אַ קליינע מחיצה אין בית־מדרש, וואו ער האָט דאָרט געלערנט, כּדי ער זאָל קענען בעסער באַאָבאַכטן דעם „שומר“.

איינמאָל ביינאַכט, ווען אַלע אין בית־מדרש זיינען געשלאָפן, האָט זיך ר׳ אָדמס זון געמאַכט, אַז ער שלאָפט אויך. איז דער „שומר“ אויפגעשטאַנען, ווי זיין שטייגער איז געווען, און האָט אָנגעהויבן עוסק צו זיין אין תורה און עבודה.

אַזוי האָט אים ר׳ אדמס זון געפרווט דריי נעכט. אין דער דריטער נאַכט, אַז דער „שומר“ איז איינגעשלאָפן, האָט ר׳ אָדמס זון גענומען אַ העפט פון די „כּתבים“ און האָט אים שטילערהייט אַנידערגעלייגט

לעבן דעם שומר. אז דער שומר האט זיך אויפגעכאפט און געזען דעם העפט, האט ער אנגעהויבן צו ציטערן און האט אים באהאלטן.

אזוי האט ר׳ אדמס זון געטאן די אנדער נאכט. דעמאלט האט ער פארשטאנען, אז דער שומר האט די גרויסע זכיה צו באקומען די הייליקע „כתבים״ פון זיין פאטער. נאכדעם האט ער גערופן דעם „שומר״ צו זיך און האט אים איבערגעגעבן די „כתבים״ און אים געבעטן ער זאל מיט אים לער־נען. דער שומר איז מרוצה געווארן, אבער בתנאי, אז קיין מענטש זאל פון דעם ניט ווּיסן.

ר׳ אדמס זון האט זיך באזעצט מחוץ לעיר און דער „שומר״ פון בית־מדרש איז געווארן זיין משרת און דארט האבן זיי געלערנט סודות התורה.

מיר זעען ווי דער חסידיזם האט זיך באמיט צו פארהייליקן דאס גאנצע לעבן פון דעם בעש״ט, אויך זיינע יונגע יארן; דאס איז קלאר פון דער יונגער מעשה פון ר׳ אדם בעל-שם און די „כתבים״, ווי זיי זיינען געקומען צו דעם פערצניאריקן „שומר״ פון בית־מדרש, און ווי נאר ער, דער פערצניאריקער, איז געווען ראוי אין זיין דור צו די גרויסע סודות און הייליקע „כתבים״.

דערווייל האט זיך זיין מצב געענדערט. די שטאט-לייט האבן אנגע-הויבן צו קוקן אויף אים מיט אנדערע אויגן. זיי האבן געזאגט: „ער גייט איצט אין גוטן וועג״, און זיי האבן באשלאסן אים חתונה מאכן. צו זיין חתונה איז ער אלט געווען 17 יאר: פאר דער דעמאלסטיקער צייט איז ער שוין געווען אן אלטער בחור, ווי עס האט געפאסט פאר אזא מין עם־הא־ץ ווי ער איז געווען אין די אויגן פון זיינע באלעבאטים.

עס האט אבער ניט געדויערט לאנג און זיין פרוי איז געשטארבן און ישראל איז געבליבן אן אלמן — ווידער אליין.

## ד.

די חסידישע לעגענדע באגלייט דעם זיבעצניאריקן ישראל אויף שריט און טריט. אלע זיינע באוועגונגען און מעשים ווערן פארהייליקט און פאר־גייסטיקט. זי שילדערט אונז, ווי ער האט זיין געבורט־שטאט אקוף פאר־לאזן, אלס גרויסער למדן און באהאלטענער צדיק, וועלכער האט שוין גע־וואוסט אלע סודות פון דער תורה, און דערצו האט ער נאך געהאט דעם גרויסן הייליקן אוצר, די „כתבים״. ער האט זיך באזעצט אין א קליין שטעטל ניט ווייט פון בראד. אין זיין נייעם וואוינארט איז ער געווארן א מלמד, אויסער דעם איז מען צו אים געקומען עצות פרעגן אין פאר־

שיידענע ענינים און דין־תורהס, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען ווי אויסצו־גלייכן צווישן צדדים און מחלוקתן.

אין דער זעלבער צייט האָט געלעבט אין בראָד ר׳ גרשון קוטיווער. ער איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט פאַר אַ גרויסן למדן און מקובל און מען האָט זיך זייער גערעכנט מיט זיינע ווערטער. זיין פאָטער, ר׳ אפרים, האָט געהאַט אַ דין־תורה מיט איינעם פון דעם שטעטל, וואו ר׳ ישראל דער מלמד האָט געוואוינט. ווי דאָס רוב דין־תורהס איז אויך ר׳ אפרימס דין־תורה פאָרגעקומען פאַר ר׳ ישראלן. ר׳ ישראל האָט זייער נושא־חן געווען ביי ר׳ אפרימען און דער לעצטער האָט פאַרגע־שלאָגן ר׳ ישראלן, ער זאָל חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער, די גרושה. ר׳ ישראל האָט מסכים געווען צום שידוך און האָט אויסגענומען אַ תנאי, אַז אין די תנאים זאָל זיין נאָמען געשריבן ווערן נאָר סתם: „מו״ה ישראל במו״ה אליעזר״, אָן אַ שום טיטל און אַנדערע סימנים, אַז קיין מענטש זאָל פון דעם שידוך ניט וויסן. ר׳ אפרים איז געפאָרן אַהיים און אינמיטן וועג איז ער פלוצלונג געשטאָרבן. ר׳ גרשון, זיין זון, איז געקומען מקבר זיין דעם פאָטער און האָט ביי אים געפונען די תנאים, אָבער ער האָט ניט געוואוסט ווער עס איז דער חתן און וואָס ער איז און ווער איז זיין משפחה. איז ער געקומען צוריק קיין בראָד און האָט עס דערציילט זיין שוועסטער, אָבער זי האָט געענטפערט: „אויב דער חתן איז געפעלן גע־ווען אונזער פאָטער, איז ער געוויס אויך גוט פאַר מיר״.

די באַלעבאַטים פון שטעטל האָבן גאָר ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ מין „מלמד״ זיי האָבן ביי זיך. זיי זיינען געווען צופרידן מיט זיין מלמדות, אויך מיט זיין קלוגשאַפט אין אויסגלייכן צווישן מענטשן אאז״וו. אָבער דעם אמתן ר׳ ישראל, וואָס האָט עוסק געווען אין התבודדות, אין סודות התורה, אין די כתבים, — אָט דאָס אַלץ האָבן זיי ניט געוואוסט און זיינען אויך ניט בכוח געווען דאָס צו וויסן, ווייל ר׳ ישראל האָט זיך באַהאַלטן. אַלע זיינע מעשים האָט ער געטאָן פאַרבאָרגענערהייט. לכן האָט אויך ר׳ גרשון קוטיווער פון אים ניט געוואוסט און האָט נאָר סתם גע־וואַרט ביז דער חתן וועט זיך אַמאָל מעלדן צו אים, אַלס דער ברודער פון זיין כלה, און וועט מיט אים ריידן וועגן דעם שידוך, וואָס זיין פאָטער האָט געטאָן.

אַז עס האָט זיך געענדיקט דער זמן פון מלמדות, האָט זיך ר׳ ישראל אָנגעטאָן אַ קורצן פעלצל מיט אַ ברייטן גאַרטל, ווי אַ מאַרק־מענטש, און איז געקומען קיין בראָד צו ר׳ גרשון קוטיווער אַהיים.

די חסידישע לעגענדע מאָלט אויס, ווי עס האָט אויסגעזען ביי־

ר' גרשון אין הויז בשעת ר' ישראל איז געקומען ריידן וועגן זיין שידוך. ר' גרשון איז געזעסן מיט נאך דיינים און האט עוסק געווען אין ענין הלכה. פלוצים האט זיך געוויזן אויף דער שוועל פון דער טיר א מענטש, אנגעטאן ווי א דארפס־מאן. ר' גרשון האט געמיינט, אז דא שטייט אן ארעמאן, און האט געוואלט אים געבן א נדבה, אבער ער האט ניט גע־וואלט נעמען. ער האט געזאגט, אז ער האט מיט אים צו ריידן אן ענין בסוד. האט אים ר' גרשון געבראכט אין א חדר מיוחד, און דער פאר־שטעלטער מענטש, ר' ישראל, האט אים געוויזן די תנאים און האט אים געזאגט: „גיט מיר מיין ווייב". זיין אויסזען און זיין טאן האט געמאכט א שרעקלעכן איינדרוק אויף ר' גרשון קוטיווער. ער האט גלייך געוואלט אפלאזן דעם שידוך, אבער די שוועסטער, די כלה, האט געזאגט: „וויבאלד אונזער פאטער האט דעם שידוך אויסגעקליבן, דארפן מיר ניט טאן אנדערש". און מען האט אפגעשטעלט די צייט פון דער חתונה. פאר דער חופה האט זיך ר' ישראל פארגעשטעלט פאר זיין ווייב ווי ער איז און וואס ער איז באמת, און וואס ער טרוימט וועגן זיין צוקונפט. ער האט אבער מיט איר א תנאי אויסגענומען קיינעם ניט דערציילן וואס עס איז, ביז די צייט דערפאר וועט קומען.

נאך דער חתונה האט ר' גרשון געוואלט זיין נייעם שוואגער, דעם „עם הארץ", א ביסל אויסאיידלען און האט פרובירט מיט אים לערנען, אבער ר' ישראל האט זיך געמאכט פאר א פשוטן מענטשן. ער האט גע־מאכט דעם איינדרוק, אז ער איז גארניט בכוח צו פארשטיין, וואס מען לערנט מיט אים. ר' גרשון איז זייער אויפגעבראכט געווען און האט זיך געשעמט מיט אים. ער האט פארגעוואָרפן זיין שוועסטער און איר געזאגט: „איך האב בושה און חרפה פון דיין מאן. אויב דו ווילסט זיך גטן מיט אים, איז גוט; אניט וועל איך קויפן א פערד און פארט אפ פון דאנען וואוהין איר ווילט".

מיר זעען, ווי טיף עס איז געווען די שנאה פון ר' גרשון קוטיווער צו זיין שוואגער, אז ער האט אפילו צוגערעדט זיין שוועסטער זי זאל זיך גטן. שוין דער געדאנק צו מאכן מחלוקת צווישן א פאר־פאלק, וואס לעבן אין פרידן, א זאך, וואס ווערט פאררעכנט צווישן די גרעסטע עבירות, — אט דער פארזוך פון דעם גרויסן גאון און מקובל ווייזט אונז דעם גרויסן תהום צווישן די ביידע שוואגערס.

## ה.

ר' ישראל און זיין פרוי האבן פארלאזן בראד און זיי האבן גע־וואנדערט פון ארט צו ארט צו געפינען א מקום מנוחה און פרנסה. זייער

גאַנץ פאַרמעגן איז געווען אַט דאָס פערד, וואָס ר׳ גרשון האָט זיי גע־שענקט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין אַ דאָרף צווישן קוטיוו און קאָסאָוו, אין גאַליציע.

ניט ווייט פון דאָרף ליגן די קאַרפּאַטן־בערג. אַט דאָרט, אַרום די בערג, האָט זיך ר׳ ישראל געפונען אַן אָרט, וואו ער האָט זיך געקענט אָפּשיידן פון די מענטשן און זיך אומגעשטערט פאַרטיפן אין זיינע געט־לעכע געדאַנקען. זיין פרוי איז געזעסן אין דאָרף און צוויי אָדער דריי מאָל אין דער וואָך פלעגט זי קומען צו אים מיט דעם פערד און וואָגן און ער, ר׳ ישראל, האָט אָפּגעלייגט ליים, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן, אויף דעם וואָגן, און זי האָט עס געפירט אין די נאָענטע שטעטלעך צו פאַר־קויפן.

אַט דאָ, צווישן די גרויסע קאַרפּאַטן־בערג, האָט ר׳ ישראל זיך שטאַרק צוגעגרייט צו זיין גרויסער צוקונפט. דאָ, צווישן די הויכע בערג און שיי־נער נאַטור, האָט ער זיך פאַרטיפט אין די גרויסע געהיימענישן פון דער נאַטור און גאָט. ער האָט זיך אינגאַנצן אויפגעלייזט אין זיינע געדאַנקען. אַמאָל, דערציילט די חסידישע לעגענדע, האָט ער זיך אַזוי שטאַרק פאַר־גראָבן אין זיינע רעיונות, אַז עס זיינען אַוועק דריי טעג און דריי נעכט און ער האָט גאָרניט געפילט

דאָ האָט ער געפונען גאָט, דעם גאָט פון דער נאַטור, דעם גאָט פון דער גאַנצער וועלט, פון דער גאַנצער שאַפונג. דאָ איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז „אַלץ, אויבן און אונטן, איז איינס״. דאָ האָט ער גע־לערנט „די שפּראַך פון די פייגל און די שפּראַך פון ביימער און גראָז״. דאָ האָט ער זיך פאַראייניקט מיט דער נאַטור, מיט גאָט.

איינער אַליין, איינזאַם און אָפּגעזונדערט פון די מענטשן און זייער לעבן, האָט ר׳ ישראל פאַרבראַכט זיבן יאָר צווישן די קאַרפּאַטן־בערג. זיין עסן איז געווען ברויט און וואַסער און זיין מלבוש — אַ גויִיש פעלצל.

אָבער לענגער האָט ר׳ ישראל און זיין פרוי די גרויסע דחקות ניט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט געזוכט אַן אַנדער פרנסה און איז ווידער גע־וואָרן אַ „באַהעלפער״ ביי אַ מלמד אין אַ שטעטל. שפּעטער איז ער גע־וואָרן אַ מלמד ביי אַ מוכסן אין דאָרף, און אומעטום איז ער דערשינען אין זיין פעלצל, און אַלע האָבן געגלויבט, אַז ער איז אַ זייער איינפאַכער מענטש, וואָס קאָן נאָר זיין אַ דרדקי־מלמד.

דערווייל האָט ער זיך אויסגעלערנט שחיטה. ער האָט זיך באַזעצט אין אַ דאָרף. זיין פרוי האָט פאַרקויפט בראָנפן און ער האָט עוסק געווען אין שחיטה אין זיין דאָרף און אויך אין די נאָענטע דערפער.

אָבער אויך די ביידע פרנסות האָבן ניט פאַרבעסערט זייער לאַגע. אַ חסידישע מעשה דערציילט אַזוי פון זייער דחקות: אַמאָל פאַר פסח האָט ר' ישראל נאָך ניט געהאַט אויף יום־טוב. האָט ער איינגעשפּאַנט זיין פערד און זיין וואָגן און איז געפאָרן אין די דערפער עוסק זיין אין שחיטה, און האָט מיט זיך צוריק געפירט מעל און פלייש; אָבער אינמיטן וועג האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן און דאָס מעל איז חמץ געוואָרן. איז ער ווידער געפאָרן אין אַנדערע דערפער און האָט דאָרט פאַרדינט, דורך זיין שחיטה, מעל אויף מצות: אָבער אינמיטן וועג איז דאָס פערד געפגרט און ער האָט געמוזט פירן אַליין דעם וואָגן. פון גרויס צער און עגמת־נפש האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען און איז איינגעשלאָפן. איז צו אים געקומען אליהו הנביא און האָט אים געזאָגט: „דיינע טרערן זיינען מרוצה געווען פאַר גאָט און דיין געבעט איז אויפגענאָמען צום הימל". האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און האָט געזען שטיין אַ גוי, וועלכער האָט אים געבראַכט דאָס מעל צו אים אַהיים. די מעשה ענדיקט: דאָס איז געווען ר' ישראלס ערשטע התגלות.

סוף כל סוף האָבן ר' ישראל און זיין פרוי ניט אויסגעהאַלטן זייער דחקות, און זיי האָבן זיך אַנטשלאָסן צו גיין צוריק צו זייער שוואָגער און בעטן פון אים אונטערשטיצונג. זיי זיינען געקומען קיין בראָד און האָבן ר' גרשון קוטיווער געזאָגט: „מיר גייען אַרום פון שטאָט צו שטאָט און פיל צרות האָבן אונז אַרומגערינגלט". ער האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און האָט זיי גענומען צוריק אין זיין הויז, און ר' ישראל איז געוואָרן ביי אים אַ מין משרת. אַמאָל איז ר' גרשון געפאָרן חוץ לעיר, האָט ער גענומען ר' ישראלן ער זאָל אָנטרייבן די פערד, און ווייל ער האָט די מלאכה ניט גוט פאַרשטאַנען, זיינען די פערד אַריינגעפאָרן אין אַ טיפער בלאָטע. ר' גרשון איז געוואָרן אין כעס און האָט געזאָגט: „אַפילו אַזאַ אַרבעט פאַרשטייט ער ניט, דער לא יצלח".

ר' גרשון האָט פאַר זיי געדונגען אַ שענק און ר' ישראל איז געוואָרן אַ מוכסן אין אַ דאָרף. זייער פרנסה האָט זיך פאַרבעסערט; די פרוי האָט פאַרקויפט בראָנפן און ר' ישראל האָט זיך אויסגעבויט אַ קליין שטיבל אין וואַלד און דאָרט האָט ער עוסק געווען ביחידות אין תורה און תפילה אַ גאַנצע וואָך, נאָר ערב־שבת פאַרנאַכט פלעגט ער קומען אַהיים, אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער. אויך אַ מקווה האָט ער זיך געמאַכט דאָרט אין וואַלד.

## ו.

קיין שום מענטש אין דער וועלט האָט ניט געוואוסט פון די גרויסע הכנות, וואָס ר' ישראל האָט געמאַכט, אום זיך צוצוגרייטן פאַר זיין

גרויסער ראָלע אין דער צוקונפט. ער האָט טאָג און נאַכט עוסק געווען אין תורה און תפילה און אין די הייליקע „כתבים", וואָס ער האָט באַקומען פון ר' אדם בעל-שם. אָט די אַלע גרויסע זאַכן האָט ער געטאָן באַהאַלטענערהייט, ווייל ווי די חסידים דערציילן, איז נאָך ניט די צייט געקומען, אַז ער זאָל נתגלה ווערן. ווי משיח איז באַהאַלטן און מען ווייס ניט וואו ער איז און וואָס ער איז, ביז די ריכטיקע צייט וועט קומען און ער וועט זיך ווייזן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַזוי איז אויך ר' ישראל, זאָגן די חסידים — ער האָט זיך באַהאַלטן פאַר דער וועלט, ווייל די וועלט איז נאָך ניט ראוי געווען ער זאָל נתגלה ווערן.

אַזוי האָט ר' ישראל געלעבט אין דאָרף, אָנגעטאָן אין זיין פעלצל, אויסגעזען ווי אַן אמתער דאָרפס-מענטש, אַ בור און עם-הארץ. ווען עס זיינען דורכגעפאָרן אורחים און זיינען אָפּגעשטיגן ביי אים אין דאָרף, פלעגט ער קומען פון זיין שטיבל און ער האָט געהאָלפן זיין פרוי משמש זיין די אורחים. קיינער האָט ניט באַמערקט, וואָס עס שטעקט אין דעם אויבנאויף אַזוי איינפאַכן מענטשן.

ענדלעך איז אָבער די צייט געקומען, ווי די חסידים זאָגן, ער זאָל נתגלה ווערן. ביסלעכווייז האָט זיין ליכט אָנגעהויבן צו שיינען. פריער האָבן נאָר איינצלנע גרויסע מענטשן אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז דער „עם-הארץ", ר' ישראל, איז אין דער אמתן אַ גאַנץ גרויסער מענטש, און אָט אין דעם גויאישן פעלצל שטעקט אַ באַהאַלטענער צדיק. אַזוי שילדערט אַ חסידישע מעשה, ווי ר' ישראל איז געקומען מיט זיין פרוי אויף ראש-השנה קיין בראָד, איז ער מיט ר' גרשון קוטיווער געגאַנגען צום רב. אַז זיי זיינען געקומען אין שטוב אַריין, האָט ר' גרשון געקושט די מזוזה, אָבער ר' ישראל האָט די מזוזה ניט געקושט. ר' גרשון איז אין כעס געוואָרן אויף זיין שוואָגער דערפאַר. אַז זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין חדר פון רב, האָט זיך ר' ישראל אים געוויזן ווי ער איז באמת. האָט דער רב דערזען אַ גרויס ליכט אויף אים און איז פון זיין כבוד וועגן אויפגעשטאַנען. האָט ר' ישראל ווידער זיך פאַרשטעלט, האָט דער רב זיך געזעצט. אַזוי האָט ר' ישראל געטאָן אייניקע מאָל: ער האָט זיך אַנטפּלעקט און ווידער פאַרשטעלט.

דער רב איז געוואָרן מבולבל. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, ווייל ר' ישראל האָט אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווען ער האָט זיך אַנטפּלעקט, פאַר אַ גרויסן הייליקן, און ווען ער האָט זיך ווידער פאַרשטעלט, האָט ער אים געזען ווי אַן עם-הארץ. האָט דער רב גענומען ר' ישראלן אין אַ חדר מיוחד און האָט אויף אים גוזר געווען, אַז ער זאָל אים זאָגן

דעם אמת. האָט זיך ר׳ ישראל פאַר אים געוויזן אין זיין אמת געשטאַלט—אַלס בעל שם-טוב, אָבער ער האָט גוזר געווען אויף דעם רב, ער זאָל קיינעם ניט דערציילן, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן זיי. אַז ר׳ ישראל און ר׳ גרשון זיינען אַוועקגעגאַנגען — ענדיקט די חסידישע מעשה — האָט דער רב בודק געווען די מזוזות און האָט געפונען, אַז זי איז פסול.

אין דעם זעלבן יאָר, חנוכה-צייט — דערציילט אַן אַנדער חסידישע מעשה — איז דער קאָלאָמייער רב דורכגעפאָרן דעם דאָרף, וואו ר׳ ישראל האָט געוואוינט. ר׳ ישראל, ווי זיין שטייגער, איז געווען באַהאַלטן אין זיין הייזל, עוסק געווען אין תורה און תפילה. אויף דעם רבס פראַגע: וואו איז דער מאַן? האָט די פרוי געענטפערט: „ער איז געגאַנגען מיט די בהמות צום טייך״. ר׳ ישראל איז שפּעטער געקומען אהיים און האָט משמש געווען דעם רב. ער האָט אים אויסגעבעט דאָס בעט, געבראַכט אים נעגל-וואַסער און איז געגאַנגען שלאָפן. אינמיטן דער נאַכט, ווען דער רב איז שטאַרק געשלאָפן, איז ר׳ ישראל אויפגעשטאַנען צו חצות. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים אויוון און האָט אָנגעהויבן צו זאָגן חצות. דער רב האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט דערזען אַ שטאַרק ליכט ביים אויוון. ער האָט זיך דערשראָקן, ווייל ער האָט געמיינט, אַז דאָס האָט זיך די האָלץ אָנגעצונדן אין אויוון. ער האָט גיך גענומען אויף זיך זיין מלבוש און איז געגאַנגען צום אויוון אויסצולעשן דאָס פייער. אָבער ווי גרויס איז געווען זיין שרעק, ווען ער איז געקומען צו דעם אויוון און האָט געזען ר׳ ישראלן זיצן אויף דער ערד און אויף אים שיינט אַ ליכט, ווי דער רעגנ-בויגן. דער רב איז געפאַלן אין חלשות. אַז ר׳ ישראל האָט אים אָפּגעמינ-טערט, האָט דער רב אים געפרעגט, וואָס דאָס איז, האָט ר׳ ישראל אים געענטפערט: „איך ווייס גאָרניט, איך האָב געזאָגט תהילים. אפשר איז דאָס געשען דורך מיין דביקות״. פון דער צייט אָן איז דער רב צו אים אָפט געפאָרן צו הערן פון אים תורה. אָבער דאָס איז געווען בסוד גדול. און ווען ער האָט געהערט ווי ר׳ גרשון קוטיווער האָט מחרף ומגדף געווען זיין שוואָגער, ר׳ ישראל, פלעגט דער רב אים זאָגן: „לאָזט אים, ער פאַר-שטייט מער פון אייך״. אָבער ער האָט ניט געזאָגט, וואָס ער ווייס פון ר׳ ישראלן.

אַזוי איז געקומען די צייט, אַז ער זאָל זיך אַנטפּלעקן פאַר דער גאַנצער וועלט. עס איז געקומען די צייט — ווי די חסידים זאָגן — ער זאָל קומען צו אַלע יידן און זאָל זיי ווייזן דעם אמתן וועג צו גאָט. דע-מאָלט איז ר׳ ישראל אַלט געווען זעקס-און-דרייסיק יאָר.

פון זיין אַנטפּלעקונג דערציילן די חסידים פאַרשיידענע מעשיות. איינע פון זיי גיט איבער:

Rebecca Askotzky
AL 321

ווען עס איז ראווי געוואָרן די גרויסע צייט, אַז ר׳ ישראל זאָל זיך אַנטפּלעקן אַלס דער בעל שם־טוב, איז געקומען אין זיין דאָרף אַ תּלמיד פון ר׳ גרשון קוטיווער. ר׳ ישראל האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד און האָט אים משמש געווען. נאָך דעם עסן האָט דער תּלמיד צו אים געזאָגט: „ישראל, גרייט צו די פערד, כּדי איך זאָל קענען באַלד אָפּפאָרן״. ר׳ ישראל האָט אַזוי געטאָן. ר׳ישראל האָט אים אָבער געבעטן, ער זאָל ביי אים בלייבן אויף שבת. דער תּלמיד האָט געלאַכט און געזאָגט: „עס איז אַצינד דינסטאָג, וואָס זאָל איך ביי דיר טאָן ביז שבת און אום שבת?״ ער איז אַוועקגעפאָרן. אָבער באַלד האָט זיך צעבראָכן אַ ראָד און ער האָט געמוזט זיך אומקערן. מען האָט אים צורעכט געמאַכט דעם ראָד און ער איז ווידער אַוועק. האָט זיך צעבראָכן דאָס צווייטע ראָד, און ער האָט ווידער געמוזט זיך צוריקקערן. אַזוי האָט עס געדויערט אַהין און אַהער ביז שבת. ר׳ גרשונס תּלמיד האָט זיך זייער געקרענקט. ער האָט ביי זיך געטראַכט: וואָס זאָל ער שבת טאָן ביים דעם מוכסן עם־הארץ? עס איז געקומען מנחה־צייט פון ערב־שבת און ר׳ ישראל איז נאָך ניט געווען אין דער היים. „וואו איז דיין מאַן?״ האָט געפרעגט דער תּלמיד ר׳ ישראלס פרוי. „ער איז אין פעלד מיט די שאָף און בהמות״, האָט די פרוי געענטפערט. דער תּלמיד האָט געדאַוונט אַליין מנחה און קבלת־שבת, און ערשט שפּעטער איז געקומען ר׳ ישראל אַהיים. ער האָט זיך אויפגעפירט גאַנץ פּשוט און מכבד געווען דעם אורח מיט קידוש. ביים עסן איז דער אורח געזעסן ווי אויף שפּילקעס. ער איז ניט געוואוינט דעם שבת צו פאַרברענגען מיט אַן עם־הארץ. ר׳ ישראל האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל זאָגן דברי תּורה.

דער תּלמיד, וואָס האָט געקענט ר׳ ישראלן פאַר אַן עם־הארץ, האָט אים דערציילט פון דער פּרשה פון דער וואָך שמות, פון גלות מצרים. ער האָט אים דערציילט פּשוט, ווי עס שטייט געשריבן אין דער תּורה, אָן שום פּירוש. נאָך דעם עסן האָבן זיי זיך געלייגט שלאָפן. אינמיטן נאַכט האָט זיך דער אורח אויפגעכאַפּט און האָט דערזען אַ גרויס פייער ברענען אויף דעם אויוון. ער איז געלאָפן צום אויוון און האָט דערזען — אַ גרויס ליכט באַלייכט ר׳ ישראלן, וועלכער איז דאָרט געזעסן פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. דער תּלמיד איז געפאַלן אין חלשות. נאָכדעם, אַז ר׳ ישראל האָט אים אָפּגעמינטערט, האָט ער צו אים געזאָגט: „דו האָסט ניט באַדאַרפט קוקן דאָרט, וואו עס איז דיר פאַרבאָטן״.

אויף מאָרגן איז ר׳ ישראל געגאַנגען אין זיין שטיבל אין דעם דאָרף און האָט מתפּלל געווען אין התבודדות, ווי זיין שטייגער. נאָך דער

תפילה איז ער געקומען אהיים זייער פריילעך. ער איז געגאַנגען אהין און אהער און האָט געזונגען „זמירות לשבת״. ביי דעם עסן האָט ר׳ ישראל געבעטן דעם אורח, אַז ער זאָל זאָגן דברי תורה. דער אורח איז נאָך גע־ווען מבולבל פון דעם, וואָס ער האָט געזען ביינאַכט. נאָך דער סעודה איז ר׳ ישראל אַוועקגעגאַנגען אין זיין שטיבל. צו מנחה איז ער געקומען אהיים און האָט זיך אַנטפּלעקט און האָט געזאָגט דברי תורה. ער האָט דערביי מגלה געווען אַזוינע סודות פון דער תורה, וואָס קיין שום מענטש אין דער וועלט האָט זיי נאָך ניט געהערט. נאָך דער הבדלה האָט ר׳ ישראל זיך געווענדט צו דעם אורח און האָט אים געהייסן גיין צו די גרויסע פרומע יידן אין בראָד און אויך צום בראָדער רב און זיי זאָגן בזה הלשון:

„הנה, עס איז פאַראַן אַ גרויס ליכט ארום אייך, עס איז ראוי איר זאָלט קומען צו אים און אים ברענגען צו אייך״. ער האָט אָבער אויף אים גוזר געווען, אַז ער זאָל ניט זאָגן פון דעם, וואָס ער האָט שוין גע-וואוסט, זיין שוואָגער, גרשון קוטיווער.

דער תלמיד, דער אורח, איז געקומען קיין בראָד און האָט געטאָן, וואָס ר׳ ישראל האָט אים געזאָגט. אַז די חסידים פון דער שטאָט און דער רב האָבן פון דעם געהערט, האָבן זיי געזאָגט: „אַצינד ווייסן מיר, אַז ער, ר׳ ישראל, איז דער אמתער בעל שם־טוב״. און זיי זיינען געגאַנגען אַנט־קעגן אים אין דאָרף, כדי אים צו בעטן, אַז ער זאָל אריבערפאָרן אין שטאָט. ר׳ ישראל האָט אַלץ פאָרויסגעזען און איז געפאָרן אַנטקעגן און זיי האָבן זיך געטראָפן אינמיטן וועג. ביי דער באַגעגעניש זיינען די חסידים מיט דעם רב מיט ר׳ ישראלן געגאַנגען אין וואַלד און מען האָט דאָרט געמאַכט אַ שטול פון די צווייגן פון די ביימער, און מען האָט ר׳ ישראלן געזעצט אויף דעם שטול, און מען האָט אים געמאַכט פאַר זייער רבין.

ז.

ר׳ ישראל, דער באַהעלפער, מלמד, שוחט, מוכסן; ר׳ ישראל מיט דעם גוויאישן פּעלצל, דעם „עם הארץ״ און „גס״, וועלכער איז געווען פאַרהאַסט פון זיין שוואָגער און פון אים פאַרשפּאָט, — אָט דער רבי ישראל איז געוואָרן אַ „בעל שם־טוב״. געוויס, אין זיין צייט און פאַר אים זיינען געווען נאָך פיל בעל־שמס, וועלכע זיינען ארומגעפאָרן צווישן די יידישע קליינע שטעטלעך און האָבן געהיילט קראַנקע מיט קרייטעכצער און קמיעות און לחשים — אָט די בעל־שמס זיינען געווען ניט גאַנץ באַליבט ביים פאָלק; ווייל עס זיינען געווען אייניקע פון זיי, וואָס האָבן געטריבן פיל פאַלשקייטן. אָבער ר׳ ישראל בעל־שם־טוב איז געווען אַ גאַנץ אַנדער מענטש. אמת, ער האָט זיך אויך באַשעפטיקט אין אָנהייב מיט

אזוינע זאכן, ווי אנדערע בעל-שמס: ער האט געגעבן קמיעות, געהיילט קראנקע מיט פארשיידענע קרייטעכצער, און אפילו פריצים האבן אים גערופן צו זיך און האבן זיך פון אים געהיילט. און גוואלטיקע מופתים האט מען דערציילט פון אים. ער האט געקענט לייענען אויף די שטערנס פון די מענטשן, וואס פאר אן עבירה זיי זיינען באגאנגען. ער האט געזען, וואס עס טוט זיך אויף יענער וועלט און אויף דער וועלט; ער האט די געפערלעכסטע קראנקהייטן געהיילט; ער האט אפילו מחיה מתים געווען.

אזוינע און ענלעכע מופתים האט ר' ישראל בעל שם־טוב באוויזן. אין אנהייב האט עס קיין גוטן איינדרוק ניט געמאכט אויף די גאנץ אלטע פרומע יידן, וואס האבן ניט פיל געהאלטן פון די בעל-שמס, אבער באלד האט מען זיך ארומגעזען, אז ר' ישראל בעל-שם־טוב איז ניט קיין געוויינלעכער מענטש; מען האט אויסגעפונען, אז ער איז באמת א גייס־טיקער, א געטלעכער מענטש. זיינע ווערטער, זיינע רייד, זיינע גרויסע געדאנקען, זיין גאט־דינען, זיין דאווגען, זיין התלהבות און דביקות — אט די אלע זאכן האבן שטארק געווירקט אויף דעם המון עם. אויך די גרויסע יידישע מענטשן אין פוילן און אויף אוקראינע האבן זיך באגייסטערט פון אים. אפילו זיין שוואגער, ר' גרשון, האט איצט געזען, וואס פאר א טעות ער האט געהאט אין אים. אזוי האט מען אים גערופן ניט סתם „בעל-שם", נאר „בעל-שם־טוב", צו אונטערשיידן צווישן אים און די אנדערע בעל־שמס.

צוזאמען מיט זיינע סגולות און רפואות צום גוף, האט ער געהיילט אויך די נשמה. א באזונדערער חן, א באזונדערער כוח איז געווען אין אים צוצוציען די הערצער פון המון. ער האט שטארק געווירקט מיט זיין טעמפעראמענט, מיט זיין התלהבות, מיט זיין ברען. זיינע רייד זיינען געווען איינפאכע, גאנץ פשוטע, יעדער מענטש האט זיי פארשטאנען, און זיי זיינען טיף אריינגעדרונגען אין הארצן. ער איז געווארן דער ליבלינג פון דער מאסע. ער האט זיך תמיד באשעפטיקט מיט גרויס ליבע מיט דעם המון; ער האט געוואנדערט פון ארט צו ארט, פון שטעטל צו שטעטל, און האט מיט די יידן גערעדט אויף דער גאס, אויף דעם מארק. ער האט זיי דערציילט מעשיות, ער האט זיי געזאגט מוסר, ער האט געשטארקט זייער הארץ, ער האט זיי געגעבן מוט און האפענונג אין זייער ביטער לעבן. ניט אין „בית-מדרש" האט ער גערעדט. דעם „בית־מדרש" מיט זיינע „למדנים" האט ער גוט געקענט פון יענער צייט אן, וואס ער איז געווען א „שומר" אין בית־מדרש, און אויך שפעטער; ניט דארט איז דער ארט פון דאס רוב פון פאלק, ניט דארט קען דער המון געפינען

טרייסט און שטאַרקונג. און ניט די, וועלכע שאַרפן דאָרט אין בית מדרש זייער קאָפּ מיט קשיות און תּירוצים, מיט פּילפּולים און חידודים, זיינען געווען די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַן אינטערעס אין דעם אָרימען פאָלק. ניין, ניט אַהין איז ר׳ ישראל בעש״ט געגאַנגען; ער איז געגאַנגען צו דעם פאָלק, צו דער מאַסע. פון דער מאַסע איז ער געקומען און צו דער מאַסע איז ער געגאַנגען. נע-ונד איז ער זיין לעבן געווען, אין אָרעמקייט און דחקות האָט ער זיין לעבן געלעבט, און ער, דער פאַרהאַט־טער, דער פאַרשפּאַטיקטער „עם הארץ״, האָט גוט פאַרשטאַנען די נשמה פון דעם המון־עם, פון דער אומוויסנדיקער מאַסע, פון די אַלע, וואָס זיינען אויסגעלאַכט און פאַרהאַסט געוואָרן דורך די זיצערס אין „בית־מדרש״... אָט צו דער מאַסע איז ר׳ ישראל געקומען אַצינד נאָך זיין התגלות.

אומעטום האָט מען ר׳ ישראל בעש״ט געטראָפן, נאָך מער אויף די יאַרידן און מערק, וואוהין די יידישע קליינע סוחרים און די יידישע קונים פלעגן זיך פאַרזאַמלען צו האַנדלען און צו קויפן. דאָרט האָט ער געפונען זיינע ליבע, וואָס זיינען אַזוי נאָענט געווען צו זיין האַרץ. ער פלעגט קומען צו אַ רעדל יידן; אָט שטייען זיי דעם גאַנצן טאָג ניט גע־דאַוונט, ווי עס דאַרף צו זיין, ניט געגעסן, פול מיט זאָרגן און צרות; איינ-געבויגן, פאַרזאָרגט, פאַרטרויערט. קומט דער בעש״ט, ער רעדט מיט זיי, ער שטאַרקט זיי: „ניט טרויעריק זיין, גאָט האַסט דעם טרויער; נאָר פריי־לעך זיין, נאָר מוטיק זיין. איר קלאָגט, איר קענט ניט גאָט דינען, ווי עס שטייט געשריבן. ניין, איר דינט גאָט מיט אייערע ליידן, מיט אייערע זאָרגן. איר וויינט, אַז איר קענט ניט לערנען; איר ווייסט ניט, וואָס עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים. ניין, דאָס זאָל אייך קיין זאָרג ניט מאַכן. איר קענט דינען גאָט מיט אַלץ, וואָס אין אייער האַנט. מיט תּהלים זאָגן קענט איר אויך דערגרייכן די העכסטע מדרגה. האַרץ, האַרץ איז דער עיקר; ליבע, ליבע צו גאָט, צו דער תּורה, צום פאָלק — אָט דאָס איז דער עיקר. האַרץ און ליבע — אָט דאָס זיינען די גרונטלאַגן פון יידישקייט. איר קלאָגט: איר קענט ניט גוט דאַוונען. גלויבט מיר: ווען אַ יידישער מענטש האָט דעם גאַנצן טאָג ניט געדאַוונט און פאַרנאַכט לויפט ער גיך אין בית־מדרש צו זאָגן „אמן, יהא שמיה רבה״, און גיט דערביי אַ קרעכץ, פון האַרצן, אָט דער קרעכץ איז מרעיש עולמות, און מלאכים און שרפים ווערן דערציטערט״.

דאָס האַרץ איז דער עיקר, דער אמתער קרעכץ, דאָס אמתע געפיל.

אָט דערציילט ער זיי אַ מעשה פון אַ „קרעכץ״; אין אַ שטאָט האָט אַמאָל געוואוינט אַ גרויסער תּלמיד־חכם, אַ בית־מדרש-ייד, און אַ אָרימער יידישער אַרבעטער. יעדן טאָג, גאַנץ פרי, איז אויפגעשטאַנען דער תּלמיד־

חכם און האָט גענומען דעם גרויסן טלית און דעם תּפילין־זאַק, אָנגע־שטאָפּט מיט פאַרשיידענע ספרים און איז געגאַנגען אין בית־מדרש. אין דער זעלבער צייט איז אויפגעשטאַנען דער אָרעמער בעל־מלאכה און איז אַוועקגעגאַנגען צו זיין אַרבעט. דעם גאַנצן פרימאָרגן, ביז אינמיטן טאָג, איז דער תּלמיד־חכם געזעסן אין בית־מדרש און האָט געדאַוונט, געלערנט, און איז אַוועק פון בית־מדרש גאַנץ צופרידן, וואָס ער האָט געדינט גאָט, ווי עס שטייט געשריבן. גייענדיק אַהיים, האָט ער באַגעגנט זיין שכן, דעם אָרימען אַרבעטער, וואָס איז ערשט געלאָפן אין בית־מדרש אַ כאַפּ טאָן אַ דאַווענען. דער תּלמיד־חכם האָט אַ שמייכל געטאָן, ער האָט זיך אין הארצן געטראַכט: „דער עם־הארץ, דער גס, ער איז אויפגעשטאַנען אין דער זעלבער צייט וואָס איך, און האָט נאָך ניט געדאַוונט". דער אָרימאַן, זעענדיק זיין שכן מיטן גרויסן טלית און תּפילין־זאַק, האָט געטאָן אַ שטאַרקן זיפץ. ער האָט געטראַכט: „אָך און ווי איז צו מיר! וואָס האָט ע ר געטאָן די גאַנצע צייט און וואָס האָב א י ך געטאָן? אַזוי איז גע־ווען יעדן טאָג. אין אַ צייט אַרום איז דער תּלמיד־חכם געשטאָרבן, און נאָך אים איז געשטאָרבן זיין שכן, דער אָרימאַן. מען האָט זיי ביידן גע־בראַכט פאַר דעם בית־דין של מעלה". דאָרט האָט מען דעם תּלמיד־חכם געפרעגט: „וואָס האָסטו געטאָן אין דיין לעבן?" ער האָט געענטפערט: „מיין גאַנץ לעבן האָב איך נאָר פאַרבראַכט אין תּורה און עבודה. איך האָב אַזוי פיל און אַזוי פיל מאָל ש"ס געענדיקט, אַזוי פיל און אַזוי פיל מאָל דעם זוהר און תּיקונים געענדיקט". אָבער דער קטיגור אין הימל האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד און האָט געזאָגט: „יאָ, געוויס, ער האָט פיל געלערנט און געדאַוונט, אָבער ער האָט אויך אָפט געחוזקט פון זיין שכן, דעם אָרימאַן, געשמייכלט מיט ביטול און שפּאָט". עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ שטים: „מען זאָל ברענגען די וואָגשאָל". מען האָט גע־בראַכט די וואָגשאָל און מען האָט אויף איין זייט געלייגט די ש"סן און זוהרס און אַלע פּוסקים און ספרים און תּפילות און תּחינות, וועלכע דער תּלמיד־חכם האָט געלערנט און געדאַוונט אין זיין גאַנצן לעבן, און אויף דער אַנדערער זייט האָט מען אַנידערגעלייגט דאָס קליינע „שמייכעלע", און — דאָס שמייכעלע האָט איבערגעוואויגן. און אַ שטים האָט זיך געלאָזט הערן: „זיין אָרט איז אין גיהנום!"

דער תּלמיד־חכם איז אָפּגעפירט געוואָרן און זיין שכן, דער אָרעמער אַרבעטער, איז אַריינגעקומען. „וואָס האָסטו געטאָן אין דיין לעבן?" — האָט מען אים געפרעגט. „מיין גאַנצן לעבן האָב איך זייער שווער געאַר־בעט טאָג און נאַכט, כּדי מפרנס צו זיין מיין ווייב און קינדער; איך האָב קיין צייט ניט געהאַט צו דאַווענען ווי מען דאַרף און צו לערנען ווי מען

דארף". — האט דער ארעמאן געענטפערט. דא האט זיך ארייננעמישט דער סניגור ישראל און האט געזאגט: „געוויס, ער האט ניט מקיים געווען די תורה און מצוות ווי עס דארף צו זיין, אבער זיין זיפץ, אט דער זיפץ פון הארצן, בשעת ער האט באגעגנט דעם תלמיד־חכם צוריקגיין פון בית־מדרש". האט מען ווידער געוואויגן: אויף איין שאל האט מען געלייגט זיינע עבירות פון ביטול תורה און תפילות וכדומה, און אויף דער אנדערער האט מען געלייגט זיין „זיפץ", און דער זיפץ האט אריבערגעוואויגן. און א קול האט זיך געלאזט הערן פון אויבן: „זיין ארט איז אין גן־עדן".

אט, דער „קרעכץ", דער יידישער קרעכץ, איז מרעיש עולמות. ער איז א טייל פון דעם יידנס נשמה, און די נשמה איז דער עיקר, דער תוך פון אלץ. וואס טויג דאס פיל לערנען, דאס פיל פאסטן און וויינען, ווען עס האט ניט קיין נשמה, קיין הארץ. „גאט איז די נשמה פון אלע וועלטן, דאס הארץ פון אלע וועלטן". און דיין הארץ, דיין נשמה איז א פונק, א טייל פון אט דער גרעסטער נשמה פון אלע נשמות, דאס גרעסטע הארץ פון אלע הערצער — גאט. לכן מוזטו אלץ טאן מיט נשמה, מיט הארץ, כדי זיך צו פאראייניקן מיט גאט, „די נשמה פון אלע נשמות"; לכן קענסטו און דארפסטו גאט דינען מיט אלצדינג: מיט עסן, מיט טרינקען, מיט ריידן, מיט לאכן, וכדומה, וכדומה, ווייל גאט, די גרעסטע נשמה, איז אומעטום, „און עס איז ניטא קיין איינציקע זאך אויף דער וועלט, וואו גאט איז ניט פאראן". אפילו אין שיחת־חולין, יא, אפילו אין די לידער, וואס גויים זינגען, איז גאט פאראן. אומעטום זיינען די „הייליקע פונקען" פארשפרייט; זינט אדם הראשון האט געזינדיקט, האט זיך די קדושה מיט דער קליפה אויסגעמישט. מען מוז אט די קדושה מציל זיין פון דער קליפה, מען מוז אט די „הייליקע פונקען", די „ניצוצות הקדושים" ארויסנעמען פון דער „טומאה", און דאס קען יעדער ייד, ווען ער דינט גאט מיט זיין הארץ, מיט זיין נשמה, מיט ליבע און מורא פאר גאט.

אזוי האט דער בעש"ט געשמועסט מיט דעם המון־עם. מיט גרויס התלהבות האט ער גערעדט, און אפט האט ער זיינע רייד פארמישט מיט מעשיות און משלים פון דעם לעבן פון פאלק גופא. און דאס פאלק האט אים גוט פארשטאנען, און זיינע רייד האבן דערוועקט זיין הארץ, גע־שטארקט זיין געפאלענעם מוט, געהויבן זיין אפגעשוואכטן גייסט. און יעדעס מאל, ווען דער בעש"ט האט זיך געוויזן אויף דעם מארק, האט מען גערופן און געוויזן מיט די פינגער: „ער קומט, דער צדיק קומט, אט דער איש הפלא, דער בעש"ט". און מען האט זיך פארזאמלט ארום אים, און ער האט אנגעהויבן זיינע מעשיות צו דערציילן, זיינע שיינע משלים צו זאגן.

די חסידים גיבן איבער, אז ר׳ יעקב־יוסף פון פּאָלאָנע, דער גרויסער תּלמיד פון בעש״ט, איז אַ שטיק צייט געווען אַ מתנגד פון בעש״ט. איז ער אַמאָל אין זומער גאַנץ פרי געקומען אין שול דאַווענען. ס׳איז געווען אין דער שטאָט נעמיראָוו, וואו ר׳ יעקב-יוסף איז געווען רב. די גאַנצע שול איז געווען ליידיק, בלויז דער שמש איז דאָרט געווען. דער רב האָט זיך פאַרוואונדערט און האָט געפרעגט: „וואו זיינען די יידן? וואו איז דער מנין?״ האָט דער שמש געענטפערט: „זיי זיינען אַלע אויפן מאַרק, זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם בעש״ט, וואָס איז געקומען אין שטאָט, און הערן צו זיינע מעשיות״. אָט דער פאַל האָט ר׳ יעקב-יוספן געמאַכט נאָכדענקען. פיל מאָל איז דער בעש״ט געווען אין נעמיראָוו און האָט געוואָלט זיך זען מיט דעם רב ר׳ יעקב־יוסף, נאָר דער לעצטער האָט ניט געוואָלט, אָבער איצט האָט ער איינגעזען, אַז ער האָט ניט ריכטיק געטאָן. ער האָט געזאָגט: „ווען יידן פאַרלאָזן דעם בית־מדרש און זיינען עובר אויף תּפילת שחרית בזמנה, כּדי צו הערן מעשיות פון בעש״ט, און דער כּוח פון בעש״ט איז אַזוי שטאַרק, אַז זיינע מעשיות ברענגען די יידן אין התלהבות און דביקות, איז דאָס אַלץ מסתּמא ניט קיין געוויינלעכע זאַך״, און פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן דעם בעל־שם-טובס חסיד.

## ח.

אַ לענגערע צייט האָט דער בעש״ט אַרומגעוואַנדערט פון אָרט צו אָרט. ער האָט נאָך ניט געוואָלט פאַר זיך און זיין פאַמיליע אַן אָרט, אַ מקום מנוחה, וואו ער זאָל קענען רויִק וואוינען. ער האָט געזאָגט: קודם-כּל מוז ער ריידן מיט דעם פאָלק, מיט דעם המון, ער מוז דאָס פאָלק פריער קענען, איידער דאָס פאָלק קומט צו אים. און ניט נאָר פּוילן, פּאָדאָליע און אוקראַינע האָט ער אַרומגערייזט, ער איז אויך געווען אין ליטע, אויך דאָרט האָט מען זיין נאָמען אַלס „בעל־שם״ געערט און געשעצט. רייכע פאַמיליעס האָבן אים איינגעלאַדן צו זיך און ער האָט ביי זיי אַ צייט לאַנג געוואוינט. און אומעטום, וואוהין ער איז געקומען, האָט ער ניט נאָר געוויזן זיינע גרויסע מופתים, ווי די חסידים דערציילן, נאָר ער האָט אויך פאַרשפּרייט זיינע אידעען, זיין לעבנס-קוק, זיין דרך צו גאָט.

סוף־כּל-סוף, נאָך פיל וואַנדערן, האָט זיך דער בעש״ט באַזעצט אין מעזשיבאָזש. זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון זיין פרוי חנה, זייער בן-יחיד ר׳ הירש און זייער בת־יחידה האָדל. זיינט דאַן איז ער זייער זעלטן אַרומגעפאָרן, נאָר דאַן, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו שפּירן חוסר פּרנסה און האָט געמאַכט חובות. צוריקקומענדיק פון זיינע נסיעות, פלעגט ער באַצאָלן זיינע חובות און דעם מותר האָט ער פאַרטיילט צווישן אָרעמע-

לייט. בכלל איז ער ניט געגאנגען שלאפן, ווען עס איז נאך געווען געלט אין הויז. אמאל האט זיך געטראפן — דערציילן די חסידים — אז זיין פרוי האט בסתר פון אים גענומען געלט אום עס צו באהאלטן אויפן אנ־דערן טאג. אבער ביינאכט האט ער ניט געקענט גאט דינען, ווי זיין שטייגער איז געווען. נאך אין דער זעלבער נאכט האט זי געמוזט דאס געלט פארטיילן צווישן אָרעמעלייט. אמאל איז ער געווען מיט זיין בן־יחיד ביים רב, וואס האט געהאט פיל זילבערנע כלים. ווען זיי זיינען צוריקגע־גאנגען, האט ער געפרעגט זיין בן־יחיד: „דו ביסט געווים מקנא, וואס דיין פאטער האט ניט אזוי פיל זילבערנע כלים, ווי דער רב?" האט דער זון געענטפערט: „יא". האט דער בעש"ט צו אים געזאגט: „ווען דיין פאטער זאל האבן געלט, וואלט ער ניט געקויפט קיין זילבערנע כלים, נאר ער וואלט עס צעטיילט אויף צדקה". בכלל האט ער געהאט א ווארעם, ליבנ־דיק, גוט הארץ, און האט זייער מכבד געווען דעם ארעמאן. אמאל האט ער געזען, ווי אן ארעמאן, וואס האט ניט געהאט אויף שבת, האט געגנבעט דעם צוים פון זיין פערד און עס פארמשכונט פאר אכצן גילדן. האט דער בעש"ט געהייסן זיין גבאי, ער זאל נעמען אכצן גילדן און אויסלייזן דעם צוים, און קיינער זאל ניט וויסן פון דעם.

אין זיין הויז האט מען זיך אויפגעפירט מיט גרויס כבוד און דרך־ארץ. דער בעש"ט אליין האט משגיח געווען אויף דער ארדענונג אין זיין הויז. ער האט ניט יעדן אורח איינגעלאדן צו זיין טיש ביז ער האט ניט געפרעגט, וועמענס און וואס ער איז.

ער האט געגעסן און געטרונקען ווי יעדער מענטש. ער האט גארניט געהאלטן פון פיל פאסטן און פייניקן זיך, וואס דאס איז דעמאלט געווען דער שטייגער פון אלע פרומע יידן. זיין תלמיד, ר' יעקב־יוסף, האט זיך ניט געקענט אפגעוווינען פון זיינע אלטע מנהגים א סך צו פאסטן, האט דער בעש"ט אים געשריבן א בריוו און האט אויף אים גוזר געווען: „בצירוף קדוש־ברוך־הוא און זיין שכינה", ער זאל ניט פאסטן. די חסידים אבער האבן געזאגט: „אז אלעמאל, ווען דער בעש"ט נעמט אין מויל עסן אדער טרינקען, קומט אראפ א פייער פון אויבן און נעמט עס ארויף אין הימל".

יעדע נאכט נאך מעריב פלעגט ר' ישראל אריינגיין אין זיין חדר, און צוויי ברענענדיקע ליכט האט מען געשטעלט אויף זיין טיש. אויף דעם טיש זיינען תמיד געלעגן משניות, גמרות, ספר־יצירה און זוהר.

זייער פיל האט ער זיך אפגעגעבן מיט דאווענען. ער האט וועגן זיך געזאגט, אז „ער איז דערפאר געקומען צו א גרויסער מדרגה, ווייל ער האט געדאוונט מיט גרויס כוונה". זיין דאווענען איז געווען מיט גרויס

התלהבות און דביקות. איינער, וואָס האָט אים געזען דאַווענען, דערציילט, אַז בשעת ער האָט געדאַוונט, האָט ער געציטערט מיט זיין גאַנצן גוף, זיין פּנים האָט געברענט ווי פייער, זיינע אויגן זיינען געווען אָפן און גע־שטאַנען אָן אַ שום באַוועגונג, ווי ביי אַ גוסס. אָפט, דערציילט אַן אַנדע־רער, האָט זיך זיין פּנים געענדערט, בשעת ער האָט געדאַוונט. אַמאָל איז עס געווען רויט ווי פייער און אַמאָל איז עס געוואָרן בלייך ווי שניי.

ער האָט שטאַרק מאריך געווען אין „שמונה עשרה". די חסידים האָבן געזאָגט: „ווען דער בעש"ט זאָגט דאָס וואָרט אין שמונה עשרה „מחיה מתים", קומען צו אים טויזנט נשמות, וואָס בלאָנדזשען אַרום אין דער וועלט און בעטן פון אים אַ תיקון". זיי האָבן דערציילט אין זיין נאָמען, אַז ער האָט געזאָגט: „ווען איך זאָל אַלע נשמות מתקן זיין, וואָלט איך גע־נעדאַרפט שטיין דריי יאָר שמונה עשרה". ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד מוסף פון ראש-השנה, נעילה און חול־המועד.

אַמאָל האָט ער געדאַוונט פאַר דעם עמוד. אינמיטן דער תפילה האָט ער מפסיק געווען, געגאַנגען אין מאַרק אַריין און געקויפט ביי אַ גוי אַ וואָגן האָלץ. ער האָט געהייסן דעם גוי ברענגען דאָס האָלץ אין בית־מדרש אַריין. דאָרט האָט ער אים באַצאָלט און אים געגעבן אַ טרונק בראָנפן. דער גוי איז געווען זייער צופרידן און האָט אים געזאָגט: „זאָל זיין געבענטשט דער יידישער גאָט, וואָס האָט אַזאַ הייליק פאָלק. ווען אַ גוי קויפט ביי מיר דעם וואָגן האָלץ, וואָלט ער מיר פאַר דעם אַזוי פיל ניט באַצאָלט".

די חסידים, וואָס האָבן דערציילט די מעשה, זיינען מסיים, אַז דער מיין פון דעם בעש"טס מאָדנער אויפפירונג איז געווען פאָלגנדיקער: בשעת ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד, האָט ער געזען אַ קיטרוג אויף דעם הימל מקטרג זיין אויף די יידן, וואָס וואוינען אין די דערפער און נאַרן אָפּ די גויים, לכן האָט ער געוואָלט פאַרשטאָפּן דאָס מויל פון דעם מקטרג מיט דעם, וואָס אַ גוי האָט געלויבט יידן.

נאָך דער עבודה האָט דער בעש"ט אויך זייער שטאַרק מדקדק גע־ווען מיט דער מקווה. ער איז אָפט געגאַנגען זיך טובל זיין אין מקווה און ער פלעגט דאָרט זאָגן תהילים. באַלד נאָך דער מקווה האָט מען מיט אים ניט געקענט ריידן, ווייל ער איז געווען, זאָגן די חסידים, אויסגעטאָן פון דער וועלט. זיי דערציילן פון אים, אַז ער האָט געזאָגט: „אַז איך בין אין מקווה, מאַך איך צו מיינע אויגן און זע אַלע עולמות". ער האָט אָנגעזאָגט: „איידער מען גייט אין מקווה אַריין, דאַרף מען אויף זיך מקבל זיין דעם עול פון גאָט און מען זאָל חרטה האָבן אויף אַלע זינד". דער בעש"ט האָט מחבר געווען „כוונות צו דער מקווה".

# ט.

מעזשיבאזש איז געווארן א צענטער פון דעם חסידיזם. פון דארט אויס האבן זיך זיינע שטראלן אויסגעגאסן אין פארשיידענע ערטער אין פוילן און אוקראינע. עס איז געווארן א צוציאונגס-קראפט, וואוהין א סך פון דעם המון זיינען געפארן זוכן זייער הילף אין גשמיות און אין רוחניות.

אבער ניט נאר דער המון־עם, וואס אים איז לייכט צו גלויבן אין איבערנאטירלעכע זאכן, און וואס איז געניינט בלינד צו גלויבן אין מופתים; אויך גאנץ באריהמטע מענטשן, גרויסע גאונים, רבנים, וואס זיינען אין אנהייב געווען קעגן דעם בעש״ט און זיין ריכטונג — אויך אזעלכע מענטשן האבן אנגעהויבן צו אים צו קומען און זיינען געווארן זיינע תלמידים. גאונים און מקובלים, ווי ר׳ יצחק און זיין ברודער ר׳ מאיר מרגלית, ר׳ יעקב-יוסף הכהן פון פאלאנע, ר׳ ישראל חריף, ר׳ זאב קיצים, ר׳ דוד לאהקעס, ר׳ דוד פורקעס, ר׳ בער פון מעזשריטש וכדומה — אט די און נאך אנדערע (ווי מען זאגט, זיינען זיי געווען זעכציק), זיינען צו אים צוגעשטאנען. גרויס איז געווען זיין ניצחון איבער זיין שוואגער, דעם גאון און מקובל ר׳ גרשון קוטיווער, וואס האט ר׳ ישראלן פריער געהאסט און אים אויסגעלאכט. אויך ער איז אצינד גע־ווארן דער אמתער חסיד פון בעש״ט און האט אין אים געגלויבט באמונה שלמה.

אט די „חבריא״ זיינען אפט צו אים געקומען און מיט אים צו־זאמען געווען. זיי פלעגן פארלאזן זייער פאמיליע אויף א לאנגער צייט און האבן זיך באזעצט אין מעזשיבאזש, אום מיט דעם בעש״ט צוזאמען צו זיין. אלץ, וואס ער האט זיי געזאגט, איז פאר זיי געווען אן אמתע תורה. אפילו איין רגע האבן זיי ניט געספקט אין זיינע רייד, אפילו אויך דעמאלט, ווען ער האט זיי געזאגט גאנץ אומנאטירלעכע זאכן. פאר זיי איז דער בעש״ט געשטאנען העכער פון די נאטירלעכע געזעצן. ער איז געווען בכוח צו מאכן מיט די געזעצן פון דער נאטור ווי ער האט געוואלט.

די „חבריא״ האט געדונגען א באזונדער הויז מחוץ דער שטאט מעזשיבאזש. דארט פלעגן זיי זיך פארזאמלען און דארט האבן זיי גע־רעדט פון בעש״ט און זיך פארטיפט אין זיין תורה. דארט, אויסער דער שטאט, דערווייטערט פון די מענטשן און גשמיותדיקן לעבן, אויף דער פרייער נאטור, האבן זיי געקאנט זיך אינגאנצן אויפלייזן אין די דברי תורה פונם בעש״ט.

אמאל — דערציילט איינער פון זיינע תלמידים — האט דער

בעש"ט געזאָגט תורה איבער משיחן. נאָך דער תורה האָבן זיי זיך פאַר־זאַמלט אין זייער הויז און האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַרטיפט אין די רעיונות, אַז זיי האָבן ממש געזען, „אַז משיח וועט באַלד קומען".

יעדן טאָג איז ער געווען צוזאַמען מיט זיינע תּלמידים און האָט מיט זיי גערעדט וועגן פאַרשיידענע זאַכן. פאַר זיי זיינען ניט נאָר די „דרשות" פון דעם בעש"ט געווען אַ „תּורה" — פאַר זיי איז אַלץ, וואָס דער בעש"ט האָט גערעדט, אַפילו „שיחת חולין", געווען אַ תּורה שלמה, פול מיט סודות נוראים. דער בעש"ט גופא האָט ליב געהאַט צו ריידן און צו דרשענען סיי מיט משלים, סיי מיט איינפאַכע מעשיות פון פשוטן לעבן. ער האָט וועגן דעם דערציילט אַזאַ משל: אַ מלך האָט אַמאָל זיין בן-יחיד פון זיך פאַרשיקט למרחקים, כּדי ער זאָל פאַרגעסן אין די תּענוגים ביים מלך, און דערפאַר זאָל ער מער תּענוג האָבן, ווען ער וועט צוריקקומען צו זיין פאָטער. עס זיינען פאַרגאַנגען פיל יאָרן, דער מלך האָט זיין בן-יחיד צוריקגערופן, אָבער ער האָט מער ניט געוואָלט צוריקקומען. דער מלך האָט נאָך אים געשיקט זיינע שרים, זיי זאָלן אים איבערריידן, אַז ער זאָל צוריקקומען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט. ביז דער מלך האָט געשיקט צו אים אַ שר אַ חכם, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט אַזוי ווי דער בן-מלך איז געווען אַצינד פאַרקליידט, איינפאַך און פשוט; ער האָט אויך מיט אים גערעדט, ווי ער האָט אַצינד גערעדט, אין אַ גע-וויינלעכער, פּשוטער שפּראַך, ווי דאָס איינפאַכע פאָלק. און אָט ער האָט געווירקט אויף דעם בן-מלך, ער זאָל זיך אומקערן צו זיין פאָטער, דעם מלך.

אַזוי איז אויך מיט דער תּורה: מען זאָל תּורה זאָגן אין דער שפּראַך פון פאָלק, פון זיין לעבן און הנהגות.

שבת פרשה בא צו „שלש-סעודות" האָט דער בעש"ט געזאָגט תּורה, ניט נאָר פאַר זיינע תּלמידים. יעדער מענטש האָט זי געקאָנט הערן. די תּלמידים האָבן באַהויפּט, אַז די תּורה ביי „שלש-סעודות" פלעגט דער בעש"ט פריער זאָגן אין דער „פמליא של מעלה".

ווי די תּלמידים צום בעש"ט, אַזוי איז ער געווען איבערגעגעבן זיינע תּלמידים. ווי אַ פאָטער צו זיינע קינדער, אַזוי האָט דער בעש"ט געזאָרגט פאַר זיינע תּלמידים, ניט נאָר אין רוחניות, נאָר אויך אין גשמיות. אויף זיינע פאַרשיידענע רייזעס האָט ער געזאַמלט געלט און האָט פון דאָרט געשיקט דאָס געלט פאַר די אָרעמע תּלמידים. אַז דער זון פון זיין תּלמיד ר' יצחק מרגלית איז געוואָרן קראַנק, האָט דער בעש"ט אים גענומען צו זיך, און ער איז ביי אים געווען אַ גאַנץ יאָר און ער האָט אויף אים אַכטונג געגעבן און אים באַהאַנדלט „ממש ווי אַ זון".

ער האָט זיך מיט זיי משתּתּף געווען אין יעדן ווירקטיקן ענין. ער

האָט צוליב דעם געמאַכט רייזעס מיט זיי צוזאַמען. אויך פלעגט ער מיט זיי יעדן טאָג פאַר מנחה אַרויסגיין אין פעלד, און אומעטום, וואו ער איז געווען מיט זיי צוזאַמען, האָט ער געלערנט און אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די באַהאַלטענע סודות אין אַלע גשמיותדיקע ענינים און אין אַלע וועלט־דערשיינונגען.

דער בעש"ט פלעגט דערציילן זיינע תלמידים פון זיין מדרגה, פון זיינע גרויסע השגות אין רוחניות. אַזוי האָט ער זיי דערציילט, „אַז עס איז ניטאָ קיין נשמה, זינט אדם הראשון, און קיין תפילה, וואָס זאָלן זיין בכוח אָן זיין הילף אַרויפצוגיין אין הימל". אַמאָל האָבן זיי דערהערט אַ רעש אין פאָדערצימער, האָט זיי דער בעש"ט אויפגעקלערט: „דאָס איז די נשמה פון אַ מת פון פאַר דריי הונדערט יאָר. זי איז געקומען פון מיר בעטן אַ תיקון". נאָכדעם האָבן זיי ווידער געהערט אַ רעש. האָט ער זיי ווידער געזאָגט: „די נשמה גייט אַצינד זיך טובל זיין אין נהר דינור". ער האָט זיי אויך דערציילט ווער עס קומט צו אים בסתר: אליהו הנביא, ר' שמעון בן יוחאי, דער אר"י אאַז"וו. אָבער ער האָט זיי אויך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז ניט תמיד אין אַ גרויסער מדרגה.

שטענדיק האָט ער געדענקט אָן זיינע תלמידים. אויך ווען זיי זיינען ניט געווען פאַר זיינע אויגן. אין זיין סידור, וואָס ער האָט פון אים גע־דאַוונט, האָבן זיי אַריינגעשריבן זייערע נעמען, כּדי ער זאָל מתפלל זיין תמיד פאַר זיי.

דער בעש"ט און זיינע תלמידים זיינען געווען איינס און דאָס זעלבע: צוזאַמען האָבן זיי געלערנט און צוזאַמען האָבן זיי מכוון געווען כּוונות; צוזאַמען האָבן זיי געמאַכט פאַרשיידענע נסיעות און שפּאַציר־גאַנגען. דער בעש"ט האָט זיי אַלץ דערציילט און אַלע זיינע געהיימענישן אַנטדעקט. און זיי האָבן אין אַלץ געגלויבט באמונה שלמה און אַלץ אין זיך אויפגענומען. זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרן אַ טייל פון דעם בעש"ט גופא, און אַלע חסידים האָבן געגלויבט, אַז דער „בעש"ט צוזאַ־מען מיט זיינע תלמידים האָבן אויפגעדעקט די סודות, וואָס זיינען פאַר־שפּרייט צווישן די פּשוטע דיבורים". אַלע האָבן געגלויבט, אַז „וואו דער בעש"ט איז געווען מיט זיינע תלמידים, האָט די שכינה געלויכטן צווישן זיי".

אָט די גרויסע תלמידים און זייער שטאַרקער גלויבן אין בעש"ט האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם צווישן די יידן. דעם שטאַרקן גלויבן פון המון־עם אין בעש"ט האָט מען אָנגענומען פאַר אַ גאַנץ געוויינלעכער זאַך. מ'האָט שוין ענלעכע דערשיינונגען געזען ביי די בעל־שמס, וואָס ציען צו זיך דעם המון־עם, אָבער אַז גרויסע גאונים און מקובלים האָבן געקאָנט ווערן די תלמידים

פון בעש״ט און שטאַרק גלויבן אין זיין הייליקייט — אַט דאָס האָט אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג ביי די יידן, וואָס האָבן געקוקט מיט ספיקות אויף דעם. און ווען די רבנים און גאונים האָבן געמאַכט דעם בעש״ט דעם פאָרוואורף, אַז ער קאָן ניט פיל לערנען, האָט מען זיי באַלד געוויזן מיט די פינגער אויף אַזוינע גאונים, ווי ר׳ מאיר מרגלית, דער לעמבערגער רב, ר׳ בער מעזשריטשער, ר׳ יעקב־יוסף פּאָלאָנער אאז״וו, וואָס זיינען געווען איבערגעגעבן צום בעש״ט מיט זייער גאַנצן לעבן און האָבן געגלויבט, אַז ער איז בכוח „ממש מרעיש עולמות״ צו זיין, און אַז „עס איז ניט פאַראַן קיין איינציקער סוד אין דער תורה און אין אַלע עולמות, וואָס דער בעש״ט וויים ניט״.

י.

וואָס איז געווען דער גרויסער כוח פון בעש׳ט, וואָס ער האָט גע־קאָנט מאַכן אַזאַ גרויסע איבערקערעניש אין דעם גאַנצן יידישן לעבן פון יענער צייט? אין וואָס באַשטייט דען זיין גייסטיקע קראַפט, אַז נאָך היינט, הונדערט און פינף־און־זעכציק יאָר נאָך זיין טויט, גלויבן נאָך הונדערטער טויזנטער יידן אין דער גאַנצער וועלט אין אים און אין זיינע ווערטער? וואָסערע נייע זאַכן האָט ער דען אויפגעטאָן, און וועלכע נייע אידעען האָט ער פאַרשפּרייט?

דער בעש״ט באַטראַכט די גאַנצע שאַפונג און זעט אומעטום דעם איין־און־איינציקן גאָט; וואָס פאַראייניקט זיך מיט דער שאַפונג, מיט דער ממשותדיקער וועלט, אין איין־איינציקער זאַך. „אַלץ, וואָס עס גע־פינט זיך אויבן און אונטן, איז איין־איינציקע זאַך״, לכן „קוקסטו אויף גאָט־ברוך־הוא און גאָט־ברוך־הוא קוקט אויף דיר״. דער בעש״ט, וואָס האָט די געטלעכקייט אומעטום געפונען, אויך אין יעדן מין גשמיות, אין יעדער זאַך; ער, וואָס האָט געזאָגט, אַז „אין איטלעכער זאַך זיינען פאַראַן וועלטן, נשמות און גאָט״, אין איטלעכער זאַך „איז דאָ אַ אינעווייניקסט־געטלעך לעבן״ — ער האָט אויך געזאָגט, אַז מען דאַרף דינען גאָט „אויף אַלע אופנים״, דען ווען גאָט איז אומעטום און אין אַלע זאַכן, דאַרף דער מענטש אויך גאָט דינען אומעטום, מיט אַלע זאַכן, כדי צו פאַרייניקן דורך זיינע געדאַנקען, זיינע רייד און זיינע מעשים אַלע זאַכן, וואָס גע־פינען זיך אויף דער וועלט. און דאָס אַלץ מוז געטאָן ווערן נאָר אין גאָטס נאָמען, אין אמת און אין פשטות, וואָרעם קיין זאַך פון דער וועלט שטייט ניט מחוץ פון גאָטס אחדות און פאַרייניקטקייט. און ווער עס טוט עפּעס אַ זאַך ניט אין גאָטס נאָמען, יענער זונדערט אָפּ די דאָזיקע זאַך פון דער אחדות הבורא. „אין אַלע זאַכן — זאָגט דער בעש״ט — איז

פאראן דער חיות פון גאט״, א הייליקער פונק, און אט דער חיות רופט דעם מענטשן און וועקט אים ער זאל די גאנצע זאך מתקן זיין אין נאמען פון גאט, כדי אז דער חלק פון גאט, וואס איז פאראן אין דער זאך, זאל זיך פאראייניקן מיט גאט, און דורך דעם ווערן איין איינהייט. דער בעש״ט גיט צו דעם אזא משל: „די מענטשן, וועלכע פארן למרחקים צו האנדלען, גלויבן, אז זייער ציל מיט זייער רייזע איז נאר דאס געלט צו פארדינען, אבער אין דער אמתן איז עס לחלוטין אנדערש: עס קאן, למשל, זיין, אז ערגעץ-וואו איז פאראן א ברויט, און אין דעם ברויט איז דא אזא ניצוץ קודש, אזא געטלעכער פונק, וועלכער איז שייך צו דער נשמה פון דעם סוחר, וואס פארט אהין, וואו דאס ברויט איז פאראן, אום דאס ברויט צו עסן מיט א ברכה און כוונה, כדי אים מתקן צו זיין. אבער דער סוחר מיינט, אז ער איז אהין געפארן, כדי דארט צו פארדינען געלט״. בקיצור: גאט איז אומעטום, לכן דארפסטו גאט דינען מיט אלץ.

דער בעש״ט זעט ווי גאט איז אומעטום, ער פילט די הייליקייט, די שכינה אין דער גאנצער שאפונג, און באקלאגט זיך, פארוואס די מערסטע מענטשן ווייסן ניט פון דעם. „אוי און וויי! די גאנצע וועלט איז פול מיט ליכטיקייט פון גאט, פול מיט סודות נוראים, און די קליינע האנט פון דעם מענטשן פארשטעלט די אויגן, כדי ניט צו זען אט די גרויסע ליכ-טיקייט״. ער, דער בעש״ט, זעט גאט אומעטום, הערט זיין קול רופן פון יעדער זאך, אבער די מענטשן ווילן ניט זען און הערן. דער בעש״ט גיט צו דעם א משל: „עס איז געווען א קלעזמער, וואס האט געשפילט מיט גרויס מתיקות. די מענטשן, וואס הערן דאס שפילן, באקומען גרויס התפעלות פון דער מתיקות און הייבן אן צו טאנצן עד כלות הנפש. איני-מיטן דעם טאנצן קומט אריין א טויבער, וואס הערט גארניט פון דעם שפילן, און זעט נאר ווי די מענטשן שפרינגען און טאנצן. ער קוקט אויף די טאנצנדיקע מענטשן מיט פארוואונדערונג און טראכט זיך, אז זיי זיינען משוגעים; אבער אין אמתן, ווען ער זאל הערן דאס שיינע קול פון דער פידל, וואלט ער אויך געטאנצט ווי די אנדערע. דער נמשל איז: עס זיינען דא ווייניק מענטשן, וואס הערן גאטס שטים, אט די גרויסע מתיקותדיקע שטים, וועלכע רופט דעם מענטשן ער זאל זיך פארטראכטן וועגן גאט; די ווייניקע „אויסדערוויילטע מענטשן״ גייען אויף אין גאט פון דער גרויסער מתיקות, וואס זיי הערן און פילן; זיי פאראייניקן זיך מיט גאט מיט גרויס התלהבות. אבער דאס רוב מענטשן זיינען טויב, זיי הערן גארניט. און אט די „טויבע מענטשן״ שפאטן דאס און לאכן פון די „אויסדערוויילטע מענטשן״, וועלכע האבן זיך אפגעזאגט פון די תענוגים פון עולם־הזה און זיינען אויפגעגאנגען אין גאט.

מען זאָל גאָט דינען, אָבער ניט ווי אַ קנעכט דינט זיין באַלעבאָס; ניט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ און מיט אַן אָנגעבויגענעם רוקן, נאָר ווי אַ זון, וואָס שטייט פאַר זיין ליבן פאָטער; גאָט דינען, אָבער ניט מיט וויינען און קלאָגן, נאָר מיט פרייל עכקייט און מיט גרויס שמחה; אַפילו ווען ער טוט אַן עבירה און ער וויל תשובה טאָן, זאָל ער ניט טרויעריק זיין און וויינען, „ווייל עצבות און מרה־שחורה איז אַ שטאַרקע מניעה צו עבודת הבורא". לכן דאַרף מען זיך ניט פּייניקן און ניט פאַסטן, ווייל דאָס אַלץ איז גורם, אַז דער מענטש ווערט טרויעריק. מען האָט דעם בעש"ט געפרעגט: „וואָס איז דער עיקר פון אייער דרך? מיר ווייסן, אַז אין די פריערדיקע צייטן האָבן די פרומע מענטשן געפאַסט פון שבת צו שבת, און איר זייט געקומען און האָט מבטל געמאַכט די תעניתים". דער בעש"ט האָט געענטפערט: „איך בין געקומען אויף דער וועלט צו ווייזן אַן אַנדער דרך אין דער עבודה צו גאָט, און דער דרך איז, אַז דער מענטש זאָל אויף זיך נעמען אָט די דריי זאַכן: ליבע צו גאָט, ליבע צו די יידן און ליבע צו דער תורה. דאָס איז דער עיקר, אָבער ניט זיך צו פּייניקן".

מיר זעען, ווי אַנדערש עס איז געווען זיין דרך פון דעם דרך ביז זיין צייט, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט תעניתים און פּייניקן זיך מיט כל המיני יסורים. פאַר דעם בעש"ט איז דער עיקר די ליבע, ליבע צו גאָט און צום פאָלק און זיין תורה. די ליבע צו גאָט איז באַגרינדעט אויף שטאַרקן, תמימותדיקן גלויבן אין גאָט, אַ ריין גלויבן אָן אַ שום פניה. דורך זיין אמתן גלויבן אין גאָט וועט ער שוין ממילא קומען צו דער ליבע צו גאָט, און אויך צום בטחון אין גאָט; דורך זיין אמתער אמונה וועט ער זיך משתדל זיין צו גיין אין דעם וועג פון גאָט: הייליקן זיך, הייליקן זיינע מחשבות און מעשים, הייליקן זיינע מידות, הייליקן זיינע רייד; זיין אַן עניוו, און ניט אַ מין עניוו, וואָס גייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, כדי זיך צו ווייזן, אַז ער איז אַן עניוו, אָבער אין זיין האַרץ איז ער ביי זיך שטאָלץ, נאָר אַן עניוו אין האַרצן, אַן אמתער עניוו אין זיין גייסט. אַ משל: „אַ מלך האָט געוואָלט זיך אויסוויילן אַ גוטן וועג, ער זאָל נושא חן זיין ביי גאָט און ביי די מענטשן, האָט אים אַ חכם אַן עצה געגעבן, ער זאָל זיין אַן עניוו. וואָס האָט דער מלך געטאָן? אַז ער האָט באַדאַרפט ערגעצוואו צופאָרן, האָט ער באַפוילן, אַז די קאַרעטע מיט די פערד זאָלן פאָרן פאַר אים און ער איז געגאַנגען צופוס. איז געקומען צו אים דער חכם און האָט געזאָגט: „ניין, דאָס איז ניט די אמתדיקע ענווה. זעץ זיך אין דער קאַרעטע און זיי דאָך אַן עניוו". ווי די ענווה, אַזוי זאָל דער מענטש זיך משתדל זיין אַן אמתער פריינט פון מענטשן צו זיין, ניט ריידן לשון־הרע, ניט מבזה זיין קיין שום מענטשן, קיין שום בריה;

ניט נאר מיט דעם דיבור, ניין. מען קאן שווייגן, אבער אין הארצן זאל מען דענקען שלעכטס. „דו זאלסט אויך מיט דיין הארצן ניט שלעכטס דענקען און פילן, אפילו א רשע זאלסטו ניט מבזה זיין״.

דורך דיין אמתדיקן גלויבן אין גאט וועסטו זיך אין אים באהעפטן, תמיד דענקען וועגן אים, תמיד אויפגיין אין אים״. „דביקות הבורא״, זיך צוזאמענטאן מיט גאט, איז ביים בעש״ט אן עיקר גדול אין דער עבודה צו גאט; ער מוז זיך אזוי שטארק הייליקן, אז ער זאל זיך מיט גאט פאראייניקן; דער טייל זאל אויפגיין אין דעם גאנצן. און דאס צו דערגרייכן, מוז ער פארגעסן אין דער גאנצער וועלט, אין זיין סביבה; און ער מוז זיך אויס־טאן פון דעם גשמיות און זאל זיין גשמיות, זיין גוף, מאכן צו א רוחניות, צו א הייליקן גייסט. ערשט דאן קאן ער מיט דעם גרויסן גייסט, מיט גאט, ווערן איינס. אט די „דביקות״ קאן דער מענטש דערגריין דורך זיין תפילה, דען די תפילה איז א רינגעלע צווישן דעם מענטשן און גאט. נאַ־טירלעך, מוז די תפילה זיין נאר רוחניות און הייליק, מיט „התפשטות הגשמיות״, זיך אויסטאן פון גשמיות. די תפילה צו גאט מוז נאר זיין וועגן רוחניות, ניט גאט בעטן וועגן פרנסה און אנדערע חמריותדיקע זאכן; זי מוז זיין מיט גרוים כוונה און התלהבות, מיט גרוים שמחה און תענוג, און זי דארף זיין פון דעם טיפן הארצן. אט אזא הייליקע תפילה דארף מען ניט דווקא אין שול צו דאווענען: אויך אויף דעם פעלד, אין וואלד און וואו דער מענטש איז. די חסידים דערציילן: „א חסיד איז געפארן אויף יום-כיפור צום בעל־שם־טוב. ערב־יום־כיפור איז ער אנגע-קומען ניט ווייט פון מעזשיבאזש. ער האט זיך געטראכט: ער וועט זיך א ביסל אפרוען, ווייל עס איז נאך געווען גענוג צייט ביז „כל נדרי״. אבער עס האט אים אנגעכאפט דער שלאף, און אז ער האט זיך אויפגעכאפט, איז שוין געווען פינסטער און ער האט מער ניט געקאנט קומען אין דער שטאט. דער חסיד איז געווען זייער אומגליקלעך און האט געדאווענט דעם גאנצן יום־כיפור אויף דעם פעלד מיט גרוים כוונות און צעבראכן געמיט. מוצאי-יום-כיפור איז ער געקומען צום בעל־שם־טוב. דער בעש״ט האט אים אויפגענומען מיט גרוים כבוד און שמחה. ער האט אים געטרייסט און געזאגט, אז ער האט מיט זיין תפילה אויפן פעלד ארויפגעבראכט אויף דעם הימל אלע תפילות פון די פעלדער און גראזן און ביימער, וועלכע זאגן שירה צו גאט״.

צוזאמען מיט דעם גלויבן אין גאט הייסט דער בעל־שם־טוב, אז מען זאל גלויבן אין דעם צדיק, וואס איז א גאנץ אויסערגעוויינלעכער מענטש, א פולקומער מענטש, וואס האט געלייטערט זיין גוף, געמאכט צו א מין רוחניות, ווי די נשמה גופא, וואס איז תמיד מיט גאט פאריי־

ניקט און די שכינה איז תמיד מיט אים. אָט דער „צדיק" איז אַ פאַר־מיטלער צווישן דעם מענטשן און גאָט, ער זאָרגט פאַר זיינע מקורבים אין גשמיות און אין רוחניות, ער איז מתפלל פאַר זיי און דענקט תמיד וועגן זיי, און ער איז אויך בכוח פאַר זיי אַלץ צו טאָן, ווייל ער שטייט נאָענט צו גאָט, און זיינע רייד זיינען מרעיש עולמות. ער ליבט זיינע מקורבים ביז כלות הנפש, ער איז זיך פאַר זיי מקריב. „אַמאָל מוז ער זיך אַראָפּלאָזן פון זיין גרויסער מדרגה, כדי ער זאָל בכוח זיין צו היילן דאָס פאָלק פון זיינע זינד, למשל, ווי איינער, וואָס וויל עמיצן אַרויסראַטעווען פון זומפּ, מוז ער אַליין גיין אין זומפּ אַריין, אפילו ווען ער ווערט זיך דורך דעם פאַרשמוצן". אָט אין דעם צדיק דאַרף דער חסיד גלויבן, גאַנץ בלינד גלויבן, ווי ער גלויבט אין גאָט. ער דאַרף ניט פרעגן קיין קשיות, ווי ער דאַרף ניט פרעגן קיין קשיות אויף גאָט.

דער „צדיק" איז אַ מיטל־פונקט אין חסידיזם זינט דעם בעל־שם־טוב. ער האָט אַרויסגעשטופּט דעם איינפלוס פון דעם „רב", וועלכער איז געווען ביז אים דער מיטלפונקט אין יידישן לעבן.

## יא.

איך האָב אין פאַריקן קאַפּיטל געבראַכט עטלעכע גרונט־געדאַנקען פון דעם בעש"טס לערע, אויף וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויפגעבויט און אַנטוויקלט — דורך זיינע תלמידים און די תלמידים פון זיינע תלמידים — דער גאַנצער חסידיזם. עס בלייבט אָבער נאָך אָפן די פראַגע: האָט דער בעש"ט עטוואָס גאַנץ נייס געבראַכט מיט זיין לערע אין דעם יידישן לעבן? האָט מען דען פאַר דעם בעש"ט פון דעם, וואָס ער האָט גע־זאָגט, ניט געוואוסט? אויב ניט, טאָ פאַרוואָס האָט ער מער משפיע גע־ווען אויף זיין דור און דורי דורות ביז אויף דעם היינטיקן טאָג, ווי אַלע אַנדערע מקובלים?

אין דער אמתן האָט דער בעש"ט קיין נייס ניט געזאָגט און קיין נייס ניט געשאַפן. אַלץ, פאַרוואָס ער איז געשטאַנען, איז שוין פון לאַנג אָן אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין פאַרשיידענע ספרים נאָך איידער דער בעש"ט האָט געלעבט. ווען מען לייענט אין דעם „של"ה הקדוש", דעם „פרדס רמונים", דעם „פרי עץ חיים" און „עץ חיים"; ווען מען לייענט אין „זוהר" און „חובת הלבבות", אין „ספר חסידים", אָדער די „אגדות" אין תלמוד און מדרש; ווען מען קוקט זיך צו צו דעם לעבן פון די איסיים, די יידישע מיסטישע סעקטע אין די לעצטע יאָרן פון חורבן בית שני, און מען לייענט אין די „דרויסנדיקע ספרים" (ספרים חיצונים) און אין תנ"ך, וועט מען דאָרט אומעטום געפינען די געדאַנקען פון חסידיזם. אָט, למשל,

זיין געדאנק וועגן גאָט, אַז גאָט איז אומעטום, און אַלץ „אויבן און אונטן״ איז איינס. דאָס איז אַ געדאנק פון אַלע מקובלים, און נאָך שטאַרקער אויסגעדריקט געפינט מען אים ביי דעם מקובל ר׳ משה קורדובירו. דעם בעש״טס שטאַרק האַלטן פון דער מקווה, פון זיך טובל זיין, איז אַ גאַנץ אַלטער. שוין אין תנ״ך און שפּעטער ביי דער יידישער סיבילה און די אַפּאָקריפן, און אין דער גמרא און קבלה געפינט מען דאָס. דאָס אייגענע מיט דעם געדאַנק וועגן דער „הייליקער סעודה״: צוזאַמען זיצן מיט די חסידים שבת ביים טיש, דער גרויסער אויפטו דערפון איז שוין מרומז געווען אין תנ״ך, ביי די „איסיים״ און אין דער קבלה. זיין געדאַנק איבער תפילה: מתפלל זיין מיט גרוים התלהבות און דביקות, און בכלל זיין אָרט עבודה צו גאָט, אויפגיין אין גאָט און לעבן נאָר מיט גאָט און דינען גאָט מיט אַלע מעשים אויף אַלע אופנים — אויך דער געדאַנק איז פאַראַן אין די „הייליקע ספרים״ פאַר דעם בעש״ט. אויך זיין געדאַנק וועגן דעם „צדיק״, וועגן דעם „גדול הדור״, וואָס דער בעש״ט האָט אים געמאַכט פאַר אַן „איבערמענטשן״, פאַר איינעם, וואָס האָט די קראַפט צו געוועלטיקן אין אַלע וועלטן — אָט דער געדאַנק איז שוין פאַראַן אין תנ״ך, אין תלמוד און אין דער קבלה. בכלל איז אַלץ, וואָס דער חסידיזם האָט אַרויסגעזאָגט וועגן גאָט און דער וועלט, וועגן דעם מענטשן און דער מענטשלעכער נשמה, וועגן דער מאַטעריע און דעם גייסט, וועגן די אויבערשטע און אונטערשטע וועלטן, וועגן נשמות און רוחות, וואָס שוועבן אַרום אין דער וועלט — אַלץ וואָס דער חסידיזם פאַרלאַנגט פון דעם מענטשן, כדי ער זאָל זיך קאָנען באַהעפטן מיט גאָט, אַלץ, וואָס ער זאָגט מכוח כוונה, התלהבות, עבודת הבורא, תפילה וכדומה — אָט דאָס אַלץ איז בכלל ניט ניי און מען געפינט דאָס אַלץ אין אַלטע יידישע מוסר- און מיסטישע ספרים.

דורך וואָס-זשע האָט דער חסידיזם אַזוי אויסגענומען? אין וואָס באַשטייט דער סוד פון זיין ניצחון און די מאַכט פונם חסידיזם? ער איז געווען פאַרשטעקט, צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע ספרים; זייערע מחברים האָבן די גרויסע אידעען באַגראָבן אין בוכשטאַבן, שורות, בלעטער — ספרים; דאָרט האָבן זיי געוואָרט און געוואָרט אויף דעם מעזשיבאָזש. דאָרט פלעגן זיי זיך פאַרזאַמלען און דאָרט האָבן זיי געפאָלק, דאָס פאָלק זאָל קומען צו זיי און זיי לערנען און אויפנעמען. דאָ איז געקומען דער בעל-שם-טוב און האָט געמאַכט פון די אידעען, וועלכע זיינען געווען ביי אים נאָר ליטעראַטור, פאַר אַ לעבנס-סיסטעם. ער האָט ניט געוואַרט ביז דאָס פאָלק וועט קומען צו אים, ער איז געגאַנגען צום פאָלק. אָן שום ציל און אויסרעכענונגען האָט דער בעש״ט געגעבן זיין

חסידיזם; ער האָט ניט פאַרשפּראָכן קיין האָפענונג אויף גאולה און משיחן, און ער האָט געגעבן ריינעם גלויבן, באַשאַפן אַ רעליגיעז-מיס-טישע באַוועגונג.

אָט אין וואָס עס באַשטייט דער אויפטו פונם חסידיזם, אָון אָט אין וואָס עס ליגט דער סוד פון זיין קיום. ניט די געדאַנקען זיינען דאָ ניי, נאָר די פאָרם, די פאָלקסטימלעכע פאָרם.

## יב.

דער בעש״ט האָט זיין לערע ניט פאַרשריבן אין אַ ספר. די גרויסע רעליגיעזע מענטשן האָבן ניט געהאַט קיין צייט זיך צו פאַרנעמען מיט אַזוינע זאַכן; חוץ דעם האָבן זיי אויך ניט פיל געהאַלטן פון דעם געשרי-בענעם וואָרט. פאַר זיי איז געווען דער עיקר דאָס גערעדטע, לעבעדיקע וואָרט, דאָס פייערדיקע וואָרט, פול מיט בלוט און מאַרך, ווי דער נביא זאָגט: „גאָטס גייסט רעדט אין מיר און זיין וואָרט איז אויף מיין צונג״. דער בעש״ט האָט אויך ניט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן פאַרשרייבן זיין תורה. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט מען ניט ריכטיק איבערגעבן, וואָס ער האָט געזאָגט. נאָר איינער פון זיינע תלמידים, ר׳ יעקב־יוסף פּאָלאָנער, איז געווען מסוגל גוט צו פאַרשרייבן, וואָס ער האָט געהערט פון בעש״ט, און ער האָט די ווערטער פון זיין רבין געזאַמלט אין זיין ספר „תולדות יעקב יוסף״ און נאָך אַנדערע ספרים זיינע. איינער פון די תלמידים פון מעזשריטשער „מגיד״, ר׳ יעקב־יוסף פון אָסטראָהא, דער-ציילט ווי יעקב־יוסף פּאָלאָנער האָט זייער טיף פאַרשטאַנען די תורה פון דעם בעש״ט, און אַז ער האָט אָנגעהויבן אויפצוקלערן די ווערטער פון בעש״ט, „האָט ער געציטערט אין גאַנצן גוף און פייער האָט גע-ברענט אַרום אים״. שפּעטער האָבן נאָך אַנדערע תלמידים און תלמידים פון די תלמידים געזאַמלט די תורה פון בעש״ט און דאָס געבראַכט אין אַ באַשטימטע אָרדענונג. אַזוי זיינען אַנטשטאַנען די צוויי אַזוי-גערופענע ספרים פון בעש״ט, „כתר שם טוב״ און „צוואת הריב״ש״. נאָר אין איין גרויסן בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין יאָר תק״י צו זיין שוואָגער ר׳ גרשון קוטיווער, וואָס איז דערווייל איבערגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, אין דעם דאָזיקן בריוו, וואָס מען קאָן אָנרופן דעם „מאַניפעסט״ פון חסידות, שרייבט ער בזה הלשון:

„דעם ערשטן טאָג ראש-השנה פונם יאָר תק״ז (1746) האָט זיך מיין נשמה אַ הויב געטאָן אין דער הויך דורך השבעות און באַשווערונגען פון יענעם מין, וואָס איז דיר באַקאַנט, און איך האָב דערזען וואונדער-לעכע זאַכן, וועלכע איך האָב, צייט איך לעב און זינט איך בין אַ דער-

וואקסענער מענטש, ניט געזען, און דאס, וואס איך האב געזען און זיך דערוואוסט, בעת איך האב זיך אויפגעהויבן, קאן קיין שום מענטשלעך לשון ניט אויסדריקן און דערציילן — אין הפה יכול לדבר. בעת איך האב זיך אבער אומגעקערט צוריק צום גן־עדן התחתון, האב איך דערזען נשמות פון טויטע און לעבעדיקע אן א שיעור און אן אן עק, הן באקאנטע, הן אומבאקאנטע, וואס זיינען ארומגעפלויגן אהין און אהער פון איין וועלט צו דער אנדערער אויף יענעם שטראל, וואס איז אלעמען באקאנט, ווער ס'איז באהאוונט אין סתרי תורה; און די פרייד פון די דאזיקע נשמות איז געווען אזוי מוראדיק גרויס, אז ניט דאס מויל קאן באווייזן עס אויסצודערציילן, און ניט דער אויער קאן באווייזן עס אויסצוהערן. און אויך א סך רשעים און פושעים האבן תשובה געטאן, און מען האט זיי מוחל געווען זייערע זינד, ווארעם עס איז דאן געווען א גרויסע צייט פון גנאד, א מזלדיקע שעה, און אויך פאר מיר איז עס געווען א גרויסער חידוש, וואס אזוינע און אזוינע, וואס זיינען אויך דיר באקאנט, זיינען צוגעלאזט געווארן צו תשובה, און אויך צווישן זיי איז די פרייד געווען זייער גרויס, און אויך זיי האבן זיך אויפגעהויבן אין דער הויך אויף דעם אויבנדערמאנטן אופן. און זיי אלע זיינען צוגעשטאנען צו מיר און האבן מיך געבעטן: „צוליב דעם כבוד פון דיין תורה האט דיך גאט באשאנקען מיט קלוגשאפט און וואויל־לערנען, כדי דו זאלסט קענען תופס זיין און דערקענען אזוינע זאכן; מיט אונז אינאיינעם זאלסטו זיך אויפהויבן אין דער הויך, כדי דו זאלסט פאר אונז זיין א גוטער בעטער״. און צוליב דער גרויסער פרייד, וואס איך האב געזען אין זייערע אויגן, האב איך זיי צוגעזאגט אויפצוהויבן זיך אין דער הויך מיט זיי אינאיינעם. און אין דער אייגענער צייט האב איך אויך געזען דעם שטן, אויפהייבנדיק זיך אין דער הויך מיט א שמחה אן א ברעג, כדי מקטרג צו זיין; און ער האט אויך זיין ארבעט אפגעטאן: א סך יידישע נשמות האט מען דן געווען למיתה, און טאקע למיתה משונה. און עס האט מיך אנגעכאפט א גרויס פחד און א גרויס ציטערניש, און איך האב אויף אן אמת אפגעגעבן מיין נשמה און האב געבעטן מיין רבין, ער זאל מיך באגלייטן, ווארעם עס איז א גרויסע סכנה אויפצוהויבן זיך אין די עולמות־העליונים, ווארעם זינט איך געדענק מיך, האב איך אזוינע עליות ניט געמאכט; און אזוי ארום האב איך זיך געהויבן פון מדרגה צו מדרגה, ביז איך בין אריינגעקומען אינם היכל המשיח, דארטן וואו משיח לערנט תורה מיט אלע תנאים און צדיקים און אויך מיט די זיבן פאסטוכער*. און איך

* אברהם, יצחק, יעקב, משה, אהרן, דוד און שלמה.

האָב דאָרט דערזען אַ שמחה אָ אַ ברעג און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס די דאָזיקע שמחה באַטייט, און האָב שוין געמיינט, אַז עס איז חס ושלום צוליב דעם, וואָס איך גיי אוועק פון דער וועלט. אָבער שפּעטער האָט מען מיך געלאָזט וויסן, אַז איך בין נאָך גאָרנישט געשטאָרבן, און אַז אויבן פרייט מען זיך, ווען איך בין מיחד יחודים דורך דער הייליקער תורה, פונדעסטוועגן איז מיר דער תמצית פון יענער שמחה נאָך ניט קלאָר געוואָרן ביז דעם היינטיקן טאָג. און איך האָב געפרעגט משיחן: „ווען וועט ער קומען'', און ער האָט מיר געענטפערט בזה הלשון: „אָט האָסטו אַ סימן: ווען דיין תורה וועט פאַרשפּרייט ווערן און דו וועסט אַנט-פּלעקט ווערן פאַר דער וועלט, און דיינע קוואַלן — אַלץ, וואָס איך האָב מיט דיר געלערנט און דו האָסט תופס געווען, וועלן זיך אויסגיסן כּלפּי חוץ, צום דרויסן צו, אַזוי, אַז אויך זיי וועלן זיין בכּוח מיחד צו זיין יחודים און נתעלה ווערן פּונקט אַזוי ווי דו — דאַן וועט צעשטערט ווערן די קליפּה, די בייזע מאַכט און עס וועט אָנקומען אַ צייט פון גנאָד, אַ צייט פון ישועות און נחמות''. און איך האָב זיך זייער דערשראָקן, וואָס עס באַדאַרף אַזוי לאַנג געדויערן, ביז דאָס אַלץ זאָל קאָנען מקויים ווערן. אָבער צווישן אַלעם דעם, וואָס איך האָב דאָרטן געלערנט, זיינען פאַראַן דריי באַזונדערע ווערטער, דריי הייליקע נעמען פון גאָט, וואָס עס איז זייער גרינג אויסצולערנען און צו דערקלערן. און דאַן בין איך ווידער געקומען צו זיך און האָב געטראַכט ביי זיך אין האַרצן, אפשר וועלן דורך זיי אויך די מענטשן פון מיין דור קאָנען דערגרייכן פּונקט אַזאַ מדרגה און אַזאַ בחינה ווי איך. אפשר וועלן זיי אויך קאָנען הייבן זייערע נשמות אין דער הויך און לערנען און תופס זיין פּונקט אַזוי ווי איך... אָבער איך האָבן זיי ניט געטאָרט אַנטפּלעקן פאַר קיין שום מענטשן אין דער וועלט, אַפילו פאַר דיר אויך ניט, הגם איך האָב פון דיינעטוועגן געבעטן און איך קאָן דערפון ניט אָפּטרעטן. אָבער דאָס זאָג איך דיר, און גאָט זאָל דיר העלפן, און דיין וועג זאָל ליגן אָפן פאַר גאָט און טרעט ניט אָפּ דערפון, באַזונדערס אין ארץ-ישראל: בעת דו דאַוונסט און לערנסט, אין איטלעכן שמועס, אין איטלעכן וואָרט זאָלסטו עס האָבן אין זינען, וואָרעם אין איטלעכן אות זיינען פאַראַן וועלטן, נשמות און די שכינה, און זיי הייבן זיך אויף אין דער הויך און באַהעפטן זיך מיט אַנאַנד, און דערנאָך באַ-העפטן זיך די אותיות און פון זיי ווערט אַ וואָרט און זיי באַהעפטן זיך אין אַ וואָרער אחדות אין דער שכינה. און דיין נשמה זאָל זיין מיט זיי אויף איטלעכער פון די דאָזיקע מדרגות. דעמאָלט פאַרייניקן זיך אַלע וועלטן אינאיינעם, ווערן נתעלה און עס ווערט געבאָרן אַ שמחה אָן אַ ברעג, אַזוי ווי די פרייד פון דעם חתן און דער כּלה אויף דער אונטער-

שטער וועלט און נאך אזוינע פריידן פון דער אייגענער הויכער מדרגה. און גאט וועט דיר העלפן, און וואו דו וועסט זיך ניט קערן זאלסטו מצליח זיין״.

אט אין דעם בריוו טרעט דער בעש״ט גופא אויף וועגן זיין לערע און זיין גרויסן רוחניותדיקן כוח; צום ערשטן מאל זעען מיר בכתב פון בעש״ט גופא וועגן זיינע מופתים און זיין תורה. דעם בריוו, וואס מען קאן אנרופן דעם „מאניפעסט״ פון חסידות, האט ער געשיקט דורך זיין תלמיד ר׳ יעקב־יוסף פאלאנער, וואס האט בדעה געהאט צו פארן קיין ארץ־ישראל; אבער עס האט זיך אים ניט איינגעגעבן, און דער בריוו „איז געבליבן ביי אונז, כדי ער זאל זיין א מורה־דרך פאר אונזער פאלק, די בני אברהם, יצחק ויעקב״. דער דאזיקער בריוו האט אין יענער צייט אויפגערודערט די גאנצע חסידישע וועלט. עס האבן זיך געפונען אזוינע צדיקים, וואס האבן זיך עס געמאכט פאר א חוב „צו לערנען דעם דאזיקן בריוו יעדן טאג כסדר און מיט דער אייגענער התמדה, ווי מען לייגט א שטיי־גער, תפילין, און זיי האבן אין אים ארויסגעפונען פארשיידענע נעמען פון גאט, דורך וואס מען האט געקאנט אויסרעכענען די צייט, ווען משיח וועט קומען״.

מיר זעען פון דעם בעש״טס בריוו, ווי שטארק ער האט געגלויבט אין זיין אייגענעם כוח, און ווי שטארק ער האט אויך געגלויבט אין זיין אייגענער שיטה, וואס פון איר האט זיך, לויט זיין מיינונג, געוועגדט דער גאנצער גורל און די גאנצע צוקונפט פונם יידישן פאלק, און וואס איר פארשפרייטונג האט געקאנט ברענגען די גאולה און משיחן.

## יג.

דער שטארקער גלויבן פון בעש״ט אין דער גרויסער ווירקונג פון זיין שיטה האט אויך שטארק געווירקט אויף זיינע תלמידים. זיי האבן געזען, וואס פאר א גרויסע הייליקע מיסיע זיי דארפן אויף זיך נעמען, כדי די גרויסע לערע פון בעש״ט צו פארשפרייטן ביים פאלק. יעדער פון זיי האט געפילט, אז ער איז מיט גאט באהאפן מיטצוהעלפן אין אט דעם גרויסן ווערק, און יעדער פון זיי, אויף זיין אופן, האט אויך בייגעטראגן צו פארשפרייטן דעם בעש״טס לערע אין פארשיידענע ערטער. מיר זעען, אז מען האט אויך אין ארץ־ישראל, וואס איז אין דער דעמאלטיקער צייט זייער ווייט געווען פון רוסלאנד, שטארק געהאלטן פון דעם בעש״טס חסידיזם. אזוי שרייבט ר׳ גרשון קוטיווער פון ארץ־ישראל צום בעש״ט: „דיין נאמען איז באקאנט אין ירושלים: די חכמים דא האבן מיך געבעטן

איך זאָל דיר שרייבן, דו זאָלסט זיך מזרז זיין צו קומען אהער. זיי זיינען משתּוקק דיך צו זען".

דער בעש"ט האָט גוט געקענט זיינע תּלמידים, ווי זיי האָבן געגלויבט אין אים און אין זיין תּורה, און ער האָט געוואוסט, אַז ווי זיי דאַרפן אים און קאָנען אָן אים ניט אויסקומען, אַזוי מוז אויך ער זיי האָבן. ער האָט זיך אפילו איינמאָל אויסגעדריקט, אַז „זיין נשמה האָט ניט געוואָלט אַראָפּגיין אויף דער וועלט, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר די ברענענדיקע שלאַנגען, וועלכע זיינען פאַראַן אין יעדן דור, האָט מען אים געגעבן זעכציק גבורים, צדיקים, זיי זאָלן זי היטן". אָט די זעכציק גבורים — זיינע תּלמידים, האָבן אים זייער פיל געהאָלפן, זיין תּורה צו פאַרשפּרייטן.

דער בעש"ט האָט זיין גרויסע אויפגאַבע — דעם קאַמף קעגן דעם אַלטן וועג און אויפבויען דעם נייעם וועג, — פאַרטיילט צווישן זיינע תּלמידים: ר' יעקב־יוסף פּאָלאָנער איז געוואָרן זיין שרייבער. ער האָט גוט פאַרשטאַנען די תּורה פון בעש"ט און זי גוט פאַרשריבן. ער איז געווען דער ערשטער חסידישער שריפטשטעלער. ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, האָט מען אים צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר ווייסן פון דעם בעש"טס ווערטער און לערע. אַן אַנדער תּלמיד פון בעש"ט — דער „פּאָלאָנער מוכיח", האָט אויף זיך גענומען צו דרשענען אין די בתּי־מדרשים וועגן דעם בעש"ט און זיין שיטה. דאָס איז גאָר ניט אַזאַ לייכטע זאַך געווען אין דער דעמאָלטיקער צייט. דער בעש"ט האָט אים אָפט געשיקט אין פאַרשיידענע ערטער צו פאַרברייטן, דורך זיינע דרשות, זיין תּורה. אַנדערע תּלמידים, ווי ר' דוד לאַהקעס, ר' זאב קיצים, ר' דוד פורקעס, ר' דוד מי־קאָלאַיעווער, האָט ער געשיקט אין „מקומות רחוקים", זיי זאָלן פאַר אים, ווי דער חסידיזם דריקט זיך אויס, מאַכן מופתים, און זיינע תּלמידים, די ברידער ר' יצחק און ר' מאיר מרגליות, די צוויי גאונים, האָבן מיט זייער גרויס למדנות פאַר זיין תּורה און פאַר זיין פערזאָן גופא פיל געטאָן.

די חסידישע מעשה דערציילט: דער בעש"ט האָט אַמאָל געפילט, אַז עס פּלאַנט זיך אַן אסיפה פון רבנים אין בראָד, כּדי אים אריינצוּוואַרפן אין חרם. ער האָט געזאָגט ר' וואָלף קיציסן ער זאָל פאָרן קיין בראָד, אָבער ער האָט אים ניט געזאָגט פון דעם חרם און וואָס ער זאָל דאָרט טאָן. מובן מאליו, אַז ער האָט גענומען זיין פעקל אויף די פּלייצעס און איז אַוועק צופוס. ער איז געקומען אין אַ דאָרף ניט ווייט פון בראָד דאָרט צו נעכ־טיקן. דער בעל אכסניא איז געווען שטאַרק טרוד מיט גרויסע הכנות מקבל פּנים צו זיין זיינע חשובע אורחים. אויף דער פראַגע פון ר' וואָלפן האָט דער בעל־אכסניא געענטפערט, אַז פיל רבנים מיט דעם לעמבערגער רב בראש וועלן קומען תּיכף צו אים. ר' וואָלף האָט גענומען תּיכף זיין פעקל און

האָט זיך געלייגט שלאָפן אין אַ ווינקל פון קיך. ער האָט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט פון דעם גרויסן רעש און טומל, וואָס די רבנים האָבן גע־מאַכט ביי דער סעודה. נאָכדעם ווי די רבנים זיינען געגאַנגען שלאָפן, האָט ר׳ וואָלף אָנגעהויבן פּראַוועון „חצות״. דאָס האָט באַמערקט דער לעמ־בערגער רב, וועלכער איז נאָך ניט געשלאָפן, און האָט געהערט אַ וויינענ־דיקע שטים פון הינטערן אויוון. ער איז צוגעגאַנגען צו ר׳ וואָלפן און האָט דערזען, ווי אַן אָרעמאַן זיצט און פּראַוועט חצות. עס האָט זיך אָנ־געהויבן אַ געשפּרעך צווישןביידע, ביז מען איז געקומען אין אַ פּילפּול פון הלכה־זאַכן. דער רב איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן, זעענדיק, אַזאַ גרויסן למדן, ווי ר׳ וואָלף קיצים. גאַנץ פרי האָט ר׳ וואָלף גענומען זיין פּעקל אויף די פּלייצעס און איז געקומען קיין בראָד, און גלייך געגאַנגען אין שול. אַרום האַלבן טאָג האָבן זיך די רבנים פאַרזאַמלט אין דער גרויסער קלויז און דער לעמבערגער רב בראשם, כּדי מחרים צו זיין דעם בעש״ט. אַלע הכנות האָט מען געמאַכט, אָבער דער לעמבערגער רב האָט געשוויגן. ער האָט געזאָגט: „איך וויים, אַז אין שטאָט איז אַצינד פאַראַן אַ גרויסער תּלמיד־חכם, וועלכער ווייס פיל מער ווי איך, און אָן זיין רשות קאָן איך ניט מחרים זיין״. מען האָט אָנגעהויבן צו זוכן דעם תּלמיד־חכם, ר׳ וואָלף קיצים, און מען האָט אים געפונען אין שול, ווי ער זיצט ביים אויוון און לערנט. אַז מען האָט אים געבראַכט אין קלויז און ער איז געוואָר געוואָרן פון דעם חרם, האָט ער צעריסן זיינע קליידער און האָט שטאַרק געוויינט. ער האָט געשריען צו די רבנים: „וואָס ווילט איר טאָן? איך בין דאָך דער קלענסטער צווישן די תּלמידים פון בעש״ט!״ און אַזוי איז דער חרם בּטל געוואָרן.

אַמאָל פלעגט דער בעש״ט צוזאַמען מיט זיינע תּלמידים פאָרן אין „מדינות רחוקות״. ווי די חסידים דערציילן, דורך „קפיצת הדרך״. דעמאָלט האָט ער באַנוצט זיין אייגענע פור מיט זיין אייגענעם פורמאַן אַלעקסיי, אַ דאָרפישער גוי. אַלעקסיי האָט זיך מיט דעם פּנים געזעצט צום בעל־שם און אויך די תּלמידים האָבן זיך געזעצט מיט דעם פּנים צום בעש״ט. די פערד האָט אַלעקסיי געלאָזט לויפן אָן לייצעס. געלאָפן זיינען זיי ווי פייל פון בויגן: דערפער, שטעט, מדבריות האָט מען געזען פליען פאַר די אויגן, ביז מען איז געקומען צו דעם אָרט, וואו דער בעש״ט האָט געדאַרפט עפּעס מתקן זיין.

אַזוי האָט דער בעש״ט דערצויגן זיינע תּלמידים. ער האָט זיי גע־לערנט ווי זיי זאָלן זיינע רייד פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק; ווי זיי זאָלן דעם חסידיזם ברענגען צום ניצחון איבער דעם אַלטן וועג פון די רבנים און למדנים.

# יד.

ר׳ גרשון קוטיווער האָט געלעבט אין ארץ־ישראל און פון דאָרט אויס האָט ער געשריבן צום בעש״ט און האָט אים מעורר געווען, ער זאָל אויך קומען קיין ארץ־ישראל. דער בעש״ט, ווי יעדער רעליגיעזער און מיס־טישער ייד, האָט געהאַט גרויס בענקשאַפט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, און דורך די בריוו פון זיין שוואָגער, וועלכער האָט אים געשריבן מיט גרויס התפעלות וועגן דעם דאָרטיקן לעבן, האָט זיך נאָך מער פארשטאַרקט זיין ווילן צו פאָרן אין דעם יידישן לאַנד.

איידער ר׳ גרשון קוטיווער איז געקומען קיין ירושלים האָט דאָרט געלעבט דער גרויסער מקובל ר׳ חיים בן עטר, דער מחבר פון ספר „אור החיים״, אויף דער תורה, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „אור החיים הקודש״. וועגן דעם הייליקן ייד שרייבט ר׳ גרשון דעם בעש״ט בזה הלשון: „ווען איך בין געווען אין דיין הייליקער סביבה, האָסטו מיר אַמאָל געזאָגט, אַז דו האָסט געזען במראה, אַז אַ גרויסער חכם איז געקומען קיין ירושלים און אין אים איז דאָ אַ ניצוץ פון משיחן. שפּעטער האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו זעסט אים ניט מער, און דו האָסט גערעכנט, אַז ער איז געשטאָרבן. אַז איך בין געקומען קיין ירושלים און מען האָט מיר דער־ציילט פון דעם איש פלאי ר׳ חיים בן עטר, וועלכער איז געקומען קיין ירושלים מיט פיל תלמידים און גרויסע חכמים און איז אַ יאָר שפּעטער געשטאָרבן, האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט וועגן דעם חכם אין ירושלים, און עס איז ממש געווען אין דער זעלבער צייט״.

ווי מיר זעען, איז ר׳ חיים געשטאָרבן נאָך איידער ר׳ גרשון איז געקומען קיין א״י. אָבער די חסידישע לעגענדע, וועלכע פאַרהייליקט דעם בעל שם-טוב, וויל זיך ניט רעכענען מיט פאַקטן. זי דערציילט אויף איר אופן וועגן די באַציאונגען צווישן דעם בעש״ט און ר׳ חיים: דער בעש״ט האָט געוואָלט מקרב זיין די גאולה, און דאָס האָט ער געקאָנט דערגרייכן נאָר ווען ער וועט פאָרן קיין ארץ־ישראל און וועט זיך זען מיט ר׳ חיים בן עטר, וועלכער „האָט דוד המלכס נשמה, און יעדער נאַכט הערט ער די תורה פון גאָט״. דער פאַרמיטלער צווישן ר׳ חיים און בעש״ט איז געווען ר׳ גרשון, און ר׳ חיים האָט דעם בעש״ט געלאָזט זאָגן דורך ר׳ גרשון, ער זאָל ניט קומען קיין ארץ־ישראל. אָבער דער בריוו איז פאַרלאָרן געגאַנגען, און דער בעש״ט און זיין טאָכטער האָדל און זיין סופר סת״ם (זיין פרוי איז שוין געווען טויט) האָבן זיך געמאַכט פאַרטיק צו דער רייזע קיין ארץ־ישראל.

די חסידישע לעגענדע ווייס פיל צו דערציילן פון דעם בעש״טס רייזע קיין סטאמבול, וועגן די גרויסע מניעות און עיכובים, וועלכע ער האט געהאט אויף זיין רייזע, ווייל פון הימל האט מען ניט געוואלט ער זאל פארן קיין ארץ־ישראל, ווייל די צייט איז נאך ניט געווען פאר משיחן; דער דור איז נאך ניט ראוי געווען צו דעם. אבער דער בעש״ט, ניט קוקנ־דיק אויף דעם, האט זיך מפקיר געווען און איז דאך געפארן און איז אנ־געקומען פאר פסח קיין סטאמבול (קאנסטאנטינאפאל). דארט האט דער בעש״ט מיט זיינע באגלייטער געפייערט פסח. באלד נאך פסח האט ער זיך געאיילט צו פארן קיין ארץ־ישראל. ער איז געגאנגען צום ים, אבער עס איז ניט געווען קיין שיף. דא הויבט אן די חסידישע לעגענדע צו דערציילן וואונדערלעכע זאכן פונם בעש״ט: „זעענדיק, אז עס איז ניטא קיין שיף, האט ער געזאגט צו זיין סופר ר׳ צבי: ווען דו ווילסט, וועל איך פארשפרייטן מיין טאשנטוך אויף דעם ים און מיר וועלן פארן אויף אים קיין א״י; אבער דו מוזט זען נזהר זיין צו טראכטן אין א מין שם און דארפסט ניט אפילו אויף א רגע פארגעסן אן דעם שם. ר׳ צבי האט מורא געהאט אויף זיך צו נעמען אזא גרויסע אחריות. און אזוי האבן זיי געמוזטווארטן אויף א שיף, אויף וועלכער זיי האבן דייער רייזע געמאכט קיין ארץ־ישראל. אבער פלוצים איז געווארן א גרויסער שטורעם־ווינט און די שיף האט געבלאנדזשעט צוויי טעג. אויפן דריטן טאג איז געווארן שטיל און די שיף האט דערגרייכט אן אינזל. אלע שיפס־מענטשן זיינען געגאנגען שפאצירן אויף דעם אינזל; דער בעש״ט און זיינע באגלייטער האבן געוויילט אין אן אנדער ווינקל פון אינזל, ווייט פון שיף, איז אויף זיי אנגעפאלן א מחנה גזלנים און זיי געבונדן מיט שטריק. ר׳ צבי האט געזאגט צום בעש״ט: „רבי, פארוואס שווייגט איר?״ אבער דער בעש״ט האט אלץ פארגעסן, אפילו דעם אלף־בית. נאר ר׳ צבי, וועלכער האט אויך אלץ פארגעסן, האט נאך דעם אלף־בית געקאנט זאגן, און דער בעש״ט האט מיטגעזאגט מיט גרויס כוונה און התלהבות, ביז ער האט ווידער זיין כוח געפונען ווי תמיד. פלוצים איז געקומען אן אלטער קאפיטאן און האט זיי מציל געווען פון די גזלנים און האט זיי געבראכט צו דער שיף. דער־מאלט האט דער בעש״ט געזען בחוש, אז פון הימל לאזט מען אים ניט פארן קיין ארץ־ישראל, און ער האט זיך מיט זיינע באגלייטער צוריקגעקערט אהיים. און דער אלטער קאפיטאן איז געווען אליהו הנביא״.

## טו.

דער בעש״ט און זיינע באגלייטער זיינען צוריקגעקומען אהיים קיין מעזשיבאזש. ער האט צוריקגעקערט צו זיין „חבריא״ און זיינע חסידים.

ער האָט געזען, דערציילן די חסידים, אַז ער קאָן נאָך אַ סך ווירקן און טאָן דאָ אין חוץ לארץ. דער חסידיזם האָט נאָך ניט באַוויזן זיין גאַנצע ווירקונג: ער האָט נאָך ניט אויפגערוימט און פאַרניכטעט אַט די אַלע שלעכטסקייטן און פאַלשע וועגן, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט ביי די יידן. די צוויי געפערלעכע באַוועגונגען, ווי שבתי־צבי און יעקב פראַנק, האָבן שטאַרק געהערשט אין בעש"טס צייטן אין פוילן, באַזונדערס דער לעצטער, פראַנק, פון וועלכן עס איז אויפגעשטאַנען אַ גרויסע רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס איז געווען האַלב-קאַטויליש און האַלב יידיש, און וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט האס צום תלמוד און מיט ליבע צו דער קבלה, מיט דעם זוהר בראש. די חסידישע מעשה דערציילט די שטעלונג פון בעש"ט צו דיביידע „פאַלשע נביאים", שבתי־צבי און פראַנק: דער שבתי־צבי איז געקומען צום בעש"ט און האָט אים געבעטן אַ תיקון; אָבער ווען מען וויל איינעם מתקן זיין, מוז מען זיך מיט אים אינגאַנצן פאַראייניקן: „נפש בנפש, רוח ברוח, נשמה בנשמה", און דאָס איז געווען אַ גרויסע סכנה פאַר דעם בעש"ט, „ווייל דער שבתי-צבי איז געווען אַ גרויסער רשע, הגם עס איז אין אים געווען אַ ניצוץ קדוש". פונדעסטוועגן האָט ער פּרובירט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן.

דעם זעלבן פרווו האָט ער אויך געמאַכט מיט פראַנקן; אים האָט ער געוואָלט „אינגאַנצן פאַרניכטן", ניט מתקן זיין ווי דעם שבתי-צבי. פון הימל האָט מען אים געזאָגט, „אַז פראַנק איז פיל שטאַרקער אין דער טומאה, ווי דער בעש"ט אין דער קדושה". נו, האָט מען אים מגלה געווען, אַז ער און ר' מאיר פּרעמישליאַנער און נאָך איינער, וועלכער הייסט ר' משה, און פּאַסטוך, — „אַט די אַלע דריי זיינען בכוח צו פאַרטיליקן פראַנקן, ימח שמו". די ערשטע צוויי זיינען געגאַנגען זוכן דעם פּאַסטוך, ר' משה, און האָבן געפונען אַ זייער פּשוטן מענטשן, וועלכער פּאַשעט שאָף אויף אַ באַרג. די שאָף זיינען געווען פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע זייטן פון באַרג און ר' משה פּאַסטוך איז געשטאַנען ביי אַ גרוב און מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער געשריען: „זיסער גאָט, מיט וואָס קאָן איך דיך דינען? ווען דו וואָלסט געהאַט שאָף, וואָלט איך זיי געפּאַשעט בחנם". און דערביי האָט ער געשפּרונגען אַרום גרוב און האָט גערופן: „איך טו עס פאַר דיין הייליקן נאָמען". ער האָט עס געטאָן מיט אַזאַ התלהבות און חשק, אַז דער בעש"ט האָט געזאָגט: „די עבודה פון פּאַסטוך איז גרעסער פון מיין עבודה".

דער בעש"ט איז צו אים צוגעגאַנגען און האָט אים געזאָגט: „איך האָב מיט דיר וואָס צו ריידן".

דער פאסטוך: „איך בין א שכיר־יום און דארף ניט מבטל מאכן מיין צייט״.

דער בעש״ט: „דו ביסט דאך מבטל צייט מיט דיין שפרינגען״.

דער פאסטוך: „פאר גאט מעג מען״.

דער בעש״ט: „אויך איך וויל מיט דיר ריידן וועגן אן ענין פון גאט״.

באלד איז דער פאסטוך געקומען אין גרוים התלהבות, אן א שיעור און ערך, און דער בעש״ט האט געזען, ווי דער פאסטוך איז מרעיש עולמות און פארניכטעט די קליפות.

דער בעש״ט האט געזאגט צום פאסטוך: „עס איז דא א מענטש, וועלכער וויל פארניכטן אונזער גלויבן״.

דער בעש״ט האט געזען, ווי זיינע רייד ווירקן אויף אים, האט ער אנגעהויבן מיט אים צו לערנען, און איז געגאנגען מיט אים זיך טובל זיין אין א ברונעם וואסער. נאך דער טבילה האט ער מיט אים געלערנט אלף־בית און האט אים דערציילט פון חורבן־בית־המקדש און גלות פון דער שכינה, און האט אים דערציילט, אז עס איז געקומען די צייט צו בעטן גאט, אז די גאולה זאל קומען פאר די יידן און פאר דער שכינה. און אזוי האבן זיי אלע דריי מתפלל געווען מיט גרוים התלהבות, און עס איז געווארן א גרויסער רעש אויפן הימל.

דער שטן האט ניט געוואלט ליידן. ער האט געזען די גרויסע סכנה פאר אים, וואס די אלע דריי זיינען צוזאמען. וואס האט ער געטאן? ער האט אנגעצונדן א פייער אין שטאט, וואס איז געלעגן ביים בארג, די גלעקער האבן אנגעהויבן צו קלינגען און עס איז געווארן א גרויסער רעש, האבן זיך די שאף דערשראקן און זיי זיינען זיך פונאנדערגעלאפן. דער פאסטוך האט דערזען זיינע שאף לויפן, האט ער איבערגעלאזט דעם בעש״ט און ר׳ מאיר פרעמישליאנער און איז נאכגעלאפן זיינע שאף. און אזוי איז פון דעם גאנצן תיקון גארניט געווארן.

און פראנק און זיין כיתה האבן מלשין געווען אויף דעם תלמוד, און עס איז א גזירה געווען, אז מען זאל פארברענען דעם תלמוד. דער בעש״ט האט געוויינט און האט געמאכט שרעקלעכע תנועות און האט זיין קאפ געשטרעקט צווישן זיינע קני און האט געשריען מיט אזא משונה־דיקן קול, ווי א געקוילעטער שעפס.

נאך דעם וויכוח אין לעמבערג האט זיך פראנק מיט זיין כיתה, דריי טויזנט יידן, געשמדט. די רבנים האבן זיך געפרייט, וואס זיי זיינען פטור געווארן פון די רשעים, אבער דער בעש״ט האט געקלאגט און געזאגט: „די שכינה וויינט און זאגט: כל־זמן דער קראנקער אבר איז מחובר צום

גוף, קאָן מען האָפן, אַז ער וועט נאָך געזונט ווערן, אָבער ווען מען האָט דעם אבר אָפּגעשניטן, איז שוין דאָן גאָר קיין האָפענונג ניטאָ. און יעדער ייד איז אַן אבר פון דער שכינה״.

## טז.

און עס איז געקומען די צייט, אַז דער בעש״ט זאָל נסתלק ווערן פון דער וועלט. זיינע תלמידים האָבן געגלויבט, אַז ער וועט ניט שטאַרבן, ווי אַ געוויינלעכער מענטש, נאָר ער וועט אַרויפגיין אויפן הימל, ווי אליהו הנביא, אָבער דער דור איז ניט ראוי געווען צו דעם.

אין פסח פון דעם יאָר תק״ך איז דער בעש״ט געוואָרן קראַנק, ער איז שטאַרק מאָגער געוואָרן און זיין קול איז געוואָרן זייער שוואַך, אַז מען האָט כמעט ניט געהערט, וואָס ער רעדט. זיינע כוחות זיינען שוואַכער און שוואַכער געוואָרן. פונדעסטוועגן, אַז עס איז צו אים געקומען ר׳ דוד פורקעס און אים עטוואָס געפרעגט אין ענין „עבודת הבורא״, האָט ער אים געגעבן אַ תשובה מיט גרויס התלהבות, און זיין פנים האָט געברענט ווי פייער.

שבועות זיינען באַכט האָבן זיך ביי אים פאַרזאַמלט זיינע תלמידים, כדי וואָך צו זיין די גאַנצע נאַכט און זאָגן „תיקון ליל שבועות״, און דער בעש״ט האָט געזאָגט פאַר זיי תורה. גאַנץ פרי דעם ערשטן טאָג שבועות האָט ער געשיקט רופן די „חברה קדישא״ און האָט זיי געלערנט ווי זיי זאָלן זיך עוסק זיין אין זיין קבורה. נאָכדעם האָט ער זיך געשטאַרקט און איז אויפגעשטאַנען פון בעט און האָט געדאַוונט פאַרן עמוד מיט אַ „מנין״ פון זיינע תלמידים. ער האָט געזאָגט: „איך וויל נאָך אַ ביסל ריידן מיט גאָט״. נאָך דעם דאַוונען איז געגאַנגען ר׳ נחמן האָראָדענקער מתפלל זיין און גאָט בעטן, אַז דער בעש״ט זאָל ווידער געזונט ווערן. האָט דער בעש״ט געזאָגט: „אומזיסט איז ער מרעיש עולמות. ווען ער זאָל קענען אַריינגיין אין דער טיר, וואו איך בין געווען געוויינט אַריינצוגיין, דאַן וואָלט ער פועל געווען מיט זיין תפילה״. אין דער זעלבער צייט, דער־ציילט די חסידישע מעשה, איז געקומען צו אים אַ נשמה פון אַ מת, בעטן אויף אַ תיקון. האָט דער בעש״ט אויף איר אָנגעשריען און האָט געזאָגט: „אַכציק יאָר ביסטו נע־ונד און דו האָסט ניט געהערט פון מיר? אוועק, רשע!״.

פון רגע צו רגע איז ער שוואַכער און שוואַכער געוואָרן און מען האָט געהערט ווי ער האָט געזאָגט צום מלאך־המות: „איך בין דיר מוחל אויף די צוויי שעה, מאַטער מיך ניט״. און ער האָט זיך געווענדט צו זיינע מקורבים, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום זיין בעט, און האָט גע־

זאָגט: „דער מלאך-המות פלעגט תמיד אוועקלויפן פון מיר, אָבער אצינד, אז מען האָט אים געגעבן רשות אויף מיר, האָט ער באַקומען ברייטע פליגל און איז זייער פריילעך״. נאָכדעם זיינען געקומען די שטאָט־מענטשן אים זאָגן „גוט יום־טוב!״ און ער האָט פאַר זיי געזאָגט דברי תורה. נאָכדעם האָט ער געזאָגט תורה פאַר זיינע תלמידים. נאָכדעם האָט ער זיי געהייסן זאָגן „ויהי נועם״. אז ער האָט געזען, אז זיי זיינען אין גרויס צער, האָט ער זיי געטרייסט און געזאָגט: „איך בין גאָרניט בדאגה, איך ווייס געווים, אז איך גיי דורך איין טיר אַרויס און תיכף וועל איך אַריינגיין דורך אַן אַנדערע טיר״. ער האָט זיך געלייגט און אויפגעזעצט פיל מאָל. צום סוף האָט ער געזאָגט, אז מען זאָל אים צודעקן מיט א לייַלעך און ער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, ווי ער האָט געציטערט, ווען ער האָט מתפלל געווען שמונה עשרה. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם איז ער געוואָרן רויִקער און רויִקער און מען האָט באַמערקט ווי זיינע ליפּן זאָגן עפּעס. אז מען האָט זיך צוגעניגט צו אים, האָט מען געהערט, ווי ער זאָגט דעם פּסוק אין תהילים: „אל תבואני רגל גאוה״, און איז געשטאָרבן. דאָס איז געשען ז׳ סיון, תק״ך.

אין דער זעלבער רגע פון זיין טויט, דערציילן די חסידים, זיינען די ביידע זייגערס אין זיין צימער געבליבן שטיין.

ווי א לעגענדע, ווי א מעשהלע טרעט דער בעש״ט אויף אין דער געשיכטע פון דעם יידנטום. פון זיין געבורט ביז זיין טויט, ביז אויף דעם היינטיקן טאָג איז ער א לעגענדאַרישער העלד, א גרויסער רעליגיעזער העלד.

---

# ר׳ בער דער „גרויסער מגיד״.

## א.

אינם יאָר 1760 איז געשטאָרבן דער בעל־שם, און אויף זיין אָרט איז געקומען ר׳ בער, אַ באַוואוסטער מקובל און למדן. געבאָרן איז ער געוואָרן אינם יאָר 1710 אין דעם שטעטל לוקאטש, וואָלינער גובערניע, אַן ערך צען יאָר נאָכדעם, ווי דער בעל־שם איז געבאָרן געוואָרן. זיין פאָטער ר׳ אברהם איז געוועזן אַן אָרימער מלמד און האָט אַפילו ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן שכר־לימוד פאַר זיין זון, וואָס האָט געהאַט זייער אַ גוטן קאָפּ. דער רב פונם שטעטל האָט געוואָרפן אַן אויג אויפן יינגל, האָט אים אַריינגענומען אין זיין ישיבה און האָט מיט אים אָנגעהויבן צו לערנען תורה. ער האָט געהאַט זייער אַ גוטע פּעולה און האָט מצליח געווען אין זיין לערנען. זייענדיק אַזוינע ידיעות אין דער תלמודישער ליטעראַטור פון אַ יינגל, האָט זיך דער רב ניט געקאָנט אָפּוואונדערן און איז, ווי מען זאָגט עס, אַרויס פון די כּלים. סוף־כּל־סוף האָט די קליינע שטעטלשע ישיבה ניט געקאָנט באַפרידיקן זיינע גייסטיקע באַדערפעניש. ער האָט זיך גענויטיקט אין אַן אַנדער לומדישער סביבה, אין אַנדערע חברים און אין אַ רבין מיט מער חריפות. דער רב האָט עס פאַרשטאַנען און האָט אים אוועקגעשיקט אין דער לעמבערגער ישיבה. אין דער דאָזיקער גרויסער ישיבה האָט ער געלערנט אונטער דער הנהגה פון דעם גאון ר׳ יעקב־יהושע, פאַרפולקומענדיק זיינע תלמודישע ידיעות.

אַז ער איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט ער חתונה געהאַט אין דער שטאָט טורשין. ער איז געוואָרן אַ מלמד אין אַ נאָענטן דאָרף, לערנענדיק תורה מיט יידישע קינדער, ווייל קיין אַנדער פּרנסה האָט ער ניט געקאָנט געפינען. פּונקט ווי דער בעל־שם איז זיין יורש ר׳ בער פריער באַקאַנט געוואָרן מיט קינדער פונם פאָלק, איידער מיט דעם פאָלק גופא; און פּונקט ווי דער בעל־שם, איז ר׳ בער שוין אין די קינדערשע יאָרן

שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן צו דער נאַטור און צום דאָרפישן לעבן; ווי דער בעל־שם, איז אויך ר׳ בער אַוועקגעגאַנגען פון דעם גערודער און געפילדער פונם לעבן צו דער דאָרפישער שטילקייט און דעם דאָרפישן אַליין־זיין. דאָרטן אויף דעם שוים פון דער נאַטור האָט זיך ר׳ בער אַריינגעטאָן שטאַרק אין קבלה, און ס׳רוב אין דער לוריאַנישער קבלה, „קבלת האר״י״. אָט די דאָזיקע לוריאַנישע קבלה האָט אים צוגעצויגן צו זיך ווי אַ מאַגנעט, און ער האָט זיך איר איבערגעגעבן מיט לייב און זעל. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פּייניקן און האָט אַ מאָל 7 אָדער 8 געפאַסט נאָכאַנאַנד (איטלעכס מאָל אין אַ משך פון עטלעכע טעג). לוריהס תורה, וואָס איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען מוז „אויסרייסן די וואָרצלען פונם בייז״, כּדי דער יצר־הרע זאָל ניט קאָנען געפינען קיין אָרט פאַר זיין שליטה, איז געווען דער יסוד פון זיינע דעמאָלטיקע אָנשויאונגען.

אין יענער צייט האָט אין אַ שטילן פאַרוואָרפענעם דאָרף, ערגעץ־וואו אין די קאַרפּאַטישע בערג, געלעבט אויך יענער, ווער ס׳האָט געזאָלט ווערן זיין רבי — ישראל בעל־שם. אָבער דער דאָזיקער האָט שוין דעמאָלט געפונען זיין גאָט און דערקענט דעם ריכטיקן וועג צו דעם אופן, ווי אַזוי מען זאָל אים דינען. ער האָט שוין געוואוסט, אַז מען קאָן „בעסער מאַכן דאָס בייז און דינען גאָט אויך מיט דעם יצר־הרע״ און אַז דאָס פּייניקן זיך, די סיגופים, דער ביטול צו דעם לעבן פונם גוף פירן דעם מענטשן אַראָפּ פון דעם ריכטיקן וועג צום גאָט דינען.

ר׳ בער האָט דעמאָלט געלעבט אין גרויס דחקות. ער האָט אַזוי ווייניק פאַרדינט, אַז ער האָט ניט געהאַט אויף דער הוצאה פאַר זיין גרעסער גע־וואָרענער פאַמיליע. ער האָט אָבער געטראָגן זיין ביטערן מזל מיט בטחון און פלעגט זיך קיינמאָל ניט קלאָגן פאַר קיינעם. דאָס ערשטע מאָל, ווען ר׳ בער האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן — אַזוי דערציילט מען — איז געווען בשעת זיין פרוי האָט געוויינט איבער איר גרויסער נויט. מען דערציילט ווייטער, אַז ער האָט אין יענער רגע דערהערט אַ בת־קול, וואָס האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט פאַרלאָרן זיין חלק עולם־הבא. פריער האָט ער געהאַט גרויס עגמת־נפש דערפון, דערנאָך אָבער האָט ער די זאַך תופס געווען טיפער און האָט אויסגערופן מיט פרייד: „פון איצט אָן וועל איך דינען גאָט פון ריינעם הארצן שלא על מנת לקבל פרס״. און דאָ האָט זיך געלאָזט הערן אַן אַנדער בת־קול, וואָס האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ער וועט באַקו־מען צוריק זיין חלק־עולם־הבא, אויב נאָר ער וועט ניט זיפצן פון רחמנות צו די קינדער, וואָרעם ווער איז נאָך אַזאַ בעל־רחמים ווי השם יתברך אַליין?

ר׳ בער איז אַוועק פונם דאָרף און איז געוואָרן מלמד אין טורטשין. אָבער לאַנג איז ער דאָרט ניט פאַרבליבן, וואָרעם מען האָט אים באַלד גע־

זיפן פאר א מגיד, תחילת אין קארעץ און דערנאך אין דובנע. ער פלעגט וואנדערן דורך א סך שטעט אין וואלין און פאדאליע און דרשענען פון דער בימה אין די בתי־מדרשים. פאר א מענטשן פון זיין שניט און שטייגער, וואס לעבט מער מיטן געפיל, איידער מיטן שכל, איז מגידות געווען דער פאסיקסטער עסק. מיט גרויס התלהבות פלעגט ער דרשענען פון דער בימה פאר א געדיכטן עולם, אויף וועמען זיינע ווערטער פלעגן מאכן א טיפן און שטארקן רושם. אין זיינע דרשות איז ער געווען אן ענוו. „בעת איר דרשנט פאר אן עדה, פלעגט ער געבן צו פארשטיין די מוסר־זאגערס, זאלט איר זיך ניט גרויס מאכן אין די אויגן פונם עולם און ניט זוכן אויסצונעמען בײ אים, ווארעם דורכדעם וועט איר נאר מטמא זיין אייערע נפשות". און ער האט געוואוסט ווי צו דרשענען. ער האט זיך געהיט אנצורירן א מענטשן, האט ער געמעגט זיין אבי־ווער. „אז איר ווילט עמיצן מוסר זאגן וועגן עפעס אן עבירה אדער א זינד, זאלן זיך אייערע ווערטער ניט ווענדן גלייך צום בעל־דבר גופא, נאר איר זאלט דעם חטא, פארוואס ער דארף באשטראפט ווערן, ארויפלייגן אויף עמיצן א דריטן, כדי ניט מבייש צו זיין דעם בעל־עבירהניק. דער דאזיקער וועט שוין אליין פארשטיין, וועמען מען מיינט. ער וועט שוין פארשטיין אייער כוונה, הגם ער גופא וועט דערביי ניט אנגערירט ווערן" *. פאר ר' בערן איז די מגידות געווען אן אמתע גייסטיקע באפרידיקונג, הגם ער האט פון איר ווייניק פרנסה געהאט. דורך איר האט ער זיך דערנענטערט צום פאלק.

## ב.

דאס אפטע פאסטן און דאס פייניקן זיך האבן זיך אויסגעלאזט דער־מיט, וואס ר' בער איז קראנק געווארן גארניט אויף א געלעכטער.

אין יענער צייט האט די חסידות פונם בעל־שם שוין פארכאפט א פעסטן ארט אינם פאלק. אין וואלינער און פאדאליער קאנט האט דער בעל־שם געשמט מיט זיינע מופתים, בפרט אין הלכות דאקטאריע, אין היילן קראנקע. אלע האבן דערציילט איינער דעם אנדערן, וואס דער בעל־שם האט געזאגט קעגן טרויעריקייט, תעניתים און סיגופים. פארשטייט זיך, אז ר' בער האט דאס אויך געהערט, אבער אזוינע דיבורים זיינען אים ניט געפעלן געווארן, און אזא פארברענטן חסיד פון דער לוריאנישער קבלה ווי ר' בער האבן זיי טאקע ניט געקאנט געפעלן. אז זיינע פריינד האבן אים געראטן, ער זאל זיך פרוון א פאר טאן צו דעם בעל־מופת, דעם בעל־שם, צו פרעגן בײ אים אן עצה מכוח זיין חולאת, האט ער זיי תחילת ניט

* „אור תורה", פרשה אמור.

געוואָלט פאָלגן. אז זיין קרענק אָבער איז דערגאַנגען ביז צו דער מדרגה פון סכנת נפשות, האָט ער ניט ווילנדיק געמוזט נאָכגעבן און האָט אָנגעהויבן די נסיעה צום בעל־שם.

אנדערע ווידער דערציילן, אז ר׳ בער איז ניט געפאָרן צום בעל־שם פון זיין געזונט וועגן, נאָר כדי אים אויסצופרעגן מכוח זיין שיטה. ער האָט געמיינט, אז דער בעל־שם וועט זיך אריינלאָזן אין א הויכן און טיפן שמועס מכוח פראגן פון תנ״ך און גמרא, אָבער אַנשטאָט דעם, האָט ער אים דערציילט פארשיידענע פאסירונגען פון זיין לעבן: אַט, למשל, איז ער איינמאָל געפאָרן אין וועג און פלוצים האָט ער זיך געכאַפּט, אז עס איז ביי אים אויסגעגאַנגען דאָס ברויט, אזוי אז ער האָט אפילו ניט געהאַט צו געבן דעם פויער, וואָס האָט אים געפירט, און ער האָט געמוזט קויפן ברויט ביי אַן אָרעמען גוי אויפן וועג; און אַט האָט ער אַן אַנדערש מאָל, פאָרנדיק אין וועג, געקויפט האָבער פאר זיין פערד. הערנדיק אַזוינע נארישע מעשיות, איז ר׳ בער אין כעס געוואָרן און האָט באַשלאָסן צו פאָרן אהיים. דער בעל־שם האָט געהייסן, מען זאָל אים רופן צוריק, און אז ער איז ווידער געקומען, האָט ער אים געפרעגט, צי ער איז א יודע ספר? ר׳ בער האָט געענטפערט, אז יאָ; דערנאָך האָט ער אים געפרעגט, צי ער איז באַהאוונט אין קבלה-ספרים, און ער האָט דערויף אויך געענטפערט, אז יאָ. דער בעל־שם האָט אראָפּגענומען דעם ספר „עץ חיים״ און האָט ר׳ בערן געבעטן, ער זאָל אים מסביר זיין אַן אָרט אינם ספר. ר׳ בער האָט א ווײַלע א טראַכט געטאָן און האָט דערפילט זיין בקשה, און דער בעל־שם האָט אים געזאָגט: „דו פארשטייסט גאָרניט״. ר׳ בער האָט זיך נאָך אַמאָל אײַנגעקוקט אין דעם דאָזיקן אָרט פונם ספר און האָט געזאָגט: „דעם דאָזיקן אָרט האָב איך ריכטיק אײַנגעטײַטשט; אויב כבוד מעלתו האָט אַן אַנדער פירוש, בין איך זייער טשיקאַווע צו הערן״. דאָן האָט אים דער בעל-שם געזאָגט: „שטיי אויף״. ר׳ בער איז אויפגעשטאַנען. אין דעם דאָזיקן אָרט זיינען דערמאָנט געוואָרן די נעמען פון פארשיידענע מלאָכים, און אַז דער בעל-שם, זכרונו לברכה, האָט געלייענט דעם דאָזיקן אָרט, איז דאָס גאַנצע הויז פול געוואָרן מיט א שטאַרקער ליכטיקייט און ארומגערינגלט געוואָרן פון פלאַמען און מען האָט געזען בפועל ממש מלאָכים ארומשוועבן אינם הויז. דאָ האָט דער בעל־שם געזאָגט: „דעם אמת זאָגנדיק, האָסטו דעם מיין ריכטיק פארשטאַנען, נאָר מער ניט, דו האָסט געלייענט דעם ספר מיט די אויגן און מיטן מויל און דיין נשמה איז דערביי ניט געווען״. פון דעמאָלט אָן איז ר׳ בער געבליבן ביים בעל־שם און איז געוואָרן זיינער אַן איבערגעגעבענער תלמיד.

פון דעם דאָזיקן נייעם תלמיד האָט דער בעל־שם שטאַרק הנאה

געהאט. אפשר האָט ער אים שוין פריער געהערט דרשענען פון דער בימה און דערקענט אין אים דעם מענטשן, וואָס איז אויסדערוויילט געוואָרן צו ווערן זיין יורש און צו שטעלן זיך בראש פון דער יונגער חסידישער באַוועגונג. „שוין כמה יאָרן ווי איך וואַרט אויף אים מיט בענקעניש" — האָט דעמאָלט געזאָגט דער בעל־שם. אים איז דער נייער תּלמיד זייער גע־פעלן געוואָרן, און ער האָט אים צוגעגרייט צו זיין שפּעטערדיקער שליחות. ר' בער דערציילט פון אים אַט וואָס: „ער האָט מיט מיר געלערנט די שפּראַך פון די פייגעלעך און די ביימער; ער האָט מיר אַנטפּלעקט די סודות פון די הייליקע און דעם כּישוף־שפּראַך. ער האָט מיר געוויזן, ווי איך זאָל לייענען און פאַרשטיין דעם ספר „מעיני החכמה", דערקלערנ־דיק מיר איטלעך אות; אינם ספר „רזיאל" האָט ער מיר געוויזן דעם כּתב פון די מלאָכים און האָט מיר דערקלערט, אַז איטלעכער מלאך האָט זיך זיין באַשטימטן אות אינם אלף־בית, לויט דעם באַטייט פונם מלאך און זיין שורש אין אַזאָ אָדער אַן אַנדער וועלט".

אין דער אמתן האָבן די נענטערע פריינט געוואוסט נאָך בשעת דער בעל־שם האָט געלעבט, אַז ר' בער וועט אַמאָל שטיין בראש פון דער חסידישער באַוועגונג. און אַזוי איז עס אויך געווען. איטלעכער האָט גע־פונען, אַז ער איז דער פּאַסיקער מענטש דערצו. ניט נאָר דער חסידישער המון, נאָר אויך זיינע חברים האָבן געפונען, אַז „אים זיינען געגעבן גע־וואָרן די זעלביקע קוואַלן פון חכמה, פון וואָס דער בעל־שם האָט גע־שעפּט".

ג.

ר' בער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם בעל־שמס „כּסא המלכות", אָבער בלייבן אין מעזשיבאָזש האָט ער ניט געוואָלט, ער האָט ניט גע־וואָלט בלייבן אין דער שטאָט, וואו זיין רבי האָט געלעבט און איז גע־שטאָרבן. ער האָט זיך מן־הסתּם ניט גוט געפילט אין נאָענטער שכנות מיט דעם בעל־שמס קינדער, וואָס זיינען פאַרבליבן אין מעזשיבאָזש נאָך דעם טויט פון דעם גדול הדור. עס קאָן זיין, אַז ער האָט ניט געוואָלט אַנ־טאָן קיין עגמת־נפש דער פאַמיליע פון דעם נפטר, וואָרעם עס האָט איר מן־הסתּם ניט ווייניק פאַרדראָסן, וואָס די ירושה איז אַריבערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט. עס איז אָבער, משמעות, אין דעם געווען עפּעס אַנ־דערש אויך, וואָס האָט געקאָנט ר' בערן טרייבן דערצו, אַז ער זאָל מע־זשיבאָזש פאַרלאָזן.

דאָס דאָזיקע שטעטל איז געלעגן צו ווייט פון ליטע, און ר' בערן האָט זיך געוואָלט צוציען צו חסידות דווקא דעם יידישן עולם פון דעם

ליטווישן קאנט. זייענדיק אליין א תלמיד־חכם, האט ר׳ בער ניט געקאנט פארטראגן דעם געדאנק, אז די חסידישע באוועגונג זאל זיך באגרענעצן בלויז מיט די וואלינער און פאדאליער מקומות, וואו לומדות איז גע־שטאנען אויף א זייער נידעריקער מדרגה. אים האט זיך געוואלט קריגן אויף זיין צד די לומדים און תלמידי־חכמים. און מהאי טעמא האט זיך דער „מגיד״ אפגעשטעלט אויף מעזשריטש, וואו עס האט פריער געלעבט דער מקובל ר׳ יעקב־קאפל, דער מחבר פונם ספר „שערי גן-עדן״, וועמעס גייסט עס האט זיך נאך געטראגן איבער דער שטעטל. עס ליגט ניט ווייט אי פון ליטע, אי פון פוילן און וואלין. און אזוי ארום איז מעזשריטש געווארן די „הייליקע שטאט״ פון די חסידים. ר׳ יעקב־יוסף, ר׳ בערס א חבר, האט מכוח דעם ענין געזאגט אט וואס: „נאך דער פטירה פונם בעל-שם איז די שכינה מיט איר טארבע ארוים פון מעזשיבאזש און האט אויסגעקליבן מעזשריטש צום באזעצן זיך״.

די חסידים, וועמען עס האט פריער געצויגן צו מעזשיבאזש, האט איצט אנגעהויבן צו ציען צו מעזשריטש. אבער די „עדה קדושה״ פון דעם בעל-שמס תלמידים האט פון מעזשריטש ווייניק־וואס געהאלטן; איטלע־כער פון זיי האט זיך צוריקגעקערט אהיים. דעם נייעם רבין זיינען זיי געווען ניט אזוי איבערגעגעבן ווי פריער דעם בעל־שם, ווארעם ער האט דאך מיט זיי איינעם געלערנט אין חדר און אין דער ישיבה און האט געשעפט פון די אייגענע קוואלן ווי זיי. אבער פון דער אנדערער זייט האבן זיי אויך ניט געוואלט מאכן קיין באזונדערע כיתה און האבן פאר־שטאנען, אז די חסידישע באוועגונג איז נאך געווען צו שוואך און אז זי האט זיך געמוזט ארגאניזירן אונטער דער הנהגה פון איין־איינציקן פי־רער, און אז ר׳ בער איז געווען דער פאסיקער פירער, וואס איז מסוגל גע־ווען צו פארשטארקן די חסידות — דאס איז פאר זיי געווען קלאר. פון דעם בעל־שמס תלמידים זיינען נאך צוויי צוגעשטאנען צו ר׳ בערן און געווארן דערנאך באוואוסטע תלמידים פון אים — דאס זיינען געווען ר׳ נחום דער טשערנאבילער און ר׳ מנחם־מענדל דער וויטעבסקער.

אין דער ארגאניזאציע פון חסידיזם האט ר׳ בער אריינגעטראגן א וויכטיקן שינוי, וואס האט איבערגעאנדערשט איר גאנצן כאראקטער: ער פלעגט ניט ארומפארן פון איין ארט צום אנדערן, כדי צו פארשפרייטן זיין תורה אין די שטעט און דערפער. ראשית, איז ער געווען צו שוואך אין געזונט פאר אזא מין ארבעט; והשנית, האט ער פארשטאנען, אז א יחיד איז ניט ביכולת זי דורכצופירן. אחוץ דעם האט זיך דעמאלט דער חסידיזם געפונען אין אזא מצב, אז דער „רבי״ גופא האט זיך ניט געקאנט באוויזן פארן פאלק. דער חסידיזם איז געווען געצוואונגען צו

אנטוויקלען זיין ארבעט שטילערהייט, ווארעם ניט אומעטום האט מען געמעגט ריידן אפן אין זיין נאמען. אז ר' בער גופא וואלט געדרשנט אין פארשיידענע ליטווישע שטעטלעך, וואלט עס ניט געווען שווער ארויס־צוגעפינען די גאנצע ארגאניזאציע, און דאס וואלט פאר איר געווען א שטארקער קלאפ. און מהאי טעמא האט ער עס געפונען פאר פאסיס, זיך צו נעמען צו אנדערע און זיכערערע מיטלען. ער פלעגט ארויסשיקן אין פארשיידענע מקומות מגידים מיט דעם ציל, צוצוציען צום חסידיזם נייע מענטשן.

היות אבער, ווי מען האט אין א סך ערטער געקוקט אויף די חסידים אלס אויף א „געזעלשאפט, וואס באהאלט זיך", פלעגן די מגידים ניט ארויסטרעטן אפן פארן עולם, נאר פלעגן זיך קודם־כל סטארען ארויספירן אויפן ריכטיקן וועג מענטשן מיט א דעה אין זייער סביבה דורך א פערזענלעכער באריַרונג און דורך דער הסברה פון דער חסידישער שיטה. און אז עס פלעגט זיך זיי איינגעבן אריינצוקריגן אונטער זייער השפעה אזוינע מענטשן, פלעגן זיי דערנאך זיי צוגעבן חשק ארויפצופארן קיין מעזשריטש, כדי צו באקאנען זיך מיט דעם רבין גופא. זיי האבן גע־האפט, אז דורכדעם וועט זייער אמונה אין חסידות פארשטארקט ווערן, און אז דערנאך וועלן זיי פון זייער צד משפיע זיין אויף אנדערע גרופעס. שלמה מיימון (געבארן אין ליטע אינם יאר 1754, געשטארבן אינם יאר 1800) דערציילט אט וואס פון אזא מין מיסיאנער, וועמען ער האט גע־קענט פערזענלעך: „דאס איז געווען א יונגערמאן פון א יאר צוויי־און־צוואנציק, א שוואכער, א מאגערער און בלייכער. ער פלעגט ארומפארן אין פוילן אלס מיסיאנער. דער דאזיקער יונגערמאן האט אין זיין גאנצער אויסווייניקסטער געשטאלט געהאט עפעס שרעקלעכס, עפעס אזוינס, וואס האט אנגעווארפן אן אימה און האט געצוואונגען צו פאלגן. אזוי, אז ער האט געוועלטיקט און קאמאנדעוועט איבער די מענטשן ביד רמה. וואו ער פלעגט קומען, פלעגט ער זיך תיכף נאכפרעגן וועגן די ארדענונגען אין דער ארטיקער קהילה און פלעגט פסלען אלץ, וואס איז אים ניט געפעלן געווארן, און איינפירן נייע פאראנדקעס, וואס זיינען פון די ארטס־לייט דורכגעפירט געווארן אין אלע פרטים. די פני פון דער קהילה, ס'רוב אלטע, בכבודיקע לייט, וואס האבן אים אינם פרט פון לומדות געקאנט אויסשאקלען פון ארבל, האבן אלע געציטערט פאר אים. איינמאל האט א גרויסער למדן זיך געספקט דערין, צי די דאזיקע מגידים זיינען טאקע אזוי פריי פון יעדן טעות; דער מיסיאנער האט אויף אים געגעבן א קוק, און וועלכן עס איז געלעגן א סטראשונעק, און יענער איז פארכאפט גע־

וואָרן פון אזא פחד, אז ער איז קראַנק געוואָרן אויף קדחת און איז טאַקע באַלד נאָכדעם געשטאָרבן״ *.

די אַגיטאַציע, וואָס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ ברייטן אופן, האָט געהאַט אַ גרויסע פּעולה. ,,יונגעלייט — אַזוי דערציילט שלמה מיימון — פלעגן פאַרלאָזן זייערע עלטערן, ווייב און קינד און מחנותווייז גיין צום ,,מעזשריטשער מגיד״, כּדי צו הערן די נייע תּורה פון זיין אייגן מויל״. שטאַרק געהאָלפן דער אַגיטאַציע האָבן ר׳ בערס צוויי תּלמידים: ר׳ עזריאל און ר׳ ישראל פּאָלאָצקער. ,,זיי פלעגן אַרומפאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער און פון איין דאָרף צום אַנדערן, און אומעטום, וואו זיי האָבן געפונען עמיצן, ווער עס האָט פאַרמאָגט אַ ,,האַ־יץ פון פלייש און בלוט״, האָבן זיי זיך געסטאַרעט אים אַרויפצופירן אויפן וועג צו גאָט און האָבן אים צוגעגעבן אַ חשק צו פאָרן קיין מעזשריטש״. וועגן דעם אופן ווי אַזוי זיינע תּלמידים פלעגן וואַנדערן און דרשענען, לייענען מיר אין איינעם פון די ,,ספורי המעשיות״ אָט וואָס: ,,אויף אַלע נסיעות פלעגט ר׳ עזריאל האַלטן די לייצעס אין די הענט און פראַווען, בעת ר׳ ישראל פלעגט פאַרזונקען ווערן אין זיינע איידעלע און הויכע רעיונות. אומעטום, וואוהין זיי פלעגן קומען, בכל מקום בואם, פלעגט ר׳ ישראל זיין דער בעל־תּפילה, וואָרעם ער האָט גערדאַוונט פון גאַנצן האַרצן, און זיין שטאַרק און בנעימותדיק קול פלעגט צובינדן צו זיך דעם עולם און אים צווינגען צו פאַרוואַרפן דאָס האַוועניש אין עולם־הזה־זאַכן און זיך אומצוקערן צום באַשעפער פון אַלע וועלטן, צום בורא העולמות. אַזוי אַרום האָבן זיי אויפגעטאָן זייער אַ סך און דערגרייכט, אַז אַ סך פון זייערע צוהערערס זיינען אינם פּרט פון רוחניות ממש אויפגעשטאַנען תּחית־המתים. באַוואוסטע רבנים, לומדים, זיינען בכבודם ובעצמם געפאָרן קיין מעזשריטש״. און אויך אַן אַנדער תּלמיד פון ר׳ בערן, ר׳ אהרן קאַרלינער דער גדול, האָט אַ סך געטאָן לטובת חסידות אין ליטע. ער איז געווען דער גרעסטער פון יענע, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד צו פאַרבאָרגענע חסידישע קהילות אין ליטע. פון קאַרלין האָבן זיך געצויגן נעצן איבער גאַנץ ליטע, וועלכע האָבן אַריינגעכאַפּט אַ סך נשמות, וואָס זיינען צוגע־שטאַנען צום חסידיזם. פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ בער האָט דערפון געוואוסט.

## ד.

אַרום ר׳ בערן האָבן זיך געזאַמלט אַ סך באַוואוסטע תּלמידים. אויב מיר זאָלן גלויבן אַ ידיעה פון אַ חסידישן מקור, איז זייער צאָל דערגאַנגען

* Lebensgeschichte, ז״ז 205—206

ביז דריי הונדערט. באוואוסט זיינען נאָר ניין־און־דרייסיק פון זיינע תּלמידים; די דאָזיקע ניין־און־דרייסיק האָבן געשמט אין דער גאַנצער חסידישער וועלט. די תּלמידים זיינען איבערגעגעבן געווען דעם רבּין מיטן גאַנצן האַרצן. זיי האָבן פאַרלאָזט ווייב און קינד, כּדי צו זיין תּמיד ביי אים. זייער זעלטן האָבן זיי זיך דערוויטערט פונם רבּינס הויז. דעם „מגידס" ווערטער זיינען פאַר זיי געווען תּורת משה. אין איטלעכן פון זיינע מימרות און אפילו אין איטלעכן פון זיינע איינציקע ווערטער האָבן זיי אַרויסגעפונען רמזים אויף דערהויבענע און פאַרבאַהאַלטענע זאַכן. זיין תּורה איז פאַר זיי געווען אַן אמתע געטלעכע אַנטפּלעקונג. אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואוסט און געלערנט, איידער זיי האָבן זיך באַגעגנט מיטן רבּין, האָט פאַר זיי אָנגעוואָרן יעדער באַטייט. ר' ישראל קאָזשעניצער פלעגט זאָגן: „איידער איך בין געפאָרן צום גרויסן רבּין און מיגד פון מעזשריטש, האָב איך געלערנט אַכט הונדערט קבלה־ספרים; און אַז איך בין דערנאָך געקומען צו אים, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אין תּוך גערעדט נאָך גאָרניט געלערנט".

אַלע ווערטער פונם רבּין פלעגן די תּלמידים דערפילן, ניט אָפּ־טרעטנדיק פון זיי אפילו אויף אַ האָר. אויך זיינע שיחת־חולין איז ביי זיי געווען הייליק. דער באַוואוסטער חסיד ר' לוי־יצחק האָט געשריבן אין זיין ספר זכּרון: „איך האָב געהערט איטלעכס וואָרט פון דעם מגידס שיחת־חולין און איך האָב זיך געסטאַרעט תּופס צו זיין דעם טיפערן מיין פון יעדער וואָרט". אין דעם רבּינס ווערטער פלעגן זיי זיך פאַרטיפן אַזוי שטאַרק, אַז זיי פלעגן אָפט ניט באַמערקן, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. „אַמאָל — לייענען מיר אין די ספּורי מעשיות — האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זייער רבּין, נאָכדעם ווי ער האָט זיי געהאַט דערציילט אַ מעשה, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר־און־צוואַנציק ווערטער. זיי האָבן געהייסן דעם בעל־עגלה פאָרן פאַמעלעך און אַליין זיינען זיי נאָכגעגאַנגען צופוס, אַריינלאָזנדיק זיך אין טיפע חקירות איבער דעם רבּינס מעשה. עס איז פאַרגאַנגען דער טאָג, עס איז פאַרגאַנגען די נאַכט, און זיי האָבן גאָרניט באַמערקט, ביז דער בעל־עגלה איז אין כּעס געוואָרן און האָט צו זיי אַ געשריי געטאָן: „לא די, וואָס איר האָט נעכטן פאַרגעסן צו דאַווענען מנחה און מעריב, ווילט איר נאָך איצט פאַרשפּעטיקן קריאת־שמע?!" ערשט איצט האָבן זיי זיך אַרומגעזען אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי זיינען און באַמערקט, אַז די זון גייט שוין אויף אין מזרח־זייט".

איינער פון זיי, ר' אברהם קאַליסקער, האָט דערציילט: „בעת מיר זיינען געווען ביים הייליקן רבּין און מגיד, זיינען מיר צופרידן געווען מיט איין־איינציקער באַמערקונג פון אים. אַז מיר וואָלטן געווען נאָר צוליב

דער דאָזיקער באַמערקונג אַליין, וואָלט שוין אונזער לוין געווען גענוג גרויס. מיר האָבן זיך איינגעהערט מיט התמדה, ביז דער מגיד האָט אָנגעהויבן צו ריידן איבער אַן אַנדער ענין״. איטלעכס מאָל פּלעגן זיי זיך מתווכּח זיין איבער דעם רבּינס ווערטער, און איטלעכער פון זיי האָט אין די דאָזיקע ווערטער אַרויסגעפונען אַן אַנדער כּוונה. אַמאָל האָט זיך דער מגיד אַליין אַריינגעמישט אין זייערע וויכּוחים און האָט זיי געזאָגט: „אלה ואלה דברי אלהים חיים — אַלעמענס דעות זיינען ווערטער פונם לעבעדיקן גאָט, וואָרעם זיי אַלע געפינען זיך אין מיינע ווערטער״. און ניט בּלויז אין זיינע ווערטער, נאָר אויך אין די באַוועגונגען פון זיין גוף האָבן דעם מגידס תּלמידים אַרויסגעפונען רמזים. די סאַמע געוויינלעכסטע דערפילונגען פון הצטרכות הגוף האָבן פאַר זיי געהאַט דעם באַטייט פון דערהויבענע, סימבּאָלישע טואונגען — פון טואונגען, וואָס טייטן אָן אין דער פאָרם פון אַ בּילד אויף אַנדערע, העכערע ענינים. איינער פון די „קדושים״ פון יענער צייט, ר׳ לייב שרהס, פלעגט זאָגן, אַז ער פאָרט צום מגיד, „כּדי צו זען, ווי יענער טוט אָן די שטיוול״. אַפילו די לופט פונם אָרט, וואו דער מגיד פלעגט איטלעכס מאָל וואוינען, איז אין זייערע אויגן אָנגעפילט געווען מיט הייליקייט און דערהויבענע רעיונות. זיינע תּלמידים פּלעגן זאָגן, אַז קוים קומען זיי אַריין אין דעם רבּינס שטאָט, אַזוי ווערט פאַר זיי אַנטפּלעקט און אָפן אַלץ, וואָס זיי ווילן זיך דערוויסן. און אויב ניט אין שטאָט, ווערן זיי דערפון געוואָר אינם הויף פון זיין הויז אָדער ביים עפענען די טיר פון זיין חדר. על־כּל־פּנים דערגרייכט איטלעכער זיין פאַרלאַנג, ווען ער האָט די זכיה צו דערזען דעם רבּין פּנים אל פּנים. דעם רבּינס געזיכט איז פאַר זיי ניט געווען אַ פּשוט מענטשלעך געזיכט, נאָר אַזוינס, אויף וואָס עס איז געווען אויסגעגאָסן געטלעכע הייליקייט און וואָס האָט געלויכטן אינם גלאַנץ פון דער שכינה. ר׳ לוי-יצחק בּערדיטשעווער דערציילט אָט וואָס מכּוח דעם מגיד: „איינמאָל אין אַ ראש־השנה־אָוונט, בשעת תּפלת-מעריב, האָב איך דערזען איבער זיין קאָפּ אַ שטראַלנדיק ליכט, וואָס האָט שימערירט אין אַלע פאַרבן ווי אַ רעגנבויגן. איך האָב זיך זייער דערשראָקן און אַ שוידער איז מיר דורכגעלאָפן דורכן גאַנצן לייב. עטלעכע מענטשן אַרום מיר, וואָס האָבן ניט געוואוסט דעם סוד פון מיין פּחד, האָבן מיך אונטערגעהאַלטן, כּדי איך זאָל ניט אַנידערפאַלן. מיין רבּי האָט אָבער געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, ער האָט זיך אָפּגעקערט מיטן געזיכט צו דער וואַנט און האָט אַ קורצע צייט געהאַלטן צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ. אַז ער האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט, האָב איך שוין איבערן קאָפּ ביי אים גאָרנישט ניט געזען. דאָס דאָזיקע ליכט האָב איך געזען נאָך אַמאָל אין דער מינוט

פון זיין פטירה. דאן ערשט האב איך געהאט די זכיה ארינצודרינגען אין זיין תורה״. ר׳ זאב זשיטאמירער זאגט: „איך האב אליין געזען, אז ריידנדיק איז ער גארניט בנמצא געווען אויף ד ע ר װ ע ל ט, און נאר די שכינה האט גערעדט פון זיין מויל. אפטמאל פלעגט ער בלייבן שטיין אין מיטן פון א מימרא אדער אויך פון א ווארט און פלעגט אפווארטן א געוויסע צייט״. און ר׳ שניאור-זלמן דער ליאדיער האט איינמאל דער־ציילט: „בעת אונזער מגיד עליו השלום פלעגט זאגן תורה, פלעגט די שכינה ריידן פון זיין מויל און גאט כביכול אין אים, ער אליין אבער איז געווען אינגאנצן אויסגעטאן פון דער וועלט״. די תלמידים האבן זיך באציוגן צום מגיד פונקט אזוי ווי די ערשטע חסידים צום בעל־שם: „דאס איז געווען א תמימותדיק, שטארק גלויבן און אן אפשיי ווי פאר גאט״.

## ה.

מעזשריטש איז געווארן דער מיטלפונקט פון דער חסידישער באַ־וועגונג. אהערצו האבן זיך געצויגן די חסידים פון די פארשיידנסטע קאנטן, כדי אפצוגעבן שלום ר׳ בערן. ער גופא איז אבער געווען א ייד א חלוש און האט געקענט אויפנעמען די געסט נאר איין מאל אין וואך. שבת פלעגט ער מקבל פנים זיין אלע זיינע געסט און פלעגט מיט זיי עסן אינאיינעם. אלע טעג פון אינדערוואכן פלעגט ער פארברענגען אין זיין צימער אין דער קאמפאניע פון זיינע תלמידים.

ווי אזוי ער פלעגט שבת אויפנעמען די געסט, דערציילט שלמה מיימון, וואס איז געקומען קיין מעזשריטש צו ר׳ בערן צו גאסט: „און אזוי ארום בין איך אום שבת אנגעקומען צו דער דאזיקער „הייליקער״ סעודה און האב דא געטראפן א סך בכבודיקע און חשובע מענטשן, וואס זיינען אנגעקומען אהערצו פון פארשיידענע קאנטן. צום סוף האט זיך באוויזן אויך דער גדול אליין, אנגעטאן אין ווייסן אטלאס און מיט א הדרת פנים, וואס האט ארויסגערופן יראת־הכבוד. אפילו זיינע שיך און זיין טאבאק־פושקע זיינען געווען ווייס (ווייס איז ביי די מקובלים די פארב פון חסד). איטלעכן פון די אנגעקומענע האט ער געגעבן שלום, ד״ה ער האט אים מקבל פנים געווען. מען האט זיך געזעצט צום טיש, און בעת מען האט געגעסן, האט געוועלטיקט א דערהויבענע שטילקייט. נאכן עסן האט דער הויך געאכפערטער ראש פון אלע פארזאמלטע ארום טיש אנגעהויבן צו זינגען א ברייטן ניגון, פול מיט דערהויבענע דבקות, האט א קורצע צייט געהאלטן די האנט פארן שטערן און דערנאך אנגעהויבן צו רופן: צ. פון ה.! מ. פון ר.! ס. מ. פון ר.! און אזוי ווייטער אין דעם אייגענעם נוסח; יעדן פון די אנגעקומענע האט ער אנגערופן מיט זיין נאמען און דעם

נאָמען פון דעם אָרט, וואו יענער האָט געוואוינט, און דאָס האָט אונז זייער פאַרחידושט. יעדער פון אונז האָט געמוזט זאָגן וואָסערן ניט־איז פסוק פון תנ״ך. איטלעכער האָט געזאָגט זיין פסוק. דערנאָך האָט דער הויך געאַכפּערטער ראש פון אַלע פאַרזאַמלטע אָנגעהויבן צו האַלטן אַ דרשה, וואָס האָט זיך באַצויגן אויף די אויבנדערמאָנטע פסוקים: און הגם די דאָזיקע פסוקים זיינען גענומען געוואָרן פון די פאַרשיידנסטע סדרות, פּרשות און קאַפּיטלעך פון תנ״ך און האָבן געהאַט נאָר אַ קנאַפּע שייכות איינע צו די אַנדערע, האָט ער זיי דאָך צונויפגעבונדן אַזוי קונציק, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען איין איינציקע זאַך. און נאָך אַ גרע־סערער חידוש: איטלעכן פון די אָנגעקומענע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין יענעם טייל פון דער דרשה, וואָס האָט זיך סומך געווען אויף זיין פסוק, ליגט עפּעס, וואָס האָט אַן ענגן שייכות צו זיין אייגענעם, פּריוואַטן עסק. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען אַלע דעריבער נשתומם געוואָרן״.

ר׳ בער האָט אַמאָל אין אַ קאָמפּאַניע פון זיינע חסידים געזאָגט אָט די ווערטער: „נאָר אַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט אַ שכל פון אַ גרויסן פאַר־נעם, אַ טיפע נשמה און ברייטע ידיעות, איז ביכולת אַרויסצוזאָגן ווער־טער, וואָס געפינען זיך בהסכם מיט די מיינונגען פון איטלעכן מענטשן״.

אונטער ר׳ בערן איז פאַרמערט געוואָרן די צאָל פון די חסידים, וואָס זיינען פון דעמאָלט אָן צוגעקומען אויך פון אַנדערע קאַנטן, אחוץ וואָלין און פּאָדאָליע. באַזונדערס זיינען זיי צוגעקומען אין ליטע, וואָרעם דער מגיד האָט געאַרבעט מיט אַלע זיינע כּוחות, כּדי צוציען דעם ליט־ווישן קאַנט צו חסידות. און אפילו אין ווילנע, דער דאָזיקער פעסטונג פון מתנגדים, איז אין זיין צייט באַשאַפן געוואָרן אַ „חברה חסידים״, וואָס האָט געאַרבעט בשתיקה. דאָס איז געווען אַ גרויסער ניצחון. דער יונגער חסידיזם האָט צוגעצויגן צו זיך די הערצער פון טויזנטער יידן. ר׳ בער און זיינע פריינט האָבן געקאָנט קוקן מיט אַ געפיל פון צופרידנ־קייט און בטחון אויף דער גיכער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט דער פּראַקטישער, אַזוי צו זאָגן פּאָליטישער זייט פון ר׳ בערס טעטיקייט, באַזונדערס אינם תחום פון אָרגאַניזאַציע, קאָנען מיר פרעגן: וואָס האָט ער אויפגעטאָן אין פּרט פון דער אַנטוויקלונג פון דער חסידישער אידעע? מיט וואָס האָט ער באַ־פרוכפּערט דעם עצם חסידות?

## ו.

דער עיקר־געדאַנק פון חסידות איז פאַר דעם בעל־שם געווען די לחלוטינדיקע אחדות צווישן גאָט און דער נאַטור. אויף דעם דאָזיקן יסוד

האָט ר׳ בער געבויט אויך זיין שיטה פון חסידות. פונקט ווי זיין רבי דער בעל־שם, האָט אויך ר׳ בער געזען גאָט אין אַלצדינג אויף דער וועלט: ,,גאָט ברוך־הוא איז דער סוף פון אַלע וועלטן, ער שטייט איבער אַלצדינג, ער פילט אויס גאָר די וועלט און איז דער אָרט פון אַלע עולמות׳׳, ער איז ,,דאָס לעבן פונם לעבן און דער שכל, וואָס כאַפּט אַלצדינג אַרום׳׳, ,,אין אַלצדינג אַנטפּלעקט זיך די געטלעכע אויסשפּרייטונג (עמאַנאַציע)׳׳, ,,איטלעכע דערשיינונג אויף דער וועלט איז געגליכן צו אַ שלייער, אין וואָס די געטלעכקייט וויקלט זיך איין׳׳, ,,די סאַמע נידעריקסטע מדרגה פון אַ קערפּערלעכער זאַך, אַפילו אַ שלעכטע זאַך, איז מער ניט ווי אַ שלייער, אין וואָס די געטלעכקייט וויקלט זיך איין׳׳, ,,דער געטלעכער גייסט באַהעפט זיך אַפילו מיט עבודות זרות, און פון אים באַקומען זיי לעבן׳׳. און אַזוי ווי מיר ווייסן איצט, אַז גאָט געפינט זיך אין אַלצדינג, אַפילו ,,אין די סאַמע נידעריקסטע מדרגות פון גשמיות׳׳, מוזן מיר דערפון שעפּן אַ טי־פערע דערקענטעניש. מיר מוזן זיך סטאַרען תופס צו זיין דאָס אינעווי־ניקסטע און ניט דאָס אויסווייניקסטע פון איטלעכער זאַך, וואָרעם ניט דאָס אויסווייניקסטע פון איר, ניט די מאַטעריע איז דער תמצית און דאָס קערנדל פון יעדער זאַך, נאָר איר אינעווייניקסטעס.

,,דאָס אינעווייניקסטע איז גאָט׳׳, פון אים, פון דעם דאָזיקן אינע־ווייניקסטן, באַקומט די גשמיות דאָס לעבן און די מעגלעכקייט צו עק־סיסטירן, וואָרעם ,,דאָס לעבן אין די קערפּערלעכע זאַכן איז אַ טייל פון דער געטלעכקייט פון אויבן׳׳. און אַזוי אַרום מוזן מיר תמיד האָבן אין זינען דאָס אינעווייניקסטע, וואָס ליגט באַהאַלטן אין יעדער גשמיות, ,,למשל: אַז דו דערזעעסט אַ שיינע נקבה, מוזטו אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, פון וואַנען נעמט זיך איר שיינקייט? וואָרעם, אַז זי וואָלט געווען אַ טויטע, וואָלט זי דאָך פאַרמאָגט נאָר די אויסווייניקסטע זייט פון איר גוף און איר פיגור, און וואָלט געווען זייער מיאוס. דערפון איז געדרונגען, אַז איר שיינקייט נעמט זיך פון דער געטלעכער מאַכט, וואָס ליגט אין איר; פון אָט דעם דאָזיקן געטלעכן כוח באַקומט די נקבה קראַפט, פאַרבן און שיינקייט פון אירע געזיכטס־שטריכן. און אַזוי אַרום ליגן די וואָרצלען פון דער שיינקייט אין דעם כוח פון דער העכסטער געטלעכקייט. און ווייטער: אַז דו דערזעסט אַ שיינע כלי, מוזטו פאַרשטיין, אַז די מאַטעריע פון דער כלי פאַרמאָגט נאָר אַ קליינעם ווערט און אַז די שיינקייט פון איר ליגט אין דעם צד פון איר רוחניות, און אַז אויך דאָס איז אַ טייל פון דער העכ־סטער געטלעכקייט׳׳.

קיצור הדבר, די רוחניות איז די נשמה פונם גוף און פון איר באַ־קומט ער זיין לעבן. אַז דו האָסט זיך אָנגעגעסן מיט אַ וואַסערן ניט

איז מאכל, „קומט די זאטקייט ניט פונם פלייש פונם מאכל, נאר פונם לעבעדיקן און גייסטיקן כּוח, וואס שטעקט אינם מאכל״. אז מיר קומען צו דער דאזיקער מסקנה, אז מיר דערקענען דעם צד פון רוחניות אין יע-דער גשמיותדיקער זאך („דעם גאט, וואס שטעקט אין איר״), דעמאלט זעען מיר איר אידעע, און דאס דאזיקע זען באציט זיך נאר אויף דער אומ-ענדלעכקייט אין איר.

דער דאזיקער גייסטיקער אופן צו זען פירט ארויף צו איטלעכער העכסטער מדרגה. דורך אים, דעם דאזיקן אופן צו זען, ווערט איטלעכע עובדה מגולגל אין א מצווה הן בנוגע צו ליבע, הן בנוגע צו פּחד, גאווה, די נטיה צו מחלוקת, דאנק און כּדומה. ווארעם אז מיר האבן עפּעס ליב, אדער מיר האבן פאר עפּעס מורא, פרעגן מיר: פון וואנען נעמט זיך דער געפיל פון ליבע, מורא און אזוי ווייטער? אלצדינג קומט ארויס פון אים, גאט ברוך־הוא, פארוואס זאל עפּעס איין־איינציקער פונק פון זיין גרויס-קייט אויף אונז אנווארפן אן אימה? פאר אונז איז א סך בעסער אין דער גאטספארכטיקייט אינגאנצן בטל צו ווערן. און אזוי איז עס אויך בנוגע ליבע און אנדערע געפילן. דורכדעם פארפולקומען מיר די ניט-פולקומע תּכונות, די „שברי כּלים״, ווארעם „שברי כּלים״ ווערן אנגערופן דאס, וואס האט אין תּוך גערעדט באדארפט צו זיין ליבשאפט צו גאט, און איז אין דער פּראקטיק פונם לעבן א ליבשאפט צו א גשמיותדיקער זאך: ווארעם דאס באטייט, אז די כּלי איז צעבראכן געווארן. דאס אייגענע קאן מען זאגן בנוגע אויך צו אנדערע געפילן.

דורך אזא מין קוק אויף זאכן און פאסירונגען אויף דער וועלט, א קוק, וואס באציט זיך נאר אויף דעם גייסטיקן צד אין זיי, און לויט וועלכן „עס ליגט אין אלצדינג, אפילו אין די ערגסטע זאכן, א געטלעך לעבן״, איז ר׳ בער געקומען צו דער אפּטימיסטישער סברה פון זיין רבין דעם בעל־שם, לויט וועלכער א לחלוטינדיק בייז איז אויף דער וועלט גארניט בנמצא: ר׳ בער זאגט: „אין יעטוועדן בייז ליגט דאס גוטס, אזוי ווי אין יעטוועדער מדת הדין ליגט די מדת הרחמים״, קיין שום זאך אויף דער וועלט איז ניט לחלוטין שלעכט, „דאס שלעכטס איז אויך גוט, מער ניט די דאזיקע גוטסקייט איז זייער א נידעריקע מדרגה פון דער לחלוטינדיקער גוטסקייט״. אזוי ווי זיין רבי דער בעל־שם, זעט ר׳ בער אין דער וועלט דורך און דורך גוטסקייט, ווארעם דאס בייז, וואס פאסירט מיט אונז, איז מער ניט ווי דער פועל־יוצא פון דער „שבירה״, און אונזער חוב איז עס, דאס בעסער צו מאכן און מגלגל זיין אין גוטסקייט.

ארומקוקנדיק זיך צו דער גאנצער בריאה, קומט ר׳ בער צו דער מסקנה, „אז אלע זאכן, ווי אויך אלע געדאנקען, זיינען אותיות״. די

דאָזיקע אותיות, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן פון די פיר אותיות פונם שם הויה, נעמען אין זיך אריין די גאַנצע בריאה, אַזוי אַז אין איטלעכן פון זיי ליגט אַ גייסטיק לעבן. און די שטראַלן פון די אותיות זיינען די „קעמערלעך פון גאָט, וואָס איז דער קוואַל פון אַלע ליכט־ און לעבן־אויסגיסונגען". און אַזוי אַרום זיינען די אותיות גופא בטבע גוט, אָבער דורך די זינד פונם מענטשן קאָנען זיי אַזוי מיטאַנאַנד צונויפגעבונדן ווערן, אַז זיי קאָנען מגולגל ווערן אין נישט גוטס. „וואָס איז דער חילוק צווישן פּראָסטע, ניט הייליקע אותיות, און די אותיות פון דער תורה הקדושה? דער חילוק באַשטייט אין דעם, וואָס די פּראָסטע אותיות קומען אַרויס פון דער „שבירה". דער מענטש איז מחוייב ווידער גאַנץ צו מאַכן דאָס צעבראָכענע. „דער ציל פון דער עבודת הבורא ליגט אָט אין וואָס: אַרויפצופירן אין דער הויך אַלע דיבורים און אַלע געדאַנקען, און אַלע יענע הייליקע פונקען, אויף וואָס עס איז חל געווען די שבירה, וואָרעם זיי אַלע זיינען אותיות; אויב זיי זיינען פּראָסט און ניט הייליק, איז דאָס מער ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען אותיות פון דער שבירה און מוזן דער־הויבן ווערן צו זייער וואָרצל, צו זייער מקור".

און אויף אַזאַ אופן איז אַלצדינג אין גאָט, אַלצדינג ווענדט זיך אָן גאָט: „אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אויף דער וועלט, איז נייטיק פאַר דער עבודת־הבורא, הן דאָס ריינע, הן דאָס אומריינע. אַלע באַשעפענישן און בכלל אַלצדינג איז נאָר ער, גאָט ברוך הוא אַליין". וואָרעם אַלצדינג איז נאָר דער מלבוש פון זיין פירונג און זיין השגחה. „דו זאָלסט אים דער־קענען אויף אַלע דיינע וועגן, סיי אין גוטס, סי אין בייז". מען קאָן דינען גאָט מיט יעדער זאַך. „דער מענטש קאָן זיך אָנטאָן אַלע וואָוילטאָגן, אַלע תענוגים אין דער וועלט, און דערביי זאָל ער בלייבן אַ פּרוש, אַ נזיר; ער קאָן אָנקוקן און באַטראַכטן, וואָס עס גלוסט זיך אים, און קאָן דערביי האָבן אין זינען נאָר די הייליקע תורה אַליין; ער קאָן ריידן איבער אַלץ אין דער וועלט, און קאָן דערביי באַהעפטן זיין מיט גאָט". בכלל האָט ר' בער אַוועקגעשטעלט אָט וואָסערע הנחה: „מאַך פון דער עבירה אַ מצווה". ר' בער האַלט, אַז אַלץ, וואָס עס מאַכט זיך דעם מענטשן צו זען פאַר זיינע אויגן, און מעג דאָס זיין נאָר על־פּי מקרה, איז ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר באַשערט פון דער השגחה פּרטית, כּדי אים צו ווייזן, אַז ער קאָן זיך דורך יעטוועדער זאַך און יעטוועדער פּאַסירונג באַהעפטן מיט גאָט, וואָרעם פון יעטוועדער זאַך און פון יעטוועדער פּאַ־סירונג קאָן מען לערנען דעם אמתן אופן פון גאָט־דינען. „אפילו אַז דו דערזעסט אַ חיה, וואָס גאַרט נאָך עפּעס און האָט אַ חשק צו עפּעס, דער־קענט מען דאָך, אַז די דאָזיקע חיה פאַרמאָגט אין דער דאָזיקער רגע

אַ חשק, ד״ה וואָסערע ס'ניט איז ליבשאַפט״. און דאָס איז גורם דערצו, אַז מען דערמאָנט זיך אָן דער געטלעכער ליבשאַפט״. „אַז דו דערזעסט עפּעס, פון וואָס דו האָסט הנאה, טאָ דערמאָן זיך אָן דער געטלעכער ליבשאַפט; און אַז דו דערזעסט עפּעס, פאַרוואָס דו האָסט מורא, טאָ דערמאָן זיך אָן דער מורא שמים, אָן דער גאָטספּאַרכטיקייט״. אַזוי אַרום געוויינט מען זיך תמיד גאָט צו דינען.

די עבודת הבורא, דאָס גאָט־דינען, מוז אַרויסגיין פון אַן אינעוויי־ניקסטער דערקענטעניש, מוז אַדורכגעדרונגען זיין פון הנאה און התלהבות און טאָר זיך ניט גלייכן צו אַ זאַך, וואָס מען טוט עס לויט אַ רגילות, ווייל אַזוי פירט זיך שוין אויף דער וועלט: „אַז עמיצער טוט אַ מצווה מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד, פאַרשטייענדיק איר כּוונה און איר וואָרצל, טוט ער עס מיט הנאה, מיט דביקות און מיט התלהבות; עפּעס אַנדערש איז עס, ווען איינער טוט אַ מצווה, וואָס איז ניט פאַרוואָרצלט אין דער תורה און איז סתם אַ באַפעל; אפילו ווען ער דערפילט עס אַלס געבאָט פון גאָט, דערפילט ער עס דאָך אָן טעם און אָן התלהבות״.

עס זיינען פאַראַן אַ סך מענטשן, — זאָגט ר' בער, האָבנדיק באַ־שיימפּערלעך אין זינען די לומדים פון זיין דור, — וואָס לערנען תורה דעם גאַנצן טאָג אין טלית און תפילין. אָבער דאָס איז מער ניט ווי אַ מנהג, און די, וואָס טוען עס, זיינען ניט תופס דעם תמצית פון גאָט־דינען. און אַזאַ מענטש איז כּמעט נאָך ערגער ווי אַ בעל־עבירהניק, וואָרעם דער בעל־עבירהניק קאָן פּלוצים דערוועקט ווערן און תשובה טאָן, ער קאָן חרטה האָבן אויף זיינע פריערדיקע זינד און אַרויפגיין אויף דעם וועג פון דער אמתער און ריינער עבודת־הבורא, אָבער אַ מענטש, וואָס האַלט זיך פאַר אַ צדיק, וואָס מיינט, אַז ער האָט שוין דערפילט אַלע זיינע התחייבותן, זייענדיק אין דער אמתן „אַזוי וויט פון גאָט און גאָט־דינען כּרחוק מזרח ממערב״, אַזאַ מענטש קאָן שוין ניט אַנדערש ווערן. וואָרעם אַזוי תוך גערעדט האָט דאָך די עבודת־הבורא אַלס אַ זאַך פאַר זיך „קיין שום ממשות ניט, ווייל אָפטמאָל לערנט אַ מענטש פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט הנאה פונם לערנען, אַזוי ווי אַ סוחר האַנדלט, ווייל ער האָט הנאה פונם מסחר. דער עיקר אָבער אין דער הנאה ביי דער דערפילונג פון די מצוות איז דביקות און התלהבות״. דורכדעם קאָן אויך אַ פּראָסטער מענטש „דערגרייכן צו אַ זייער הויכער מדרגה״.

נאָר דורך התלהבות קאָן זיך אַ מענטש פאַרבינדן מיט דער געט־לעכקייט, וואָרעם דער הויך פון די ווערטער מישט זיך צונויף מיט גאָטס אָטעם, אַזוי ווי די שטים מיט גאָטס שטים, און אַזוי אויך די שפּראַך און דער געדאַנק. און דאָס איז, וואָס אונזערע חכמים זאָגן: „פון משה רבינו

רעדט די שכינה". דורך זיין גרויסער הייליקייט און דורך זיין קרובה־שאפט מיט גאָט „איז משה רבינו באהעפט געווען מיט זיין מקור (גאָט), אזוי אז גאָט כביכול האָט אין אים גערעדט. דורכדעם איז זיין גוף גע־רייניקט געוואָרן און דורכדעם איז ער געוואָרן א געטלעכער מענטש". בעת דער מענטש באהעפט זיך מיט גאָט (ווארעם „גאָט וויל, אז מיר זאָלן זיין אויסגעבונדן מיט אים, ווי דער זון איז אויסגעבונדן מיט זיין פאָ־טער"), באהעפטן זיך אלע אונטערשטע וועלטן מיט גאָט. „ער (דער מענטש, הייסט עס) בינדט צונויף די אונטערשטע וועלט מיט דער אויבער־שטער און קאָן זיך הייבן פון מדרגה צו מדרגה, ביז עס דערגרייכט די העכסטע, וואו אלצדינג געפינט זיך אין פשוטער אחדות".

דורך זיין אויסגעבונדנקייט מיט גאָט און זיין איבערגעגעבנקייט צו אים „טוט אויף דער מענטש גוטס אויף דער וועלט". מען מוז זיך דערביי דערווייטערן פון איטלעכער כוונה, וועלכע באציט זיך אויף זיין אייגענעם נוצן, און פון איטלעכער הנאה, וואָס באציט זיך אויף זיין גשמיות". ער מוז פון זיינע געדאנקען און זיינע געפילן דערווייטערן אלץ, גוף, ביז ער גייט דורך דורך אלע וועלטן און באהעפט זיך מיט גאָט, אזוי אז ער ווערט מיט אים איין איינציקע זאך, ביז ער טוט זיך אויס פון גשמיות". ער מוז פון זיינע געדאנקען און זיינע געפילן דערווייטערן אלץ, וואָס איז אומריין. א משל: א מענטש פארמאָגט א נחלה און איבער דער דאָזיקער נחלה און אין דער אייגענער צייט ווייט פון איר געפינט זיך א וואסער־קוואל. אויב דער דאָזיקער מענטש וויל באגיסן זיין פעלד מיטן וואסער פון דעם אויבנדערמאָנטן קוואל, מוז ער צווישן אים און דער נחלה איבערלייגן א ברייטע רער, כדי דאָס וואסער זאָל קאָנען דורכגיין בשפע און צוקומען אהינצו, וואו מען באדארף. ער מוז זען, אז די רער זאָל ניט האָבן קיין לאָך אָדער קיין שפאלט אָדער עפעס אן אנדער פגם, וואָס וואָלט קאָנען אָפּהאלטן דאָס וואסער. ווארעם אז ער וועט זיך פוילן און ניט אכטונג געבן אויף איטלעכם פיצעלע, וועט זיין גאנצע ארבעט זיין א ברכה לבטלה: אָדער דאָס וואסער וועט בכלל ניט דערגרייכן זיינע פעלדער, אָדער דאָס ריינע און לעבעדיקע וואסער וועט זיך גיסן אויף אומריינע, שלעכטע ערטער. אחוץ דעם וועט ער מוזן צופירן די רער אקוראט צום קוואל גופא, כדי דאָס וואסער זאָל זיך קענען אריינגיסן אין אן אויפהער און בשפע אין א פולער מאָס. דער דאָזיקער משל איז קלאָר ווי דער טאָג. ווארעם גאָטס טבע איז דער קוואל פון גנאָד פאר אלע וועלטן, און דער מענטש, וואָס ס'וויל זיך דערנענטערן צו דער דאָזיקער טבע, מוז זיך שטארק היטן. ערשטנס, איז ער, דער מענטש, געגליכן צו יענער רער, וואָס איז משפיע אויף אלע וועלטן. און דערפאר מוז ער זיך בודק זיין,

צי האָט ער ניט ערגעץ וואו קיין שפּאַלטן, קיין לעכער אָדער אַנדערע פּגימות, כּדי אַז אומריינער געדאַנק אָדער אַ פּערזענלעכע פּניה זאָל זיך ניט צונויפמישן מיט דער געטלעכער טבע גראָד אין יענער רגע, ווען ער סטאַרעט זיך זי צו דערגרייכן. ער האָט ניט נאָר קיין שום השפּעה אויף די אויבערשטע און אונטערשטע וועלטן, ווען ער היט זיך ניט געגוג אָפּ, נאָר ער טוט אָן גרויס היזק די העכסטע בחינות און שטאַרקט די סיטרא אחרא (די אַנדערע זייט) דורך דעם צונויפפלאָנטערן פון דעם גוטס מיט דעם בייז.

פרייד איז דער תּמצית, דאָס אינעווייניקסטע קערנדל פון גאָט-דינען. „די פרייד גיסט זיך אַרויס פון אַ וועלט, וואָס איז כּולו שמחה, כּולו רוחניות, וואָס איז זייער דערהויבן און רופט זיך אָן הייליקייט און וואָס קיין מענטש קאָן זי ניט תּופס זיין״. „דער מענטש מוז זיין פרייליך, און בשעת דער דערפילונג פון די מצוות מוז ער מלא שמחה זיין, וואָרעם דורכ־דעם בינדט ער צונויף די וועלטן מיט גאָט״. „און אַפילו ווען ער האָט געטאָן אַן עבירה, זאָל ער ניט האָבן קיין גרויס עגמת־נפש און זיך אָפּרייסן פון דער עבודת-הבורא, נאָר ער זאָל חרטה האָבן אויף דער מעשה, כּדי זיך ווידער משמח צו זיין אין גאָט״. בכלל זאָל דער מענטש שטענדיק פרייליך זיין, „וואָרעם אומעט און טרויער איז אַ גרויסע מניעה אויף דעם וועג צום גאָט-דינען״.

אָבער דער עיקר העיקרים אין דער זאַך פון גאָט-דינען איז ביי ר׳ בערן די גאָטספאָרכטיקייט. אין דעם איז ער דער היפּוך פונם בעל-שם, ביי וועמען דער עיקר אין דער עבודת־הבורא איז געווען די ליבשאַפט. „דער ציל, צוליב וואָס די מענטשן לעבן — זאָגט ר׳ בער — איז די גאָטספאָרכטיקייט, וואָרעם דאָרט, וואו זי איז ניטאָ, האָט די חכמה קיין גרויסן באַטייט ניט. דער ציל פון דער חכמה איז די גאָטספאָרכטיקייט. און הגם מען קאָן דינען גאָט אין ליבשאַפט אַזוי גוט ווי אין יראה, פאַלט דאָך פון זיך אַליין די ליבשאַפט פונם באַשעפער אויף אונזער חלק, ווען מיר סטאַרען זיך צו קריגן יראה פאַר אים״. אמת טאַקע, אַז ר׳ בער ווייס גאַנץ גוט, אַז די פולקומע עבודת הבורא מוז באַשטיין אי פון ליב־שאַפט אי פון מורא, כּדי יעדער פון ביידן זאָל אויספילן דעם חסרון פון דער אַנדערער. „וואָרעם ווער עס דינט גאָט בלויז מחמת ליבשאַפט און התלהבות, וועט ער זיך ניט סטאַרען אָפּצוהיטן אַלץ ביז אין די סאַמע קלענסטע פרטים, אָבער דער ירא שמים וועט מקיים זיין אַלץ ביז אין די סאַמע קלענסטע פרטים. צוריק גערעדט, וועט יענער אָבער, וואָס איז בלויז אַ ירא שמים, טאָן אַלץ מחמת מורא פאַר דעם מלכות, אָבער ניט מחמת ליבשאַפט צו אים״. ניט קוקנדיק דערויף, איז פאַר אים די מורא שמים געווען וויכטיקער. אָבער ריידנדיק פון מורא. מיינט ער ניט די פונם גע־

וויינלעכן מענטשן, וואָס איז דאָס שרעקן זיך פאַר שטראָף און האָט ניט קיין ווערדע, וואָרעם אַזאַ מין מורא איז נאָר אַן אויסווייניקסטער שרעק, נאָר ער מיינט: „די אינעווייניקסטע מורא פאַרן באַשעפער, וואָס איז די יראת הכבוד פאַר דעם דערהויבענעם". אַזאַ מין מורא קומט דעם מענטשן ניט אַזוי גרינג אָן. כּדי זי צו דערגרייכן, מוז ער זיך אָנטאָן אַ גרויסן כּוח, ער מוז זיך היילִיקן „דורך אַ שטענדיקן טראַכטן וועגן גאָט ברוך־הוא". האָט מען אָבער איינמאָל דערגרייכט אַזאַ מין יראת הכבוד פאַר דעם אויבערשטן, וועט ניט שווער זיין תּופס צו זיין די געטלעכע ליבשאַפט. ר' בער וויס, פאַרשטייט זיך, אַז דאָרט, וואו עס איז פאַראַן ליבשאַפט, איז ניטאָ קיין מורא; און דאָרטן, וואו עס איז פאַראַן מורא, איז ניטאָ קיין ליבשאַפט. אָבער „דאָרט, וואו עס רעדט זיך מכּוח גאָטס-פאָרכטיקייט און ליבשאַפט צו גאָט, קאָנען זיי ביידע זיין אינאיינעם".

ז.

דאָס דאַוונען איז לויט ר' בערן דער וויכטיקסטער אופן פון גאָט־דינען. „דורכן דאַוונען פאַרקנסט מען זיך מיט דער שכינה". ווי נאָר אַ מענטש גיט אַ זאָג: גאָט, עפן מיינע ליפּן, אַזוי דרינגט אין אים אַריין די שכינה און הייבט אָן צו ריידן פון זיין מויל. איטלעכער אות אינם דאַוונען איז „אַ גרויסע וועלט, וועלכע ציט זיך אין דער הויך אָן אַ סוף און אָן אַ ברעג", און איטלעכס וואָרט איז תּופס אין זיך די געטלעכ-קייט". דערפאַר טאָר מען ניט אַרויסריידן די ווערטער סתּם אין דער וועלט אַריין, נאָר מען דאַרף זיי אַרויסריידן מיט אַ ישוב־הדעת און כּוונה, כּדי מען זאָל קאָנען אַרויסהערן יעדן טאָן און יעדן מלעיל און מלרע". און נאָר יענער, אין וועמענס האַרצן עס פלאַקערט די ליבשאַפט צו גאָט, מעג דאַוונען גיך, וואָרעם מחמת זיין גרויסער ליבשאַפט צו גאָט, גייען די ווערטער פון זיך אַליין פון זיין מויל אַרויס. דער מענטש דאַרף דאַוונען מיט אַלע כּוחות „און זיין גאַנצע נשמה אַריינלייגן אין דער תּפילה".

און אַזוי דאַרף ער שפּרייזן פון אות צו אות, ביז ער טוט זיך אויס פון גשמיות, און ער דאַרף שטענדיק אין זינען האָבן, אַז די אותיות בינדן זיך צונויף איינער מיטן אַנדערן: דאָס איז די וועלט פונם ווערן. דערנאָך דאַרף ער שפּרייזן צו די אותיות פונם געדאַנק, ניט אויסריידנדיק די ווערטער: דאָס וועט אים פירן צו דער וועלט פון באַשאַפונג. און דערנאָך דערגרייכט ער די מדרגה פון ביטול היש, „וואָרעם דאַן האָט ער פאַרלאָרן אַלע קערפּערלעכע כּוחות: דאָס איז די וועלט פון דער געטלעכער אויס־גיסונג. דער געטלעכער אויסשפּרייטונג, די מדרגה פון דער חכמה".

דאָס דאַווענען מוז דורכגעדרונגען זיין ,,פון גרויסער דביקות, גרויסער פרייד און גרויסער פרומקייט". עס מוז ריין זיין פון וואָסער ס'ניט איז פניה, וואָס האָט אין זינען דעם אייגענעם נוצן. ווער עס דאַוונט, ,,מוז זיך פאַרגעסן און אינגאַנצן בטל ווערן אין דער תפילה פאַר דער שכינה". ער מוז זיך אויסטאָן פון גשמיות און צונויפנעמען אַלע כוחות פון זיין גייסט, כדי אָפּצוּרוימען די מחיצה פון דעם וועג. ער דאַרף זיך פאַרבינדן מיט גאָט, און דעמאָלט הערט ער און זעט אומעטום נאָר אַ געטלעך לעבן, וואָרעם אַלץ גייט פון אים אַרויס, מער ניט ער איז כביכול פאַרדעקט דורך פאַרשיידענע כלים.

ווי קאָן דען אַ מענטש האָבן אַ וואָסערן ס'ניט איז עולם־הזהדיקן חשק, ווען ער זעט פאַר זיינע אויגן נאָר אַ געטלעך לעבן און אַ געטלעכן תענוג? דאַוונט ער אָבער ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיט דער ריכטיקער דביקות, דעמאָלט הייבן אָן צו קלינגען געזאַנגען אין אַלע וועלטן: מלאכים. שרפים און אַלע איבעריקע מחנות פונם הימל זיינען מלא שמחה, וואָרעם אַלע זיינען זיי פאַראייניקט אין אים און באַהעפט מיט אים". אַזאַ מין דאַוונען — אַ דאַוונען, וואָס ווערט באַגלייט פון קערפּערלעכע באַוועגונגען אין וואָס דערפירט אַזוי ווייט, אַז ,,מען טוט זיך אינגאַנצן אויס פון גשמיות", איז טאַקע ריין און דערהויבן, אָבער עס איז פאַראַן אַן אַנדער אופן פון דאַוונען, וואָס איז ניט ווייניקער דערהויבן, דאָס איז דאָס דאַוונען ,,אָן שום קערפּערלעכע באַוועגונגען".

און הגם עס דוכט זיך אויפן ערשטן אויבנאויפיקן קוק, אַז ווער עס דאַוונט אויף דעם דאָזיקן אופן, דאַוונט אָן איבערגעגעבנקייט, איז דאָך אויך אַזאַ מין תפילה ,,דורכגעדרונגען פון ליבשאַפט, יראה און התלהבות". אַזוי קאָן נאָר דאַוונען אַ מענטש, וואָס איז שטאַרק אויס־געבונדן מיט גאָט. ,,אַזאַ מין דאַוונען איז שנעלער, ווערט גיכער דורכ־געפירט ביז צום סוף און בינדט שטאַרקער צונויף מיט גאָט, איידער דאָס דאַוונען אין באַוועגונגען. אין אַזאַ מין תפילה געפינט דער שטן קיין איינציק פינטעלע, וואו ער זאָל קאָנען האָבן אַ שליטה". דאַוונען באַ־דאַרף מען ,,מיט ריינע געדאַנקען און מיט אַ פאַרשטענדיק האַרץ". און טאָמער קומט איינעם בשעתן דאַוונען אַרויף אויף דעם זינען אַן אומריינע מחשבה, זאָל ער זיך דעריבער ניט מצער זיין, נאָר ער זאָל זיך סטאַרען בעסער צו מאַכן די דאָזיקע מחשבה און אַריינצוברענגען זי אין דעם ריכ־טיקן סדר, ,,וואָרעם יעדער זאַך האָט איר צייט. אין דער טיפעניש פון בייז ליגט אַ פונק, וואָס הייסט נערה (נערה — מיידל, פון דעם שורש נער, אויפגעטרייסלט ווערן). דער דאָזיקער פונק ווערט אויפגעטרייסלט און סטאַרעט זיך צו באַהעפטן מיט זיין שורש. אַז עס קומט די צייט, ווען

ער ווערט פּאַרטיק פאַר דער עליה צו דער הייליקייט, מוז זיך דער מענטש געבן אַ שטאַרקן טרייסל, וואָרעם די אומריינע מחשבה קומט ניט צו איס גלאַט אַזוי זיך, נאָר איז אויסן איס צו דערהויבן. און אם לא עכשיו אימתי, ווען ניט איצט, טאָ ווען זשע?״

מען קאָן ניט נאָר דאַוונען „אָן שום באַוועגונג״, נאָר מען קאָן זיך אויסמאָלן אַ דאַוונען אָן שום אויסווייניקסטער טואונג בכלל, ד״ה אַ דאַוונען, וואָס זאָל זיך אָפּטאָן נאָר אינעווייניק אין הארצן. ר׳ בער זאָגט: „מען קאָן דינען גאָט אויף אַזאַ אופן, אַז ניט די אַרומיקע מענטשן זאָלן עפּעס דערפון געוואָר ווערן און ניט דער מתפלל גופא זאָל מאַכן וואָסערע ס׳ניט איז באַוועגונג, ד״ה מען קאָן גאָט דינען אינעווייניק אין דער נשמה, דערפאַר אָבער מוז די נשמה ברענען אין ליבשאַפט צו גאָט״. ער זאָגט אַחוץ דעם אויך אַזוי, ווי זיין רבי דער בעל־שם: „אָפּטמאָל מוז מען דינען גאָט נאָר מיט דער נשמה אַליין, ד״ה אין מחשבותן״.

דער ריינער הייליקער געדאַנק איז העכער און חשובער פאַר אַלצדינג: ער איז „אַ גאַנצע וועלט״ פאַר זיך אַליין, ער איז פאַרקניפּט און אויסגעבונדן מיט „דעם העכסטן געדאַנק״, „מיט דער וועלט פון די געדאַנקען״. דורך די געדאַנקען באַהעפט זיך דער מענטש מיט גאָט „און קוקט אויף דעם בורא יתברך מיט זיין גייסטיקן אויג, אַקוראַט ווי מען קוקט אָן דעם מענטשן, און אויך דער בורא קוקט אויף אים אַקוראַט ווי אַ מענטש״. גאָטס נאָמען דאַרף זיך תמיד „געפינען אינם דענקען פונם מענטשן; דאַן איז ער צונויפגעבונדן מיט גאָט״. אַ געדאַנק, וואָס איז ניט פאַרבונדן מיט גאָט, איז פאַרבונדן מיט גשמיותדיקע זאַכן, אָבער אויך אין גשמיות איז דאָס געטלעכע פאַראַן. אַ מענטש, וואָס איז דערוועקט אינם פּרט פון רוחניות, קאָן דערקענען דאָס געטלעכע אין איטלעכן געדאַנק, מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך. דער מענטש דאַרף „אויסטאָן״ זיין נשמה „פון גשמיות, כדי זי זאָל איינגעוויקלט זיין אין געדאַנקען״ — אין ריינע, הייליקע געדאַנקען, וואָס זיינען באַהעפט מיט גאָט. דאָס איז דער לעצטער ציל פונם מענטשן. ער דאַרף „ווייניק לערנען״, כדי זיין גייסט זאָל זיין פריי און כדי ער „זאָל קאָנען שטענדיק טראַכטן וועגן דער גרויסקייט פונם בורא יתברך״. און דערפאַר „איז בעסער צו שווייגן, ווייל שווייגנדיק קאָן מען גיכער טראַכטן מכוח דער גרויסקייט פון גאָט און זיך מיט אים באַהעפטן, איידער ריידנדיק״.

דאָ ווייזט זיך אַרויס די השפעה פון דעם אר״ים קבלה, וואָס לערנט אונז, אַז דער מענטש דאַרף „שפּאָרעוודיק זיין מיט ווערטער און שווייגן אַזוי פיל, וויפיל עס לאָזט זיך״. דער געדאַנק מוז אויף אַזאַ אופן הייליק און ריין זיין. טאָמער טרעפט זיך אַמאָל, אַז עמיצן קומט אַרויף אויפן

זינען אן אומריינע מחשבה, מוז ער קריגן גרויס פחד, ד״ה ער מוז זיך שעמען פאר גאט: „גאט איז דאך דא, און ווי קאן מען טראכטן וועגן אזוינע דברים בטלים״. ער מוז „זיך געבן א טרייסל״ און „דערהויבן״ דעם אומריינעם געדאנק „צו דער מדרגה פון הייליקייט״, ווארעם אפט־מאל „לאזט זיך דער גייסט אראפ פון דער אויבערשטער וועלט און קומט צום מענטשן, כדי אים ארויסצופירן פון דעם מצב פון דער שבירה״.

ווי אזוי ארום זאל דער מענטש דערהויבן דעם געדאנק צו זיין שורש? אט למשל: ווען ער טראכט פון א שלעכטער ליבע, פון א מעשה נואף, זאל ער די דאזיקע ליבע דערהויבן צו איר שורש, דער געטלעכער ליבשאפט. און אזוי אויך בנוגע צו געדאנקען פון אומווערדיקער מורא, ווי למשל, שנאה, דערהויבנדיק זיי צום שורש פון יראת שמים; אדער בנוגע צו געדאנקען פון גאווה, דערהויבנדיק זיי צום שורש פון לויבן גאט און אזוי ווייטער. דינענדיק גאט און טראכטנדיק פון גאט, טאר מען קיינמאל ניט פארגעסן אין דעם, אז דער דאזיקער גאט איז א גייסטיקער מהות. מען דארף נאר דינען „א גאט, וואס האט ניט קיין שום געשטאלט און איז כולו רוחניות. כאטש גאט איז פאראן אין דער גאנצער וועלט, כאטש ער פילט אוים און נעמט ארום גאר די באשאפענע וועלט, מלא כל הארץ כבודו, דארף מען דאך פונדעסטוועגן דינען נאר דעם תמצית פון זיין פראכט און גרויסקייט, און ניט יענע זאכן, אין וואסערע די דאזיקע פראכט און גרויסקייט וויקלט זיך איין״.

## ח.

דאס פאלק ישראל און זיין לאנד זיינען דאס קערנדל פון דער גאנצער בריאה. אויב די גאנצע וועלט האט א קיום, איז דאס נאר צוליב זיי. „ציון — זאגט ר׳ בער — איז דער מיטלפונקט פון דער וועלט, עס אין די קראפט, וואס באלעבט די וועלט. איטלעכס לאנד האט זיין חלק אין ציון און פון דעם דאזיקן חלק ציט עס זיין חיות״. און אזוי איז עס אויך בנוגע דעם פאלק ישראל צווישן די ארומיקע פעלקער: דאס פאלק ישראל איז דער מיטלפונקט פון די פעלקער. די „אומות העולם האבן אינם פאלק ישראל זייער חלק, און פון אים ציען זיי זייער חיות״. דאס פאלק ישראל איז חשובער פארן לאנד און פארמאגט א גרעסערן באטייט: „עס איז דאס לעבן פון אלע וועלטן, פון די אויבערשטע אזוי גוט, ווי פון די אונטערשטע, און עס ציט אויף זיי אראפ די שפע פון דער געטלעכער גנאד״.

דאס פארהעלטעניש צווישן פאלק ישראל און גאט איז געגליכן צום פארהעלטעניש צווישן א פאטער און זיין זון. „דאס בילד פון זון איז איינגעגראבן אין דעם גייסט פונם פאטער״. און אפילו ווען דער זון גע־

פינט זיך ווייט פון פאטער, „איז דער פאטער מצמצם זיין גייסט און זעט דאס בילד פון זיין זון פאר זיינע אויגן. און אזוי איז זיך אויך הקב"ה כביכול מצמצם". דעם דאזיקן שיינעם געדאנק זאגט ר' בער ארויס אין אן אנדער ארט אט אויף וואסערן אופן: ווען א פאטער האט האלט זיין זון, איז דאס בילד פון זון איינגעגראבן אינם טאוול פון זיין הארצן; און ווען ער זעט, אז דער זון טוט א פארשטאנדיקע און פרומע זאך, קוקט ער אים אן, און בשעת ער קוקט אים אן, געפינט זיך שוין דאס איינגעגראבענע בילד פונם זון ווידער אינגאנצן אין דעם זון גופא, ווארעם דער פאטער ווענדט אין דער דאזיקער רגע זיינע אויגן און זיין הארץ צום זון, און דאס אריינגעגראבענע בילד איז שוין אפילו אין די אויגן פונם פאטער ניט מער קיין באזונדערע געשטאלט פאר זיך אליין. דערנאך אבער, ווען דער זון האט שוין אפגעטאן די פארשטאנדיקע און פרומע זאך, ווערט דער פאטער זייער אויפגעלייגט, ער האט א גרויסע הנאה און איז זיך משמח מיט דעם בילד פונם זון, וואס איז איינגעבאקן ביי אים אין הארצן און וואס באקומט אין יענער רגע א גרויסע עליה. און דאס דאזיקע בילד איז אין דער אמתן דער פאטער גופא, מער ניט עס האט אנגענומען די געשטאלט פונם זון. „און איצט גיב נאר א קוק: בשעת עס איז אריינגעקומען אין דער ערשטער מחשבה, אז דאס פאלק ישראל זאל געבארן ווערן אויף דער וועלט, האט ער אים מחמת גרוים ליבשאפט איינגעגראבן אין זיין כסא הכבוד. און אז מיר טוען אויף גרויסע זאכן, איז זיך גאט ברוך־הוא כביכול משמח מיט זיי, און דאס איינגעגראבענע בילד הייבט אן צו ווירקן אין אים און עס ווערט כביכול נתעלה אין אים. דאס דאזיקע איינגעגראבענע בילד איז אבער אין תוך געדעדט דער פאטער גופא, מער ניט עס האט זיין קיום לויט דער געשטאלט פונם זון".

דאס פאלק ישראל איז אזוי אויסגעבונדן און באהעפט מיט גאט, אז עס איז אוממעגלעך זיי אפצוזונדערן איינעם פון דעם אנדערן. איינעם אן דעם אנדערן קאן מען זיך גארניט פארשטעלן. אז מען נעמט דאס בילד פון איטלעכן באזונדער, מאכט עס דעם רושם פון א זאך, וואס איז אומפולקום און אן אחדות צווישן אירע טיילן. זיי זיינען אזוי ווי א פאטער און א זון, וואס האבן זיך האלט איינער דעם אנדערן און „בענקען איינער נאך דעם אנדערן". איטלעכער פאר זיך איז ניט פולקום און נאר א העלפט, אינאיינעם אבער זיינען זיי א גאנצע און פולקומע זאך. און דערפאר „אז מען זאגט ארויס וואסערע ניט איז מיינונג וועגן פאלק ישראל, זאגט מען אין דער אייגענער צייט ארויס א מיינונג וועגן גאט, ווארעם גאט און ישראל זיינען איינס".

פונקט אזוי ווי דאס פאלק ישראל איז דער מיטלפונקט פון דער

גאנצער בריאה, אזוי איז אויך דער צדיק דער מיטלפונקט פונם פאלק ישראל. דער צדיק איז דער אויבערמענטש פונם חסידיזם. דאס געפיל יידנטום שטעלט אוועק דעם צדיק אין דעם רעכטן מיטן פונם לעבן. אבער די העכסטע מדרגה דערגרייכט דער צדיק ערשט אינם חסידיזם. דער פא-טער פונם חסידיזם, דער בעל־שם, האט אוועקגעגעבן דעם צדיק אלע קנינים פון דער און יענער וועלט.

זיינע תלמידים זיינען נאך ווייטער געגאנגען. „דער צדיק — זאגט ר׳ בער — איז דער מיטלפונקט פון די וועלטן", ער „געוועלטיקט איבער אלע אויבערשטע וועלטן, ער באוועגט און צעטרייסלט זיי און דערוועקט אויף דעם העכסטן רצון". „דאס ארויפהויבן און אראפלאזן זיך פון די קרעפטן פון איין וועלט צו דער אנדערער, אפילו אין די העכסטע תחומים, ווערט געמאכט דורך דעם צדיק". אלץ, וואס עס טוט זיך אין די אויבער־שטע וועלטן, ווענדט זיך אן אים; און אלץ, וואס עס ווערט געבארן אין דעם צדיקס נשמה אויף דער וועלט, ווערט אויך געבארן אין די אויבערשטע וועלטן". למשל: „אז אינם צדיק ווערט געבארן א ליבשאפט, ווערט זי געבארן אויך אין די אנדערע וועלטן" וכדומה. און אפילו איבער גאט אליין האט דער צדיק א שליטה (אין א געוויסער מאס). „גאט ברוך־הוא דענקט, וואס דער צדיק דענקט". דער צדיק זעט אלצדינג, קיין שום זאך איז פאר אים ניט באהאלטן: „זיין אויג, וואס איז דורך און דורך גייס-טיק, קאן תופס זיין די אויבערשטע וועלטן, וואס געפינען זיך אין דער תורה". די תורה, ווי זי איז איצט, איז באגרענעצט (מצומצמת), אזוי אז כמעט איטלעכע מצווה און איטלעכער פארזאג איז אפגעוואויגן און אפ-געמאסטן, מחמת מען וואלט איצט איר ליכטיקייט ניט געקאנט אויס-האלטן, אבער אין משיחס צייטן וועט מען זי ערשט דערקענען, ווי זי איז אויף אן אמתן.

וואס איז דער מהות פונם צדיק? און וואס באשטייט זיין כוח? „דער צדיק — זאגט ר׳ בער — איז שטענדיק איבערגעגעבן דער עבודת הבורא מיט לייב און זעל, איז שטענדיק און אן אויפהער צוגעבונדן צו דער קדושה". ער איז מיט גאט פונקט אזוי שטארק אויסגעבונדן און באהעפט, „ווי דער נואף מיט דער זונה, וואס קענען זיך ניט צעשיידן". מהאי טעמא ווערט ער אנגערופן „שרף", „צוליב דעם פלאם-פייער פון הימל, וואס פלאקערט אין אים". ער „טוט אפ פשוטע מעשים, מעשים של חול אינם נאמען פון דער הייליקייט און דערהויבט זיי ביז צו דער הייליקייט, ווארעם אלצדינג, וואס ער טוט, טוט ער אפ אינם נאמען פון גאט". ער „מאכט עס פארקערט, ווי גאט מאכט: הקב״ה האט באשאפן דעם זיין פון דעם ניט-זיין, ער אבער מאכט דורך זיינע מעשים פון דעם

זיין דעם ניט-זיין. ווארעם ביי איטלעכער טואונג, וואס ער טוט אפ, אפילו ביי טואונגען פונם גוף, ווי דהיינו, עסן, הייבט ער ארויף פונקען אין דער הויך״. אפילו פראסטע ווערטער, ווערטער פונם טאג-טעגלעכן לעבן, בינדט ער צונויף מיט גאט.

דער צדיק איז געגליכן צו א בוים: פונקט אזוי ווי די זריעה, וואס מען ווארפט זי אין דער ערד אריין, זאפט אין זיך איין די זאפטן פון דער ערד, כדי צו מאכן פון זיי דערנאך פירות, פונקט אזוי נעמט ארויס דער צדיק פון אלע זאכן אויף דער וועלט די הייליקע פונקען, וואס ליגן אין זיי, וואס וואַרצלען אין זיין נשמה, און דערהויבט זיי ביז צום בורא יתברך״. און אזוי ארום דערהויבט ער אלצדינג, „וואס עס געפינט זיך אין דעם תחום פון שטיינער, געוויקסן, חיות און מענטשן״.

דער צדיק קאן קיינמאל ניט אראפפאלן פון זיין הויך. ער קאן צונויפקומען מיט פושעים און בעל־עבירהניקעס, אבער ער וועט קיינ־מאל ניט אפטרעטן פונם רעכטן וועג: „און דאס הייליקע פלייש וועט קיינמאל ניט באקומען קיין שלעכטן ריח; ווער עס איז געמאכט פון הייליק פלייש, ד״ה ווער עס איז פולקום גערעכט (צדיק), דער וועט קיינמאל ניט ארונטערפאלן אונטער דער שליטה פון דער זינד, אפילו ווען ער קומט זיך צונויף מיט זיי (מיט די פושעים)״.

און טאמער דוכט זיך אוים אמאל, אז דער צדיק טרעט אפ פון דעם רעכטן וועג און פאלט אראפ פון זיין מדרגה, איז דאס אין דער אמתן קיין ירידה ניט, ווארעם איטלעכע ירידה פון א צדיק האט פאר זיך דעם ציל נתעלה צו ווערן; און בעת דער צדיק טוט זיך אן א כוח, כדי אומצו־קערן זיך צו זיין ערשטער קראפט, ווערן בשעת מעשה באשאפן נייע נשמות. דער צדיק ווערט געשיקט פון גאט, כדי צו דערוועקן די מענטשן צו תשובה און מעשים טובים. און טאקע צוליב דעם מוז ער זיך אפט אראפלאזן פון זיין קדושה און ריידן מיט די מענטשן פראסטע דיבורים. „אמאל איז א בן־מלך געגאנגען אין דארף אריין, כדי דארטן ארויסצו־געפינען אן אוצר. האט ער זיך געמוזט אנטאן אין פויערשע מלבושים, כדי מען זאל אן אים ניט דערקענען דעם בן־מלך, אים אויסזאגן אלע סודות און וויי̇זן דעם ארט, וואו עס געפינט זיך דער אוצר. אזוי איז עס אויך מיטן צדיק. ער רעדט פראסטע דיבורים און ער באהעפט זיך מיט גאט ווייל ער אליין איז אויסגעבונדן מיט אים״.

דער צדיק קאן בפועל ממש באווייזן, אז אלע מענטשן, וואס ווערן הייליק דורך זיין קדושה, קאנען האבן א חלק אין דער ליבשאפט צו גאט און אין דעם גרויסן זיך מיט גאט. ער רופט זיך אן „שפיגל, ווייל איטלעכער, ווער עס קוקט אריין, זעט אין אים זיך אליין״.

## ט.

אונטער ר' בערס הנהגה האט זיך דער חסידיזם אנטוויקלט אויף א רויקן אופן און מצליח געווען. אין וואלין און פאדאליע האט ער זיך גיך פארשפרייט און צוגעצויגן צו זיך די דארטיקע קהילות און אלע יידישע אינסטיטוציעס. אנדערש איז אבער געווען דער מצב אין ליטע. אמת, אז אויך אין ליטע האט דער חסידיזם צוגעצויגן צו זיך א סך מענטשן, אבער דא האט ער געמוזט ארבעטן בסוד. די חסידים האבן זיך דא ארגאניזירט אלס א „באהאלטענע כיתה" און זייער תורה איז פארשפרייט געווארן בעל־פה נאר צווישן די „אויסדערוויילטע", וואס זיינען מסוגל געווען צו פארשטיין. אזא מין מצב אבער האט זיך ניט געקאנט לאנג האלטן. סוף־כל־סוף האט מען געמוזט געוואר ווערן פונם סוד. די חסידישע תורה איז מיט דער צייט באקאנט געווארן אויך אין אזוינע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג, וואס זיינען געשטאנען ווייט פונם חסידיזם, און האבן ארויסגערופן דעם גרימצארן פון די ליטווישע רבנים און לומדים מיט דעם ווילנער גאון און זיינע תלמידים בראש. מיט א וויטאג אין הארצן האבן זיי אויסגערופן: „אפילו פון טיפשים און משוגעים קאן מען שוין הערן די ווערטער: אין איטלעכן ארט און אין איטלעכער זאך געפינט זיך די פול־קומע געטלעכקייט".

צו אזא מין גרימצארן האט א סך גורם געווען די באוואוסטע חסידישע כיתה פון ר' אברהם קאליסקער. ר' שניאור־זלמן דער ליאדיער האט מכוח דער דאזיקער כיתה אט וואס געשריבן: „דעם גאנצן טאג טרייבן זיי קאטא־וועס, מאכן חוזק פון תלמידי־חכמים אויף א פוסטן ליצנישן אופן, גייען אויף די קעפ ווי פאקוסניקעס וכדומה. עס איז ממש א חילול־השם פאר די גויים. אין די גאסן פון קאליסק און ליאזנע פראווען זיי נאך אנדערע משוגענע שטיק".

די דאזיקע שטיק האבן געבראכט אין כעס אזא איבערגעגעבענעם חסיד, ווי שניאור־זלמן, היינט וואס זאל מען שוין זאגן פון די מתנגדים. כדי ניט צוצולאזן צו אן אפענעם קאמף, האט ר' בער, וואס האט זיך גע־האט באזעצט אין ראוונע, געמאכט ווינטער אינם יאר 1772 דעם פרווו איבערצושיקן קיין שקלאוו ר' אברהם דעם קאליסקער און ר' שניאור־זלמנען דעם ליאדיער, כדי זיך דארט מתווכח צו זיין מיט די מתנגדים איבער דעם מהות פון חסידיזם. די פרטים פון דעם דאזיקן וויכוח, ווי אויך די נעמען פון די בעלי־הוויכוח, זיינען אונז ניט באקאנט. מיר ווייסן נאר, אז עס וואלט אפשר צום קאמף ניט געקומען, ווען די קאליסקער חסידים וואלטן זיך אנדערש אויפגעפירט. ווארעם אז מען האט ר' אברהם דעם

קאליסקער געפרעגט מכּוח די גענג פון די חסידים, האָט ער ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

חודש ניסן 1772 האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף צווישן די חסידים און די מתנגדים. דער ווילנער גאון אינאיינעם מיט זיינע אנשי שלומו האָבן די חסידים אריינגעלייגט אין חרם. די מתנגדים האָבן דעם דאָזיקן חרם געפּאָלגט. זיי האָבן אָנגעטאָן יסורים צוויי ווילנער חסידים, וואָס האָבן פריער געהערט צו די תּלמידים פונם ווילנער גאון. דאָס זיינען געווען דער מגיד ר' חיים און ר' איסר פון ווילנע. ר' איסרן האָט מען אוועקגעלייגט אויפן עמוד אין שול און געשלאָגן פאַר דעם גאַנצן עולם אין די אויגן. דער ווילנער גאון איז דערמיט נאָך ניט צופרידן געווען. לויט זיין מיינונג איז דאָס געווען אַ קליינע שטראָף: „אַז איך וואָלט געווען ביכולת — האָט ער אויסגערופן אין כּעס — וואָלט איך מיט זיי געטאָן דאָס, וואָס די יידן האָבן אַמאָל געטאָן מיט דעם נביא השקר מתן".

דעם גאונס חרם איז באַקאַנט געוואָרן אין אַלע ליטווישע שטעט, און אומעטום האָבן זיך די מתנגדים נוהג געווען מיט די חסידים לויט דעם גייסט פון דעם דאָזיקן חרם. אין פּינסק, וואו ר' לייב-יצחק, אַ תּלמיד פון דעם מגיד, איז געווען רב, האָט זיך אַ מחנה מתנגדים אריינגעריסן אין זיין שטוב, צעבראָכן אַלצדינג, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען, און האָבן אים געמאַכט אויס רב. ר' לייב-יצחק איז דעמאָלט גראָד געווען אין ראָוונע, וואו דעם מגידס תּלמידים זיינען זיך צונויפגעפאָרן האַלטן אַן עצה. אַז ער האָט דעם מגיד פאָרגעלייענט דעם בריוו, וואו מען האָט מודיע געווען איבער די פּאַסירונגען אין פּינסק, האָט יענער געשוויגן און גאָרניט געענטפערט. ער האָט געפילט, אַז ער איז ניט גענוג שטאַרק צו פירן אַ קאַמף קעגן די מתנגדים. ער האָט געזען, אַז דער חסידיזם געפינט זיך אין אַ סכּנה און האָט ניט געהאַט די העלדישקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן זיינע שונאים.

ר' בער איז אויך געווען אַ חלוש און די דאָזיקע אַלע פּאַסירונגען האָבן נאָך מער פאַרשוואַכט זיין געזונט. די חסידים האָבן מורא געהאַט, אַז עס זאָל זיך מיט אים חלילה ניט טרעפן קיין אומגליק, און אַחוץ דעם זיינען זיי געווען שטאַרק צעטראָגן וועגן דעם גורל פון חסידות. זיי האָבן געזען, ווי די זון, וואָס האָט געלויכטן איבער דעם גאַנצן חסידיזם, האַלט ביים פאַרגיין. אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט האָט זיך ר' בער באַזעצט אין אַנאַפּאָלי. דאָרטן איז ער געשטאָרבן דעם 19טן כּסלו פונם יאָר 1772. אויף זיין קבר שטייט אַ פּראָסטע מצבה פול מיט שבחים. נאָך דעם טויט פונם מגיד איז חסידות געבליבן פאַריתומט. דער קאַמף קעגן דער באַווע-

גונג האט זיך ערשט איצט אנגעהויבן. די מתנגדים האבן דערזען אינם טויט פוגם מנהיג א צייכן מן השמים, און אצבע אלהים. זיי האבן זיך געפרייט, ווייל זיי האבן געמיינט, אז דער חסידיזם וועט אוועקשטארבן אין איינעם מיט זיין מנהיג. אבער באלד איז פאר זיי קלאר געווארן, אז זייער שמחה איז געוועזן א ביסל צו פרי.



צורת רבינו אליהו הגאון מווילנא זצ"ל

(י"ט תשרי תקנ"ח)

# דער מלאך.

## א.

נאָך דעם טויט פון ר׳ בערן איז איבערגעבליבן א בן־יחיד, ר׳ אברהם. ער האָט ניט געקאָנט איבערנעמען אַלע חסידים, וועלכע זיינען געבליבן נאָך זיין פאָטער, דעם „מגיד״, און דאָס איז געווען צוליב צוויי סיבות:

ערשטנס, ווייל דער חסידיזם איז שוין דעמאָלט זייער שטאַרק געווען און האָט זיך מער ניט געניייטיקט אין א קאָנצענטרירונג אין איין האַנט און אין איין שטאָט.

צווייטנס, ווייל ר׳ אברהם איז אויך ניט געווען דער פּאַסיקער מענטש צו זיין א פירער. ווייל ער איז געווען אינגאַנצן אויסגעטאָן פון דער וועלט, אָדער ווי די חסידים האָבן אים גערופן: א מלאך.

זיי דערציילן, אז ווען ר׳ בער האָט זיין ערשטן באַזוך געמאַכט ביים בעל־שם, האָט דער לעצטער אים געזאָגט: פאַר אהיים, און דיין פרוי וועט דיר געבוירן א זון, וועלכער וועט גאָר קיין שייכות ניט האָבן צו דער וועלט. און אָט איז געבאָרן געוואָרן זיין זון, ר׳ אברהם, אין יאָר תק״א בערך.

שוין אַלס גאַנץ יונגער מענטש האָט ער זיך אָפּגעזונדערט פון אַלע מענטשן. ער האָט ווייניק גענעסן, ווייניק געטרונקען און ווייניק געשלאָפן, און איז תמיד געווען פאַרטיפט אין קבלה־ספרים און אין זיינע געדאַנקען. ר׳ בער האָט פאַר אים געוויילט א חבר, זיין תלמיד ר׳ שניאור־זלמן פון ליאַדי. ער האָט מיט אים געלערנט נגלה און ר׳ אברהם האָט מיט אים געלערנט נסתר. זיי האָבן פאַרטיילט די צייט: דריי שעה נגלה און דריי שעה נסתר, און ווידער דריי שעה נגלה און ווידער דריי שעה נסתר און אַז״וו. אָבער ר׳ אברהם האָט אויך די גמרא און תוספות, וואָס ר׳ שניאור־זלמן אָט מיט אים געלערנט — אָט די נגלה גופא האָט ער געמאַכט צו

נסתּר, און האָט די נגלה אויסגעטייטשט אין סודות און רמזים. ר' שניאור-זלמן האָט זיך דעריבער באַקלאָגט פאַר ר' בערן, האָט ער אים געענטפערט: „זאָל מיין זון טאָן ווי ער פאַרשטייט. דו לערן מיט אים נגלה און פשט און ער זאָל אויסטייטשן ווי ער פאַרשטייט אין סוד; דו ווייזט אים דאָס אויסווייניקסטע קלייד און ער באַווייזט דיר דאָס אינעווייניקסטע, דאָס וועזן פון דער גמרא".

וועגן די פאַרהעלטעניש צווישן אָט די צוויי חברים דערציילן די חסידים פיל מעשיות. זיי האָבן זיך זייער ליב געהאַט, אָבער ר' שניאור-זלמן האָט ניט פאַרגעסן, אַז זיין חבר איז דעם רבּים זון, ער איז דער מלאך, ער איז דער, וועלכער האָט אים געוויזן דעם וועג אין דער קבלה.

די חסידים דערציילן: איין מאָל האָט ר' שניאור-זלמן געוואָלט אָפּ-פאָרן אהיים. זיין חבר, דער מלאך, האָט אים באַגלייט. אַז זיי האָבן זיך געזעצט אין וואָגן, האָט דער מלאך געזאָגט צו דעם בעל-עגלה: „דו זאָלסט די פערד אַזוי שטאַרק בייטשן ביז זיי וועלן פאַרגעסן, אַז זיי זיינען פערד". הערנדיק די ווערטער פון ר' אַברהמען, איז ר' שניאור-זלמן אַראָפּ פון וואָגן און האָט געזאָגט: „דאָס איז אַ גאַנץ נייער וועג אין עבודת אלהים, וועלכן מען דאַרף ערשט לערנען". ער איז צוריקגעגאַנגען צו ר' בערן און האָט ווידער געלערנט צוזאַמען מיט ר' אַברהמען.

## ב.

די הנהגות פון ר' אַברהמען זיינען געווען גאַנץ אַנדערע, ווי די פון זיין פאָטער, דעם „מגיד": ער האָט די חסידים ניט געזען און זיי אויס-געמיטן; ער האָט גאָרניט געוואָלט וויסן פון די מענטשן, פון דער וועלט. ער איז געווען נאָר רוחניות. וואָס ער האָט געזען, האָט ער נאָר גע-זען מיט גייסטיקע אויגן; אומעטום האָט ער געפונען נאָר סודות התּורה. ער באַקלאָגט זיך, אַז דער חסידיזם אין זיין צייט איז געוואָרן פאַרגרעבט; ער איז ניט מער, וואָס ער איז פריער געווען אין די צייטן פון בעל-שם. להיפּוך צו זיין פאָטער, וועלכער האָט געזאָגט, אַז יראת אלהים, מורא האָבן פאַר גאָט, איז דער עיקר אין עבודת הבורא, האָט ר' אברהם געזאָגט: ניט מורא האָבן איז דער עיקר, נאָר ליבע צו גאָט איז דער עיקר; די ריינע מחשבה איז פאַר אים העכער און איידעלער ווי אַלץ. און ער האָט פאַר-לאַנגט מען זאָל „משבר" זיין דעם גשמיות, מען זאָל דעם חומר, דעם גוף, פאַרניכטן און מאַכן פון אים אַ שטיק רוחניות, אַ נשמה, אַ געטלעך וועזן, ווי די נשמה גופא. וואָרעם דער גוף, ווי ער איז, איז מעכּב די רוחניות, פאַרטונקלט די נשמה, באַפלעקט דאָס הייליקע אין דעם מענטשן, שטערט דער פאַראייניקונג פון מענטשן מיט גאָט, וועלכע

קאָן צושטאַנד קומען נאָר דורך גייסט, נשמה. לכן מוזטו אַלע דיינע כוחות אָנווענדן צו מאַכן אויך דיין גוף פאַר אַ נשמה, פאַר גייסט, און דאָס קאָנסטו נאָר דורך צעברעכן, פאַרניכטן אַלע תאוות, אַלע גשמיות.

און ער אַליין האָט באַוויזן, וואָס דאָס הייסט „משבר" זיין דעם גוף: ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון מענטשן און לעבן. דעם גאַנצן טאָג איז ער געווען איינגעשפּאַרט אין זיין חדר, אָנגעטאָן אין טלית און תפילין. דער טלית איז ביי אים געהאַנגען טיף איבער דעם קאָפּ, ביז די קני. קיין מענטש האָט אים ניט געזען אין זיין געזיכט; ער האָט כמעט ניט גע־געסן. „דעם גאַנצן מעת־לעת — דערציילט וועגן אים זיין אייניקל, דער ריזשינער, — האָט ער געגעסן נאָר די הויט פון אַ טויב. אַן אַנדער מענטש קאָן דערפון ניט לעבן. די חסידים דערציילן, אַז ר' אברהם האָט אַלע מענטשלעכע אינסטינקטן און תאוות אין זיך געטויט; אַז זיין פאָטער האָט געוואָלט אים חתונה מאַכן, האָט ער זייער געוויינט. ער האָט ניט געוואָלט זיך אַראָפּלאָזן פון זיין הויכער רוחניותדיקער מדרגה, אום צו לעבן מיט אַ פרוי.

די גאַנצע חסידישע וועלט, ווי דער המון, אַזוי אויך די צדיקים, האָבן ר' אברהמען גערופן: דער מ ל א ך, און אַזוי איז זיין נאָמען גע־בליבן ביז אויף דעם היינטיקן טאָג. מען רופט אים ניט מיט זיין נאָמען, ר' אברהם, נאָר מען זאָגט סתם: דער מלאך, און יעדער חסיד ווייס שוין וועמען מען מיינט. דאָס אַלטע יידנטום דערציילט וועגן צוויי מענטשן, וועלכע זיינען לעבעדיקערהייט אַרויפגעגאַנגען אויף דעם הימל און זיי זיינען געוואָרן מלאכים. דאָס זיינען געווען: חנוך און אליהו הנביא. ביי די חסידים איז ר' אברהם דער דריטער מענטש, וועלכער איז געוואָרן אַ מלאך; אין פאָרם און אויסזען אַ מענטש, אָבער דאָך אַ מ ל א ך.

די חסידים דערציילן: דער גרויסער צדיק ר' יצחק ראַדזיווילער, אַז ער האָט דערהערט פון די הנהגות פון מלאך, האָט ער געוואָלט אַליין מיט זיינע אויגן זען, ווי ער פירט זיך אויף. ער איז צו אים געקומען ערב תשעה־באב. פאַרנאַכט זיינען זיי געגאַנגען אין שול אַריין זאָגן קינות. אַלע האָבן זיך געזעצט אויף דער ערד און דער חזן האָט אָנגעהויבן זאָגן: „איכה ישבה בדד העיר רבתי עם". ר' אברהם האָט אָנגעהויבן צו וויינען און האָט אַריינגעטאָן זיין קאָפּ צווישן די קני. דער חזן האָט געענדיקט די קינות, דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען און ר' אברהם זיצט נאָך אויף דער ערד, דער קאָפּ צווישן די קני, אָן אַ שום באַוועגונג, אָן אַ קול. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ר' יצחק אויף אים געוואַרט. און איז נאָכ־דעם אַליין צוריקגעגאַנגען אין זיין אכסניה. דעם אַנדערן טאָג, גאַנץ פרי,

איז ר׳ יצחק אין שול געגאַנגען און האָט דאָרט נאָך געטראָפן ר׳ אברהמען, זיצנדיק אויף דער ערד מיט זיין קאָפּ צווישן די קני. אַזוי איז ער געבליבן ביז עס איז נאַכט געוואָרן. „ניט אומזיסט רופט מען אים מלאך — האָט ר׳ יצחק שפּעטער געזאָגט — דער נאָמען פּאַסט זיך פאַר אים און פאַר זיינע מעשים. אַזאַ עבודה צו גאָט קאָן נאָר אַ מלאך, ניט קיין בשר ודם״.

און דאָך איז זיין פאָטער, ר׳ בער דער „מגיד״, ניט געווען צופרידן מיט זיין זונס דרך. ער האָט אים פיל מאָל געבעטן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן דעם מסוגנדיקן דרך, אָבער ר׳ אברהם האָט אים ניט געפאָלגט. אויך נאָך זיין טויט — דערציילן די חסידים — איז זיין פאָטער צו אים געקומען פון עולם העליון און האָט אויף אים גוזר געווען בגזרת כיבוד אב, אַז ער זאָל זיין וועג פון פייניקן זיך אויפגעבן; אָבער דער מלאך האָט אים גע־ענטפערט: „איך אָנערקען ניט קיין אב בשר, מיין אמתער פאָטער איז דער פאָטער אין הימל, דער אייביק-לעבעדיקער גאָט״. האָט דער מגיד צו אים געזאָגט: „ווען דו ווילסט מיך ניט אָנערקענען פאַר דיין פאָטער, פאַר־וואָס זשע האָסטו מיך געירשנט?״ האָט דער מלאך אים געענטפערט: „איך בין מוחל אויף דיין ירושה״. תיכף איז אַראָפּגעפאַלן אַ פייער פון הימל און האָט פאַרברענט אַלע חפצים, וועלכע ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער.

ר׳ אברהם איז געווען דער מין צדיק, וואָס ער אַליין האָט וועגן אים אַזוי געזאָגט: „עס איז פאַראַן אַ מין צדיק, וועלכער קאָן ניט מנהיג זיין דעם דור; דער דור קאָן אים ניט פאַרשטיין, וויל ער שטייט אויף אַזאַ גרויסער מדרגה, אַז ער קאָן זיך ניט אַראָפּלאָזן צום דור, כדי אים אויפ־צוהויבן אין דער הויך״.

ער איז ניט געווען פון דער וועלט און האָט זיך אויך גאָר ניט געפּאַסט צו דער וועלט. ער איז דעריבער אויך ניט געוואָרן קיין פירער פון די חסידים, כאָטש אַלע חסידים, אָן אונטערשייד, האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף דעם אמתן „צדיק הדור״ און אומעטום, וואוהין ער איז געקומען, האָט מען אים באַטראַכט ווי דעם הייליקסטן און גרעסטן פון דור.

אייניקע חדשים פאַר זיין טויט האָט ער זיך באַזעצט אין פאַסטאָוו (לעבן קיעוו). ער האָט דאָרט געלעבט אויף זיין אופן: פאַרשפּאַרט אין זיין צימער און קיינעם ניט געזען. אין דער זעלבער צייט איז דער צדיק, ר׳ נחום טשערנאָבילער, דורכגעפאָרן פאַסטאָוו. האָבן די פאַסטאָווער יידן אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך משתדל זיין ביי דעם מלאך, אַז ער זאָל זיך ווייזן פאַר דעם פאָלק. ר׳ נחום האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי

זיינען ניט בכוח צו זען אַ מלאך, זיי וועלן דאָס ניט אויסהאַלטן. אָבער די פאַסטאָווער יידן זיינען דאָך באַשטאַנען אויף זייער בקשה. פונקט איז דע־מאָלט דאָרט געווען אַ ברית מילה, דער מלאך איז געווען סנדיק און ר׳ נחום — מוהל. דער ברית איז געווען אין בית־מדרש. אַלע יידן פון שטעטל האָבן זיך פאַרזאַמלט אין בית־מדרש, און עס איז געווען אַ נס, אַז אַלע זיינען אַריינגעגאַנגען און אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם מלאך. דער מלאך איז געקומען, ווי זיין שטייגער איז געווען, איבערגעדעקט מיט דעם טלית, און האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט. און דער גאַנצער עולם איז געשטאַנען מיט אימה און פחד, קוקנדיק אויף דעם מלאך. לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם האָט דער מלאך אויפגעהויבן דעם טלית העכער און העכער. די שפּאַ־נונג און די דערוואַרטונג פון דעם עולם איז געוואַקסן פון רגע צו רגע; אַ ציטערניש איז דורכגעלאָפן צווישן די יידן; דער אָטעם איז ביי זיי שיר געבליבן שטיין; זיי האָבן אין דער רגע פאַרגעסן אָן אַלץ, אָן זיך גופא; זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט נאָר אויף איין פונקט: אָט באַלד וועלן זיי זען עין בעין דעם מלאך. דער גרויסער אויגנבליק איז געקומען און דער מלאך האָט געוויזן זיין פנים. אַ מהומה איז אַנטשטאַנען צווישן דעם עולם, אַ גרויסע אימה און ציטערניש איז געפאַלן אויף אים, און אַלע יידן זיינען זיך פונאַנדערגעלאָפן.

זעקס חדשים נאָך זיין קומען נאָך פאַסטאָוו איז דער מלאך דאָרט געשטאָרבן און דאָרט נקבר געוואָרן. ער איז אינגאַנצן אַלט געווען 36 יאָר.

זיין טויט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רעש אין דער גאַנצער חסידישער וועלט, און דער גרויסער צדיק, ר׳ פינחס קאָריצער, האָט געזאָגט: „ווען דער מלאך וואָלט ניט אַזוי יונג געשטאָרבן, וואָלטן זיך אים אַלע צדיקים אונטערגעוואָרפן״.

נאָך זיין טויט האָט דער צדיק ר׳ נחום טשערנאָבילער, וועלכער איז געווען אַן אַלמן, געוואָלט חתונה האָבן מיט דער אַלמנה פון ר׳ אברהמען, און דער זון פון לעצטן, ר׳ שלום, איז געווען דער שדכן. האָט ער איינמאָל געזען אין חלום אַ גרויסן, שיינעם פאַלאַץ, און זיין פאָטער, ר׳ אברהם, שטייט לעבן דער טיר פון פאַלאַץ און שרייט: „ווער איז דער מענטש, וועל־כער וואָגט אַריינצוקומען אין דעם פאַלאַץ?״ דער זון האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין פאָטער וויל ניט, אַז זיין אַלמנה זאָל נאָך אַמאָל חתונה האָבן.

אַ געוויסע צייט נאָך זיין טויט איז דער צדיק, ר׳ ישראל פּאָלאָצ־קער, אַ תלמיד פון ר׳ בער, דורכגעפאָרן פאַסטאָוו. ער איז געגאַנגען — דערציילן די חסידים — אויף דעם קבר פון מלאך. אַז ער איז צוריקגע־

קומען אין זיין אכסניה, האט ער גערופן די „חברה קדישא״ און האט צו זיי געזאגט: „דער מלאך רופט מיך צו זיך; ער ליגט אזוי אליין און אפּ-געזונדערט. איך וועל באלד שטארבן, באגראבט מיך לעבן דעם קבר פון מלאך״, און אזוי איז געשען.

שפּעטער מיט עטלעכע יאר — דערציילן די חסידים — איז ר׳ שניאור-זלמן, דער חבר פון מלאך, דורכגעפאָרן ניט ווייט פון פאסטאָוו, אָבער ער האט ניט געוואלט אריינפאָרן אין שטאט אריין. ער האט געזאגט: זיין אין פאסטאָוו און ניט באזוכן דעם קבר פון מלאך, איז קיין יושר ניט. גיין אויף זיין קבר וויל איך ניט, ווייל דער מלאך קאן פון מיר פארלאנגען דאָס זעלבע, וואָס ער האט פארלאנגט פון ר׳ ישראל פּאָלאָצקער.

דער קבר פון דעם מלאך איז הייליק ביי די חסידים ביז אויף דעם היינטיקן טאג. ווען עס קומט א צרה אויף א פּרט אָדער כלל ישראל, גייט מען אויף זיין קבר און מען איז דאָרט מתפּלל.

דער מלאך איז געשטאָרבן, אָדער ווי עס הייסט אין דער חסידישער שפּראך: ער איז „נסתלק״ געוואָרן, און זיין נאָכפאָלגער איז געוואָרן זיין זון, ר׳ שלום, וועלכער האט זיך באזעצט אין פּראָבישטש. ער איז אויך באקאנט מיט דעם נאָמען ר׳ שלום פּראָבישצער. נאטירלעך, איז ער געווען זייער שטארק אנגעזען אין דער חסידישער וועלט. ער איז געווען בכבוד ביי די חסידים, ווייל ער איז געווען א שלשלת היוחסין, ווייל זיין זיידע איז געווען דער „מגיד״ און זיין פאָטער דער „מלאך״. די שטארקע שטראלן פון זיין גרויסער פארגאנגענהייט האָבן אויך אים באלויכטן און אים געגעבן כוח און השפּעה צו ווירקן אויף א גרופּע חסידים, וועלכע האָבן אים געפאָלגט און אים געמאכט פאר זייער צדיק.

# ר׳ מענדל וויטעבסקער.

## א.

אין דער דאזיקער פינסטערער צייט, בעת דער חסידיזם איז גע־בליבן אן א קאפ, אן א מנהיג, האט אים דער חרם צוגעגעבן מוט און כוח און האט אים אין א געוויסער מאס געצוואונגען אנהייבן צו פירן א קאמף כלפי חוץ, כדי זיך צו באשיצן. אין דעם האט ער געקליבן נייע כוחות. אנשטאט דעם איין-איינציקן מיטלפונקט, מעזשריטש, זיינען איצט נאך דער פטירה פון ר׳ בערן אויסגעוואקסן עטלעכע מיטלפונקטן אין פארשיי־דענע מדינות. איטלעכער מיטלפונקט איז געווען צוגעפאסט צו די מנהגים און דעם לעבנסשטייגער פון דער אדער יענער מדינה.

ר׳ בערס תלמידים זיינען זיך צעפארן אין די ערטער, פון וואנען זיי שטאמען, אין גאליציע, ליטע, אוקראינע און פוילן, און איטלעכער פון זיי האט זיך געסטארעט צוציען אויף יעדן ארט נייע קרעפטן צום חסידיזם און צו באשיצן זיין כבוד. אזוי ארום האט זי דער חסידיזם אנגעהויבן אומע־טום איינצוווארצלען, ניט קוקנדיק אויף דעם חרם. די מנהיגים זיינען ניט געזעסן אין דער היים, כדי צו דרשענען זייער תורה פארן פאלק, נאר פלעגן אליין גיין צו אים, ניט ווארטנדיק ביז דאס פאלק זאל צו זיי קומען. פאר זייערע אויגן האט זיך תמיד געטראגן אן איבערלעבעניש, וואס דער רבי האט זיי אמאל דערציילט. „אמאל — האט דער בעל-שם דערציילט,— האב איך געטראפן אויפן וועג צום הימל משיחן און איך האב אים גע־פרעגט, ווען ער וועט קומען. דערויף האט ער מיר געענטפערט: „איך וועל קומען דעמאלט, ווען אלע דיינע געדאנקען און אלע סודות, וואס איך האב דיר געהאט אנטפלעקט, וועלן באקאנט ווערן אויף דער גאנצער וועלט״. און די תלמידים האבן געגלויבט באמונה שלמה, אז דאס פאלק ישראל וועט ניט אויסגעלייזט ווערן, איידער זיין תורה וועט איינעמען די וועלט, די תורה פון יענעם מענטשן, פאר וועמעו מלאכים און שרפים האבן גע־ציטערט.

דערוווייל האָט דער חרם אָנגעטאָן צרות, אַרויסרופנדיק שנאה, מסירות און מחלוקת צווישן ברידער. באַזונדער האָבן דערפון געליטן די ליטווישע חסידים. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זייערע באַוואוסטע פירערס, ר׳ מענדל וויטעבסקער, ר׳ אברהם קאַליסקער און ר׳ ישראל פּאָלאָצקער און נאָך דריי הונדערט חסידים האָבן געמוזט פאַרלאָזן ליטע און אוועקפאָרן אין ארץ־ישראל אין יאָר תקל״ז. אָבער די דאָזיקע עמיגראַציע איז פאַר חסידות געווען אַ גליק. וואָרעם דורך די עמיגראַנטן איז חסידות געקומען קיין ארץ־ישראל, און די ספרדישע יידן זיינען מיט איר באַקאַנט געוואָרן; פריער האָבן זיי געקענט דעם חסידיזם בלויז נאָך דעם נאָמען נאָך דורך ר׳ גרשון קוטיווער, דעם תלמיד און שוואָגער פונם בעל־שם, וואָס האָט זיך דאָרט געהאַט באַזעצט. ער האָט זיי דערציילט מכּוח דעם באַטייט פונם בעל־שם, אָבער דער תּמצית פון חסידות איז זיי ערשט באַקאַנט געוואָרן דורך ר׳ מענדלען און זיין קאָמפּאַניע. דורך אים איז טבריה געוואָרן אַ מקום־מקלט פאַרן חסידיזם, אַזוי אַז ר׳ מענדל האָט עס געקאָנט אָנרופן דעם גרעסטן און חשובסטן מיטלפונקט פון חסידות. ער פלעגט איבערחזרן כּמה מאָל, אַז ארץ־ישראל איז אַ פּאַסיקער אָרט פאַרן חסידיזם און אַז ער קאָן נאָר פון דאַנען אַרויסשטראַלן זיין ליכטיקייט אין די מדינות פון גלות; ווען ניט ווען פלעגט ער שיקן אַהינצו בריוו מכּוח חסידיזם.

פון ארץ־ישראל האָט זיך ר׳ מענדל געווענדט מיט אַ בריוו צו די מתנגדים, געבעטן זיי אָפּצולאָזן דעם קאַמף. אָט, למשל, האָט ער אַמאָל געשריבן בזה הלשון: „גאָט און יידן ווייסן, אַז מען פאַרשפּרייט קעגן אונז רכילות און ליגנס. איך שטיי איצט אויף דער הייליקער ערד, און גאָט זאָל זיין מיין עדות (אין זיין נאָמען הייב איך אויף די הענט צו אַ שבועה!), אַז אין אונזער כּוונה און אין אונזער אמונה ליגט קיין שום זאַך ניט, וואָס זאָל קאָנען דערוועקן דעם מינדסטן חשד פון אַ סתירה צו דער תּורה שבּעל פּה. אונזער שיטה וויל אַפילו ניט אָנרירן קיין איינציק געבאָט. אין דער אמתן זיינען מיר מקיים געטריי אַלע דינים פון אונזער תּורה, וואָס זי איז אונז געגעבן געוואָרן פון משה רבּנו און אויסגעטייטשט געוואָרן פון אונזערע חכמים, די תּנאים, אמוראים און גאונים, די קדמונים און די אחרונים. גאָט! קוק אַראָפּ אויף דעם בזיון פון דיינע משרתים, טו אונז דערלויכטן מיט דער ליכטיקייט פון דיין פּנים און ברענג אַריין אַחדות אין אונזערע הערצער, כּדי מיר זאָלן דיך דינען, באַהעפטן אונז מיט דיינע מצוות, וואָס זיינען אונזער לעבן, און אין וואָס מיר פאַרטיפן זיך תּמיד און צוליב וואָס מיר זיינען גרייט זיך מקריב צו זיין אויף אַלע אופנים, וואָרעם זיי זיינען אונז טייער״.

דער סבלן און דער גוטהארציקער ר׳ מענדל, וואָס האָט פאַרזאָרגט זיינע תּלמידים: „ניט אָפּצושפּעטן פון יענע, וואָס האָבן פאַרלאָזט די תּורה, מחמת אויך זיי ווערן אָנגערופן גאָטס קינדער״ — דער דאָזיקער גוטהארציקער מענטש האָט זיך געווענדט מיט יענעם בריוו צו די ווילנער רבנים און האָט זיי געזאָגט: „איך בין אַ ירא־שמים, און גאָט זאָל זיין מיין עדות, אַז מיר האָבן בדעה נאָכצוגעבן און אַלעמען מוחל צו זיין, ווער ס׳איז געווען אין כּעס אויף אונז, אָדער ווער ס׳האָט אונז געפּייניקט און מבייש געווען אָדער אונז בייז געטאָן; זאָל זיי דער אויבערשטער מוחל זיין אין זיין חסד, וואָרעם זיי האָבן געגלויבט אין דעם, אַז זיי טוען דאָס אַלץ צוליב גאָטס וועגן. אָבער איצט הערט זיך צו צו דעם, וואָס איך וועל אייך זאָגן! פון היינט אָן זאָלט איר זיך ניט פאַרזינדיקן קעגן אונז, האָט רחמנות איבער אייך און איבער אייערע מעשים־טובים, כּדי איר זאָלט ניט חרוב מאַכן די וועלט אין איין איינצי־קער שעה״. דאָס איז אָבער פאַר אים נאָך ניט געווען גענוג. ר׳ מענדל האָט ביי זיי געבעטן מחילה, אַזוי ווי ער וואָלט זיי פּוגע בּכּבוד געווען. און בהכנעהדיק שרייבט ער: „רבותי, איר, וואָס איר זייט אַ סך גרעסערע לומדים ווי איך, אויב איך האָב זיך פאַרזינדיקט קעגן אייך און קעגן אייער כּבוד, בעטן מיר אייך בהכנעהדיק, איך און מיינע חסידים, אַז איר זאָלט מיר מוחל זיין. גאָט איז אַ רחום וחנון, איז מוחל דעם זינדיקן, און איר, וואָס זייט צוגעבונדן צו זיין תּורה, וועט איר ניט קאָנען ניט ענט־פערן: „איך בין מוחל!״ הערט אויף זיך צו קריגן. זיינען מיר דאָך איין איינציק פאָלק, קינדער פון איין איינציקן גאָט, צו וואָס זאָלן מיר זיך קריגן מיט אַנאַנד? רופט ניט ארוים, איר ברידער, קיין בייזע מחלוקת אויף גאָטס פאָלק. זעט, די גאַנצע וועלט ליגט פאַר אייך, און די אויגן פון אַלע יידן קוקן אויף אייך, און נאָר דורך שלום צווישן אייך וועט דער שלום באַשערט זיין פאַר אַלעמען״.

וויפיל סבלנות און עניוות ליגן אין די דאָזיקע ווערטער! און זיי זיינען ארויסגעגאַנגען פון אַ מענטשן, צו וועמעס ווערטער עס פלעגן זיך צוהערן טויזנטער יידן, צווישן וועמען עס האָבן זיך געפונען לומדים און מענטשן מיט אַ נאָמען. אָבער אַלע ווערטער זיינען געווען ארויסגע־וואָרפן. די ווילנער רבנים האָבן אויף אַלע אַזוינע זאַכן געקוקט פון אויבן אַראָפּ. אָן איינס האָבן זיי זיך געהאַלטן מיט אַן אייזערנער עקשנות: אומעטום און תּמיד רודפן די חסידים מיט אַ ווילדער שנאה. אָבער די ווילנער רבנים האָבן זיך אָפּגענאַרט. זייער חרם האָט ניט געהאָלפן. פאַר־קערט, אָנשטאָט דעם אַלטן ר׳ מענדל פון ליטע איז ארויסגעטראָטן אַ יונגער טאַלאַנטפולער פירער ר׳ שניאור־זלמן ליאַדיער, וואָס האָט זיך געשטעלט

בראש פונם ליטווישן חסידיזם און האָט אים צוגעפירט נייע כּוחות. און אחוץ דעם האָט דאָך דער חרם גופא גורם געווען דערצו, אַז דער חסידיזם איז געקומען קיין ארץ־ישראל און האָט דאָרט געפונען חסידים. וואָס זאָל מען טאָן? ווי זאָל מען זיך באַשיצן קעגן אים? אָבער אויך צו דעם האָבן די רבנים געפונען אַ תּרופה. זיי האָבן אַוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל אַ באַזונדערן משולח, וואָס האָט געהייסן ר׳ סעדיה, כּדי אויך דאָרטן באַקאַנט צו מאַכן דעם חרם. און כּך הוה. אין אַ משך פון אַ קורצער צייט האָט די דאָזיקע שליחות געהאַט אַ פּעולה. און איצט האָט דער טייוול פונם חרם אויך אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן אָפּצוטאָן זיינע מעשים תּעתּועים. דורך דער דאָזיקער שליחות איז ווידער אויסגעגראָבן געוואָרן אַ טיפער אָפּגרונט צווישן די אַשכּנזים און ספרדים, וואָס האָבן געלעבט בשלום אונטער דער השפּעה פון ר׳ מענדלען און זיינע לייט. אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און אין ארץ־ישראל איז דער רושם פונם חרם אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און וואָס ווייטער אַלץ מער, אין דער צייט, ווען דער חסידיזם האָט דאָ פאַרפעסטיקט זיינע איינגענומענע פּאָזיציעס מיט נייע כּוחות.

און אַזוי איז דער חסידיזם פאַרטראָגן געוואָרן אין די פאַרשיידנ־סטע מקומות. נאָך דעם טויט פון זיין באַגרינדער זיינען סך־הכּל אַוועק־געגאַנגען צוואַנציק יאָר, און דער חסידיזם האָט באַוויזן אין דער דאָזיקער קורצער צייט זיך אַ שטאַרקן רוק צו טאָן ווייטער. מיט אַ וואונדערלעכער גיכקייט האָט ער זיך דורכגעזעצט אַ וועג, עס האָט אים בלויז געפעלט איין איינציקע חשובע זאַך — אַ ליטעראַטור. דער יסוד דערצו האָט גע־לייגט אַן אַלטער תּלמיד פונם בעל־שם ר׳ יעקב־יוסף.

# ר׳ יעקב־יוסף פון פּאָלאָנע.

## א.

ר׳ יעקב־יוסף הכהן איז פון איין צד אַרויסגעקומען פון דער משפּחה פונם מקובל ר׳ שמשון אָסטראָפּאָלער און פון דעם אַנדער צד — פון דער משפּחה פון דעם באַוואוסטן גאון ר׳ יום־טוב ליפּמאַן העלער. לומדות און קבלה, אין וואָס די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן אַ סך אויפגעטאָן, און אין וואָס ער האָט זיך דערצויגן פון קינדווייז אָן, האָבן געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן רושם. בשעת ער איז נאָך געווען יונג, האָט זיך איינס מיטן אַנדערן ביי אים צונויפגעמישט אינאיינעם, און ער האָט אַליין נ.ט געוואוסט, וואָס איז ביי אים געווען חשובער. אַז ער איז אָבער עלטער און מיושבדיקער געוואָרן, איז די נטיה צו קבלה, באַזונדער צו דער קבלת האר״י, ביי אים געוואָרן תקיפער. צום סוף האָט זיך ביי אים אויסגעאַרבעט די מיינונג, אַז דער נגלה איז דער גוף, און סתרי תורה (די קבלה) איז די נשמה. אַז ר׳ יעקב־יוסף האָט געקראָגן אַ שם פון אַ למדן מופלג, האָט מען אים גערופן פאַר אַ רב אין זאַריגראַד.

אין יענער צייט האָט דעם בעל־שמס נאָמען אָנגעהויבן צו קלינגען אין די דאָרטיקע מקומות. מען האָט פון אים שטאַרק גערעדט און דערציילט עפּעס אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן גאָרניט געפּאַסט פאַר דעם דענק־ און לעבנס־שטייגער פון די דעמאָלטיקע רבנים. די דאָזיקע רבנים האָבן אָנגעהויבן אויף אים צו קוקן מיט חשד און אים צו רודפן. ר׳ יעקב־יוסף איז אויך געווען איינער פון זיי. און אַז דער בעל־שם איז אַ פּאָר מאָל אַראָפּגעקומען קיין זאַריגראַד, האָט ער זיך ניט געוואָלט זען מיט אים און האָט זיך געפּלייסט אים מבטל צו זיין אין די אויגן פון די שטאָט־לייט. דער בעל־שם איז אָבער געווען אדרבה ואדרבה, ער האָט זיך געסטאַרעט צוצוציען צו זיך דעם רב, אָדער גערעדט אויפן לשון פון חסידים, „מאַכן, אַז ער זאָל נתעלה ווערן״.

אמאָל, דערציילט אַ חסידישע מעשה, איז דער בעל־שם געקומען קיין זאַריגראַד, האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין מיטן מאַרק און האָט אָנגע־

הויבן צו דערציילן מעשיות; עס האָט זיך אָנגעהויבן צו קלייבן ארום אים אַ גרויסער עולם, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו זיינע מעשיות. דאָס איז געווען שבת אינדערפרי. אַז ר׳ יעקב־יוסף איז געקומען אין שול אריין, כּדי צו דאַווענען מיטן עולם, איז ער געוואָרן שטאַרק פאַרחידושט, וואָרעם אחוץ דעם שמש, האָט ער דאָרט קיינעם ניט געטראָפן. דער שמש האָט אים דערציילט, אַז דער גאַנצער עולם שטייט ארום דעם בעל־שם אויפן מאַרק און הערט זיך צו צו זיינע מעשיות. אויפן רב האָט דעם שמשס ווערטער געמאַכט אַ טיפן רושם, ער האָט געהייסן, מען זאָל דעם בעל־שם רופן און האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל זיין זיין אורח, און פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן זיין תּלמיד און זיין ידיד. און טאַקע פון דעמאָלט אָן האָט ר׳ יעקב־יוסף אָנגעהויבן צו פאָרן צום בעל־שם. די זאַריגראַדער תּושבים האָבן אָבער דערפון גאָר ניט געוואוסט. ער האָט מורא געהאַט זיי צו דערציילן פון זיינע נסיעות, וואָרעם דער רוב פון זיי האָט דעם בעל־שם גערודפט. סוף־כּל־סוף זיינען אָבער די זאַריגראַדער תּושבים געוואָר געוואָרן, אַז זייער רב איז געוואָרן אַ חסיד, און זיי האָבן אים ארויסגעטריבן.

ער איז דערנאָך געוואָרן רב אין ראַשקאָוו, אין אַ קורצער צייט נאָכדעם אַ רב אין נעמיראָוו, און גאָר צום סוף אַ רב אין פּאָלאָנע. דעמאָלט האָט ער אָפן געדרשנט לטובת חסידיזם, אָבער ניט געקוקט דערויף, איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דעם אר״ים קבלה און האָט זיך געפּייניקט דורך תּעניתים. דעמאָלט האָט ער געזאָגט די דאָזיקע ווערטער: „ווער עס וויל לעבן, מוז שטאַרבן און פאַסטן; ווער עס וויל לעבן אויף ד ע ר און י ע נ ע ר וועלט, מוז זיין אַן אכזר קעגן זיך און דאָס איז דער עיקר״. דער בעל־שם האָט אים אויסגערעדט פאַר אַזעלכע דיבורים און האָט אים געשריבן אָט וואָסערן בריוו: „אייער בריוו האָב איך באַקומען און איך האָב געגעבן אַ קוק אויף די ערשטע שורות און דאָרט רעדט כּבוד מעלתו דערפון, אַז מען מוז זיך פּייניקן, און ביים לייענען פון די דאָזיקע שורות איז מיר אַ שווידער איבערגעלאָפן דורכן לייב, און איך באַשווער אייך אינם נאָמען פון הקב״ה און זיין שכינה, איר זאָלט זיך ניט אריינלאָזן אין אַזאַ סכּנה, וואָרעם דאָס איז דאָך עצבות און מרה־שחורה, און ווען די שכינה רוט אויף עמיצן, רוט זי ניט אויף אים צוליב עצבות און מרה־שחורה, נאָר צוליב דעם, וואָס מען איז זיך משמח מיט די מצוות התּורה. און איר ווייסט עס אַלץ, וואָרעם איך האָב עס אייך געלערנט און איר האָט עס תּופס געווען. און בנוגע אייערע מחשבות, וואָס האָבן אייך דערצו געבראַכט, גיב איך אייך אַן עצה, און זאָל גאָט זיין מיט אייך, איר שטאַרקער גבור: איטלעכן פרימאָרגן זאָלט איר זיך בשעת דעם לערנען

באהעפטן מיט די אותיות אין א לחלוטנדיקער איבערגעגעבנקייט צו דער עבודת־הבורא יתברך שמו, און דעמאלט וועט די מדת־הדין ווייך ווערן אין איר סאמען שורש, און עס וועט אייך דערפון גרינגער ווערן. ו מ ב ש ר ך א ל ת ת ע ל ם — פון דיין לייב זאלסטו זיך ניט אפזאגן אין אלצדינג, וואס מען מעג על־פי חוקי התורה. און אויב איר וועט מיך פאלגן, וועט גאט מיט אייך זיין, און איצט וועל איך מקצר זיין און אייך זאגן שלום, ישראל בעל־שם".

צום סוף איז ר' יעקב־יוסף געווארן אינגאנצן דעם בעל־שמס א חסיד, און דער בעל־שם האט זיין תלמיד ניט געקענט און געוואוסט, וואס ער איז בכוח אויפצוטאן פאר חסידות. אז ר' יעקב־יוסף האט געוואלט פארן קיין ארץ־ישראל, כדי דארט צו פירן א לעבן אין פרישות, האט אים דער בעל־שם ניט געלאזט. ער האט געוואוסט, אז די יונגע באוועגונג נייטיקט זיך שטארק אין אזא גייסטיקן כוח ווי ר' יעקב־יוסף. אין א בריוו צו זיין שוואגער ר' גרשון שרייבט דער בעל־שם וועגן ר' יעקב־יוספן אט וואס: „זיינע מעשים זיינען נושא חן ביים בורא יתברך און אלץ, וואס ער טוט, טוט ער אין גאטס נאמען". און זיין ידיד, ר' בער מעזשריטשער, שרייבט פון אים בזה הלשון: „צו אים איז געקומען אליהו הנביא, און ער האט נאך אנדערע העכערע מדרגות דערגרייכט". און ניט געקוקט אויף דעם, איז ער נאכן טויט פונם בעל־שם ניט אויסגעקליבן געווארן צו זיין דער מנהיג פון חסידיזם, נאר ר' בער, וואס איז געווען יינגער פאר אים, ווארעם ר' יעקב־יוסף איז געווען קודם־כל א יושב־אוהל, און ער האט ניט פארמאגט דאס, וואס איז נייטיק פאר א פירער פון א באוועגונג. ער איז אחוץ דעם געווען א מענטש, וואס איז מקפיד אויף יעדער קלייניקייט, און ווי נאר עפעס פלעגט געטאן ווערן ניט לויט זיין כוונה, פלעגט ער ווערן אויסער זיך.

די פאנטאזיע פונם פאלק מאלט אים אויס אט אין א וואסער געשטאלט: א מענטש מיט א צערודערט און אומרויק געזיכט און מיט גרויסע ברעמען, וואס האבן פארדעקט זיינע אויגן, און אז ער פלעגט זיי אויפהויבן, כדי א קוק צו געבן אויף עמיצן, פלעגט מען אנטלויפן פון פחד. פארשטייט זיך, אז אזא מין מענטש האט ניט געקאנט שטיין בראש פון אזא יונגער באוועגונג ווי דער חסידיזם, וואס האט געהאט פאר זיך אפצוטאן צוויי ארבעטן: א נעגאטיווע ארבעט — איינצוווארפן די רבנישע מויערן — און א פאזיטיווע — אויפצושטעלן דעם נייעם בנין, דעם בנין פון חסידות. דערצו האט מען באדארפט א מענטשן, וואס זאל פארשטיין ווי אזוי צו ארגאניזירן, זאל זיין א מעורב עם הבריות, און זאל קאנען געמינען דעם עולם מיט זיין ווארט. און דאס אלץ האט ר' בער פארמאגט

אין א גרויסער מאָס. און ר׳ יעקב־יוסף אַליין האָט מודה געווען, אַז זיין פריינט ר׳ בער איז פאַרן חסידיזם דער פּאָסיקער „פירער״. און בעת ר׳ בער האָט אַ סך געטאָן לטובת חסידות מיט זיין כּוח הדיבור און מיט זיין טאַלאַנט פון אָרגאַניזאַציע, האָט אין דער אייגענער צייט ר׳ יעקב־יוסף אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער פאַרפעסטיקונג, פאַרטיפונג און אַנט־וויקלונג פון חסידות מיט זיין פלינקער פעדער. ר׳ יעקב־יוסף האָט פאַר־שריבן די רייד פון זיין רבין דעם בעל־שם, האָט זיך מעמיק געווען אין זיי און האָט זיי פאַרטייטשט אויף אַ קלאָרן אופן. ער האָט זיך געפלייסט, אַז קיין איינציק וואָרט און קיין איינציקער געדאַנק פון זיין רבין זאָל ניט גיין לאיבוד. אַ חסידישע מעשה דערציילט אינם נאָמען פון ר׳ ייב״י, ר׳ בערס אַ תלמיד: אַז בעת ר׳ יעקב־יוסף האָט אים מסביר געווען דעם בעל־שמס ווערטער, איז זיין מויל געווען ווי אַ ברענענדיקער שטורקאַטש און אַרום אים האָט געפלאַקערט אַ פייער, און אַז ער מיט זיין בעט האָבן זיך אויפגעהויבן כּמה וכמה איילן פון דער ערד; און אַז ער האָט אַרויס־גערעדט די ווערטער, איז אַזוי ווי זיי וואָלטן געגעבן געוואָרן ביים באַרג סיני מיט מורא און ציטערניש, מיט דונערן און בליצן.

אָט אַזוי האָבן דאָס געאַרבעט די ביידע פריינט, ר׳ יעקב־יוסף און ר׳ בער, איטלעכער אויף זיין שטייגער לטובת חסידות. ר׳ בערן האָט מען אומעטום געקענט אַלס דעם מנהיג פון חסידיזם, און אַלע רדיפות מצד די רבנים האָבן זיך אויסגעלאָזט צו אים; פון ר׳ יעקב־יוספן, וואָס איז געזעסן שטילערהייט ביי זיך אין חדר און האָט געקאָוועט שטאַרקע כּלי־זיין קעגן מתנגדים, האָט מען כּמעט גאָרניט געוואוסט. יענע האָבן ניט געוואוסט, אַז ערגעץ וואו אין אַ פאַרוואָרפן ווינקעלע זיצט זיך עפּעס אַ חסיד אַ מוחרם און גרייט צו שאַרפע וואָפן, כּדי אָפּצורעכענען זיך מיט זיי, און אַז זיי וועלן באַלד ווערן פון רודפים נרדפים.

דער יונגער חסידיזם האָט אַליין געפילט, אַז ער געפינט זיך בחזקת סכּנה. קוים האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרפעסטיקן זיין קיום, ווי עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן די שרעקלעכע רדיפות מצד רבנים און מתנגדים מיט דעם ווילנער גאון בראש. און דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ נייע גרויסע צרה: דער פירער ר׳ בער איז נפטר געוואָרן. די שונאים האָבן אין דעם געזען אַן אצבע אלהים און ביי זיי איז געווען שמחה וששון. זיי האָבן געמיינט, אַז מיט ר׳ בערס טויט וועט אויך דער חסידיזם אוועקשטאַרבן. אָבער זיי האָבן געהאַט אַ טעות: ר׳ י ע ק ב ־ י ו ס ף ה אָ ט ג ע ל ע ב ט. ער האָט דעם חסידיזם אַרויסגעראַטעוועט. ער האָט געלייגט דעם יסוד צו דער חסידישער ליטעראַטור.

לויט דער צייט און דעם אָרט, וואָס ער פאַרנעמט, איז ער דער ערשטער שרייבער פונם חסידיזם. און די וואָפן, וואָס ער האָט געשמידט קעגן מתנגדים, זיינען געווען שאַרף און האָבן געטראָפן אין ציל. ער האָט זיך ניט געזידלט, ער האָט זיינע שונאים ניט געמסרט און ניט גערודפט — ער האָט נאָר דאָס פאָלק געוויזן דעם כאַראַקטער פון מתנגדישע רבנים, וואָס האָבן דעמאָלט געפירט די ממשלה. ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף דעם, ווי זיי זיינען זיך נוהג מיטן פאָלק, וואָס גייט בלינד נאָך נאָך זיי, און מיט איין איינציקן קלאַפּ האָט ער צעבראָכן זייערע מזבחות. ער האָט זיך ניט געשראָקן ניט פאַר די רבנים און ניט פאַרן „חרם". ער האָט זיך ניט געוואָרפן זיי צו די פיס און האָט ניט געשוואָרן, אַז ער וועט מקיים זיין אַלע אָנזאָגן און פאַרזאָגן, ווי עס האָבן דאָס געטאָן ר' מענדל מיט זיינע לייט, ער איז ניט געגאַנגען צו דער „קאַנאָסאַ" פונם ווילנער גאון, כּדי צו בעטן ביי אים רחמים. פאַרקערט, ער האָט זיי דערקלערט אַ מלחמה מיט אַ העלדישער אָפּנקייט.

## ב.

„כּדי אויפצובויען הייליקע בנינים, מוז מען פריער צעשטערן הייליקע בנינים". אָדער גערעדט אויפן לשון פון ר' יעקב-יוסף: „אַ גוטער דאָקטאָר, וואָס מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן, וואָס האָט האָלט דעם מענטשן און וויל אים ברענגען אַ רפואה שלמה, מוז, איידער ער גייט אים היילן, פריער אָפּדעקן זיינע וואונדן און געשווירן. און אַזוי איז עס אויך מיט דער הדרכה צום גוטן: ווער עס וויל מקיים זיין די מצווה פון „ואהבת לרעך כּמוך", מוז אָפּדעקן די וואונדן און געשווירן פון די זינד, כּדי דער חולה זאָל קאָנען אויסגעהיילט ווערן". אויך ר' יעקב-יוסף האָט „אָפּגעדעקט די וואונדן", איידער ער האָט זיך גענומען ווייזן דעם פאָלק דעם וועג פון חסידות, ער האָט צעשטערט דעם אַלטן בית-המקדש. און דעם דאָזיקן בית-המקדש האָט ער חרוב געמאַכט אינגאַנצן. די אַלטע אָפּגעטער האָט ער צעבראָכן אויף פיצלעך, ניט געקוקט אויף קיין זאַך און קיינעם ניט, וואָס עס זאָל ניט זיין און ווער עס זאָל ניט זיין. זייער שאַרף האָט ער קריטיקירט די מנהגים פון די אַלטע פירער פון זיין דור און פון דעם פריערדיקן: די רבנים, מגידים וראשי ישיבות, מלמדים, חזנים און פּרנסי הקהילה. מיט אַן אָנגעוויטאַגט האַרץ שרייבט ער: „מיר זעען מיט אונזערע אויגן, ווי אַלע יענע רבנים ומנהיגים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט די באַדערפעניש פון דער קהילה, זיינען זיך נוהג אויף אַזאַ אופן, ווי מען קאָן עס גאָרניט באַשרייבן".

איינעם פון די גרויסע חסרונות, וואָס ער געפינט אין זיין דור, באַ־

שטייט אין „דער גרויסער צאל פון די פירערס״, אלע ווילן „שטיין בראש״ און זיין „פירער״. ער גיט אן אלגעמיין בילד פון דעמאלטיקע רבנים: „שועלים קטנים מחבלי כרמים — דאס זיינען די רבנים, וואס יאגן זיך נאך געלט שוין אין די יונגע יארן און וואס פארן ארום אין דערפער, כדי אויסצופארשן זייערע פארהעלטענישן און האלטן, אז מען מעג נעמען מתנות, א שכר פאר ליידיק גיין, וואס טוט אן שאדן און צרות דעם פאלק. ביי הייגטיקן טאג אבער טאר מען דאס ניט, ווארעם ער פארשט גארניט אוים די פארהעלטענישן פונם דארף, נאר פארט ארום צוליב מתנות״. די דאזיקע רבנים געפינען זיך אונטער דער שליטה פונם געלט און פונם פילפול „דורכשטעכן זיך איינער דעם צווייטן מיט די שווערדן פון זייערע צינגער, כדי ארויסצוווייזן זייערע חריפות ווי א שארפע שווערד, מיט וואס מען קאן דורכשטעכן דעם אנדערן, וואס איז גרעסער״. און איטלעכער גרויסט זיך און זאגט: „איך וויל געוועלטיקן, ווייל איך בין א גרעסערער למדן״.

פארשטייט זיך, אז ר׳ יעקב־יוסף איז ניט צופרידן געווען מיט דעם אופן, ווי די רבנים האבן געלערנט תורה. ער האט געזאגט די ווערטער: „תורה לערנען איז ניט קיין לימוד אינם געוויינלעכן פשט, דורך תורה דארף מען זיך איבערגעבן זיין גרויסן נאמען, און דאס איז דער עיקר״. און די תורה דארף געלערנט ווערן „לשמו ברוך הוא באהבה וביראה״. האט מען אבער דערביי „די כוונה גרויס צו ווערן אין די אויגן פון די מענטשן און קריגן א נאמען און כבוד, קאן דאס גורם זיין צו אן אראפ־פאל״. ער האט אויך, פארשטייט זיך, מלחמה געהאלטן קעגן דעם פילפול פון די דעמאלטיקע רבנים. „ביי די רבנים, קלאגט ער זיך, איז געווארן א מדה מגונה, אז יעדן שבת הגדול אדער שבת תשובה האלטן זיי פארן עולם דרשות, וואו זיי לאזן זיך אריין אין פילפולים און דיקדוקי עניות, כדי ארויסצוווייזן זייער חריפות און בקיאות אנשטאט צו ווייזן דעם עולם א וועג, ווי אזוי צו הייליקן זיך צו דער עבודת־הבורא יתברך שמו״. דעם פסוק: „און די קינדער ישראלס האבן מיך ניט געפאלגט״ פארטייטשט ער: „און די ל ו מ ד י ם האבן מיך ניט געפאלגט און ניט גערייניקט זייער דענקען״. „וואס מער די לומדים לערנען, אלץ גרעסער ווערן זיי ביי זיך אין די אויגן, און זיי דוכט זיך אוים, אז זיי האבן שוין גענוג געלערנט; וואס מער אבער די חסידים לערנען, אלץ קלענער ווערן זיי ביי זיך אין די אויגן״.

ג.

ר׳ יעקב־יוסף האט איבערגענומען בירושה די גאנצע תורה פונם בעל־שם. אין יעדער גשמיותדיקער זאך האט ער ארויסגעפונען איר

נשמה — די געטלעכקייט. „אלע זאכן אויף דער וועלט זיינען פונקען פון דער שכינה, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „וכבודו מלא עולם". „עס איז ניטא קיין איינציקע זאך אויף דער וועלט, וואס זאל זיין אפגעזונדערט פון גאט ברוך־הוא, און זיין מלכות געוועלטיקט אומעטום, און אלצדינג איז איין איינציקע אחדות". גאט וויקלט זיך איין אין דעם גרויסן גוף, דער וועלט, אזוי ווי אין א שלייער. די קערפערלעכע זאכן, וואס מיר זעען מיט אונזערע אויגן, זיינען א „כסא מלכות פאר דעם גייסטיקן", וואס ליגט אין זיי, ווארעם „קיין שום קערפערלעכע זאך וואלט ניט געקאנט האבן א קיום אן די רוחניות, וועלכע איז איר נשמה". לויט זיין סברה, זיינען די נעמען פון די קערפערלעכע זאכן נעמען פאר יענער רוחניות, וואס ליגט אין זיי. „דאס גייסטיקע אין א מאכל רופט זיך אן ברויט, דאס גייסטיקע אין א מלבוש רופט זיך אן בגד", פונקט אזוי ווי דאס גייסטיקע אין דעם מענטשן „רופט זיך אן מענטש" און פונקט אזוי ווי „זיין גוף איז כלל וכלל ניט דער מענטש, נאר מער ניט ווי דער מלבוש פונם מענטשן".

דאס יידישע פאלק פארגלייכט ער מיט א יחיד: „פונקט אזוי ווי אין דעם יחיד זיינען פאראן רמ"ח איברים און שס"ה גידים, און זיי אלע זיינען דאך נאר דער גוף פונם מענטשן און ניט דער מענטש אליין, און נאר די דריי טיילן פון זיין נשמה רופט זיך אן מענטש, אזוי זיינען אויך אינם יידישן פאלק פאראן רמ"ח איברים און שס"ה גידים, און נאר די צדיקי הדור זיינען זיין נשמה, זיין לעבן אין יענעם דור". און דערמיט קומט ר' יעקב־יוסף צו זיין ציל, ד"ה ער קומט צום יסוד פון חסידות, דעם צדיק.

ער האט איינגעווארפן די פעסטונג פון די רבנים מיט זייער לומדות און אויף איר ארט האט ער אוועקגעשטעלט די צדיקים מיט זייער תורה. „דער צדיק איז דער יסוד פון דער וועלט", ער איז אין דער מיטן, „דאס אינעווייניקסטע פון דער וועלט", ער איז „די נשמה און דאס לעבן פון דער וועלט, און די איבעריקע מענטשן אויף דער וועלט זיינען נאר קערפער, מלבושים פאר דער נשמה". דער צדיק איז „דאס הארץ פון דער וועלט, און די איבעריקע מענטשן — די אנדערע איברים פונם גוף, וואס ווערן געשפייזט דורכן לעבן פונם הארץ"; ער איז „דער קאנאל, וואס פירט אריבער די פולקייט פונם לעבן צו די אנדערע איברים, צו די מענטשן פון זיין דור"; ער איז „דער סרסור צווישן דעם פאלק און גאט, אזוי ווי משה רבנו איז געווען דער סרסור צווישן ישראל און גאט"; דער צדיק איז אפילו דער סרסור „צווישן דער שכינה און הקב"ה אליין".

דאָס פאָלק מוז זיך אויף אזא אופן באהעפטן מיטן צדיק, ערשט דעמאָלט וועט עס קאָנען האָבן א האָפענונג צו דערגרייכן זיין ציל, צוליב וואָס עס איז באשאפן געוואָרן: „צו דערהויבן די צורה איבער דעם חומר און צו זיין הייליק אין גאַנצן אויגן״, וואָרעם דאָס איז „דער ציל פון דער פארפולקומונג״. „און גיב א טראכט וועגן דעם, אז בעת דו ביסט באַהעפט מיטן צדיק, וואָס ס׳רופט זיך אָן דער לעבעדיקער, ביסטו אין דער אייגענער צייט באהעפט מיטן לעבן אליין, ד״ה מיט גאָט״, וואָרעם „דער צדיק, וואָס ס׳איז באהעפט מיט גאָט, ווערט כביכול מיט אים איין איינציקע „אחדות״. און אזוי ארום איז דיין באהעפט מיטן צדיק אין דער אייגענער צייט אַן אמתער באהעפט מיט גאָט״. מיטן צדיק טאָר מען זיך ניט באהעפטן צוליב קערפערלעכע אינטערעסן, צוליב פרנסה וכדומה, נאָר צוליב רוחניות אליין, וואָרעם די רוחניות פונם פאָלק איז ניט פולקום, און אפילו ווען עס לערנט תורה און דאַוונט, „טראַכט עס מכוח עולם־הזהדיקע אינטערעסן״. אזא מין מצב קאָן בעסער געמאכט ווערן נאָר דורך דעם באהעפט מיטן צדיק. וואָרעם „דברי חולין קאָנען זיך ניט אויפהויבן אין דער הויך און קאָנען דאָרטן אין דעם אָרט, וואו די רוחניות געוועלטיקט, ניט דערהערט ווערן, סיידן זיי באהעפטן זיך מיט דער רוחניות, וואָרעם דעמאָלט ווערן דורך דעם באהעפט מיט די רוחניות אויך די עולם־הזהדיקע ענינים דערהערט״.

פארשטייט זיך, אז א מענטש, וועלכער באהעפט זיך מיטן צדיק, טאָר זיך ניט פארלאָזן אינגאנצן אויף אים אליין, נאָר מוז זיך אליין סטאַרען ארויפצוקלעטערן פון איין מדרגה צו אַן אנדער מדרגה, וואָרעם עס איז גלייכער, אז „דאָס פאָלק זאָל זיך ניט פארלאָזן אויף דעם שטאַרקן גבור, נאָר זאָל אליין זיין א יודע תרועה״. ווי אזוי ארום אָבער זאָל זיך דער מענטש אויסבינדן און באהעפטן מיטן צדיק? דורך אמונה. ער מוז אין אים גלויבן באמונה שלמה און אָן חכמות און טאָן אלצדינג, וואָס יענער פארלאַנגט פון אים. „מען מוז — זאָגט ר׳ יעקב־יוסף — גלויבן אין דעם צדיק אָן חכמות און אין פשטות, ניט זוכנדיק קיין חסרונות אין זיין כאראקטער, און אויב דו זעסט אמאָל יאָ ביי אים מיאוסע געגנג און מדות מגונות, ווי למשל, ליגן און פאלשקייט, מאָרסטו אים דערפאַר נימז מבזה זיין, וואָרעם זיין כוונה איז געטלעך״. צוריק גערעדט אָבער, מוז זיך דער צדיק פון זיין צד סטאַרען צו זיין אויסגעבונדן מיטן פאָלק, וואָרעם „פונקט אזוי ווי דער חומר, דער גוף, נייטיקט זיך אין א נשמה, אזוי נייטיקט זיך א נשמה אין א גוף״. אויך ער, דער צדיק, נייטיקט זיך אין דעם פאָלק, און פון דעם דאַזיקן ווענדט זיך א סך און אלצדינג, וואָס איז נוגע דעם גייסטיקן מהות פונם צדיק. „די וועלט בכלל ווערט אָנגע־

רופן לייטער: דער פראָסטער המון שטייט אויף דער ערד, ער איז דער סאַמער אונטערשטער טייל פון דעם לייטער, און די חכמים זיינען דער שפּיץ פון איר. און דערפאַר שטייט טאַקע אין פּסוק: וראשו מגיע השמימה — און זיין שפּיץ דערגרייכט אַזש ביזן הימל. אַלץ אינאיינעם איז אָבער איין איינציקע געשטאַלט, א י י ן א י י נ צ י ק מענטשלעך פּנים. און גאָטס מלאָכים, ד"ה די צדיקים, וואָס פירן דורך די שליחות פון זייער אויבערהאַר באמונה, קלעטערן אויף איר אַרויף. וואָרעם אויב דער דור איז ריין אין זיינע מעשים, אויב דער דור איז ראוי לכך, הייבן זיך די פני הדור אויף אַלץ העכער און העכער. און אַזוי איז עס אויך, ווען עס טרעפט, חס ושלום, דער היפּוך דערפון: זיי פאַלן אינאיינעם מיטן דור, וואָרעם אויך די חכמי הדור האָבן אַ געוויסן חלק אין די זינד פון די מענטשן". אָבער דער צדיק מוז זיך אָפטמאָל אַראָפּלאָזן פון זיין הייך, ווען ער וויל בעסער מאַכן דאָס פאָלק, וואָרעם כּדי „ער זאָל קאָנען אויפהויבן אַ נידעריקע מדרגה צו אַ העכערער, מוז ער זיך פריער צונויפבינדן און באַהעפטן מיט יענער". אָפטמאָל מוז דער צדיק „אָנטאָן אויף זיך די מלבושים פון אַ שלעכטן און פאַרדאָרבענעם מענטשן, כּדי אַזוי אַרום אויסגעפונדן צו ווערן מיט אַ פאָלק, וואָס האָט אין זיך מדות מגונות". אָפטמאָל קומט ער אַריין אין אַ סכּנה, „אָננעמענדיק די מדות פון רשעים", און אָפטמאָל מוז ער זיך אויך באַנוצן מיט „סם המות, ווי למשל, ליגן און פאַלשקייט, די דרכים פונם יצר-הרע". אַזוינע זאַכן קומען אָן דעם צדיק ניט גרינג. „ער וויל זיך ניט אַרונטערלאָזן, ווייל ער האָט מורא, ער זאָל זיך ניט קאָנען אומקערן און ווערן זינדיק". אָבער גאָט „שטייט איבער אים און היט אים אָפּ פון זינד, בעת ער לאָזט זיך אַראָפּ, כּדי אויסצומישן זיך מיטן פאָלק, און אַזוי אַרום קלעפּן זיך זייערע מעשים צו אים ניט צו".

דער צדיק מוז זיך באַהעפטן מיטן פאָלק אין ליבשאַפט. ער מוז זיך סטאַרען, אַז „דער פּראָסטער עולם זאָל אים ליב האָבן"; ער מוז זיך נוהג זיין מיט אים, „ווי אַ מוטער מיט איר קינד"; ער מוז „קוקן אויף אים מיטן אויג פון רחמנות און אים מדריך זיין צום גוטן". און אַז דעם צדיק גיט זיך איין זיך צו באַהעפטן מיטן פאָלק אויף אַזאַ אופן, קאָן ער אַ סך אויפטאָן פאַרן פאָלק און ניט דווקא אויף ד ע ר וועלט דורך דעם, וואָס ער איז אים מדריך צום גוטן, נאָר אויך דאָרטן אויף י ע נ ע ר וועלט, „וואָרעם דעם צדיקס נשמה שפּרייזט דורך די טויערן פונם גיהנום און הייבט אַרויף די נשמות, וואָס זיינען מיט אים אויסגעבונדן, פּונקט אַזוי ווי אין דער צייט ווען זיי האָבן נאָך געלעבט".

# ד.

אזוי ווי זיין רבי דער בעל־שם, האט אויך ר׳ יעקב־יוסף געגלויבט באמונה שלמה אין דעם, אז דער תכלית פון דעם מענטשן אויף דער וועלט איז צוצוגרייטן זיך צו דער קומענדיקער וועלט, און אז „דער ציל פון דעם מענטשן איז צו זיין א בית־המקדש פאר גאט״. אן אז מען פלעגט אים פרעגן, ווי אזוי ארום קאן דער מענטש דערגרייכן אזא מדרגה, פלעגט ער ענטפערן ווי זיין רבי, דער בעל־שם: „דער לעצטער ציל איז, דו זאלסט אים זיין איבערגעגעבן״. און וואס באטייט די דאזיקע איבער־געגעבנקייט „קאן נאר דערגרייכט ווערן דורכדעם, וואס מען איז ברוך הוא״, נאר דורך דער איבערגעגעבנקייט צו גאט אין אמונה איז דער מענטש מסוגל „צו קריגן א נשמה״. אבער אזא מין איבער־געגעבנקייט „קאן נאר דערגרייכט ווערן מיט דורכדעם, וואס מען איז גובר דעם חומר, די „מאטעריע״. „די נשמה חלשט תמיד זיך צו באַ־העפטן מיט גאט, נאר דער חומר לאזט ניט״. דורך פייניקן דעם גוף און דורך אפטויטן דעם לעבנס־געפיל דארף מען ניט און מען טאר ניט גובר זיין די מאטעריע. „דער מענטש איז באשאפן געווארן צוליב דעם, ער זאל לערנען תורה און מקיים זיין די מצוות, כדי ער זאל דורך זיי לעבן, ניט שטארבן״. „פון פאסטן און פרישות פאלט דער מענטש אריין אין עצבות און די דאזיקע האט א שלעכטע פעולה אויך אויף דער איבערגע־געבנקייט צו גאט, וואס איז מעגלעך נאר אין א מצב פון פרייד״.

און דא קומט ר׳ יעקב־יוסף צו דער אפטימיסטישער אנשויונג פון חסידות להיפוך צו דער פעסימיסטישער פון דער קבלת האר״י, אין וואס ער איז געווען אזוי אריינגעטאן אין זיינע יונגע יארן, אזוי אז דער בעל־שם האט געפונען פאר נייטיק זיך אים אנטקעגנצושטעלן. בעת ר׳ יעקב־יוסף פאדערט, אז מען זאל גובר זיין די מאטעריע, מיינט ער דערמיט, אז מען זאל זי דערהויבן צו דער מדרגה פון רוחניות און הייליקייט: „אפילו ווען דו פארנעמסט זיך מיט עולם־הזהדיקע ענינים, זאלסטו מיט דיין אינעווייניקסטער מחשבה זיין ביים לימוד התורה״. נאר פראסטע מענטשן מיינען, אז גאט קען מען דינען נאר דורך לערנען און דאווענען, אין דער אמתן אבער „שטעקט דער תכלית פון דער רוחניות, דהיינו לערנען, דאווענען און מקיים זיין די מצוות, וואס דרייען זיך אלע ארום דעם איינציקן פינטעלע צו רייניקן די געפאלענע פונקען, אויך אין עולם־הזהדיקע ענינים, ווי דהיינו עסן, טרינקען און אלע מינים ארבעט און עסקים״.

ר׳ יעקב־יוסף, וואס ער איז איבערגעגעבן געווען דעם בעל־שם בלב ונפש, האט, ווי זיין רבי, ניט געוואלט מאכן דאס לערנען פאר אן עיקר.

„גאָט — זאָגט דער בעל־שם — וויל, אַז מען זאָל אים דינען אויף אַלע אופנים״. און דאָס איז אויך פאַר ר׳ יעקב־יוספן געווען אַ יסוד. ווער עס דינט גאָט מיט יעטוועדער זאַך, אַפילו מיט עולם-הזהדיקע אינטע־רעסן, האָט אין זיינע אויגן אַ גרעסערע חשיבות איידער אַן אַנדערער, ווער ס׳זיצט פאַרשפּאַרט ביי זיך אין חדר און מוטשעט זיין מוח מיט תורה לערנען. וואָרעם דער, וואָס דינט גאָט מיט עולם-הזהדיקע ענינים, האָט אויסצוהאַלטן אַ קאַמף מצד דעם יצר־הרע, וואָס בונטעוועט זיך תמיד קעגן דעם, און אויב ער דינט גאָט באמת ובתמים, איז ער אים, דעם יצר-הרע, סוף־כל־סוף גובר און „וואַרפט אַרונטער די סיטרא דשמאל אונטער דער שליטה פון דער סיטרא דימין, און דעמאָלט ווערט געבאָרן אַ פולקומע אַחדות אין דער פמליא של מעלה, וואָס דאָס איז דער העכ-סטער ציל״. וואָרעם דער תמצית פון גאָט דינען איז „מגלגל צו זיין דאָס בייז אין גוטס, מאַכן פונם יצר־הרע אַ יצר־טוב, פונם פיינט אַ פריינט״ און צו דינען גאָט „אַפילו מיט דעם יצר־הרע גופא״, וואָרעם אַפילו אינם יצר-הרע אַליין געפינט זיך גאָט. „אויך אין די אומריינע מחשבות איז פאַראַן אַ הייליקער פונק און אַ חלק אלוה ממעל, אַ טייל פון דער געט-לעכקייט״, און „די שכינה איז פאַראַן אויך אין דעם בייז, אין די קליפות״. עפּעס אַנדערש איז עס, ווען איינער דינט גאָט בלויז מיט לערנען און דאַווגען, ניט האָבנדיק אויסצוהאַלטן אַ קאַמף קעגן דעם יצר־הרע „און גייענדיק אויף דער רעכטער זייט, אויף דער סיטרא דימין״.

אַרויסגייענדיק פון אַזאַ מין קוק אויף דעם גאַנצן ענין פון גאָט־דינען, שלאָגט ער פאָר אָט וואָס: „אַ מענטש טאָר ניט האָבן די טבע צו קוועטשן תמיד די באַנק און זיצן איינגעבויגן איבער די ספרים, נאָר ער דאַרף זיין אַ מעורב עם הבריות, אָבער זייענדיק צווישן מענטשן, זאָל די יראת־שמים ליגן אויף זיין פנים און ער מוז מקיים זיין דאָס, וואָס שטייט געשריבן: שויתי ה׳ לנגדי תמיד — אויך מחוץ לתורה ותפילה, אומעטום זאָל ער אַכטונג געבן דערויף, וואָרעם אומעטום זיינען דאָ מצוות און אומעטום איז פאַראַן עבודת־הבורא״. וואָרעם בשעת ער דערנענטערט זיך צום לעבן און ווערט באַקאַנט מיט מענטשן, ברענגט ער ניט נאָר נוצן פאַר אַנדערע מענטשן דורך דעם, „וואָס ער דערזעט אפשר אַזוינס, וואָס נייטיקט זיך אין תיקון אָדער פירט אַרויף די מענטשן אויף דעם וועג צו עבודת הבורא״, נאָר אויך זיך גופא, דערוויסנדיק זיך פון נייע זאַכן און באַקומענדיק אַ גייסטיקע יניקה. ר׳ יעקב-יוסף האָט אין אַלצדינג און אין יעדער זאַך געזען נאָר דאָס אינעווייניקסטע, דעם תוך. פאַר אים איז די אויסווייניקסטע זייט פון דער תורה געווען מער ניט ווי „די תורה פון מענטשן״, און ערשט די אינעווייניקסטע זייט

פון איר איז געווען אין זיינע אויגן די אמתע תורה, „די תורה מן השמים״. און מהאי טעמא האָט ער אויף די מצוות און אויף דער דער־פילונג פון די דאָזיקע געקוקט ניט פון דער אויסווייניקסטער, נאָר פון דער אינעווייניקסטער זייט. „אומעטום, זאָגט ער, וואו איך בין תופס נאָר א ביסל, נאָר איין איינציקן חלק פון אחדות, האָב איך זי שוין אינגאַנצן און פארפול, און היות ווי די תורה און די מצוות שטראָלן ארויס פון זיין אינעווייניקסטן מהות, וואָס איז א פולקומע אחדות, איז איטלעכער תופס די דאָזיקע אחדות אינגאַנצן און פאַרפול, ווען ער איז תופס נאָר א טייל פון איר, ד״ה ווען ער איז מקיים נאָר איין איינציקע מצווה כּדבעי אין ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, און עס ווערט אים פאַררעכנט, אזוי ווי ער וואָלט מקיים געווען תרי״ג מצוות״. אז משיח וועט קומען, זאָגן אונזערע חכמים, וועלן די מצוות בטל ווערן, ווארעם דעמאָלט „וועלן די מצוות נימ איינגעוויקלט זיין אין מלבוש פון דער וועלט, נאָר וועלן באַשטיין בלויז פון רוחניות; די מצוות אין זייער דרויסנדיקן צד וועלן בטל ווערן״. „אז עס וואָלט זיך ביי היינטיקן טאָג געפונען א מענטש, וואָס איז ראוי לכך, וואָלט ער באַפרייט געוואָרן פון די מצוות המעשיות״. די גאַנצע תורה איז נאָר א מיטל צו דערגרייכן די הויכע מדרגה פון רוחניות און ליב־שאַפט. ווארעם דער ציל פון דער גאַנצער תורה, „פון די מצוות און די עבודת־הבורא אינם דאַווּנען איז צו דערגרייכן יענע מדרגה, וואו מען באַהעפט זיך מיט גאָט אין ליבשאַפט״.

אָט אזוינע און ענלעכע געדאַנקען האָט ר׳ יעקב־יוסף ארויסגעזאָגט אין זיין ספר „תולדות יעקב־יוסף״, וואָס ער האָט געלאָזט אָפּדרוקן אין אַ חסידישער דרוקעריי פון מעזשיבאָזש, „דער הייליקער שטאָט״ פון חסידיזם. אינם ספר איז ניט געווען קיין שום הסכמה מצד די רבנים, און דאָס אליין איז שוין געווען געננג, אז די לומדים זאָלן אויפגערייצט ווערן צו א נקמה־קאַמף. דער דאָזיקער ספר איז געווען דער ערשטער אין דער חסידישער ליטעראַטור, וואָס האָט געפירט א גאַנץ אָפּענעם קאַמף לטובת חסידיזם אָן שום באַהעלטעניש, ווי עס האָט זיך ביז אהער געפירט. ווי נאָר דער ספר האָט זיך באַוויזן, אזוי איז די מתנגדישע וועלט דערפון שטאַרק צערודערט געוואָרן. די מתנגדים האָבן שוין געמיינט, אז דער חסידיזם האָט שוין אָנגעוואָרן זיין גאַנצע מאַכט און אז ער האָלט כּמעט ביים שטאַרבן. דאָ אָבער האָבן זיי מיט אַמאָל דערזען, אז די מעשה איז ניט אזוי, זיי האָבן ניט ווילנדיק געמוזט מסכּים זיין דערמיט, אז זיי האָבן זיך טועה געווען, וואָרעם אין דער אמתן איז דער חסידיזם פאַר דער גאַנצער צייט נאָך שטאַרקער געוואָרן. ער איז פול געווען מיט

זאפט און לעבנסקראפט. א געדאנק, וואס ער האט באוויזן צו באשאפן א ספר פון אזא מוראדיק גרויסן באטייט, ווי דער „תולדות יעקב־יוסף", איז בוודאי ניט געווען קיין פוסטע זאך, וואס מען האט געקאנט אוועק־פטרן פון דער וועלט דורך זידלערייען און חרמים.

ביי די פּני פון די מתנגדים, ביי די רבנים און לומדים, האבן זיך געעפנט די אויגן און זיי האבן דערזען, אז דער חסידיזם, וואס איז ביז אהער געווען א נרדף, איז מיט אמאל געווארן א רודף, מיר וועלן שוין ניט ריידן דערפון, אז זיי אלע האבן זיך געפונען שטארק באליידיקט פון די הארבע דיבורים, וואס דער מחבר האט זיי געשליידערט אין פנים אריין, הגם ער האט קיינעם ניט אנגערופן מיטן נאמען. אבער איטלעכער האט זיך געקאנט גרינג דערקענען. אחוץ דעם האבן זיי אינם ספר גע־פונען א סך ערטער, וואו דער מחבר האט לויט זייער מיינונג פארלייקנט די גאנצע יידישקייט. בקיצור, זיי האבן געפונען, אז דער מחבר איז אלס א שונא א סך מסופנדיקער, איידער ר' בער אליין. עס איז דאך פאר זיי געגוג געווען צו הערן פון ר' יעקב־יוספן, אז „א מענטש טאר ניט האבן די טבע רק צו זיצן איבער די ספרים", כדי צו זען אין דעם א צע־שטערונג פון דער גאנצער יידישקייט. און צו זייער גרויסן הארצווייטאג האבן זיי געמוזט זען, אז דער דאזיקער ספר האט פארמאגט א גרויסן כוח פון אגיטאציע פאר חסידות און קעגן רבנות, ווארעם איצט האבן דאך טויזנטער מענטשן געקאנט לייענען די געדרוקטע ווערטער, וואס זיינען פארטראגן געווארן אין אלע ווינקעלעך פון די גלות־לענדער.

אויב חסידות איז ביז אהער געווען א זאך, וואס האט זיך גע־האלטן בסוד, אויב די תורה פון די צדיקים איז ביז אהער איבערגעגעבן געווארן בקבלה נאר פאר עטלעכע אויסדערוויילטע מענטשן, פאר עטלעכע יחידי סגולה, וועלכע זיינען געבליבן געטריי דעם חסידישן קיבוץ, איז זי צוליב דעם דאזיקן ספר געווארן א זאך, צו וואס איטלעכער האט גע־קאנט צוקומען און מיט וואס איטלעכער האט געקאנט באקאנט ווערן. אויב דער בעל־שם איז ביז אהער באקאנט געווען אלס בעל־מופת, אלס א מענטש, וואס האט זיך געעסקט מיט כישוף־מיטלען און רפואות, איז ער צוליב דעם דאזיקן ספר (וואו ער איז אן ערך 280 מאל אנגערופן גע־ווארן „מיין רבי") באקאנט געווארן אלס א מענטש, וואס ס'האט ארויס־געזאגט דערהויבענע, טיפע און איידעלע סברות. אחוץ דעם דערציילט ר' יעקב־יוסף אין זיין ספר פון דעם בעל־שמס קדושה און גרויסקייט. אזוי, למשל, האט ער דערציילט, אז דער בעל־שם האט זיך מיט זיין נשמה ארויפגעהויבן אין דער הויך און האט געזען, ווי דער סניגור מיכאל האט גערעדט לטובת דעם פאלק ישראל, אז אלע זייערע זינד מוז מען דן זיין

לכף זכות. און אז מען פלעגט זיך וואונדערן און פרעגן: ביי וועמען האט דאס דער בעל־שם געלערנט תורה און פון וועמען האט ער איבערגענו־מען בקבלה די סודות התורה, — האט ר׳ יעקב־יוסף אנטפלעקט ווי אזוי דאס איז געווען: „אחיה השילוני, וואס איז געווען פון די יוצאי מצרים און האט איבערגענומען די תורה בקבלה פון משה רבנו און איז דערנאך געזעסן אינם בית-דין פון דוד המלך און געווען דער רבי פון אליהו הנביא — ער איז געווען דער רבי פון מיין רבין, זכרונו לברכה״.

ווי אויבן דערמאנט, האט דער דאזיקער ספר אנגעמאכט א גרויסן טומל ביי די מתנגדים, רבנים און לומדים. עס האבן זיך א שאט געטאן כתבים פול מיט זידלערייען און אנפאלן; באזונדער האט עס ארייגגע־בראכט אין כעס דעם ווילנער גאון. דער דאזיקער איז כל ימיו געזעסן על התורה ועל העבודה, איינגעשפארט אין די ד׳ אמות פון דער הלכה, און אינם תורה לערנען האט ער געזען דעם גייסטיקן גליק פונם פאלק, און מיט אמאל באווייזט זיך א ספר פון עפעס א חסיד, וועמען מען האט געהאט ארייגגעלייגט אין חרם, וואס פארשפרייט די מיינונג, אז וואס ווייניקער מען לערנט, איז אלץ בעסער און געזינטער פאר דער נשמה! און ער האט דן געווען דעם ספר לשריפה. אין בראד און אין אנדערע ערטער האט מען דעם ספר טאקע פארברענט אויף א האלץ־הויפן. איינע פון די חסידישע ספורי-מעשיות דערציילט, וואס פאר א רעש אזא מין באפעל מצד דעם גאון האט אנגעמאכט אין דער „פמליא של מעלה״. דער צדיק ר׳ מיכאל זלאטשעווער איז אנגעקומען אינם „היכל העליון שטארק פארברוגזט, וואס מען נעמט ברענען די ספרים פון ר׳ יעקב־יוסף״. ער האט אויסגערופן: „צי איז דאס ניט באקאנט דעם מי שאמר והיה העולם, אז ער האט עס ניט געשריבן חלילה צוליב זיין אייגענעם כבוד, נאר צוליב דעם כבוד פון דער תורה? דערנאך איז ר׳ יעקב־יוסף אליין ארויפגעקומען אין דעם „היכל השמים״: ער האט געשריען און האט זיך געקלאגט, וואס מען גייט ברענען זיינע ספרים״. און דערנאך „האט זיך געלאזט הערן א גרויס געפילדער, אזוי אז אלע וועלטן האבן בפועל ממש א ציטער געטאן און מען האט אויסגערופן: מאכט א ווארע! ווארעם דער בעל-שם אליין קומט אן אינם היכל״. דער רבי אליין איז געקומען בעטן רחמים פאר דעם ספר פון זיין תלמיד.

דער ווילנער גאון האט זיך מיט דעם פארברענען ניט באנוגנט. דער ספר האט אין אים אנגעצונדן דעם פייער פון נקמה, און ער האט זיך גענומען ארייגלייגן חסידות און חסידים אין נאך א הארבערן און שארפערן חרם. און כדי דעם חרם צוצוגעבן מער כוח, כדי אין דעם חרם זאל אפקלינגען דער ווידער־קול פונם גאנצן פאלק, פונם כלל-ישראל, האט

ער אויסגעקליבן די צייט פונם גרויסן יריד אין דער שטאָט זעלווע, אין ליטע, וואו עס פלעגן זיך אַלע יאָר פאַרזאַמלען אַ סך רבנים און פּרנסי הקהילה, כּדי זיך צו בּאַראָטן וועגן פאַרשיידענע ענינים. דער גאון און דער בּית־דין פון זיינע רבנים האָבן אהינצו געשיקט דעם נוסח פונם חרם, כּדי די פּרנסים און די רבנים אויפן יריד זאָלן געבן זייער חתימה. און כּך הווה. וואָרעם ווער וואָלט זיך דערוועגט אַרויסצוטרעטן קעגן דעם גאון און אים אָפּזאָגן אין וואָסער ס'ניט איז בקשה? אונטער דעם נייעם חרם האָבן זיך געחתמעט אַ סך רבנים און פּרנסים. דאָס איז געווען דעם 3 אלול אינם יאָר תּקמ״א. דער חרם איז צוגעשיקט געוואָרן צו פאַר־שיידענע קהילות, כּדי זיי זאָלן אים מקיים זיין.

דעם דאָזיקן גאַנצן רעש האָט אָנגעמאַכט דער ספר „תּולדות יעקב־יוסף". ר' יעקב־יוסף האָט, פאַרשטייט זיך, געזען, צו וואָסערן פּועל־יוצא זיין ספר האָט געפירט, אָבער ער איז פון זיינס ניט אָפּגעטראָטן און האָט ווייטער געלאָזט דרוקן זיינע ספרים „פּורת יוסף" און „צפנת פענח" (זיין ספר „כּתונת פסים" איז אַרויסגעגעבן ערשט נאָך זיין טויט). די דאָזיקע אַלע ספרים זיינען געשריבן געוואָרן אין אַ רויִקערן טאָן און ניט מיט אַזאַ אימפּעט בּנוגע רבנים און מנהיגי הדור. משמעות, אַז דער קאַמף האָט אויף אים משפּיע געווען גאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג — ער האָט זיך אויפגעהערט צו קריגן. אָבער פונם וועג פון חסידיזם איז ער ניט אָפּגעטראָטן אפילו אויף אַ רגע ניט. אין זיינע שפּעטערדיקע ספרים האָט ער פאַרפעסטיקט חסידות פּונקט אַזוי, ווי ער האָט עס געטאָן אין זיין ערשטן ספר. אויך אין זיי האָט ער אָפט גע־בּראַכט דעם בּעל־שמס ווערטער, אויך דאָרטן האָט ער דערציילט פון זיין קדושה: דער בּעל־שם האָט געקאָנט זען אַזוי ווייט, ווי קיין איינציקער אַנדערער מענטש, און האָט געהערט שטימען פונם הימל. און דאָס איז ידוע, אַז די מתנגדים האָבן בּאַגעגנט דעם ספר מיט חרמים און זידלע־רייען, און די חסידים מיט אויסגעשרייען פון שמחה און פרייד. דאָרט האָבן זיי פון איין צד געפונען דעם שורש און דעם יסוד פון חסידות, און פון דעם אַנדער צד אַ בּאַוואָרעניש כּלפּי חוץ. ר' פּנחס קאָרעצער, אַ ידיד און אַ חבר פונם בּעל־שם, האָט מכוח דעם דאָזיקן ספר געשריבן: „אַזוינע ספרים זיינען בּיז אַהער אויף דער וועלט ניט געווען, דאָס איז ממש תּורה מן השמים". פאַר חסידות איז דער דאָזיקער ספר אין דער אמתן דער העכסטער בּר־סמכא, פון אים האָט זי איר יניקה בּיז דעם היינטיקן טאָג.

ר' יעקב־יוסף איז געשטאָרבן אין פּאָלאָנע אינם יאָר תּקמ״ב.

# ר׳ פנחס קאָרעצער.

ר׳ פּנחס דער קאָרעצער אָדער, ווי די חסידים רופן אים אָן „ר׳ פּנחס דער גדול״, איז געווען אַן אַנדער קעמפער פאַרן חסידיזם, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פּעולה אין גאַנץ אוקראַינע. געבאָרן איז ער געוואָרן אינם יאָר 1728. ער איז געווען דער זון פון אַ ליטווישן יידן ר׳ אַבוהם, וואָס האָט געקאָנט גוט לערנען. ר׳ פּנחס איז דערצויגן געוואָרן לויט דעם שטייגער פון די ליטווישע יידן. מיט גרויס התמדה האָט ער געלערנט גמרא און אַנדערע ספרים פון דער רבנישער ליטע־ראַטור, שאַרפנדיק זיין מוח דורך פאַרשיידענע שאלות ותשובות. אין יענער צייט איז שוין דער בעל־שם אומעטום באַוואוסט געווען. מיט זיין חסידישער תורה האָט געקלונגען גאַנץ אוקראַינע. הערנדיק די פאַר־שיידענע מעשיות וועגן זיינע מופתים, פלעגן יונגעלייט קריגן גרויס התפּעלות און זייער פאַנטאַזיע פלעגט זיך דערביי שטאַרק צעשפּילן. איינער פון די דאָזיקע יונגעלייט איז אויך געווען ר׳ פּנחס, וואָס האָט די גאַנצע צייט ביז אהער געפירט אַן אָפּגעזונדערט לעבן. אַז מען האָט אָנ־געהויבן צו ריידן פונם בעל־שם אין וואָלין, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ מיסטישער בענקשאַפט, וואָס האָט סוף־כל־סוף גובר געווען זיין טרוקענע לומדות. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרטיפן אין קבלה און מוסר־ספרים, באַזונדערס אין די ספרים „חובת הלבבות״, „הלכות דעות״ פונם רמב״ם, „ספר הישר״ פון רבנו תם, דעם „פּרדס״ און דעם „זוהר״ און אין די כּתבים פון רבי יצחק לוריע.

די דאָזיקע ספרים האָט ער געלייענט מיט גרויס ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. דאָס לייענען פון די דאָזיקע ספרים האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ גרויסע און טיפע איבערקערעניש. די וועלט האָט זיך אים באַוויזן גאָר אין אַן אַנדער שיין, און ער האָט אין איר אַנטפּלעקט זאַכן, אויף וואָס ער פלעגט זיך פריער גאָרניט פאַרטראַכטן. אויף דער צייט פון זיין גמרא לערנען האָט ער שפּעטער געקוקט, ווי אויף אַ תּקופה פון גייסטיקער פוסטקייט, וואָס האָט קיינעם קיין שום נוצן ניט גע־בראַכט. אָנשטאָט דעם פריערדיקן פּילפּול האָט ער זיך איצט איינגאַנצן פאַרנומען מיט קבלה, אין איר האָט ער געזען דעם קוואַל און דעם תּוך

פון לעבן; ער איז געוואָרן אַ שונא זיין גאַנצן ביזאַהעריקן דענק־שטיי־גער. „פון גמרא לערנען האָב איך ניט אַזאַ הנאה ווי פון זוהר".

ר' פנחס האָט אָנגעהויבן צו האַלטן מיט אַלע חסידים צוגלייך, אַז לומדישע וויכּוחים זיינען ניט דער עיקר, נאָר אַז דער עיקר איז דער ריינער אינעווייניקסטער געדאַנק. „דו מיינסט — זאָגט ר' פנחס, — אַז לערנען קאָן מען נאָר מיטן קול און מיטן דיבור. מען קאָן אָבער לערנען אויך בלויז מיטן געדאַנק". „עס איז פאַראַן אַזאַ מין תורה, וואָס זי איז העכער ווי אַלע רייד און אַלע דיבורים, און דאָס איז אינעווייניקסטער, ריינער געדאַנק". דער דאָזיקער ריינער געדאַנק „איז ביכולת אַרומצו־כאַפּן מיט זיין קוק די גאַנצע וועלט, ניט ווערנדיק פאַרהאַלטן דורך קיין שום קערפּערלעכער זאַך". די יסודות פון זיין חסידישער תורה זיינען אָט וואָסערע: „אַ פּשוט, אָן חכמותדיק גלויבן אין גוטע, ערלעכע מידות אָן שום זייטיקע פּניות". „מיט אַלע מיינע רייד, זאָגט ר' פנחס, בין איך אויסן נאָר איין איינציקע זאַך: צו פאַרשטאַרקן און צו פאַרפעסטיקן די אמונה, וואָרעם איך ווייס, אַז הקב"ה איז פאַראַן אין יעטוועדער זאַך אויף דער וועלט". „די שכינה רוט אפילו אין יעטוועדן אָרט", וואָרעם די גאַנצע וועלט איז גאָט, הקב"ה אַליין". גוטע מידות זיינען דער תוך פונם יידנטום. אויף זיין פּאָן זיינען געשריבן „אמת און עניוות", און די דאָזיקע פּאָן האָט דאָס יידנטום פון תמיד אָן הויך געהאַלטן. „ליגן זאָגן איז פּונקט אַזאַ מין מיאוסע עבירה ווי בלוט־פאַרמישונג". מען דאַרף זיך בעסער לאָזן טויטן, איידער זיך לאָזן פאַרפירן צו אַ ליגן: „בעסער זאָל די נשמה אַרויס פון גוף, איידער אַ ליגן פון דיין מויל". אַז די גאַנצע וועלט וואָלט קיינמאָל ניט געזאָגט קיין ליגן, וואָלט שוין לאַנג „משיח געקומען". אפילו צו די קליינע קינדער פלעגט ער טענהן, אַז מען טאָר ניט זאָגן קיין ליגן, סטאַרענדיק זיך צו עפענען פאַר דער נשמה פונם קינד די וועלט פון זיינע געדאַנקען. מיט זיינע זין פלעגט ער איינחזרן אָט וואָסערע תפילה: „רבונו של עולם, פיר אונז אויף דעם דרך האמת".

עניוות איז לויט אים געווען די צווייטע זייל, אויף וואָס עס האָט זיך געהאַלטן דאָס יידנטום. „ווי פרום און פול מיט מצוות אַ מענטש זאָל ניט זיין, איז ער דאָך גאָרניט ווערט, אויב ער האָט דעם מינדסטן טייל פון גאווה אין זיך". און נאָך אויף מענטשן אָן גאווה קאָן רוען די שכינה. און מהאי טעמא איז דער באַשטראָפטער אין זיינע אויגן חשובער איידער דער באַשטראָפער. וואָרעם „דער באַשטראָפטער, וואָס גייט אין זיין עניוות אַזוי ווייט, אַז ער איז מקבל באהבה די שטראָף, איז דאָך בוודאי אַן עניו און עס שטייט אין פּסוק: „ביי וועמען בין איך (גאָט)? ביי די געבויגטע און די דערנידעריקטע. און דערפון איז געדרונגען, אַז

די שכינה רוט בײ די באשטראפטע". און פון זיך אַליין פלעגט ער זאָגן: „פון מיר איז געוואָרן דאָס, וואָס איך בין איצט, נאָר צוליב דעם, וואָס איך בין געזעסן אין א באהאלטן ווינקעלע, איצט אָבער, בעת איך פאַרנעם א חשובן אָרט, הער איך שוין אויף צו פארשטיין די כּתבי הקודש". דער „אמתער ייד" איז אין זיינע אויגן העכער פאַר אַלצדינג אין דער וועלט. אפילו זיין גוף אָדער, ווי ער דריקט זיך אויס, די „חיה אין אים" איז גערייניקט, וואָרעם „אז א מענטש ווערט באַרירט פון דער ליכטיקייט פון דער הייליקער דערלויכטונג, ווערט אויך די חיה אין אים באַרירט פון דער דאָזיקער ליכטיקייט".

הגם ער האָט געקוקט פעסימיסטיש אויף דער וועלט, געזען אין איר מער בייז איידער גוטס, האָט ער דאָך באַטראַכט דעם מענטשן מצד דער גוטסקייט, וואָס שטעקט אין אים. בוודאי פאַרמאָגט דער מענטש אין א גלייכער מאָס גוטע און שלעכטע מידות, וואָס ר' פנחס רופט אָן דעם גן־עדן און דעם גיהנום, אָבער דער מענטש איז מחוייב זיך צו סטאַרען, אַז דער גן-עדן זאָל גובר זיין דעם גיהנום. מען טאָר זיך ניט זידלען און שעלטן, מען טאָר זיך ניט שווערן, אין כּעס זיין און אריינפאַלן אין עצבות; דער מענטש זאָל זיך תּמיד סטאַרען צו ריידן „אין א ווייכן און רואיקן טאָן, ער זאָל איטלעכס וואָרט אָפּמעסטן און אָפּוועגן אויף דער וואָגשאָל פונם שכל", וואָרעם איטלעכס וואָרט „קומט צום מענטשן פון אויבן" און אין איטלעכן וואָרט „ליגן די צען ספירות". דער „אמתער ייד" דאַרף זיין א הייליקע כּלי פון דער געטלעכקייט. ער מוז זיך סטאַרען צו „דינען דעם בורא מיט איטלעכער באַוועגונג און מיט איטלעכער טואונג".

אָבער ניט נאָר מיט די מעשים אַליין קאָן מען גאָט דינען, נאָר אויך מיט די געדאַנקען און מיטן לערנען. ער „דערלויבט" דעם לימוד „פון חשבון און אַנדערע זאַכן", „דעם לימוד פון גראַמאַטיק און אַנדערע לימודים", נאָר מיט דעם איינציקן תּנאי, אַז אַלע די דאָזיקע לימודים זאָלן האָבן אין זינען דאָס הייליקסטע, „די תּורה", וואָרעם „אַלע וויסנשאַפטן זיינען צווייגן פון דער תּורה". אין דער תּורה גייען זיך צונויף אַלע קענטעניסן, אין איר „ווערן אַנגעטייט אַלע מיני רפואות". קיצור הדבר — „די תּורה איז אַלץ און אַלץ איז די תּורה". עס איז ניטאָ קיין איינציקע זאַך אויף דער וועלט, אין וואָס עס זאָל זיך ניט אַנטפּלעקן גאָטס תּורה. און „ווער עס זאָגט: די תּורה איז א זאַך פאַר זיך און די וועלטלעכע קענטענישן זיינען א זאַך פאַר זיך, דער איז אַן אפּיקורס".

די תּפילה איז איינע פון די חשובסטע פאָרמען פון דער עבודת הבורא, וואָרעם „תּפילה און גאָט זיינען איין איינציקע זאַך. אין איינ-

ציקע אהדות". די תּפילה אליין איז די געטלעכקייט און „איטלעכס וואָרט פון די הייליקע רייד און פון דער תּפילה נעמט ארום אלע וועלטן, מלאָכים און נשמות". מתפּלל זיין דאַרף מען שטילערהייט, אָן שום באַוועגונג, וואָרעם נאָר דאַן קאָן זיך דער מתפּלל באַהעפטן מיט גאָט, וואָרעם „די תּפילה איז אויסן זיך צו באַהעפטן מיט דעם שעפער פון דער וועלט, און דער דאָזיקער באַהעפט איז אויסן אראָפּצוּוואַרפן פון זיך די גשמיות און אַז מען וואַרפט פון זיך אַראָפּ די גשמיות, זונדערט זיך אָפּ די נשמה פונם גוף".

אין אַן אַנדער אָרט איז ער מסביר דעם ענין פון דער דאָזיקער אָפּזונדערונג אָט אויף וואָסערן אופן: „ווי נאָר עס שפּרייט זיך פונאַנדער די מאַכט פון דער מחשבה אין איר גאַנצער פולקייט, אַזוי ווערט די דאָזיקע מאַכט, וואָס האָט אין זיך קיין שום גשמיות ניט, אַזוי שטאַרק, אַז אַליין, וואָס מען דערפילט מיט די חושים, ווערט בטל פון זיך אַליין און די געדאַנקען באַפרייען זיך פון דער מאַטעריע. דאַן ווערט מעגלעך אויפצוהויבן דעם ריינעם, באַפרייטן געדאַנק, ד"ה דעם געדאַנק, וואָס איז פריי פון דער חושיות, צו אַזאַ מדרגה, אַז ער נעמט אָן אַ ממשותדיקע געשטאַלט, און דעמאָלט ווערט אויך מעגלעך תּופס צו זיין די פולקומע מענטשלעכע אמתן". די תּפילה מוז אַרומנעמען דעם גאַנצן כּלל. דער מתפּלל טאָר ניט בעטן פאַר זיך אַליין, וואָרעם איטלעכע תּפילה, „וואָס ווערט ניט געטאָן אינם נאָמען פון כּלל ישראל, איז קיין תּפילה ניט". און נאָך מער: „מען מוז מתפּלל זיין פאַר די שלעכטע מענטשן צווישן די אומות העולם". דאַוונען מוז מען באַגינען, „איידער די וועלט ווערט אָנגעפילט מיט קליינינקייטן און דברים של מה בּכך" און „איידער דער מענטש הייבט אָן צו ריידן דברים בּטלים".

אָט אַזאַ כאַראַקטער האָבן געטראָגן ר' פּנחסעס דרשות. באַלד האָט ער געקראָגן אַ שם אין דער גאַנצער חסידישער וועלט. און עס האָט ניט לאַנג געדויערט, ווי ער איז אין אַלעמענס אויגן געוואָרן אַ הייליקער. פון אומעטום האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים חסידים, כּדי צוצוהערן זיך צו זיין תּורה, און צו זיי האָבן זיך געחברט אויך מענטשן, וואָס זיינען באַוואוסט געווען דורך זייער לומדות. צווישן די לעצטע איז באַזונדערס ניכּר געווען זיין תּלמיד, ר' רפאל בערשעדער. ער איז פאַר זיין רבין געוואָרן דאָס, וואָס רבי נתן איז געווען פאַר ר' נחמן מבּראַצלאַוו, אָדער, וואָס ר' יעקב־יוסף איז געווען פאַרן בעל־שם. ער איז געוואָרן זיין נביא. ער פלעגט פאַרשרייבן דעם רבינס ווערטער, און נאָר צוליב אים האָבן זיך די דאָזיקע דערהאַלטן ביז אויף אונז. אַז ר' פּנחס איז נפטר געוואָרן, האָט ר' רפאל ווייטער געפירט די אַרבעט פון זיין

רבין. ארום אים האָט זיך צונויפגעקליבן אַ באַזונדער קאָמפּאַניע פון חסידים, וואָס זיינען באַוואוסט געווען אַלס די בערשעדער חסידים.

ר׳ פּנחס האָט געפונען, אַז עס איז גלייכער צו זאָגן תורה פאַר אַלטע לייט, וואָרעם ביי אַלטע לייט האָט ער געפונען יענע מידות, וואָס זיינען אים געווען אַזוי טייער: פּשטות און ענוות. און מהאי טעמא האָט ער פּראָסטע מענטשן ליבער געהאַט פאַר געלערנטע און פלעגט דרשענען פאַר דעם פּראָסטן עולם. ער האָט געגלויבט, אַז דעם צדיקס ווערטער קאָנען אריינדרינגען אין די הערצער פון די צוהערער און מוזן מיט דער צייט האָבן אַ פּעולה. „אם תאבו ותשמעו, פלעגט ער זאָגן, אויב איר וועט וועלן און הערן, וועט גוט זיין, און אויב ניט, וועלן זיך מיינע ווערטער נאָכיאָגן נאָך אייך, וואָרעם יעדער וואָרט און אפילו יעדער גערויש האָט זיין באַשטימטן אָרט, און אַז אַ מענטש נעמט אריין דאָס דאָזיקע וואָרט צו זיך אין הארצן אריין, דעמאָלט געפינט עס זיין רו; אויב ניט, יאָגן זיך די ווערטער נאָך דעם מענטשן מיט אַלע מיטלען, ביז דער מענטש ווערט בעסער און זיי געפינען אין אים אַ מקום מנוחה״. און אין דער אמתן האָבן זיך דעם רבינס ווערטער נאָכגעיאָגט נאָך זיינע תלמידים און האָבן זיי אויך דערגרייכט. זיינע תלמידים זיינען אומעטום ניכר גע־ ווען דורך גוטע און ערלעכע מידות, באַזונדערס די אַזוי גערופענע „בער־ שעדער חסידים״, וואָס זיינען באַוואוסט געווען אונטער דעם נאָמען „די שווייגערס״. וואָרעם דער רבי האָט איינגעוואָרצלט אין זיי דעם כּלל, אַז „וואָס שפּאָרעוודיקער אַ מענטש איז מיט זיינע ווערטער, אַלץ מער דערנענטערט ער זיך צו דער קדושה״, וואָרעם וואָס ווייניקער מען רעדט, אַלץ ווייניקער זאָגט מען ליגנס, אַלץ ווייניקער רעדט מען לשון־ הרע און אַלץ ווייניקער חנפעט מען.

מען דערציילט אויך, אַז ער פלעגט פון זיך אַליין ריידן בזה הלשון: „איך היט זיך דערפון צו זאָגן אַ סך אמתן, וואָרעם איך האָב מורא, אַז איך זאָל ניט ווילנדיק זאָגן אַ קליינעם ליגן״. ר׳ פּנחס האָט זיך גע- סטאַרעט צו רייניקן זיינע חסידים פון אַלע ניט שיינע מידות, ער האָט זיך געסטאַרעט, אַז זיי זאָלן אומעטום קענטיק זיין דורך זייערע מעלות און זיך ניט אויסמישן מיט אַנדערע. און אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע מלחמה פון איין צד צווישן די מתנגדים און די חסידים, און פון דעם צווייטן צד צווישן דעם „צדיק פון שפּאָלע״ און ר׳ נחמן מבראַצ־ לאַוו, האָט ר׳ פּנחס געהייסן זיינע חסידים, „זיי זאָלן פון די דאָזיקע זאַכן ניט ריידן און שווייגן״.

ר׳ פּנחס איז נפטר געוואָרן דעם 14 אלול אינם יאָר תקנ״א (1791) אין דער שטאָט שעפּעטאָווקע אויף דעם וועג קיין ארץ־ישראל.

# דער שפּאָלער זיידע.

## א.

דער שפּאָלער זיידע!

אזוי האָט מען אים גערופן בײַ זײַן לעבן, און אזוי רופט מען אים ביז אויפן הײַנטיקן טאָג, און זעלטן װער עס װײס זײַן ריכטיקן נאָמען: אריה-לייב.

דער זיידע האָט ניט ליב געהאַט צו הערן װען מען האָט אים גערופן צדיק, רבי, אד"גל, נאָר „זיידע", האָט ער געהייסן, זאָל מען אים רופן.

אויך די צדיקים אין זײַן צײַט און שפּעטער האָבן אים גערופן סתם: „דער שפּאָלער זיידע". זיי האָבן געהאַלטן, אַז „ער איז דער זיידע פון כלל ישראל".

פאַרװאָס האָט מען אים גערופן „זיידע"? — זאָגן חסידים, אַז דער נאָמען נעמט זיך דערפון, װאָס ער איז געגליכן געװען צו אברהם אָבינו, װאָס הייסט אין דער תורה מיט דעם נאָמען זיידע, „זקן": װאָרעם אזוי װי ער האָט מגייר געװען פיל געצנדינער און האָט זיי מקרב געװען צו גאָט, אזוי האָט אויך דער שפּאָלער זיידע מתקן געװען פיל פאַרשטויסענע נשמות און זיי צוריקגעבראַכט צו גאָט. דערפאַר איז ער אַ „זיידע" װי דער אַלטער זיידע: אברהם אָבינו. אַנדערע חסידים גלויבן, אַז נאָך דער בעל-שם אַליין האָט אים אַ נאָמען געגעבן „זיידע". זיי דערציילן: נאָך איידער ר' אריה-לייב איז געבאָרן געװאָרן, איז געקומען דער בעש"ט צו זײַן פאָטער ר' ברוך, װעלכער איז געװען אַ רײַכער מוכסן אין אַ דאָרף לעבן אומאַן. דער בעש"ט איז נאָך דעמאָלט געװען אַ „נסתר", ער איז געקומען אין דאָרף, אָנגעטאָן אין צעריסענע קליידער. ברוך, װעלכער איז געװען אַ פּשוטער ייד, אָבער אַ גרויסער מכניס-אורח, האָט אים מקבל-פּנים געװען מיט גרויס כּבוד און האָט אים געגעבן אַ שיינע נדבה. אַז דער בעש"ט איז אַװעקגעגאַנגען, האָט ער אים געבענטשט, אַז ער װעט האָבן אַ זון, װאָס װעט לײַכטן אויף דער גאַנצער װעלט, און ער זאָל אים רופן לייב, װײַל אין אים װעט זײַן די נשמה פון דעם גרויסן רב און צדי-

ר' לייב פון פראג, וועלכער האט געשאפן דעם „גולם". אין א יאר ארום — אין יאר תפ"ה — איז ביי ר' ברוכן געבארן געווארן א קינד. צום ברית האבן זיך פארזאמלט א סך ארעמעלייט און צווישן זיי איז אויך געווען דער בעש"ט. נאכן ברית האבן אלע געבענטשט דאס קינד. אז מען האט עס געבראכט צום בעש"ט, האט ער עס געבענטשט און האט אים גערופן „זיידע". אלע האבן געלאכט און האבן אים גערופן „זיידעניו".

און דאס קינד איז געוואקסן, און מ'האט אים געהאלטן פאר א וואונדער־קינד, אן עילוי. אין גיכן איז אבער זיין פאטער ארעם געווארן. די מוטער פון קינד איז געשטארבן. האט ר' ברוך גענומען זיין זון און האט אים געבראכט צום צדיק ר' פנחס קארעצער, ער זאל זיין אונטער זיין השגחה. ר' פנחס האט באלד דערזען, אז דאס איז אן אומגעוויינלעך קינד, האט ער מיט אים א סך געלערנט און אים מדריך געווען בדרך הישר. אז ער איז אלט געווארן 18 יאר, האט ער צו אים געזאגט: „פון היינט אן קענסטו שוין אליין גיין אויף דעם ריכטיקן וועג און דו באדארפסט ניט מער מיין פירערשאפט". ער איז פון דארט אוועקגעגאנגען צו זיין פאטער און האט באלד חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א מעדוועדעווקער שוחט. דארט האט ער געגעסן קעסט און האט עוסק געווען טאג און נאכט אין תורה.

## ב.

ביני־לביני איז דער בעש"ט נתגלה געווארן און אין גאנץ אוקראינע האט מען גערעדט פון אים. זיינע מופתים און זיינע „מעשיות" און משלים האט מען דערציילט אומעטום און זיי האבן געמאכט א שטארקן איינדרוק. אין דער זעלבער צייט איז געקומען ר' אריה־לייב צו ר' פנחסן מיט אים זיך אן עצה האלטן צי ער זאל ווערן א שוחט. האט ר' פנחס צו אים געזאגט: „א גרויס ליכט שיינט אין מעזשיבאזש. אין פארגלייך צו דעם ליכט, בין איך ווי דאס ליכט פון א שטערן אין פארגלייך צו דער זון. פאר צו אים און ער וועט דיר ווייזן דעם אמתן וועג".

זיינען זיי ביידע: ר' פנחס און ר' אריה־לייב, געפארן צום בעש"ט. אז זיי זיינען אריינגעקומען אין חדר פון בעש"ט און ר' אריה־לייב האט אויף אים א קוק געגעבן, איז ער געפאלן אין חלשות פון גרויס פחד. ר' פנחס האט אים אפגעמינטערט מיט קאלטן וואסער. דער בעש"ט האט געשמייכלט און האט געזאגט ר' פנחסן: „איך האב גערעכנט, אז ער איז שוין אן אייזערנער זייל, אבער ער איז דאך נאך א יונגערמאן". און ער האט זיך געווענדט צו ר' אריה־לייבן און צו אים געזאגט: „דו האסט נאך א סך צו טאן, דיין וועג איז נאך ווייט. בלייב ביי מיר, דעמאלט

וועסטו פאַרשטיין צו וואָס דו ביסט באַשאַפן געוואָרן אויף דער וועלט און וואָס דו האָסט צו טאָן אויף דער שפּלער וועלט''. צוויי וואָכן שפּעטער האָט דער בעש''ט אים גערופן צו זיך און האָט אים געזאָגט: ,,דו ווילסט ווערן אַ שוחט, כּדי אָנצושטאָפּן די יידישע גופים מיט כּשר פלייש, אָבער ניט צוליב דעם ביסטו געקומען אויף דער וועלט: ניט צוליב ג ו פ י ם, נאָר צוליב די נ ש מ ו ת ביסטו געשיקט געוואָרן אויף דער וועלט — דו זאָלסט זיין אַ ל י י ב צווישן די חיות. דו זאָלסט וויסן, אַז אויף דער וועלט זיינען פאַראַן פיל פאַרשטויסענע נשמות, וואָס האָבן זיך דערוווייטערט פון דער קדושה, און אָט די נשמות זיינען פונקען פון דיין נשמה און נאָר דורך דיר קאָנען זיי האָבן אַ תּיקון און זיך צוריקקערן צו דער קדושה. און אָט די פאַרשטויסענע נשמות זיינען פיל פאַראַן ביי די יידן אין רוסלאַנד, ובפרט אין אוקראַינע, און ווען ניט דו, וועלן זיי קיינמאָל קיין תּיקון ניט האָבן''. ר' אריה-לייב האָט אַ ציטער געגעבן און האָט געזאָגט: ,,ווער בין איך און וואָס בין איך, וואָס איך זאָל מתקן זיין די נשמות פון ישראל?'' האָט דער בעש''ט צו אים געזאָגט: ,,אמת, דו האָסט נאָך די דאָזיקע גרויסע מדרגה ניט דערגרייכט; דער מענטש איז גלייך צו אַ בוים: ווי דער בוים קאָן ניט אויפשפּראָצן פון דער ערד און געבן פּרוכט, ווען זיין שורש איז ניט פריער פאַרפוילט געוואָרן אין דער ערד און איז גע־וואָרן צו־נישט און ערשט פון דעם פאַרפוילטן זוימען הייבט אָן דער בוים צו וואַקסן און זיך צו אַנטוויקלען און געבן פּרוכט כּדי צו דער־קוויקן די מענטשן — אַזוי איז עס אויך מיט דעם אָדם־הישר: ער קאָן ניט קומען צו דער מדרגה פון אַ צדיק, כּל-זמן ער איז ניט פריער געקומען צו דער מדרגה פון גאָרניט, פון ב י ט ו ל ־ ה י ש, פולשטענדיק נ י ט ־ זיין, פון זיין אינעווייניקסטן א י ך; און דאָס קאָן געשען דורך צרות און ליידן און בזיונות און שפלות, וואָס דער מענטש נעמט אויף זיך, און בפרט דורך ג ל ו ת פּ ר א ו ו ע ן''.

אַז ר' לייב האָט דאָס אויסגעהערט, האָט ער פאַרשטאַנען זיין נייעם וועג, וואָס דער בעש''ט האָט אים אָנגעוויזן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין פיל לערנען און פיל וויסן אין דער תּורה איז נאָך ניט גענוג כּדי צו דערגרייכן די אמתע מדרגה פון אַ צדיק; ער האָט פאַרשטאַנען פון דעם בעש''טס רייד, אַז קודם-כּל דאַרף ער אָפּריכטן גלות און נעמען אויף זיך ליידן און צרות, ביז ער וועט דערגרייכן די גרויסע מדרגה פון ,,אויסצורייסן און צו פלאַנצן, צעשטערן און אויפצובויען''.

ר' אריה-לייב איז אַוועקגעפאָרן פון בעש''ט, געקומען אַהיים, זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין פרוי, אָנגעטאָן אָרימע קליידער, גענומען אַ זאַק אויף די פּלייצעס, און איז אַוועקגעגאַנגען אָפּריכטן גלות.

פיל פארצייטיקע צדיקים האבן אפגעריכט גלות: זיי זיינען גע-גאנגען צופוס, זיך פארשטעלט פאר אמתע ארימעלייט, געוואנדערט פון שטאט צו שטאט און פון דארף צו דארף, וואו מען האט געטאגט האט מען ניט געגעכטיקט, וואו גענעכטיקט, ניט געטאגט. מען איז געשלאפן אין „הקדש", מען איז אפגעקומען מיט „לחם צר ומים לחץ". אזוי איז מען געגאנגען און געגאנגען טאג און נאכט, יאר־איין, יאר־אויס. דאס וואנדערן און די גרויסע בזיונות און יסורים, וואס מען האט דורך דעם געליטן, איז געווען אין לשער. און אזוי האט עס אויך ר' לייב געטאן. ער איז אוועק אין דער וועלט אריין.

איינמאל איז ער געקומען אין אן ארט אויף שבת. ער און נאך אן ארימאן האבן מקבל שבת געווען אין בית־המדרש ביי דער טיר. נאך קבלת־שבת האט דער נגיד פון שטאט זיי גענומען צו זיך אויף שבת. מוצאי-שבת האבן זיי זיך אפגעזעגנט מיטן נגיד, באקומען פון אים א נדבה און האבן זיך געלאזט גיין. אבער דער אנדערער ארימאן האט געגנבעט ביים נגיד א פאר זילבערנע לעפל. אין א פאר שעה ארום האט מען זיך ביים נגיד אין הויז ארומגעזען און מען איז נאכגעלאפן כאפן די ביידע ארימעלייט. דער ארימאן, דער גנב, האט באמערקט, אז מען לויפט זיי נאך, האט ער פארשטאנען וועגן וואס עס האנדלט זיך, האט ער באַ־האלטן די לעפל אין ר' לייבס זאק און איז פארשוואונדן. ר' לייב, וועל־כער האט פון קיין זאך ניט געוואוסט, איז געגאנגען זיין וועג ווייטער. אז מען האט אים געכאפט און ביי אים געפונען די לעפל, האט מען אים געהרגעט, געשלאגן און אריינגעזעצט אין תפיסה, ביז עס האט זיך ארויסגעוויזן, ווער דער אמתער גנב איז געווען. אמאל איז ער געקומען אין א דארף אין אן אכסניא אריין. דער ייד, דער בעל אכסניא, איז גע־זעסן אין תפיסה און זיין לעבן איז געווען אין גרויס סכנה, ווייל ער האט ניט געהאט צו באצאלן זיין ארענדע-געלט דעם פריץ. באלד האט דער פריץ געפייערט זיין געבורטסטאג און ער האט איינגעלאדן פיל געסט, און האט דערקלערט: אויב דער מוכסן וועט טאנצן אויף אלע פיר, אנגעטאן אין א פעל פון א בער, פאר אלע זיינע געסט, וועט ער אים באפרייען. דער מוכסן, וועלכער איז געווען אן אלטער, קראנקער מאן, איז אבער ניט געווען בכוח דעם טאנץ צו טאנצן. האט זיך ר' לייב פארשטעלט און האט געטאנצט אויף אלע פיר אין א בערן-פעל פאר דעם פריץ און זיינע געסט. און גאט האט געטאן א נס, דערציילן די חסידים, און דער מוכסן איז פריי געווארן.

אין זיין וואנדערן איז ר' לייב אנגעקומען אין זלאטאפאליע און איז דארט געווארן שמש אין בית־מדרש. דעם גאנצן טאג איז ער געווען

שמש אָבער בײנאַכט פלעגט ער עוסק זיין אין תורה און עבודה און קײנער האָט ניט געוואוסט פון דעם. פון דאָרט פלעגט ער אָפט פאָרן צו דעם גרויסן צדיק ר' יעקב־יוסף פּאָלאָנער. דער תּלמיד פון בעש"ט.

דערווײל איז מען דאָך אָבער געוואָר געוואָרן, ווער ער איז, און מען האָט אָנגעהויבן אים פרעגן עצות אין עבודת הבורא, און פאַרלאַנגען פון אים מופתים. דעמאָלט האָט ער פאַרלאָזן זלאַטאָפּאָליע און האָט זיך באַזעצט אין ש פּ אָ ל ע און דאָרט איז ער געבליבן ביז זיין לעצטן טאָג, און אויף דעם נאָמען פון דער שטאָט רופט מען אים ביז איצינד: „דער שפּאָלער זיידע", און אָט דער נאָמען: „ז י י ד ע" איז אויך געוואָרן זיין פאַמיליע־נאָמען פאַר זיינע נאָכקומער ביזן היינטיקן טאָג.

ג.

קומענדיק קיין שפּאָלע האָט ער געטראָפן אַ שטאָט פול מיט שלעכטע, זינדיקע יידן. ער האָט זיך תּיכּף מקרב געווען צו זיי מיט ליבע און פּשטות, ווי דער בעש"ט פלעגט אומגיין מיט דעם פּראָסטן עולם, און האָט מיט זיי גערעדט אויף זייער שפּראַך, באַנוצט זייערע רייד, געגעבן זיי משלים פון זייער לעבן און האַנדל. אַזוי האָט דער „זיידע" אויך געטאָן. כּדי מתקן צו זיין און זיי דערהויבן צו גאָט, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צו זיי און האָט פאַר זיי ניט געזאָגט קיין תּורה, וועלכע זיי זיינען גאָרניט געווען בכּוח צו פאַרשטיין, נאָר ער האָט מיט זיי גערעדט ווי זיי ריידן; ער האָט אפילו באַנוצט פיל ווערטער פון די אוקראַאינישע פּויערים אין זיינע דרשות פאַרן המון, און האָט זיי אויסגעטייטשט צו מוסר און יראת־השם. ווי, למשל, דאָס שפּריכוואָרט: „דורען דאיע, ראַזומני בירע", האָט ער געטייטשט: דורען, דער נאַר מיינט: דאיע, דאָס וואָס ער גיט אַוועק פאַר צדקה, גיט ער עס אַוועק זיינס און אים בלייבט דעריבער ווייניקער. ר א ז ו מ נ י, דער קלוגער אָבער וויים, אַז מיט זיין אַוועקגעבן אויף צדקה פאַרלירט ער גאָרניט, להיפוך: ב י ר ע, ער נעמט נאָך דערפאַר שכר אויף יענער וועלט. דער „זיידע" אַליין האָט מקיים געווען וואָס ער האָט געדרשנט און דאָס געלט, וואָס ער האָט געזאַמלט, האָט ער פאַרטיילט צווישן די אָרימעלייט, און ער אַליין האָט זיך באַנוגנט מיטן ווייניקסטן.

זיין ליבע צו יידן איז געווען זייער גרויס. פאַר אים איז געווען דאָס יידישע פאָלק דאָס בעסטע און הייליקסטע פאָלק אויף דער ערד, און האָט תּמיד אויף אים מגין געווען. אין דעם פּרט איז ער געווען עט־

וואָס ענלעך צום „בערדיטשעווער רב״. אַמאָל האָט ער געטענהט צו גאָט: „רבונו של עולם, איך גיב דיר תקיעת־כּף, אַז דורך יסורים און צרות וועסטו די יידן ניט ברענגען צו תשובה. און אויב עס איז אַזוי, — און דו ווייסט דאָך דעם אמת, אַז עס איז אַזוי — צו וואָס־זשע שטראָפסטו זיי מיט צרות אומזיסט? איך בעט דיך, זיי אַן אב־רחמן צו די יידן״. אַן אַנדערש מאָל האָט ער געטענהט צו גאָט: „רבונו של עולם! וואָס ווילסטו פון דיין פאָלק ישראל? תאוות רעות האָסטו געשאַפן אויף דער ערד, פאַר די אויגן פון די יידן, און דעם גיהנום האָסטו אויסגעמאָלט אין „ראשית חכמה״, וואָלסטו אָבער געטאָן פאַרקערט: דעם גיהנום האַלטן פאַר די אויגן און די תאוות אויסמאָלן נאָר אין ספר, דאַן בין איך דיך מבטיח, אַז קיין איינציקער ייד וואָלט ניט געזינדיקט״. חסידים דער־ציילן פון אַ שאַרפער טענה־ומענה, וואָס איז אַמאָל פאָרגעקומען צווישן דעם „זיידן״ און גאָט. דאָס איז געווען אין אַ הונגער־יאָר אין רוסלאַנד. די אָרימע יידישע באַפעלקערונג האָט זייער שטאַרק געליטן פון הונגער. האָט דער „זיידע״ צונויפגערופן צו זיך צען צדיקים און האָט צו זיי געזאָגט: „רבותי, איר זאָלט וויסן, אַז איך האָב אַ דין־תורה מיט דעם רבונו־של־עולם, און איך וויל אייך מאַכן פאַר די דיינים. און הגם על־פּי דין דאַרף מען משפּטן דעם אָנגעקלאָגטן אין דעם אָרט, וואו ער וואוינט, נו, איז דאָך דער רבונו־של־עולם אומעטום און אויך ביי אונז. לכן קאָן זיין די דין־תורה ביי מיר אין דעם צימער״. און דער „זיידע״ האָט געהייסן מכריז זיין מיט דעם לשון: „מיט דעם באַפעל פון דער הייליקער עדה, וואָס געפינט זיך דאָ, בין איך מכריז ומודיע, אַז ר׳ לייב בן רחל רופט דעם רבונו־של־עולם צו אַ דין־תורה, און די דין־תורה וועט זיין אין דעם חדר, אין דריי טעג אַרום״. די גאַנצע דריי טעג זיינען די צדיקים געווען פאַרשפאַרט אין דעם חדר, קיין לעבעדיקער מענטש איז אַהין ניט אַריינגעלאָזן. זיי האָבן געפאַסט, געלערנט און געדאַוונט, און אַלע עולמות־העליונים האָבן געציטערט און געוואַרט אויף דער דין־תורה. אין דעם פערטן טאָג איז אויפגעשטאַנען דער „זיידע״ און האָט געזאָגט: „אין נאָמען פון די יידישע ווייבער און קינדער לאָד איך איין גאָט צו אַ דין־תורה: פאַרוואָס לאָזט ער זיי אויסגיין פון הונגער? פאַרוואָס וויל ער זיי אומברענגען?״ דער „זיידע״ האָט געבראַכט ראיות פון דער תורה און פון דער גמרא און פון שאלות־ותשובות, אַז ניט די יידן האָבן געזינדיקט קעגן אים, נאָר פאַרקערט: ער טוט מיט זיי אומגערעכטיקייט. „ער האָט אויף זיי אָנגערייצט דעם יצר־הרע, וואָס ער האָט באַשאַפן. און ווען ניט דאָס, וואָלטן די יידן גאָרניט געזינדיקט״. ער האָט געטענהט: „ווי עס איז, איז ער מחויב די יידישע ווייבער און

קינדער מפרנס צו זיין". נאך די אלע טענות פון „זיידן" זיינען אויפ-געשטאנען אלע צדיקים און האבן געפסקנט: „גערעכט איז ר' לייב בן רחל, און גאט איז מחוייב ווי עס איז מפרנס צו זיין די יידישע ווייבער און קינדער, און ווי דער בית-דין של מטה פסקנט אזוי וועט אויך מסכים זיין דער בית־דין של מעלה"...

דער „זיידע" האט ניט געקאנט פארטראגן דעם גלות, אין וועלכן ער האט געזען ניט נאר צרות אין גשמיות, נאר אויך אין רוחניות. אפט פלעגט ער זאגן: „טאטע, טאטע! לייז אונז אויס פון דעם גלות, און לאז אונז ניט שלאפן אזא שטארקן שלאף".

דער „זיידע" האט שטארק ליב געהאט די קליינע קינדער. אפט פלעגט ער זיך שפילן מיט זיי אויף דער גאס און זיי געבן זיסע זאכן צו עסן. פלעגט ער הערן א קינד וויינען, האט ער אוועקגעווארפן זיין תורה און זיין תפילה און געלאפן בארויקן דאס ינד. אמאל, דערציילט די לעגענדע, ערב יום-כיפור, גייענדיק אין שול צו כל־נדרי, פארבייגייענדיק א שטוב, האט ער דערהערט ווי א קינד וויינט. ער איז באלד אריינגע־גאנגען אין צימער און האט דערזען ווי א קינד ליגט אליין אין בעטל און וויינט. די עלטערן און אלע בני־בית זיינען געגאנגען צו כל־נדרי. דער „זיידע" האט זיך אנידערגעזעצט און האט געוויגט דאס קינד. אזוי האט דאס לאנג געדויערט. און אין שול איז געווארן א גרויסע מהומה. דער „זיידע" איז נאך ניט געקומען צו כל־נדרי. ס'איז שוין געווארן נאכט, אלע יידן שטייען שוין פארוויינט, מען האט שוין לאנג אפגעזאגט די „תפילה זכה" און דער „זיידע" איז נאך ניטא. מען האט אים אומעטום געזוכט, ביז מען האט אים געפונען זיצנדיק און שאקלען דאס וויגעלע מיט דעם קינד.

## ד.

וועגן גאט דינען האט דער „זיידע" געזאגט: אין דעם יידישן הארץ זאל תמיד ברענען א געטלעכער פייער, אבער דער פייער דארף זיך ניט ארויסווייזן אין דרויסן, עס זאל זיין צוגעדעקט און פארשטעלט. די אמתע עבודה צו גאט איז דווקא דאן, ווען מען טוט זי דורך קאמף מיט מניעות און שטערונגען. אמאל האט זיך א מוכסן געקלאגט פאר אים, אז ער האט מורא צו ווערן שטארק מגושם און זיך דערווייטערן פון גאט, — ווייל זיין גאנצע סביבה און זיין גאנצע טועכץ איז נאר מיט שיכורים און געפאלענע מענטשן. דער „זיידע" האט אים געענטפערט: „איך זע, אז די ווילסט זיין א כשרער ייד, נאר מיטן תנאי, אז דו זאלסט האבן א פולן זאק מיט גאלדענע רענדלעך, און דו זאלסט זיצן אין א שיינעם

פּאַלאַץ, פול מיט הייליקע ספרים, ערשט דעמאָלט וועסטו קאָנען גאָט דינען מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד. אָבער איך זאָג דיר, אַז אויף גאָט דינען אָן מניעות האָט גאָט אין הימל פיל מלאָכים ושרפים און ברויכט גאָרניט דעם מענטשן. ניין, דער עיקר אין עבודה צו גאָט איז דווקא דורך מניעות, דורך צער און אינעווייניקסטן קאַמף".

אַמאָל האָט אים איינער געפרעגט: ווי אַזוי איז בעסער גאָט צו דינען: צי דורך הרחבת־הדעת, דורך עסן און טרינקען, אָדער דורך פאַסטן און פּייניקן זיך? דער „זיידע" האָט אים געענטפערט: „אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם יצר־הרע, האָט ער אין די ערשטע דורות פון אָדם־הראשון ניט געהאַט פיל צו טאָן, ווייל די דורות האָבן אַליין אָן דער הילף פון דעם יצר־הרע אַ סך געזינדיקט. איז דער יצר־הרע געקומען צו גאָט און האָט זיך באַקלאָגט אויף זיין אַרבעטסלאָזיקייט, האָט גאָט צו אים געזאָגט: „וואַרט אַ ווײַלע, באַלד וועט קומען אברהם אָבינו, וועט פאַר דיר זיין אַ שטיק אַרבעט אים איבערצורײַדן צו אַן עבירה". אַז אברהם אָבינו איז געקומען, האָט זיך דער יצר־הרע פאַרגעשטעלט פאַר אַ פּוס־גייער און האָט זיך פאַר אים געוויזן. אברהם, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח, האָט אים באַלד געבעטן צו זיך און האָט אים געגעבן צו עסן און צו טרינקען. דער יצר־הרע האָט זיך פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיטן עסן און האָט מער ניט געקאָנט ריידן מיט אים פון אַן עבירה, און איז אַוועקגעגאַנגען. האָט גאָט פון אים געלאַכט און געזאָגט: „מען קויפט דיך איבער מיט אַ גוטן אָנבייסן". שפּעטער איז ווידער געקומען דער יצר־הרע און האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט ניט וואָס צו טאָן. האָט גאָט צו אים געזאָגט: „וואַרט אַ ווײַלע ביז יצחקן". צו יצחקן איז דער יצר־הרע געקומען אַלס אורח און האָט באַשלאָסן מער זיך ניט לאָזן איי־בערקויפן דורך עסן. אַז ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן מיט יצחקן וועגן אַן עבירה טאָן, האָט יצחק ניט געמאַכט קיין שום טענות און האָט אים געשלאָגן מכות אכזריות, און דער יצר־הרע איז אַנטלאָפן. האָט גאָט ווידער געלאַכט פון אים און האָט צו אים געזאָגט: „דו האָסט גאָר מורא פאַר אַ קלאַפּ. איך וועל דיר געבן אַן עצה: וואַרט אויף יעקבן". צו יעקבן איז דער יצר־הרע געקומען מיט פעסטן מוט, זיך ניט לאָזן איבער־קויפן דורך עסן און זיך ניט דערשרעקן פאַר אַ שטעקן. ער האָט אָנגע־הויבן יעקבן איבערצורייַדן, אָבער יעקב, וואָס איז געווען אַ תּם און פאַר־טיפט אין תּורה ועבודה, האָט אים גאָרניט צוגעהערט, וואָס ער רעדט. אַז דער יצר־הרע האָט געזען, אַז זיינע רייד העלפן גאָרניט, איז ער אַוועק־געגאַנגען פון אים". נאָך דער דערציילונג האָט זיך דער „זיידע" גע־ווענדט צום פרעגער און האָט אים געזאָגט: „זעסטו, יעדער צדיק האָט

זיין וועג. דער יצר-הרע קען שוין די אלע וועגן פון די צדיקים, לכן זוכט זיך יעדער צדיק א נייעם וועג. און ווען דו טוסט היינט וואס מען האט געטאן אין דעם פארגאנגענעם דור, איז גלייך ווי דו וואלסט גארניט געטאן".

זיין אייגענע עבודה צו גאט איז געווען מיט גרויס התלהבות און שמחה. ער האט א סך געטאנצט נאך זיין דאווגען, דערהויפט שבת און יום-טוב. בשעת זיין טאנצן פלעגן די חסידים שטיין ארום אים און זינגען. בשעת זיין טאנצן פלעגט ער ממש ארויס פון די כלים, און ער פלעגט פלעסקען מיט די הענט. דער צדיק ר' אברהם מלאך האט אמאל צוגע־זען ווי ער טאנצט, האט ער געזאגט: „דער טאנץ פון זיידן איז ביי גאט א סך חשובער ווי מיינע תפילות".

## ה.

דעם „זיידנס" נאמען איז געוואקסן פון יאר צו יאר, און פון אלע עקן אוקראינע איז מען געפארן צו אים, און יעדן מענטשן האט ער מקבל געווען מיט גרויס ליבע; ער האט פארטיילט סגולות און רפואות ניט נאר צו יידן, אויך ניט־יידן פלעגן צו אים קומען און ער האט זיי געגעבן סגולות.

אבער פלוצים איז אויפגעשטאנען דער יונגער צדיק ר' נחמן בראצלאווער, א גאנץ פייערדיקער קאפ מיט א שארף אויג, און אט ער, דער יונגער צדיק, האט דעם אלטן „זיידן" פארביטערט זיינע לעצטע יארן. ר' נחמן בראצלאווער, דאס אורייניקל פון בעש"ט, האט זיך באזעצט אין זלאטאפאליע ביי שפאלע, און ער האט שארף קריטיקירט ס'רוב צדיקים פון זיין דור און האט זיי אנגערופן שקרנים און צבועקעס; אז זיי פארדארבן די חסידים און קאנען ניט פארזעצן די גרויסע הייליקע ירושה, וואס זיי האבן איבערגענומען פון דעם בעש"ט.

אט דער פאל האט שטארק דערצייטערט דאס תמימותדיקע הארץ פון דעם שפאלער „זיידן" און ער איז זייער שארף ארויסגעטראטן קעגן ר' נחמנען. ער האט אפילו געפרואווט איבעררעדן די אנדערע צדיקים מען זאל אים ארייננווארפן אין חרם, נאר דער „בערדיטשעווער רבי" האט זיך ארייגעמישט און האט דאס ניט צוגעלאזט. אבער די מחלוקת האט זיך צעפלאקערט און האט געבראכט א גרויסע שפאלטונג צווישן די בראצלאווער חסידים און די איבעריקע חסידים ביז אויף דעם היינטיקן טאג.

ו' תשרי תקע"ב איז דער שפאלער „זיידע" געשטארבן אין שפאלע. פאר זיין טויט האט ער אנגעזאגט, מען זאל אויף זיין מצבה ניט שרייבן אויף אים קיין שום שבחים, נאר זיין נאמען און די צייט פון זיין טויט.

# ר׳ ל י י ב ש ר ה ס.

## א.

ר׳ ל י י ב ש ר ה ס איז געווען אַן „איש-פלא״, זיין גאַנץ לעבן איז אויסגעפילט פון לעגענדעס און פלאות; ווי אַ רעטעניש שטייט ער אין דער חסידישער וועלט און מען קאָן ניט וויסן בבירור, וואָס פאַר אַ מין צדיק ער איז געווען. די חסידים דערציילן, אַז ווען ער איז אַלט געווען 15 יאָר, איז ער אַמאָל פלוצלונג אַריינגעשפרונגען אין חדר פון דעם בעש״ט, וועלכער איז געזעסן מיט זיינע תלמידים און האָט עוסק געווען אין תורה. ר׳ לייב, ניט קוקנדיק אויף דעם, איז אַרומגעלאָפן אין צימער אַהין און אַהער און האָט געמאַכט משונהדיקע העוויות. דעם בעש״טס תלמידים זיינען געוואָרן שטאַרק אין כעס אויף זיין חוצפּה, אָבער דער בעש״ט האָט זיי באַרויִקט און האָט זיך געווענדט צום יינגל ר׳ לייב און האָט צו אים געזאָגט: „דו ביסט אַ חריף, איך קען דיינע מעשים. אָבער דו זאָלסט וויסן, דער וועג אויף וועלכן דו גייסט איז זייער מסוכן, דו גייסט אויף דער שאַרף פון אַ שווערד. לאָז אָפּ פון דעם וועג און האַלט זיך אָן פעסט אין מיר״. און פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. מען דערציילט, אַז ער פלעגט פאַסטן פון שבת צו שבת, ניט ווייל ער האָט געוואָלט פאַסטן, נאָר ער האָט פשוט פאַרגעסן צו עסן פון גרויס דביקות אין גאָט.

פאַרוואָס האָט מען אים גערופן אויף זיין מוטערס נאָמען: ר׳ לייב שרהס? איז אַזאַ מעשה: אין אַ דאָרף איז געזעסן אַ יידישער מוכסן, און ער האָט געהאַט אַ טאָכטער — אַ גרויסע יפת-תואר, און זי האָט געהייסן שרה. דעם פּריצס זון איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין דער שיינער שרה און האָט געזאָגט זיין פאָטער, אַז אויב ער וועט מיט איר ניט חתונה האָבן, וועט ער זיך נעמען דאָס לעבן. האָט דער פּריץ גערופן שרהס פאָטער און האָט אויף אים גוזר געווען, ער זאָל געבן די טאָכטער זיין זון פאַר אַ פרוי. דער מוכסן איז צוריקגעקומען אַהיים און האָט דאָס דערציילט זיין משפחה, און אין שטוב איז געוואָרן אַ גרויסע יללה.

ביים מוכסן אין שטוב איז געווען א מלמד, א זקן, אן אלמן. שרה האט זיך אנטשלאסן אנטלויפן מיט אים אין שטאט אריין און מיט אים חתונה האבן. זיי האבן דאס געטאן מיט דער צושטימונג פון די עלטערן. און אט דער מלמד איז געווען איינער פון די באהאלטענע ל״ו צדיקים און ער האט געזאגט צו זיין פרוי: „ווייל דו האסט ממאס געווען אין גרויס כבוד און עשירות פון דעם פריץ און דו האסט חתונה געהאט מיט אן אלטן ארימאן, בין איך דיר מבטיח, אז דו וועסט האבן א זון, וועלכער וועט זיין א גרויסער צדיק און וועט ברענגען א סך טובות אויף יידן״. און דער זון איז געווען ר׳ לייב, וואס מען האט אים גערופן אויף דעם נאמען פון זיין מוטער די צדקניות שרה.

ר׳ לייב איז געבארן געווארן אן ערך אין יאר ת״צ. זיינע קינדער-יארן זיינען פארהילט אין טונקלקייט. אז ער איז עלטער געווארן, פלעגט ער אפט פארן צום מעזשריטשער מגיד. אבער אויך דא ביים מעזשריטשער מגיד פלעגט ער זיך גאנץ משונהדיק אויפפירן. ער פלעגט זאגן: „איך פאר נישט צום רבין אום צו הערן פון אים תורה, נאר צו זען ווי ער טוט אן זיינע שיך און ווי ער טוט זיי אויס״. דען ער פלעגט זאגן: „נישט דאס תורה זאגן איז דער עיקר, די מעשים פון דעם צדיק און זיינע הנהגות דארפן זיין א תורה שלימה״. און אט האט ער געזען אין אלע מעשים פון מגיד, אויך אין זיינע שיך אנטאן און אויסטאן, אן אמתע תורה.

## ב.

עס איז געווען גראד אין דער צייט ווען דער חסידיזם האט אנגעהויבן זיך צו אנטוויקלען. עס איז געווען די גרויסע עפאכע אין חסידיזם, די עפאכע פון דעם גרויסן מגיד און זיין „הייליקע חבריא״; אומעטום אין אוקראינע, אין פוילן און ליטע האט מען פון זייער הייליקייט גערעדט; זייערע ווערטער, זייערע תורות, זייערע מופתים האבן זיך פארשפרייט אומעטום און האבן געמאכט א שטארקן רושם. אט אין דער זעלביקער צייט זעען מיר איינעם פון זיי, ר׳ לייב שרהס, שטיין אן א זייט, אן חסידים, אן תורה זאגן, אן א שטענדיקער שטאט, נאר נע־ונד איז ער ארומגעגאנגען, שטיל און שווייגנדיק, ארומגעבלאנדזשעט פון ארט צו ארט; און אומעטום, וואו ער פלעגט זיך אויפהאלטן א צייט לאנג, פלעגט ער עפענען א קלייטל, א פוסט קלייטל מיט ליידיקע פאליצעס. ר׳ לייב שרהס קלייטל איז געווארן א שפריכווארט אין אוקראינע ביז אויף דעם היינטיקן טאג, וואו מען רופט אן ארימע קלייט: „ר׳ לייב שרהס קלייט״.

וואס האבן באדייט אט די אלע זיינע וואונדערלעכע מעשים? אט דערציילן די חסידים אזא געשיכטע: די גמרא דערציילט פון 36 בא־

האלטענע צדיקים, וועלכע געפינען זיך אין יעדן דור, און צוליב זייער זכות עקסיסטירט די וועלט. דער געדאנק פון די למד-וואָווניקעס האָט זיך שטארק איינגעבירגערט ביים יידישן פאָלק, און די מקובלים האָבן געזאָגט, אז זיי זיינען די אמתע „מנהיגי הדור" אין געהיים. דער חסידיזם האָט דעם געדאנק נאָך פארטיפט און אויסגעברייטערט, און האָט דערציילט וואונדערלעכע מעשיות וועגן אָט די למד־וואָוניקעס און וועגן דער פאר־בינדונג צווישן זיי און די אָפענע צדיקים אין יעדן דור. אָט די למד־וואָווניקעס מיידן אוים די מענטשן און די שטעט. זיי געפינען זיך גאַנץ ווייט באהאלטן אין די וויטע, גרויסע וועלדער און פעלדער, אָנגעטאָן גאַנץ אָרים, מיט צעריסענע קליידער. ווען זיי קומען אַמאָל צווישן מענטשן, דערקענט מען גאָרניט ווער זיי זיינען אין דער אמתן, ווייל זיי זעען אוים ווי זייער פשוטע מענטשן, אמתע עמי־הארצים. אָט דערציילן די חסידים, אז אין יעדן דור איז פאראן א צדיק נגלה, וועלכער איז דער פארמיטלער צווישן די למד־וואָווניקעס און דעם פאָלק; ער קען זיי, זוכט זיי אויף, אָדער זיי קומען צו אים, גייט נאָכדעם צום פאָלק, זאמלט געלט און פאר־טיילט צווישן זיי. נאָך דעם בעש"טס טויט איז געווען ר' לייב שרהס דער פארמיטלער צווישן די למד־וואָווניקעס און דעם פאָלק, און ער האָט געהאט די גרויסע דאגה ווי צו פארזאָרגן די למד־וואָווניקעס מיט פרנסה. ער האָט געוואוסט, וואו זיי באהאלטן זיך, ער פלעגט קומען צו זיי אמאָל אין פעלד, אמאָל אין וואלד. צו דעם צוועק איז ער תמיד געווען נע־ונד. און צוליב דעם פלעגט ער באזוכן די אלע גרויסע יארידן אַמאָל אין בערדיטשעוו, אַמאָל אין יארמעלינעץ אאז"וו. און אומעטום האָט ער גע־עפנט א קלייטל, כדי ער זאָל קענען דורך דעם קומען אין באַרירונג מיט פארשיידענע מענטשן און זאמלען נדבות פאַר די למד-וואָווניקעס.

אָט די פארבאָרגענע געהיימענישפולע מעשים פון ר' לייב שרהס האָבן לכתחילה קיין גוטן איינדרוק ניט געמאכט אויף דעם פאָלק; מען האָט אים אפילו געהאלטן פאר א מין מכשף, אָדער פראַנקיסט, אָדער גאָר פאר א שפיאָן. אמאָל איז ער געקומען קיין לובלין, האָט מען אים געכאפט און געבראכט אין רש"לס בית־מדרש און מען האָט געוואָלט אים אָפּגאָלן די באָרד, אום אים דורך דעם מאכן צו שפאָט און שאנד. ר' לייב האָט אָנגעהויבן צו וויינען און צו שרייען: „רבונו של עולם! זע דיין הייליק פאָלק, ווען עס זעט, אז איינער גייט ניט אין דיינע וועגן, נעמט עס זיך אָן דיין קריוודע און וויל זיך נוקם זיין פאר דיר". די רייד פון ר' לייבן האָבן שטארק געווירקט און מען האָט אים געלאָזן פריי.

לאנגזאם האָט זיין אָנזען געוואַקסן ביים פאָלק, און די אלע חשדים זיינען פון אים אוועקגעפאלן, בפרט מיט דעם, אַז דער גרויסער מגיד פון

מעזשריטש האָט וועגן אים געשריבן, אַז ער איז עוסק אין אַ גרויסער מצווה, וועלכע שטייט העכער פון אַלע מצוות, און מען זאָל אים אונטער־שטיצן מיט אַלע כּוחות", און ער איז מעיד אויף אים, אַז „ער איז אַן אמתער מענטש, אַ גרויסער ירא שמים". אָט אַזעלכע ווערטער פון אַזאַ מענטשן, ווי דער „מגיד", זיינען געווען גענוג צו באַזייטיקן אַלע חשדים פון ר' לייבן און צו קוקן אויף אים ווי אויף אַ גרויסן צדיק.

ג.

פון אַצינד אָן הייבן די חסידים אָן פון אים שטאַרק צו האַלטן, אָבער דער המון האָט דאָ נאָך ווייניק געוואוסט פון אים, ער האָט אים נאָר באַ־טראַכט פאַר אַ „איש פּלא". ענדלעך — דערציילן די חסידים — איז ער נתגלה געוואָרן פאַר דעם גאַנצן פאָלק, און דאָס איז אַזוי געשען: ר' לייב איז אין זיינע וואַנדערונגען אָנגעקומען אין אַ דאָרף און איז אָפּגע־שטיגן אין אַ יידישער קרעטשמע, וואו אַ סך עוברים ושבים יידן פלעגן אָפּשטייגן. אַז עס איז געוואָרן נאַכט, איז די פרוי פון קרעטשמער אַרויס־געגאַנגען אויף דעם בוידעם מיט אַ ליכט אין דער האַנט עטוואָס צו זוכן. אומגערן האָט זי אָנגעצונדן דעם שטרויענעם דאַך און עס איז געוואָרן אַ שטאַרקע שריפה; דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע הויז און עס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה. פון אַלע זייטן האָט מען געוואָלט ראַ־טעווען, לעשן. דאָס גאַנצע דאָרף האָט געהאָלפן, אָבער דאָס פייער האָט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אויסגעשפּרייט. ר' לייב איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקעלע שטיל פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, און קיינער האָט זיך ניט אַרומגעקוקט אויף אים. פּלוצים, אין מיטן דער גרויסער מהומה, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט גאַנץ שטיל אַ זאָג גע־געבן: „עס זאָל זיין שטיל!" אַלע זיינען מיט אַמאָל געוואָרן שטיל, און מען האָט געוואַרט אויף זיין וואָרט. ר' לייב האָט צו זיי געזאָגט: „גיט מיר אַ פלאַש וואַסער". מען האָט אים געגעבן אַ פלאַש וואַסער און ער האָט גענומען און איז דערמיט געגאַנגען מיט גרויסע כּוונות נאָענט צום פייער, ער האָט אויפגעהויבן די פלאַש און האָט פון איר אייניקע טראָפּן וואַסער אַרויסגעשפּריצט אויף דעם פלאַם. באַלד איז דאָס גרויסע פייער אויסגעלאָשן געוואָרן, גלייך ווי עס וואָלט גאַרניט געווען קיין שריפה.

דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע התגלות פון ר' לייב פאַר דעם פאָלק. ווי דער בעש"ט איז נתגלה געוואָרן צוערשט אין דאָרף, אין קרעטשמע, אַזוי איז אויך ר' לייבס התגלות געווען אין דאָרף, אין אַ קרעטשמע. פון דעמאָלט אָן האָבן אַלע געוואוסט, אַז ר' לייב איז אַ גרוי־סער צדיק, הגם ער „פּראַוועט" ניט, און זאָגט ניט קיין תורה, און פאַר־

שטעקט זיך אין פאַרשיידענע ווינקעלעך. יעדער האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ גרויסער קדוש און בעל-מופת. און ביז אַצינד איז פאַרשפּרייט די אמונה צווישן די חסידים אין אוקראַינע, אַז די בעסטע סגולה פאַר אַ דונער איז, אַז מען זאָל זאָגן בשעת עם דונערט דריי מאָל: לייב בן שרה.

דער נאָמען ר׳ לייב שרהס איז געוואָרן שטאַרק פאַרשפּרייט און פאַרהייליקט ביים פאָלק, הגם דאָס פאָלק האָט אים גאָר ניט געקענט און ווייניק געזען. דער נאָמען אַליין איז שוין געווען גענוג. ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איז ער געווען תּמיד אַ טרוד מיט די למד־וואָווניקעס, און ווען ער פלעגט זיך באַווייזן אין דער עפנטלעכקייט האָט מען גאָרניט געוואוסט ווער ער איז.

די חסידים דערציילן: אין אַ דאָרף האָט געוואוינט אַ רייכער ייד, אָבער אַ גרויסער קמצן. אַמאָל אין מיטן דער נאַכט, אַז זיינע בני-בית זיינען געשלאָפן און נאָר ער אַליין איז געזעסן ביים טיש, און אַלע טירן און פענסטער זיינען געווען פאַרריגלט, דערזעט פּלוצים דער מוכסן צו זיין גרויסער שרעק, אַז אַן אָרימאַן שטייט ביי דער טיר.

„ווי אַזוי ביסטו אריין אין שטוב?״ האָט דער מוכסן אים מיט ציטערניש געפרעגט.

דער אָרימאַן האָט אים גאָרניט געענטפערט, נאָר ער האָט געזאָגט מיט אַ שטאַרקן קול: „גיב מיר תּיכּף ומיד 500 דוקאַטן״. דער מוכסן האָט זיך אַזוי שטאַרק דערשראָקן, אַז ער האָט אָן אַ שום טענה געגעבן דאָס געלט. יענער האָט דאָס געלט גענומען אָן אַ שום וואָרט, נאָר ער האָט געלאָזט אויף דעם טיש אַ צעטל, אַז אין דעם און דעם טאָג, אין מיטן דער נאַכט וועט ער צוריקברענגען דאָס געלט.

דער אָרימאַן איז נעלם געוואָרן. דער מוכסן האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו שרייען און ציטערן פון גרויס פּחד. די גאַנצע בני־בית האָבן זיך אויפגעכאַפּט, און דער מוכסן האָט זיי דערציילט, וואָס עס איז געשען.

פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אַלע מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף דער נאַכט, וואָס דער אָרימאַן האָט פאַרשפּראָכן צו קומען. די נאַכט איז געקומען און דער מוכסן און זיינע בני־בית האָבן זיך געזעצט ביים טיש און געוואַרט אויף דעם אָרימאַן, דעם איש פּלא. עס איז געוואָרן האַלבע נאַכט און אַ שטאַרקער שלאָף האָט אָנגעכאַפּט די גאַנצע בני־בית, נאָר דער מוכסן אַליין האָט ניט געשלאָפן. די טיר און פענסטער זיינען געווען ווידער שטאַרק פאַרשפּאַרט, אַז קיין מענטש האָט ניט געקאָנט אריינגיין. פּלוצים האָט דער מוכסן באַמערקט, אַז דער אָרימאַן שטייט לעבן אים און גיט אים צוריק די 500 דוקאַטן. דער מוכסן האָט

געפרוווט צו וועקן זיינע בני-בית, אָבער זיי זיינען אַזוי שטאַרק געשלאָפן, אַז ער האָט זיי ניט געקאָנט אויפוועקן.

„ווער זייט איר?" האָט אים דער מוכסן געפרעגט. אָבער דער אָרימאַן האָט געשוויגן.

„ווי הייסט איר?" האָט אים דער מוכסן געבעטן ער זאָל אים זאָגן.

„איך היים: ליב בן שרה".

ר' לייב שרהס איז נעלם געוואָרן און תיכף האָבן די בני-בית זיך אויפגעכאַפּט. אצינד האָבן זיי אַלע געוואוסט, וועלכן גרויסן גאַסט זיי האָבן געהאַט ביי זיך.

## ד.

ר' לייב שרהס איז געוואָרן אַ געהיימעניספּולער הייליקער. מען האָט אים ווייניק געקענט, ווייניק געזען, ווייניק געהערט, אָבער מען האָט געוואוסט, אַז ער איז ערגעצוואו פאַראַן און ערגעץ באַשעפּטיקט ער זיך מיט גרויסע הייליקע זאַכן, וואָס זיינען אַוודאי נוצלעך פאַר די יידן אין רוחניות און אין גשמיות. און אַזוי האָט מען תמיד דערציילט פון אים מעשיות נוראים, ווי בשעת זיין לעבן און אַזוי נאָך זיין טויט ביזן היינטיקן טאָג.

ווי מען האָט זיך גאָרניט זאָט געקענט אָנדערציילן פון זיינע מעשים מיט די למדן-וואָוניקעס, אַזוי האָט מען אַ סך דערציילט פון זיינע מעשים מיט דעם עסטרייכישן קיסר יוסף דער צווייטער.

עס איז געווען אין יאָר תקמ"א. דער קיסר יוסף האָט געשענקט רעכט די עסטרייכישע יידן. עס איז געוואָרן אַ גרויסע פרייד ביי די דעמאָלטיקע משכילים און דער העברעאישער דיכטער נפתלי-הערץ וויזעל, דער תלמיד פון דעם יידישן פילאָזאָף מענדעלסאָן, האָט מחבר געווען אַ שיר לכבוד דעם קיסר. נאָר מענדעלסאָן אַליין האָט חושד געווען דעם קיסר, אַז זיינע טובות פאַר די יידן זיינען ניט אמתדיקע, רק ער וויל די יידן איבערקויפן, זיי זאָלן זיך אינגאַנצן אסימילירן, ווי עס איז טאַקע געווען אין ענלעכער פאַל אין רוסלאַנד, אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן. אויך דער חסידיזם האָט געזען אין דעם קיסר יוספס טובות נאָר שנאה צום יידנטום, אונטערגראָבונג און פאַרטיליקונג פון דעם אַלטן יידישן לעבן. דערציילן די חסידים, אַז ר' לייב שרהס, דער גרויסער „בעל-מופת", האָט זיך שטאַרק נוקם געווען אין דעם קיסר יוסף פאַר זיין פאַלשקייט און באַהאַלטענעם שפּיל. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיטן קיסר און האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אָפּלאָזן זיין שנאה צום יידנטום. „לא מעוקצך ולא מדובשך", פלעגט ער טענהן צו אים. מיר

ווילן ניט דיינע טובות פלומרשט, און מיר ווילן ניט דיין באהאלטענע שנאה צום יידנטום.

אָבער ווי איז ר׳ לייב שרהס געקומען אין „הויף״ צום קיסר אין ווין? איז אזא מעשה: ר׳ לייב שרהס האט געקענט זיין ווען ער האט געוואלט א „רואה ואינו נראה״: ער האט געהאט בכוח אלץ צו זען און קיינער האט אים ניט געזען, און ער האט אויך געוואוסט דעם סוד פון „קפיצת הדרך״. אט דאס אלץ האט אים געהאָלפן צו טאָן וואונדערלעכע זאכן, און אזוי איז ער אויך געקומען אין הויז פון קיסר ווען ער האט געוואלט און קיינער האט ניט געזען. עס איז געווען אין דער צייט, ווען ער האט געוואוינט ביי א נגיד אין א קליינער שטאט אין אוקראַינע. דער נגיד האט ניט געוואוסט, ווער ער איז. ער האט געמיינט, אז ער איז א פשוטער פרומער ייד. אמאָל, ערב שבת, נאָך דער מקווה, האט ר׳ לייב גערופן דעם נגיד צו זיך און האט אים געבעטן, אז ער זאָל אים ערלויבן אלע ערב-שבת פאָרן שפּאַצירן מיט זיינע פערד און דער משרת זאָל אָנ-טרייבן די פערד. דער נגיד האט געהייסן זיין משרת, ער זאָל פאָרן מיט ר׳ לייבן וואוהין ער וויל. אז זיי זיינען געקומען חוץ לעיר האט ר׳ לייב גענומען די לייצעס אין זיינע הענט און ער אליין האט אנגעטריבן די פערד. דאָ האט דער משרת דערזען גאנץ שרעקלעכע זאכן: די פערד זיינען ניט מער געלאָפן, נאָר זיינען געפלויגן, ווי א בליץ. שטעט און דערפער, וועלדער און פעלדער, בערג און טאָלן, אלע פרעמדע געגנטן זיינען דורכ-געפלויגן פאַר זיינע אויגן. פלוצים זיינען זיי שטיין געבליבן אין א גאס אין א גרויסער שטאָט. ר׳ לייב איז אראָפּ פון וואָגן און האט געזאָגט צום משרת ער זאָל אויף אים ווארטן, ער וועט באלד צוריקקומען. דערווייל האט דער משרת געפרעגט א יידן: ווי עס הייסט די שטאָט. דער ייד האט אים אָנגעקוקט פארוואונדערט און געזאָגט: „ווייסטו דען ניט, אז די שטאָט איז די עיר הבירה ווין?״ דער משרת איז געבליבן גאנץ דער-שראָקן. באלד איז געקומען ר׳ לייב צוריק און האט געזאָגט צום משרת: „לאָמיר גיך צוריקפאָרן, עס איז שוין באלד שקיעת החמה״. אז זיי זיינען ארויסגעפאָרן פון שטאָט, האט ר׳ לייב ווידער גענומען די לייצעס אין דער האנט און ווידער זיינען זיי געפאָרן מיט „קפיצת הדרך״ און אין אייניקע רגעס זיינען זיי געווען אין דער היים. דער משרת האט דאס דער-ציילט דעם באלעבאָס, אָבער דער באלעבאָס האט אים געהאלטן פאַר א משוגענעם און חסר-דעה. האט דער משרת געזאָגט: „ווייסט איר וואס? דעם אנדערן ערב-שבת ווייל ר׳ לייב נאָכאמאָל מאַכן די זעלבע נסיעה אין דער גרויסער שטאָט, איך וועל אייך דאָרטן קויפן א מעסערל און וועל אין געשעפט נעמען א רעכענונג מיט דער גענויער צייט אנגעגעבן, וועט איר שוין וויסן, צי איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת״. דער באלעבאָס

האָט מסכּים געווען צו דעם פאָרשלאָג פון דעם משרת. וכך הווה. עס איז געקומען דער אנדער ערב־שבת, איז ר׳ לייב ווידער געפאָרן מיט דעם משרת מיט „קפיצת הדרך" קיין ווין. אז ר׳ לייב איז אוועקגעגאַנגען, האָט דער משרת געקויפט אַ מעסערל און האָט פאַרלאַנגט אַ גענויעם חשבון. אַז זיי זיינען געקומען צוריק, האָט דער משרת אָפּגעגעבן דעם באַלעבאָס דאָס מעסערל מיט דעם חשבון. דאָ האָט דער באַלעבאָס פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַן אָרימאַן ער האָט ביי זיך.

וואָס פלעגט ר׳ לייב טאָן ביים קיסר אין הויף? אָט איז אַ מעשה וועגן דעם: ר׳ לייב פלעגט קומען צום קיסר און קיינער האָט אים ניט געזען. ער איז געגאַנגען פון חדר צו חדר, דורכגעגאַנגען די גרעסטע זאַלן אין קייזערלעכן שלאָס, און די אַלע זאַלן זיינען געווען אָנגעפילט מיט שרי מלוכה און גענעראַלן, אָבער אים האָט מען ניט געזען ביז ער איז געקומען אין דעם חדר, וואו דער קיסר זיצט אויף זיין כּסא המלוכה אין אַ קרוין אויף דעם קאָפּ, און אַרום אים זיינען געשטאַנען די רואי פּני המלך. דער קיסר האָט פּלוצים דערזען ר׳ לייבן. אַן אָרימער ייד אין אַלטע, צעריסענע קליידער, מיט אַ לאַנגער באָרד און פּאות, שטייט לעבן אים. דער קיסר איז געוואָרן שטאַרק אין כּעס און האָט געפרעגט זיינע שרים: „ווער האָט געגעבן רשות דעם אַלטן אָרימאַן ער זאָל צו מיר קומען אין חדר?" אָבער די שרים האָבן גאַנץ פאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם קיסר און האָבן אים לחלוטין ניט פאַרשטאַנען: זיי האָבן זיך אַרומגע־קוקט אין חדר אַהין און אַהער, געקוקט אומעטום, און האָבן קיין אָרימאַן ניט געזען. דער קיסר אָבער ווייזט מיט דעם פינגער און שרייט: „אָט שטייט ער דאָ, דער אָרימער ייד, אָט הייבט ער אויף זיין האַנט און וויל מיך שלאָגן!" און דער קיסר האָט באמת אָנגעהויבן צו שרייען פון גרויס ווייטאָג פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פון ר׳ לייב שרה׳ס. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען: „רופט אריין חייל, זאָל מען דעם מנוול אַרעסטירן! פאַרוואָס שווייגט איר און רירט זיך ניט פון אָרט?" אָבער די שרים, וואָס האָבן ניט געזען און ניט געהערט פון ר׳ לייבן, האָבן גע־טראַכט: „דער קיסר איז משוגע געוואָרן".

אָבער, דערציילן די חסידים ווייטער, דער קיסר איז געווען אַ גרוי־סער מכשף. זיין כּוח אין דער קליפּה איז געווען אַזוי שטאַרק ווי דער כּוח פון ר׳ לייב אין דער קדושה. און אַ זייער שווערע מלחמה האָט געפירט ר׳ לייב מיט דעם קיסר. און אין דעם יאָר, וואָס ר׳ לייב איז געשטאָרבן אין יאַלטישקאָוו, איז געקומען דער קיסר אים מבקר צו זיין. ר׳ לייב איז ניט געווען אין דער היים, האָט דער קיסר, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ געוויינלעכער דייטש און מען האָט ניט געוואוסט ווער ער איז, גע־

זאָגט, מען זאָל זאָגן ר׳ לייבן די פאָלגנדיקע ווערטער: „איך קען ניט מער ליידן די גרויסע יסורים, איך וועל באַלד שטאַרבן, אָבער ער וועט אויך באַלד שטאַרבן״. אז ר׳ לייב איז געקומען צוריק און ארויף אויף דער שוועל, האָט ער אויסגערופן: „ווי איז מיר, די טומאה איז געווען ביי מיר אין שטוב״. אז מען האָט אים דערציילט פון א דייטש, וואָס איז געווען אין שטוב און וואָס ער האָט געזאָגט, איז ער געוואָרן טרויעריק און האָט געזאָגט: „ווען עס איז אזוי נגזר געוואָרן מן השמים, בין איך עס מקבל באהבה״. ער האָט זיך געווענדט צו זיינע באַקאַנטע און האָט צו זיי געזאָגט: „איך וועל באַלד שטאַרבן, און איך בעט, מען זאָל מיך גאַנץ פשוט באַגראָבן״.

ד׳ לחודש אדר, אין יאָר תקנ״א, איז ר׳ לייב געשטאָרבן אין יאַל־טישקאָוו. אויף זיין קבר האָט מען אים געשטעלט א פשוטן אוהל, ווי ער האָט אָנגעזאָגט.

אין א צייט ארום, דערציילן די חסידים, האָט א רייכער ייד געגעבן געלט מען זאָל אויפבויען א גרויסן, שיינעם אוהל אויף זיין קבר. האָט מען אָבער מורא געהאַט עס צו טאָן, ווייל ר׳ לייב האָט דאָס ניט געוואָלט. איז מען געפאָרן צום אָפּטער רב, האָט ער געזאָגט, אז מען קאָן יאָ בויען, אָבער בתנאי, מען זאָל דעם אַלטן אוהל ניט אָנרירן און מען זאָל אים לאָזן שטיין ווי ער איז. האָט מען אָנגעהויבן בויען און דעם ערשטן שטיין האָט געלייגט דער צדיק ר׳ מרדכי טשערנאָבילער. ביים בויען דעם נייעם אוהל האָט מען געמוזט אוועקנעמען דעם אַלטן שטרויענעם דאַך פון דעם אַלטן אוהל. דער ערשטער ארבעטער, וועלכער האָט אָנגערירט דעם דאַך, איז אראָפּגעפאַלן טויט, דער צווייטער איז אויך אראָפּגעפאַלן א טויטער. ער האָט געהאַט דאָרט אַן אייניקל, א זייער פרומער ייד, איז ער ארויפ־געגאַנגען און איז אויך אראָפּגעפאַלן. אָבער ער איז געבליבן לעבן. נו, האָט מען פארשטאַנען, אז ר׳ לייב וויל ניט, מען זאָל מאַכן א נייעם אוהל. איז מען ווידער געפאָרן צום אָפּטער רב און מען האָט זיך מיט אים אַן עצה געהאַלטן. האָט ער געזאָגט: „לאָזט עס אָפּ און בויט ניט מער. ווי איר זעט, האָט ר׳ לייב פיינט דעם כבוד נאָך זיין טויט, ווי ער האָט אים פיינט געהאַט בעת ער האָט געלעבט״. און אזוי איז געבליבן זיין קבר אין א גאַנץ אַלטן, פשוטן אוהל, וואוהין די יאַלטישקאָווער יידן, ווי פון דער סביבה, פאָרן און לייגן קנויטלעך און ריידן זייערע צרות אוים פאַר דעם איש־פלא.

די חסידישע פאַנטאַזיע האָט וואונדערלעכע אגדות דערציילט פון ר׳ לייב שרהס; זיין גאַנץ לעבן איז געווען נאָר א וואונדערלעכע לעגענדע און אין דער וועלט פון לעגענדעס לעבט ר׳ לייב שרהס ביזן היינטיקן טאָג.

---

# ר׳ לוי-יצחק בערדיטשעווער.

## א.

דער חסידיזם וויים צו דערציילן פון א סך גרויסע רביים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט פארשיידענע אייגנשאפטן. אָבער קיינער פון זיי האָט ניט דערגרייכט די מדרגה פון דעם אזוי גערופענעם „בערדיטשעווער רבי״, רבי לוי בן יצחק.

ער, רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער, איז איינע פון די פאָלקסטימד לעכסטע יידישע פערזענלעכקייטן אין די לעצטע דורות. קיינער איז ניט געווען אזוי פאָפולער ווי ער ביי די ברייטע פאָלקס־מאסן, קיינער איז ניט געווען אזוי באַליבט, און צו קיינעם האָט דאָס פאָלק ניט געהאַט אזא הארציקע באַציאונג, ווי צו ר׳ לוי-יצחק בערדיטשעווער.

ווער איז געווען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער, אָט דער גרויסער פאָלקס-העלד? ווי האָט ער געלעבט און וואָס איז מיט אים געשען?

געבאָרן איז רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער מיט איבער הונדערט ניינציק יאָר צוריק, אין א קליין שטעטל הוסאקאָוו, אין גאַליציע. זיין פאָטער איז געווען רב אין אָט דעם שטעטל. זיינע עלטערן שטאמען פון גרעסטן יידישן יחוס. רבי לוי־יצחקס געבורט האָט די חסידישע פאַנ־טאזיע באַפּוצט מיט זייער שיינע לעגענדעס.

אזוי דערציילן זיי, די חסידים, אז ווען רבי לוי-יצחק איז געבאָרן געוואָרן, האָט רבי ישראל בעל שם-טוב אויסגערופן מיט גרוים פרייד: „אָט אין דער רגע איז פון הימל אראָפּ אויף דער ערד זייער א גרויסע נשמה, וועלכע וועט העלפן א סך די אָרימע יידן!״

און ווייטער האָט רבי ישראל בעל שם-טוב דערציילט: ווען רבי לוי-יצחקס נשמה האָט געמוזט אראָפּגיין אויף דער ערד, האָט סמאל (דער מלאך, וועלכער פארקערפּערט אין זיך דעם אָנקלאָגער) פּראָטעסטירט פאַר גאָט און געזאָגט צו אים: „איך וויל ניט, אז אָט די נשמה זאָל אראָפּגיין אויף דער ערד. איינס פון די ביידע: איך אָדער זי! אָט די נשמה וועט

טאָן נאָר גוטס, וועט מאַכן אַלע יידן פאַר צדיקים — און וואָס וועל איך טאָן? איך וועל דאָך גאָר קיין קראַפט ניט האָבן!"

אזוי דערציילט מען וועגן דעם גרויסן קאַמף, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דעם הימל, ווען רבי לוי־יצחק איז געבאָרן געוואָרן.

רבי לוי־יצחק איז געווען אויסערגעוויינלעך באַגאַבט. ער איז שוין אַלס קינד געווען גוואַלדיק באַרימט אין דער גאַנצער געגנט.

זייער יונג האָט ער חתונה געהאַט, ווי אין אַמאָליקע צייטן. זיין פרוי איז געווען פון פּוילן. נאָך זיין חתונה האָט רבי לוי־יצחק זיך איבער־געקליבן אין פּוילן.

ער איז נאָך געווען זייער ווייט פון חסידיזם און פון חסידישן לעבן. אָבער ניט ווייט פון זיין שטעטל האָט געלעבט איינער פון די גרעסטע חסידישע אָנפירער פון זיין צייט. רבי לוי־יצחק האָט געוואָלט פאָרן צו אים. זיין שווער אָבער, א מתנגד, האָט אים ניט געלאָזן. ער האָט ניט געוואָלט, אז זיין באַרימטער איידעם זאָל קאַליע ווערן.

וואָס האָט ער געטאָן?

ער האָט א פּאָר טעג עקסטרע געפאַסט, ביז זיין שווער האָט אים דערלויבט צו פאָרן צום חסידישן אָנפירער.

דורך אָט דעם חסידישן אָנפירער איז רבי לוי־יצחק נאָכדעם געקומען אין מעזשריטש, וואו עס האָט געלעבט און געווירקט דער גרויסער מעזש־ריטשער „מגיד", רבי דוב־בער.

דער איינפלוס, וואָס דער מעזשריטשער „מגיד" האָט געמאַכט אויף דעם יונגן רבי לוי־יצחק, איז זיך גאָרניט פאַרצושטעלן!

ער איז געווען פאַר אים א מלאך, נאָך מער: גאָט אַליין! רבי לוי־יצחק האָט זייער מורא געהאַט פאַר זיין רבין. אויף זיין געזיכט פלעגט ער שטענדיק זען די שכינה אַליין. א פייער פלעגט ברענען אין זיינע אויגן. דעריבער האָט ער אים ניט געקאָנט גוט אָנקוקן.

ר' לוי־יצחק אַליין דערציילט, אז איינמאָל, ראש־השנה צו מנחה, האָט ער געזען אויף דעם פּנים פון דעם מעזשריטשער „מגיד" אַזא מין שיינקייט, פּונקט ווי דער רעגנבויגן פון הימל. האָט ער דעריבער געקראָגן גרויס שרעק, און איז כמעט ווי אומגעפאַלן. די מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען לעבן אים, האָבן אים אונטערגעכאַפּט, האָבן אָבער ניט גע־וואוסט פאַרוואָס ער פאַלט. דער מעזשריטשער „מגיד" האָט דאָס אָבער באַמערקט, האָט ער זיך טאַקע אומגעקערט צו דער וואַנט, אז רבי לוי־יצחק זאָל אים ניט זען. אזוי איז אים בעסער געוואָרן.

רבי לוי־יצחק פלעגט זאָגן: „אַלץ וואָס איך האָב, האָב איך פון „אים", פון מעזשריטשער „מגיד".

## ב.

רבי לוי-יצחק איז אייגנטלעך אריינגעפאלן אין א שמאלץ-גרוב. די שמאלץ איז אויסגערונען און די גרוב איז געבליבן.

זיין רייכער שווער און געווארן ארעם און געדריקט. ער איז געווען שולדיק א סך געלט דעם פוילישן פריץ פון שטעטל. דער פריץ האט אים געוואלט ארעסטירן. איז די טאכטער זיינע, רבי לוי-יצחקס פרוי, אוועק צום פריץ און זיך מתחייב געווען אויסצוצאלן דעם חוב אין צוויי יאר. און אויב ניט — מוז זי זיך שמדן! אזוי דערציילט דאס פאלק.

און רבי לוי-יצחק האט גארניט געוואוסט פון דעם. מען קאן זיך פארשטעלן וויפל ער האט געליטן פון דעם, ווען ער האט זיך דערוואוסט. אבער וואס האט ער געקענט טאן?

אזוי האט רבי לוי-יצחק געמוזט ארומפארן פון שטעטל צו שטעטל און קלייבן געלט אויף אוסצולייזן זיין שווער. און אומעטום האבן אלע באוואונדערט רבי לוי יצחקס גרויסקייט, ביז מען האט אים גענומען פאר א רב אין שטעטל רידשוויל, און נאכדעם אין פינסק.

אין פינסק איז געווען א מערהייט פון מתנגדים. זיי איז שטארק אויפגעפאלן דאס חסידישע לעבן פון זייער רב.

אמאל — אזוי דערציילט דאס פאלק — זיינען געקומען די פינסקער באלעבאטים צו אים מיט א באזוך, האבן זיי אים אין צימער ניט געזען. זיין שטימע האבן זיי געהערט און ער איז ניטא. ער איז געשטאנען אין א ווינקל און האט געמאכט א ברכה אויף אן עפל... מיט גרוים פרייד און באגייסטערונג.

אזעלכע זאכן האבן די מתנגדים ניט געקאנט פארטראגן. זיי האבן אנגעהויבן זייער שטארק צו מורמלען אויף זייער רב, אויף לוי-יצחקן.

און נאכדעם האט דער ווילנער גאון אויסגערופן א „חרם" אויף די חסידים. גלייך נאכדעם ווי דער חרם איז אויסגערופן געווארן אין פינסקער בית-המדרש, זיינען אוועק א סך מתנגדים צו רבי לוי-יצחקן און האבן צעשלאגן און צעבראכן אלץ, וואס זיי האבן געפונען ביי אים אין שטוב.

רבי לוי-יצחק איז דעמאלט אין פינסק ניט געווען. ער האט אבער געמוזט אוועקגיין פון פינסק אויף שטענדיק.

פאר רבי לוי-יצחקן זיינען אנגעקומען זייער שווערע און ביטערע צייטן. ניין יאר לאנג האט ער געוואנדערט פון איין ארט צום אנדערן. ער האט קיין רו ניט געקאנט געפינען.

נאָך דעם ערשטן „חרם" אויף די חסידים איז אויסגערופן געוואָרן נאָך איינער. און דער צווייטער חרם איז געווען א סך שטאַרקער און גרויזאַמער. עס איז געשטאַנען אין אים, אַז עס איז אַ מצווה אַנצוטאָן די חסידים אַלערליי צרות, זיי דריקן מיט וואָס מען קאָן, זיי באַהאַנדלען ווי אמתע גויים...

אָט דער חרם האָט געהאַט געפערלעכע ווירקונגען. רבי לוי-יצחק איז ניט געווען זיכער מיט זיין לעבן.

## ג.

אַזוי האָט זיך רבי לוי-יצחק געפּלאָגט, ביז ער איז אָנגעקומען אַלס רב אין בערדיטשעוו.

די שטאָט בערדיטשעוו איז זייער באַקאַנט ביי יידן און ביי ניט-יידן. אַזוי ווי היינט, האָט אויך מיט הונדערט פופציק יאָר צוריק בערדי-טשעוו געהאַט אַ יידישע מערהייט. די עקאָנאָמישע לאַגע פון בערדיטשעוו איז געווען גאַנץ גוט. בערדיטשעוו איז געווען אַ האַנדלס-צענטער, פון אַלע עקן פון רוסלאַנד פלעגט מען קומען אין בערדיטשעוו קויפן און פאַר-קויפן. דעריבער איז עס גאָר קיין וואונדער ניט, ווען אין אַזאַ גרויסער האַנדלס-שטאָט האָבן זיך געפונען אַ סך גנבים און שווינדלער. אין די יאַרידן פלעגן זיך דאָרטן אָפּשפּילן די שרעקלעכסטע זאַכן.

דעמאָלט איז אין בערדיטשעוו געווען „מגיד" איינער אַ באַרימטע פערזענלעכקייט, רבי ליבער, וועלכן מען האָט גערופן: דער גרויסער רבי ליבער.

בערדיטשעווער יידן פלעגן דערציילן פון אים, אַז ער איז געווען הייליק ווי אַ מלאך. רבי ליבער פלעגט אָפטמאָל אויפהערן פון אַלעמען, ער פלעגט ארויסגיין הינטער בערדיטשעוו, און דאָרט פלעגט ער דאַווענען מיט גרויס פרייד און באַגייסטערונג, ביז ער פלעגט פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט.

אַ זייער אינטערעסאַנטן פאַל דערציילט די פאָלקס-לעגענדע:

דער פריץ פון בערדיטשעוו איז פאַרבייגעפאָרן גראָד ווען רבי ליבער איז געשטאַנען הינטערן שטאָט, אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים און האָט געדאַוונט.

דער פריץ האָט אים צוגערופן: קום אהער!

רבי ליבער רירט זיך פון אָרט ניט.

איז דער פריץ זייער אין כעס געוואָרן, און האָט געהייסן זיין קוטשער, ער זאָל שלאָגן רבי ליבערן וויפל ער קאָן נאָר.

אָבער רבי ליבער האָט זיך אַלץ פון אָרט ניט גערירט, ער האָט כמעט

ווי ניט געשפּירט די קלעפּ, וואָס ער האָט געקראָגן. ער איז געשטאַנען אַנגעשפּאַרט אָן בוים און האָט געדאַוונט ווי פריער.

דער פּריץ האָט זיך זייער געוואונדערט, ווי אַזוי קאָן דאָס אַ ייד זיין אַזוי שטאַרק! ווי אַזוי קאָן ער אַזוי גלויבן אין גאָט! ווען ער איז געקומען צוריק אין שטאָט, האָט ער גערופן צו זיך רבי ליבערן. ער האָט אים געוואָלט איבערבעטן.

אָבער רבי ליבער איז ניט געגאַנגען צו אים. ער האָט געזאָגט דעם פּריצס שליח, אַז ער וועט נאָר דאַן קומען צום פּריץ, ווען ער וועט אָפּגעבן דעם פּלאַץ, וואו מען האָט אים געשלאָגן, די בערדיטשעווער יידן, אויף צו בויען דאָרט אַ בית-מדרש.

דער פּריץ האָט געמוזט מסכים זיין. און אויף דעם אָרט איז טאַקע אויסגעבויט געוואָרן אַ בית-מדרש, וועלכער שטייט נאָך ביז היינטיקן טאָג אין צענטער פון בערדיטשעוו.

פון רבי ליבערן ווערן דערציילט נאָך אַ ריי אינטערעסאַנטע איינצל-הייטן.

ער פלעגט לעבן זייער איינפאַך. עס פלעגט טרעפן זייער אָפט, אַז ער אַליין, גייענדיק הינטערן שטאָט, פלעגט טרעפן אַ בלאָנדזשענדיקע קו אָדער אַ ציג, וועלכע האָט ניט געוואוסט ווי מען קומט צוריק אַהיים. רבי ליבער פלעגט איר דאַן אַליין אָוועקפירן אין שטאַל אַריין.

אַזוי פלעגט ער זייער אָפט גיין פון קראָם צו קראָם, כּדי צו זען אויב די וואָג און די מאָסן זיינען אין אָרדענונג.

רבי ליבער האָט זיך אין זיינע לעצטע יאָרן שטאַרק דערנענטערט צו די חסידים און צו די אידעען פון חסידיזם. אין זיינע דרשות פלעגט ער פאַרטיידיקן די חסידים. אַזוי איז אין בערדיטשעוו שטאַרק פאַר-שפּרייט געוואָרן דער חסידיזם איידער רבי לוי-יצחק איז געקומען אַהין.

בערדיטשעוו, וועלכע איז געווען אַ וויכטיקער האַנדלס-צענטער, איז מיט דער צייט געוואָרן אַ צענטער פאַר דעם חסידיזם.

און ווען רבי לוי-יצחק איז אַלט געוואָרן פינף און פערציק יאָר, איז ער אָנגעקומען אַלס רב אין בערדיטשעוו. ער האָט אָבער אויך גע-דאַרפט שטיין אין דער שפּיץ פון חסידישן צענטער אין בערדיטשעוו. דאָס איז געווען די טאָפּעלע שווערע אויפגאַבע, וועלכע רבי לוי-יצחק האָט גע-האָט צו דערפילן.

## ד.

אַ סך האָט רבי לוי-יצחק זיך אָנגעליטן ביז ער איז אָנגעקומען אַלס רב אין בערדיטשעוו. אָבער אין בערדיטשעוו האָט ער געפונען אָן אָפּרו

פאַר זיין נידערגעשלאָגענעם גייסט און פאַרמאַטערטן קערפּער. דאָ אין באַרדיטשעוו איז רבי לוי־יצחק שטאַרק אויסגעוואַקסן. אינערלעך גרויס געוואָרן.

ער האָט פונדאַסני געפונען זיין וועג צו גאָט. זיין באַגייסטערונג אין יענער עפּאָכע האָט אָנגענומען אויסערגעוויינלעכע פאָרמען. ער פלעגט ברענען מיט פייער ווען ער פלעגט דאַווענען, ווען ער פלעגט עפּעס זאָגן פאַר זיינע חסידים אָדער פאַר די באַרדיטשעווער יידן.

ווי פלעגט ער רופן גאָט?

„דערבאַרעמדיקער!״

דאָס וואָרט „דערבאַרעמדיקער״ פלעגט ער אויסריידן יעדע מינוט.

אינטערעסאַנט איז, אַז זיין פאַמיליע־נאָמען און דער נאָמען פון זיינע אייניקלעך איז אויך „דערבאַרעמדיקער״.

ווי אַזוי קומט עס?

אין באַרדיטשעוו דערציילט מען וועגן דעם אַזוי:

ווען עס איז אַרויס דער באַפעל פון דער רוסישער רעגירונג, אַז אַלע יידן מוזן זיך געבן פאַמיליע־נעמען, איז געקומען אַ רוסישער פּאָליציי־באַאַמטער צו רבי לוי־יצחקן און האָט אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ פאַמיליע־נאָמען ער האָט זיך אויסגעקליבן. רבי לוי־יצחק איז דעמאָלט געשטאַנען און געדאַווענט. ער האָט גאָרניט געקוקט אויף דעם פּאָליציי־באַאַמטן. מיט גרויס באַגייסטערונג האָט ער געשריען צו גאָט: „דערבאַרעמדיקער!״ ער האָט אפילו ניט געהערט, וואָס דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט צו אים געזאָגט.

דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט געהערט, אַז רבי לוי־יצחק שרייט „דערבאַרעמדיקער״ און האָט געמיינט, אַז ער וויל אָנגעבן זיין פאַמיליע־נאָמען. האָט ער טאַקע פאַרצייכנט ביי זיך, אַז רבי לוי־יצחקס פאַמיליע־נאָמען הייסט „דערבאַרעמדיקער״.

רבי לוי־יצחק דערבאַרעמדיקער — אַזוי האָט ער נאָכדעם גע־הייסן.

דער פאַמיליע־נאָמען האָט אים טאַקע זייער געפּאַסט.

ווייל ער האָט ליב געהאַט זיין פאָלק, די ברייטע און איינפאַכע פאָלקס־מאַסן, אַזוי הייס און אַזוי האַרציק, ווי קיין אַנדער ייד ניט אין זיינע צייטן, פאַר אים און נאָך אים!

רבי לוי־יצחק פלעגט ריידן, שמועסן מיט גאָט, אַזוי ווי צוויי מענטשן שמועסן צווישן זיך. אַמאָל פלעגט ער עפּעס בעטן ביי גאָט, אַמאָל פלעגט ער זיך אָבער זייער שטאַרק בייזערן אויף גאָט, שרייען אויף אים און הייסן, פאַרלאַנגען, ער זאָל טאָן וואָס ער, רבי לוי־יצחק, וויל.

ווייל ניט פאר זיך האט ער ביי גאט געבעטן, ניט פאר זיינע מאַ־טעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן, ניין. ער פלעגט שטענדיק נאָר בעטן פאַר זיין פאָלק ישראל, פאַר די פאָלקס־מאַסן, פאַר וועלכע ער איז גרייט געווען זיך מקריב צו זיין, אָפּגעבן אַלץ וואָס ער האָט, אפילו זיין לעבן.

ווער עס פלעגט זען רבי לוי־יצחקן דאַווענענדיק, פלעגט ניט קאָנען אויסהאַלטן. זיין האַרץ פלעגט צעגיין, ער פלעגט פאַרגעסן אַלע זיינע דאגות, פלעגט ווערן זייער ערלעך און גוט.

רבי לוי־יצחקס באַגייסטערונג און גלויבן פלעגט זייער שטאַרק אויס־וואַקסן אין חודש אלול און אין די „ימים נוראים"... אין יענע טעג פלעגט רבי לוי־יצחק גאָרניט טאָן קיין אַנדער זאַך. ער פלעגט ניט ריידן מיט קיין מענטשן, אפילו מיט די נאָענטסטע ניט.

דעמאָלט פלעגט ער אַרומשיקן זיין שמש, אָנזאָגן יעדן יידן, אַז עס קומט און גייט דער גרויסער יום־הדין, אַז זיי זאָלן זיך גרייטן, זיי זאָלן גוט און פרום ווערן.

ראש־השנה פלעגט רבי לוי־יצחק אַליין דאַווענען פאַרן עמוד, ווי אַ חזן.

רבי לוי־יצחק פלעגט ניט דאַווענען ווי אַלע חזנים, פון מחזור. ער פלעגט ניט זאָגן נאָר דאָס, וואָס עס שטייט געשריבן און געדרוקט אַליין, ניין, ער פלעגט זאָגן דאָס, וואָס איז געשטאַנען ביי אים אין האַרצן.

ער פלעגט זיך ניט באַטראַכטן אַלס אַן איינפאַכער אָנגעקלאָגטער. ער איז געווען אַ פאַרטיידיקער. ער האָט געפילט, אַז ער מוז מלחמה האַלטן מיט דעם שטן. ער מוז אויסקעמפן, אַז גאָט זאָל געבן די יידן אַ גוט יאָר.

אינמיטן דאַווענען פלעגט ער זיך אָפּשטעלן און אָנהייבן זיך בייזערן אויף גאָט, פאַרלאַנגען פון אים, אַז ער זאָל זיין אַ גוטער און „דערבאַ־רעמדיקער" ריכטער.

זיינע אייגענע תפילות פלעגט ער אַלע זאָגן אויף י י ד י ש.

רבי לוי־יצחק פלעגט אַליין בלאָזן שופר. אין זיין גאַרטל האָבן שטענדיק געשטעקט אַ סך שופרות. ווער עס פלעגט אים זען ראש־השנה און יום־כיפור, פלעגט זאָגן: דאָס איז אַן אמתער מלאך פון הימל.

איינמאָל, דערציילט דאָס פאָלק, האָט רבי לוי־יצחק געבלאָזן שופר. עס האָט זיך אָבער ניט געבלאָזן.

איז רבי לוי־יצחק שטאַרק אין כעס געוואָרן, אַ וואָרף געטאָן דעם שופר, און אַ געשריי געטאָן:

— אויב אַזוי, רבונו של עולם, זאָל א י וו א ן בלאָזן שופר!

רבי לוי־יצחק פלעגט שטענדיק וועלן אויפווייזן, אַז יידן זיינען אַן אָרנטלעך פאָלק, אַז זיי זיינען בעסער פאַר די גויים

ערב יום־כיפור, פאר „כל־נדרי", ווען ער פלעגט זען, אז די גאנצע שול איז איבערפולט מיט יידן, פלעגט ער זיך אוועקשטעלן און זאגן:

רבונו של עולם! זע דאך אליין. ווען דו וואלסט אנגעזאגט די גויים, אז עס איז א גרויסע מצווה צו טרינקען און עסן א סך דעם גאנצן טאג פון ערב יום־כיפור, וואלטן זיי דאך אלע זיך אנגעפרעסן און זיך אנגעשיכורט, און איצט, אין אוונט, וואלסטו אפילו קיין מנין צו מעריב ניט געהאט! אבער דיינע יידעלעך, דיינע גוטע און ארנטלעכע יידעלעך, גיב א קוק! ס'ארא הייליק פאלק! קיין איינער פון זיי איז ניט שיכור, קיין איינער פון זיי האט זיך ניט אנגעפרעסן. אלע שטייען זיי פאר דיר בארוועס און דאווענען, בעטן ביי דיר, רבונו של עולם!

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער פלעגט אמאל פאר „כל־נדרי" עקסטרע נעמען א ליכט, ארומגיין איבער אלע בענק, זען אויב עס ליגט ניט א שיכורער ערגעץ־וואו אונטער א באנק.

אלץ כדי צו ווייזן גאט, וואס פאר א הייליק פאלק עס זיינען די יידן, אויך די איינפאכסטע און פארגרעבטסטע, און אז זיי מוז מען געבן א גוט יאר.

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער פלעגט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט, וואו ער האט נאר געקאנט דינען גאט, נאך א מצווה און נאך א מצווה. און שטענדיק מיט פרייד און גרויס באגייסטערונג.

איינמאל, יום־כיפור, איידער ער האט אנגעהויבן צו דאווענען נעילה, האט ער זיך אומגעדרייט צו די אלע יידן, וועלכע זיינען געשטאנען אין שול, און האט זיי געזאגט:

„נאפאלעאן, דער קייזער פון פראנקרייך, באמיט זיך צו ווייזן, אז די גאנצע וועלט איז זיינע! און איך, לוי־יצחק בערדיטשעווער, זאג: יתגדל ויתקדש שמיה רבא!.."

גאט איז גרעסער פאר נאפאלעאנען, פאר אלע איבעריקע פירער און מושלים אין דער וועלט.

ער אליין, רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער, פלעגט פירן זייער אן איינפאך לעבן. ער פלעגט עסן זייער ווייניק. ער פלעגט קיינמאל קיין וויין ניט טרינקען, אבער ער איז שטענדיק געווען קעגן א סך פאסטן. דורך דעם וואס א מענטש ווערט קערפערלעך שוואך, פלעגט ער זאגן, ווערט אויך זיין מוח שוואך, און ער קאן ניט ריכטיק דינען גאט.

א גאנצע וואך פלעגט רבי לוי־יצחק לעבן זייער איינפאך און ארים. ווי עס פלעגט אבער קומען דער הייליקער שבת, פלעגט ער אנזאגן אין שטוב, אז מען זאל אנגרייטן לכבוד שבת א סך גוטע זאכן.

אויך די אָרעמעלייט פלעגט רבי לוי־יצחק אָנזאָגן, אַז זיי זאָלן שפּאָרן אַ גאַנצע וואָך וויפל זיי קאָנען, כּדי זיי זאָלן האָבן געלט אויף שבת.

דער שבת־טאָג איז געווען פאַר רבי לוי־יצחקן דער וויכטיקסטער טאָג אין זיין לעבן. אין דעם טאָג איז מען נאָך נעענטער צו גאָט ווי אַלע־מאָל. אים איז זייער שווער געווען זיך צו שיידן פון הייליקן שבת. האָט ער פאַרשפּרייט צווישן די חסידים דאָס געבעט „גאָט פון אברהם", וועלכע מען זינגט נאָך ביז היינטיקן טאָג אין גאַנץ אוקראַינע שבת־צונאַכט, פאַר „הבדלה":

„גאָט פון אברהם, פון יצחק פון יעקב! באַהיט דיין ליב פאָלק ישראל פון אַל־דאָס בייז. דער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק. העלף אונז, אַז די וואָך זאָל אונז ברענגען צו אמונה שלמה אאַז"וו. גיב דיינע ליבע ייִדישע קינדערלעך אויך כּוח צו לויבן און נאָר דיך צו דינען, אַז די וואָך זאָל אונז קומען צו געזונט און צו מזל און צו הצלחה און צו ברכה אאַז"וו. פאַר אונז און פאַר אַלע ייִדן, אָמן!"

אין יעדן וואָרט פון דער תּפילה זעען מיר רבי לוי־יצחקס גרויסע ליבע צו זיין גאָט און צו זיין פאָלק. יעדער ייִד איז אים טייער געווען. אין יעדן ייִדן, אַפילו אין דעם איינפאַכסטן און פאַרגרעבטסטן, האָט ער געפונען זיין גאָט. אין יעדן ייִדן רוט גאָטס מאַכט און קראַפט. אויך אין די גראָבסטע רייד, וועלכע מיר הערן פון אַ „גראָבן יונג", פון אַן „עם־הארץ" — קלינגט גאָטס שטים.

און אַזוי פלעגט רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער אַרומגיין פון איין גאַס אין דער אַנדערער, פון שטוב צו שטוב, פון ייִד צו ייִד — און פלעגט אַלעמען אויפמונטערן. ער פלעגט זיי דערמאָנען, אַז זיי האָבן אַ גאָט אין הימל. אין דער הינזיכט דערציילט מען פון רבי לוי־יצחקן אַ סך אַנעקדאָטן.

איינמאָל — דערציילט מען — האָט ער זיך געטראָפן אויף דער גאַס מיט אַ ייִדן, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס אַ גרויסער בעל־עבירהניק. האָט אים רבי לוי־יצחק אָנגעכאַפּט פאַר זיין רעקל און אים געזאָגט:

„הער זיך איין, וואַר־זשע פרום, אַלע דיינע זינד וועלן פאַרשווינדן— איך וועל דיר זייער מקנא זיין".

האָט אים דער בעל־עבירהניק געענטפערט:

„וואַרט אונטער, רבי, נאָך אַ יאָר, וועט איר מיר נאָך מער מקנא זיין..."

איינמאָל שטעלט אָפּ רבי לוי־יצחק אַ ייִדן אין גאַס און פרעגט אים:

„וועמען דינסטו?"

רבי לוי־יצחק האָט געמיינט, אַז ער וועט אים זיכער ענטפערן: „איך

דין צו גאָט״. דער ייד האָט אָבער איינפאַך געענטפערט: „איך דין ביי יאַנקל דעם שוסטער...״

רבי לוי־יצחק פלעגט אָפטמאָל זיך שטאַרק ווּיצלען מיט די בערדיטשעווער יידן.

איינמאָל, נאָך „שמונה עשרה״, איז ער צוגעגאַנגען צו עטלעכע יידן, וועלכע האָבן געהאַט נאָר־וואָס אָפּגעדאַווענט, און האָט זיי געגעבן אַ ברייטן „שלום־עליכם״.

די יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרוואונדערט. האָט זיי רבי לוי־יצחק געזאָגט:

„וואָס וואונדערט איר זיך? ווען איר האָט געדאַווענט האָט דאָך יעדער פון אייך געקלערט נאָר פון זיינע געשעפטן. יעדער איז געווען אין אַן אַנדער שטאָט, און נאָכדעם ווי איר האָט אָפּגעדאַווענט, זייט איר דאָך צוריקגעקומען פון אייער רייזע. דעריבער האָב איך געגעבן שלום־עליכם...״

## ה.

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער איז ביסלעכווייז געוואָרן איינע פון די פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייטן פון זיין צייט. מען איז געפאָרן צו אים פון אַלע עקן רוסלאַנד, פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך.

אַ באַזונדערע אַנציאונגס־קראַפט האָבן געהאַט זיינע אידעען, וועלכע ער האָט פאַרשפּרייט צווישן די חסידים.

רבי לוי־יצחק איז ניט געווען קיין פילאָזאָף, אין ענגערן זין פון וואָרט. ער וויל ניט פאַרשן, פרעגן — ער וויל גלויבן.

דער גלויבן, און ניט דער טראַכטן — איז דער גרונטשטיין, אויף וועלכן עס בויט זיך אויף זיין גאַנצע וועלט. ער זעט ניט קיין סתירות, קיין קעגנזאַצן און ווידערשפּרוכן אין דער וועלט. אַלץ איז איינס. אַלץ שטאַמט פון גאָט. אונטן און אויבן — איז איינס. אַלץ איז גוט. דאָס גוטע באַהערשט די גאַנצע וועלט.

דעריבער זאָגט רבי לוי־יצחק, אַז מען טאָר קיינמאָל ניט זיין אומעטיק. מען מוז ליב האָבן דאָס לעבן, מען מוז זיך פרייען וואָס מען לעבט. „שטענדיק מוז זיך אַ מענטש פרייען״.

די לעבנס־פרייד איז טאַקע געווען דער הויפּט־עלעמענט אין זיין גאַנצער וועלטאַנשויאונג.

אַ מענטש דאַרף אָבער שטענדיק דינען גאָט. אויף יעדן שריט און טריט דאַרף ער זיך אָפּגעבן צו גאָט אַליין. ער דאַרף זיך פאַרגעסן און טראַכטן וועגן גאָט.

ווען ער האָט צרות און ליידן, זאָל ער זיך ניט אָפּעסן דאָס האַרץ דערפאַר, וואָס ער ליידט — נאָר דערפאַר, וואָס ליידנדיק קאָן ער ניט דינען גאָט ווי עס געהער צו זיין. אַזוי אויך ווען ער האָט אַ פרייד, זאָל ער זיך ניט פרייען ווייל אים גייט גאַנץ גוט, — נאָר דערפאַר, ווייל ווען עס איז אים גוט, קאָן ער ריכטיק דינען גאָט. ער דאַרף עסן, טרינקען און הנאה האָבן — אַלץ כּדי ער זאָל זיין שטאַרק און געזונט און קאָנען ריכטיק דינען גאָט.

אַ מענטש מוז ליב האָבן גאָט, ער דאַרף פאַרגעסן די גאַנצע וועלט, און ווערן איינס מיט גאָט. נאָר דורך ליבע געפינט דער מענטש דעם וועג צו גאָט, דעם ריכטיקן און זיכערן. ניט מורא האָבן פאַר גאָט איז דער עיקר. ליבע איז העכער פאַר מורא.

דעריבער איז דאָס דאַוונען, די תּפילה, אַזוי וויכטיק ביי רבי לוי־יצחקן. ווען אַ ייד דאַוונט מיטן גאַנצן האַרצן, פאַראייניקט ער זיך מיט גאָט.

נאָכדעם ווי אַ ייד האָט אָפּגעדאַוונט ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועט ער קיינמאָל ניט ריידן קיין איבעריקע רייד, ער וועט ניט ריידן מער קיין נאַרישקייטן. ער וועט צו זיך אַליין זאָגן:

„אָט נאָר־וואָס האָב איך גערעדט מיט זייער אַ גרויסן קייזער, און שפּעטער אַ ביסל וועל איך ווייטער ריידן מיט אים, ווי אַזוי קאָן איך דאָס ריידן פאַלשע אָדער נאַרישע רייד?!"

גאָט מוז מען אָבער ליב האָבן, נאָר צוליב גאָט אַליין. ניט ווייל מען וויל דערפאַר וואָס עס איז קריגן פון גאָט, ניין, נאָר אויס ליבע מוז מען גאָט דינען.

און אַ ייד מוז זיין ערלעך ניט צו גאָט אַליין. אויך די מענטשן מוז ער ליב האָבן. ער מוז זיין גוט און ערלעך צו אַלע מיטמענטשן. ער מוז זיין ערלעך ווען ער האַנדלט, ער טאָר קיין ליגן ניט זאָגן, דער אמת איז די הויפּט־זאַך. ער טאָר דעריבער ניט שטאָלץ זיין מיט וואָס עס איז.

ווען אַ ייד האָט געהאַט אַ שיינעם טאַטן און אַ פיינעם זיידן — טאָר ער ניט זיין שטאָלץ. רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער זאָגט: „אַ מענטש טאָר זיך ניט רימען מיט זאַכן, אויף וועלכע ער האָט ניט געהאָרעוועט".

דאָ זעען מיר ווידער רבי לוי־יצחקס פאָלקסטימלעכקייט, זיין אומבאַגרענעצטע ליבע צו די ברייטע פאָלקס־מאַסן.

זייער פיל האָט רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער געהאַלטן פון צ ד ק ה ג ע ב ן. אַז אַ ייד גיט צדקה, זאָגט רבי לוי־יצחק, פרייען זיך אַלע וועלטן, אַלע מלאכים אין הימל, אַלע זאָגן זיי שירה.

## ו.

די פּערזענלעכקייט פון רבין, וועלכער פאַרנעמט אַזאַ ווייכטיקן פּלאַץ אין חסידיזם איבערהויפּט, פאַרנעמט ניט קיין קלענערן אָרט אין רבי לוי־יצחקס סיסטעם.

ניט נאָר די נשמה פון רבין איז אַנדערש ווי די אַנדערע נשמות, זי איז ריינער, גרעסער, העכער. אויך דעם רבינס קערפּער איז ריינער און הייליקער ווי די קערפּערס פון די איבעריקע מענטשן. דער רבי זעט זאַכן, וועלכע קיין מענטש קאָן ניט זען. ווען דער רבי קוקט נאָר אָן אַ מענטשן, ווייס ער שוין וואָס און ווער דער מענטש איז. דער רבי קען פון קערפּער גייסט מאַכן. דער רבי קאָן קיין שלעכטס ניט פאַרליידן. ער מאַכט פון שלעכטס — גוטס.

דעם רבינס מאַכט איז אומבאַשרענקט. ער הערשט אונטן אויף דער ערד און אויבן אין הימל. אַלץ ליגט ביי אים אין די הענט. אַלץ פירט זיך לויט זיין ווילן.

נאָך מער, רבי לוי־יצחק זאָגט, אַז אפילו גאָט אַליין טוט ניט אַלץ נאָך זיין ווילן, ער מוז פאָלגן די רביים, טאָן וואָס זיי ווילן. דער רבי קאָן ענדערן גאָטס באַשלוסן.

דער רבי איז דער פירער פון זיין צייט. ער טראָגט אין זיך דעם צער און דעם טרויער פון זיין עפּאָכע, ער באַשיצט זיין דור און פאַרטיידיקט אים. דעריבער מוז דער רבי אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטעטל, ער מוז אויפמונטערן און אויפפרישן זיינע חסידים.

אַזוי האָט אויך רבי לוי־יצחק מיטגעמאַכט דעם קולט פון רבין, ווי עס איז איינגעפירט געוואָרן ביי די חסידים פון רבי ישראל בעל שם־טובס צייטן אָן. נאָר פונדעסטוועגן איבערטרייבט ער ניט אין דער הינזיכט. ער האָט ניט געהאַלטן, ווי די אַנדערע פירער פון חסידיזם, אַז דער חסיד מוז זיך אַבסאָלוט פאַרבינדן מיט דעם רבין. די פאַראייניקונג פון חסיד מיט גאָט איז אים פיל ווייכטיקער געווען.

ליבע צום פאָלק איז איינער פון די הויפּט־מאָטיוון אין רבי לוי־יצחקס אידעען־וועלט. די פאָלקס־ליבע איז דער צענטראַלער פּונקט אין זיין גאַנצן לעבן.

אין די גאַנצע לעצטע אַכצן הונדערט יאָר אין דער יידישער גע־שיכטע געפינען מיר ניט קיין איין־איינציקע יידישע פּערזענלעכקייט, וועלכע זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט אַזאַ הייסער, פלאַמענדיקער ליבע צו זיין פאָלק, צו די אָרימע און אונטערדריקטע פון פאָלק. ביי קיין גרויסן

יידן פאַר רבי לוי-יצחקן געפינען מיר ניט אַזוי פיל בענקעניש נאָך זיין פאָלק, אַזוי פיל אינטימיטעט, אַזוי פיל נאָענטקייט צום פאָלק.

רבי לוי-יעצחקס ליבע צו יידן איז אַ נאַטירלעכע, אַן איינפאַכע. ער איז דאָס יידישע פאָלק, דאָס יידישע פאָלק איז ער. ער זאָגט: „יידן זיינען אַ הייליק פאָלק, זיי זיינען העכער פאַר אַלע וועלטן". און ווייטער זאָגט ער: „אויך ווען מיר, יידן, טוען ניט גאָטס ווילן, זיינען מיר דאָך בעסער פאַר אַלע פעלקער".

רבי לוי-יצחק האָט ליב יידן כמעט מער ווי גאָט אַליין. זיין פאָלקס-ליבע איז אָן אַ גרענעץ. ער איז גרייט אַראָפּצוזעצן גאָט פון זיין טראָן, ווען ער וואָלט געקלאָגט דורך דעם אַ טובה טאָן זיין פאָלק.

אַמאָל פלעגט ער זיך קריגן מיט גאָט צוליב זיין פאָלק ישראל.

איינמאָל, ראש-השנה, האָט ער געדאַוונט אַלס חזן פאַרן עמוד. און אינמיטן דאַוונען האָט ער אַ געשריי געטאָן און געזאָגט:

„רבונו של עולם! וועסטו אָנשרייבן דיינע יידעלעך אַ גוט יאָר, אַ יאָר פון לעבן און געזונט, — איז גוט, — ווייל כדי צו ראַטעווען אַ מענטשן פון טויט מעג מען מחלל יום-טוב זיין, און דעריבער מעגסטו שרייבן. און אויב ניט — זאָג איך, לוי-יצחק בערדיטשעווער, אַז ראש-השנה טאָר מען ניט שרייבן!"

אַזעלכע ווערטער האָט קיין ייד ניט אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל, ניט פאַר רבי לוי-יצחק בערדיטשעווער און ניט נאָך אים.

רבי לוי-יצחק בערדיטשעווער איז געווען, ווי אויבן איז שוין באַטאָנט געוואָרן, דער געשוואָרענער פאַרטיידיקער פון יידישן פאָלק.

ער זאָגט אין איין אָרט: „קיין מענטש טאָר ניט זאָגן קיין בייז וואָרט אויף יידן, אַלע מוזן ריידן נאָר גוטס וועגן יידן!"

רבי לוי-יצחק האָט געהאַסט די „מגידים", ווייל זיי, אין זייערע דרשות, זאָגן צופיל מוסר און רעכענען אויס די חטאים פון די יידן. דעריבער האָט ער ניט צוגעלאָזט די דרשות פון מגידים אין בערדיטשעוו. איינמאָל איז צו אים אַ „מגיד" געקומען און האָט אים זייער שטאַרק געבעטן ער זאָל אים דערלויבן דרשענען, ווייל ער האָט אַן אַלט מיידל און מוז זי חתונה מאַכן, און דורך זיינע דרשות האָפט ער עפּעס געלט צו זאַמלען. רבי לוי-יצחק האָט מספּים געווען צוליב הכנסת-כלה וועגן, ער זאָל דרשענען, אָבער ער האָט מיט אים אַ תנאי אויסגעמאַכט, ער זאָל אין זיינער אַ דרשה ניט דערמאָנען פון די יידישע חטאים. און אַזוי האָט דער מגיד געדרשנט און רבי לוי-יצחק האָט צוגעהערט. אָבער דער מגיד האָט

אין זיין דרשה פארגעסן זיין הבטחה און האט דאך דערמאנט ווי די יידן זינדיקן פאר גאט. אז רבי לוי-יצחק האט דאס דערהערט האט ער זיך אויפגעכאפט פון זיין ארט און איז צוגעגאנגען צו דער בימה און האט א קלאפ געטאן מיט דער האנט און מיט גרויס התלהבות האט ער אויסגערופן: „רבונו של עולם, גלויב אים ניט, ער מוז חתונה מאכן זיין אלט מיידל...״

און רבי לוי-יצחק בערדיטשעווער פלעגט שטענדיק באטאנען די גרויסע מעלות פון יידן, זייערע גוטע זייטן, זייערע שיינע זייטן.

ער האט קיין פעלער קיינמאל ביי יידן ניט געזען. יידן זיינען קיינמאל ניט שולדיק, פלעגט ער זאגן.

מען דערציילט וועגן רבי לוי-יצחקן אלס „פארטיידיקער״ א סך שיינע אנעקדאטן.

איינמאל איז רבי-יצחק געפארן מיט א יידישן פורמאן. אינדערפרי, ביים דאווענען, האט רבי לוי-יצחק געזען, אז דער פורמאן שטייט אנגעטאן אין טלית און תפילין, דאוונט און שמירט די רעדער פון וואגן.

רבי לוי-יצחק, דער „געשווארענער פארטיידיקער״, האט זיך זייער געפרייט און האט אויסגערופן מיט גרויס באגייסטערונג:

„רבונו של עולם! זע ווי דער איינפאכער פורמאן האט דיך ליב, אז אויך ווען ער שמירט די רעדער, האט ער דיך אין זינען, אויך דעמאלט דאוונט ער!״

אן אנדערש מאל האט געטראפן מיט רבי לוי-יצחקן אזא מין מעשה:

עס איז געווען א גרויסער יאריד אין בערדיטשעוו. פון פארשיידענע שטעט און שטעטלעך זיינען זיך צוזאמענגעקומען א מאסע מענטשן. אין מיטן נאכט איז רבי לוי-יצחק בערדיטשעווער אויפגעשטאנען, מיטגענומען מיט זיך פלייש און שנאפס, און איז אוועק אויף דעם מארק, וואו דער יאריד איז געווען.

אויף דעם מארק איז געווען טויט-שטיל. אלע יאריד-מענטשן, יידן און גוים, זיינען געלעגן און געשלאפן, ווער אין וואגן, ווער אונטער דעם וואגן.

רבי לוי-יצחק איז צוגעגאנגען צו איינעם א שלאפנדיקן יידן און אים אויפגעוועקט:

— שטייט אויף, ר׳ קרוב, עסט, נעמט און טרינקט. איר האט דאך א גאנצן טאג שווער געארבעט.

דער ייד האט זיך אויפגעכאפט, קוקט זיך ארום אהין און אהער און ענטפערט:

— ניין, ניין, איך קאן ניט עסן, כאטש איך בין טאקע הונגעריק, ווייל איך האב דאך דא קיין וואסער ניט אויף צו וואשן די הענט.

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער איז געווען זייער גליקלעך, ווען ער האָט געקראָגן אָט דעם ענטפער:

ער איז צוגעגאַנגען צו נאָך אַ יידן, צו אַ דריטן, צו אַ פערטן. אַלע האָבן זיי אים געענטפערט ווי דער ערשטער ייד.

נאָכדעם איז ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער צוגעגאַנגען צו אַ קריסט און האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף. דער גוי איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך צוגעכאַפּט צו די פּלייש מיט די שנאַפּס — און האָט זיך צוריקגעלייגט שלאָפן.

שמאָלט איז רבי לוי־יצחק גיך אַוועקגעלאָפן אין שול אַריין, ער האָט אויפגעריסן דעם אָרון־קודש און געזאָגט:

„רבונו של עולם! זע דעם אונטערשייד צווישן דיינע קינדערלעך און צווישן עשום קינדער! און דו האָסט נאָך טענות צו דיין פאָלק ישראל! און דו מיינסט נאָך, אַז דו האָסט רעכט!״...

רבי לוי־יצחק פלעגט זאָגן: „גאָט האָט ליב די רייד פון איינפאַכסטן און פאַרגרעבטסטן יידן״. יידן, גלויבט ער, האָבן קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן. אויך זייערע שלעכטע מעשים האָבן אַ גוטן גרונט. ער האָט באַטראַכט די יידן אַלס די קרוין פון דער גאַנצער שאַפונג, אַלס גאָטס ליבלינגס־קינד. ווייל וואָס גאָט טוט, טוט ער נאָר צוליב יידן. אַלע וועלטן אויבן און אונטן זיינען באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב יידן. גאָט איז אַ גוטער טאַטע. וואָס דאָס קינד וויל, מאַכט ער.

רבי לוי־יצחק פלעגט שטענדיק באַטאָנען די וויכטיקייט פון דעם דריי־בונד: גאָט, תורה און דאָס יידישע פאָלק. אַלע דריי זיינען פאַר אים געווען איינס.

און ער פלעגט אַ סך ליידן דערפון, וואָס יידן געפינען זיך אין זייער אַ שווערער לאַגע. יידן, וועלכע זיינען די קרוין פון דער שאַפונג, מוז נע־בעך אַזוי טיף ליגן אין דער ערד, אַזוי געיאָגט און געפּלאָגט ווערן. זיין האַרץ פלעגט אים אויסגיין, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען אָן אַלע צרות, וואָס יידן האָבן אויסצושטיין.

זיין איינציקע טרייסט איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געגלויבט, אַז יידן ליידן צוליב אַ גרויסן אידעאַל. זיי ליידן פאַר גאָט, וועלכער ליידט אויך.

דעריבער וואַרט רבי לוי־יצחק אויף די גרויסע טעג פון אויסליי־זונג. ער וואַרט אויף די טעג פון אייביקן שלום, ווען אַלע פעלקער וועלן זיך פאַרברידערן, דאָס שלעכטס וועט פון דער וועלט פאַרשווינדן, און קיין זינד וועט מער ניט זיין. ער וואַרט אויף משיחס צייטן. דע־

מאָלט וועלן אויסגעלייזט ווערן אַלע דרײַ: גאָט, זיין תורה און זיין פאָלק. דעמאָלט וועט דער גייסט קומען צו זיין אמתן און פולן אויסדרוק. דעמאָלט וועלן יידן פאַרנעמען אין דער וועלט דעם העכסטן אָרט. זיי וועלן שטיין העכער פאַר די מלאכים!

אויף די שיינע אידילישע טעג האָט רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער געוואַרט זיין גאַנצן לעבן. ער האָט ווירקלעך געוואַרט, געוואַרט יעדע שעה, יעדע מינוט. ער האָט געגלויבט, אַז די שיינע טעג וועלן ווירקלעך קומען. ער איז געווען זיכער, אַז עס וועט דעמאָלט אַן עק נעמען צו די יידישע צרות.

און נאָך ביז היינט דערציילן די חסידים אָט די שיינע געשיכטע וועגן רבי לוי־יצחקן:

איינמאָל, ערב תשעה־באב, ווען אַלע חסידים זיינען זיך צונויפגעקומען אין רבי לוי־יצחקס קלויז, צו וויינען און קלאָגן אויף דעם אַמאָליקן חורבן — איז רבי לוי־יצחק געשטאַנען ביי זיך אין שטוב, פאַרגראָבן אין אַ פינסטערן ווינקל, און געקוקט דורכן פענסטער אויפן גאַס. ער איז געווען גאַנץ באַגייסטערט, אַרום אים האָט געברענט אַ פייער.

ער איז געשטאַנען און געקוקט דורכן פענסטער אויפן גאַס, ער האָט געקוקט אין דער ווייטעניש, אין דער אומענדלעכקייט. יעדע מינוט האָט ער אָנגעשטעלט די אויערן, ער האָט געוואָלט הערן משיחס טריט. ער האָט געקוקט און געזען, געזען און געהערט.

תשעה־באב, אין טאָג פון חורבן, וועט משיח קומען — אַזוי שטייט אין תלמוד, און רבי לוי־יצחק, דער גרויסער גלויביקער, וועלכער האָט שטענדיק געוואַרט אויף משיחן — האָט יעדן תשעה־באב געגלויבט: אָט, אָט קומט ער, אָט היינט קומט ער!

ווי אַזוי קאָן ער דאָס גיין אין זיין קלויז אַריין, וויינען און קלאָגן אויף דעם חורבן, אַז אָט גלייך קומט אָן משיח...אַז אָט גלייך וועט זיין אַזאַ גרויסע פרייד ביי אַלע יידן?

דערווייל איז געוואָרן אַלץ פינסטערער און פינסטערער. די נאַכט האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אירע שאָטנס איבער גאַנץ בערדיטשעוו.

דער עולם איז געזעסן אין רבי לוי־יצחקס קלויז און ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי זיך אין שטוב, איז פינסטערן ווינקל, און געקוקט דורכן פענסטער, געקוקט און געקוקט...

זיין שמש איז אַריין צו אים, און האָט אים שטילערהייט געזאָגט:

— רבי, עס איז שפּעט, עס איז שוין צייט צו זאָגן „קינות"...

רבי לוי־יצחק האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט איבערגעריסן מיט גוואַלד זיינע שיינע און טיפע פאַנטאַזיע־בילדער. ער האָט זיך דער-

מאַנט אָן דער ביטערערווירקלעכקייט: די יידן ליידן אין גלות, די תורה ליידט, גאָט ליידט... אַלע ליידן...

דעמאָלט האָט זיך רבי לוי־יצחק אריינגעריסן אין קלויז אריין, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאַרן אָרון־קודש, אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין און אַ געשריי געטאָן:

„איכה ישבה בדד"...

## ז.

ווען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער איז אַלט געוואָרן דריי און פופציק יאָר, איז ער קראַנק געוואָרן — קערפּערלעך און ג ײ ס ט י ק.

זיין שוואַכער קערפּער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זיין שטענדיקן לעבעדיקן עקסטאַז. זיין איבערגעוויינלעכע באַגייסטערונג, זיינע אויסער־געוויינלעכע אויפרעגונגען.

פון אַלע ערטער זיינען געקומען רביים אים צו באַזוכן, זיי האָבן געדאַוונט, זיי האָבן גאָט געבעטן, — זיי האָבן געוואָלט דעם גרויסן פאָלקס־פריינד געזונט מאַכן. זיי האָבן געוואָלט, אַז דער „געשוואָרענער פאַרטיידיקער" זאָל נאָך לאַנג לעבן צווישן זיי. זיי האָבן אים נאָך גע־דאַרפט האָבן.

עס האָט אָבער אַלץ ניט געהאָלפן.

אַ גאַנץ יאָר האָט רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער געלעבט אין אַזאַ מין צושטאַנד, קראַנק גייסטיק און קערפּערלעך.

וואָס פלעגט ער טאָן יענע צייט?

מען דערציילט, אַז ער פלעגט אַ גאַנצן טאָג שטיין און דאַוונען פון אַ נייעם סידור, אויף גיך.

די רביים האָבן געזאָגט: רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער האָט זיך שטאַרק איינגעריסן מיט די מלאכים. איז ער דערפאַר באַשטראָפט גע־וואָרן.

נאָך אַ שווערן און ביטערן יאָר, איז רבי לוי־יצחק ווידער געזונט געוואָרן, און האָט ווייטער געלעבט און געאַרבעט אויף זיין אָרט, און נאָך מיט מער באַגייסטערונג.

ער פלעגט קיין מינוט אין טאָג ניט רוען. שטענדיק איז ער געווען פאַרטאָן מיט זיך און מיט אַנדערע.

אין די שטאָט־זאַכן פלעגט ער זיך זייער שטאַרק מישן. ער פלעגט זיך אָפּגעבן מיט אומוויכטיקסטע קלייניקייטן. אַזוי האָט ער אָנגעהויבן, צום ביישפּיל, באַקעמפן דעם קאָרטן־שפּיל. ער האָט דאָס באַטראַכט אַלס

גזילה, אלס א צייט־פארלוסט, אלס א גרויסע זינד, ווייל ווען מען שפילט אין קארטן, קאן מען דאך געוויס ניט טראכטן וועגן גאט...

אין אלע שטעט און שטעטלעך פון דער גרויסער רוסלאנד איז רבי לוי־יצחק באקאנט געווען אלס דער קדוש, דער הייליקער, די גרעסטע פערזענלעכקייט פון זיין צייט. פון אומעטום האט מען עולה־רגל געווען קיין בערדיטשעוו, אים זען, הערן ווי ער דאוונט, זיך צוקוקן צו זיין לעבנס־פירונג.

און ניט נאר די ברייטע פאלקס־מאס; אליין האבן אים אזוי שטארק פארגעטערט, אפילו די גרויסע גייסטער פון זיין צייט, אויך די רביים האבן אים באטראכט אלס דעם הייליקסטן און גרעסטן מענטשן פון זייער צייט.

איינער אן אנפירער פון חסידיזם (רבי יעקב יצחק פון לובלין) האט געזאגט:

„יעדן טאג לייג איך אפ עקסטרע א באזונדערע צייט צו דאנקען און צו לויבן דעם רבונו של עולם דערפאר, וואס ער האט אראפגעשיקט אויף דער וועלט אזא גרויסע און הייליקע נשמה ווי רבי לוי־יצחק״.

און אזוי איז רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער געווארן אין זיינע לעצטע יארן די צענטראלע פערזענלעכקייט פון דער חסידישער באוועגונג אין אוקראינע.

און ווען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער איז אלט געווארן זיבעציק יאר, איז ער נפטר געווארן, טאקע אין זיין בערדיטשעוו.

דאס גרויסע יידישע הארץ האט אויפגעהערט צו קלאפן, די הייליקע נשמה איז ארויסגעפלויגן פון איר קערפער, אוועקגעפלויגן ווייט, ווייט...

זיין לעבן איז געווען א לאנגע קייט פון צרות און ליידן, ער איז אוועק פון דער וועלט — און דער גרויסער טאג, אויף וועלכן ער האט געווארט זיין גאנץ לעבן, איז ניט געקומען... יידן האבן ניט אויפגעהערט צו ליידן... די צייט איז געווען אזא שרעקלעכע... און דער גרויסער פאלקס־פריינד איז מער ניט געווען...

אויף זיין קבר האט מען אויפגעשטעלט א גרויסע שטיינערנע הויז. מען האט אבער דארט קיין אויפשריפט ניט געשטעלט.

און אלע ווייסן, אלע פון קליין ביז גרויס, אלט און יונג, מאן און פרוי — אז דער קבר איז א הייליקער, אז דארט ליגט רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער.

און ווען עס ברעכט אויס א שרעקלעכע צרה אויף די יידן — קומען בערדיטשעווער יידן און אויך פון אנדערע שטעט און מ׳פאלט אויף זיין

קבר, מען בעט ער זאָל בעטן ביי גאָט פאַר זיינע ליבע יידן, ווי ער האָט פאַר זיי געקעמפּט און געליטן זיין גאַנץ לעבן.

יידן גייען צו מיט אַ ציטעריק האַרץ צו זיין קבר. מען טוט אויס די שיך. מען צינדט אָן אַ ליכט צום אָנדענקען פון גרויסן פאָלקס־מענטשן...

עס איז שוין אַריבער פון רבי לוי־יצחקס טויט מער ווי הונדערט יאָר — און אין בערדיטשעוו איז נאָך אַלץ קיין רב ניטאָ.

עס איז געווען אַמאָל אַ רב אין בערדיטשעוו, האָט ער געהייסן: רבי לוי־יצחק. עס איז געווען אַמאָל אַ מענטש, ער האָט אָבער צו זיך קיין גלייכן ניט.

שוין איבער הונדערט יאָר שטייט רבי לוי־יצחק אַליין אין אונזער געשיכטע.

איינער — און קיין צווייטער איז צו אים ניטאָ.

---

# ר' נחום טשערנאָבילער.

## א.

ר' נחום טשערנאָבילער, אָדער ווי מען רופט אים „דער גרויסער ר' נחום", איז געבאָרן געוואָרן אין נאָווורינסק (וואָלינער גובערניע) אין יאָר ת"צ. זיין פאָטער, ר' צבי, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה פון לומדים, איז געשטאָרבן אַ פּאָר יאָר נאָך ר' נחומס געבורט. דעם קליינעם יתום האָט גענומען צו זיך זיין פעטער, דעם פאָטערס ברודער, און אין זיין הויז איז ער נתגדל געוואָרן.

לערנענדיק אין חדר האָט ער זיך דאָרטן אויסגעצייכנט מער פון אַלע זיינע חברים מיט זיינע אויסגעצייכנטע כשרונות און זיין שטאַרקער התמדה. זיין פעטער האָט גלייך געזען, אַז דער יתום דאַרף האָבן אַ גרויסן למדן פאַר אַ רבין און למדנים־חברים. האָט ער באַשלאָסן אים צו שיקן אין אַ ישיבה אין אַ ליטווישער שטאָט. נחום האָט זיך אין דער ישיבה געפילט גאַנץ גליקלעך. דאָרט האָט ער עוסק געווען טאָג און נאַכט אין גמרא מיט תוספות און אַלע מפרשים, און אויך דאָרט אין דער ישיבה האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע קענטענישן און שאַרפן פאַרשטאַנד און איז געוואָרן אַ גרויסער חשוב ביי דעם ראש־ישיבה. די ישיבה איז פאַר נחומען געווען אַלץ אין לעבן. ער האָט כמעט פאַרגעסן אַלע זיינע קרובים אין זיין שטעטל, און זעלטן פלעגט ער צופאָרן אַהיים צו זיין פעטער. זיין הויפּטציל און געדאַנקען זיינען נאָר געווען וועגן דער ישיבה. אַזוי האָט נחום פאַרבראַכט אין דער ישיבה עטלעכע יאָר, ביז נאָך דער בר־מצווה.

פּלוצלונג איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין זיין יונג לעבן: אַ ייד, אַ באַלעבאָס פון אַ מיוחסדיקער משפּחה, איז געקומען צום ראש־ישיבה און האָט אים געבעטן, ער זאָל פאַר זיין טאָכטער אויסקלייבן אַ חתן, דעם בעסטן תלמיד פון זיין ישיבה. דער ראש־ישיבה האָט פאָרגעשטעלט נחומען און דער באַלעבאָס איז מסכים געוואָרן, אָבער זיין טאָכטער האָט ניט געוואָלט דעם שידוך. דער באַלעבאָס האָט אָבער געהאַט נאָך אַ טאָכטער,

א בלינדע אויף איין אויג, און ר׳ נחום האט מיט דער צושטימונג פון זיין פעטער חתונה געהאט מיט דער בלינדער טאכטער, ווייל ער האט געוואלט זיך פארבינדן מיט דער גרויסער, מיוחסדיקער משפחה פון דעם באלעבאס.

נאך דער חתונה איז ר׳ נחום געווארן א מלמד. אלע גרויסע חסידישע פירער זיינען פריער געווען מלמדים. אזוי איז געווען דער בעל־שם און אזוי איז געווען דער מעזשריטשער מגיד. זיי זיינען שטופנווייז געקומען צום פאלק. זיי האבן אנגעהויבן מיט די קינדער פון דעם פאלק און דאן מיט דעם פאלק גופא.

דאס מלמדות האט ר׳ נחומען זייער ווייניק פרנסה געגעבן. ער האט געלעבט אין דחקות און האט געליטן גרויס נויט, אבער ער האט זיך פון דעם ניט געמאכט. ער האט געזאגט: „דער אמתער בר־דעת און בעל־אמונה זאל זיך ניט נאכיאגן נאך פרנסה, ווייל די עולם-הזה איז גארניט ווערט, און אין דער אמתן איז דער שורש נשמה פון די יידן פיל העכער, ווי די עולם־הזה״.

בייטאג האט ער זיך באשעפטיקט מיט מלמדות און ביינאכט האט ער געלערנט תורה, אבער ניט מער אין פילפול און חריפות, ווי אין דער ישיבה. ער האט זיך איבערצייגט, אז די אלע פילפולים און למדנות שארפן נאר דעם מוח, אבער פארבעסערן ניט דאס הארץ; זיי פירן ניט צו דעם ריכטיקן וועג, צו גאט. ער האט געזאגט: „מיר זעען גרויסע למדנים, וואס לערנען תורה מיט גרוים פילפול און צעברעכן זיך דעם קאפ מיט זייער חריפות, אבער זייער יצר-הרע איז ביי זיי גאנץ און ניט צעבראכן און זיי זיינען גאנץ ווייט פון גאט״.

ער האט זיך דעמאלט מיט א גאנץ אנדער תורה באשעפטיקט: מיט דער קבלה פון דעם אר״י הקדוש. אט די לערע האט אים פאראינטערעסירט און אין איר האט ער זיך פארטיפט און געגלויבט. אט די לערע, וועלכע לערנט מען זאל פאסטן און וויינען און תמיד תשובה טאן אויף די חטאים — אט די ארט עבודה צו גאט האט ער געמאכט פאר זיין לעבנס־ציל. צוויי מאל אין דער וואך האט ר׳ נחום געפאסט און האט געטראגן א זאק אויף זיין נאקעטן לייב, און יעדן טאג איז ער אויפגעשטאנען פראווען חצות, געלייגט אש אויף זיין קאפ און זייער שטארק געוויינט. די חסידים דערציילן, אז דעמאלט האט זיך צו אים אנטפלעקט א מלאך און האט אים געוואלט מגלה זיין אלע סודות פון דער תורה, אבער ער האט ניט געוואלט. ער האט געזאגט: איך מוז אליין דערגייין די סודות פון דער תורה.

## ב.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך שוין דער בעל־שם אנטפּלעקט און זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערן צווישן אלע יידן אין אוקראַינע. דאָ און דאָרט האָט מען דערציילט פון זיינע גרויסע מופתים. איבעראַל האָט מען איבערגעגעבן זיינע ווערטער און זיינע רייד איבער דעם אמתן וועג צו גאָט. אויך ר' נחום האָט פון דעם געהערט און זיין הארץ האָט זיך צעוואַרעמט און אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט זען בנים אל פּנים אָט דעם גרויסן הייליקן פון מעזשיבאָזש. הגם ער איז געווען שטאַרק פאַרטיפט אין דער קבלה פון אר"י הקדוש און איז געווען טאָג און נאַכט פאַרטאָן אין תענית און עבודה צו גאָט, ווי דער אר"י האָט געהייסן, דאָך האָט ער אָנגעשטרענגט אלע זיינע כּוחות און האָט זיך גרייט געמאַכט צו גיין נאָך מעזשיבאָזש. פון זיין קליין שטעטל ביז מעשיבאָזש איז דעמאָלט געווען גאַנץ וויט, און בפרט פאַר אַזאַ עני מרודכא ווי ר' נחום, אָבער זיין שטאַרקע אמונה און התלהבות האָבן אים געגעבן שטאַרקן ווילן און מוט, און ער האָט זיך געלאָזט אויף דעם וועג נאָך מעזשיבאָזש.

דער בעל-שם, דערציילט די חסידישע לעגענדע, האָט שוין אלץ געוואוסט און געפילט פאַר זיין אָנקומען. ער האָט געזאָגט צו זיין פרוי, זי זאָל מכין זיין דעם שבת מיט אלע בעסטע מאכלים, ווייל אַן אורח חשוב קומט אויף שבת צו אים. אַז ר' נחום איז געקומען, האָט דער בעל־שם אים מקבל געווען גאַנץ קאַלט, אויך שבת ביים טיש האָט ער מיט אים מיט רוגז גערעדט. אַז זיין פרוי האָט אים געפרעגט: דו האָסט דאָך מיר געהייסן איך זאָל מאַכן גרויסע הכנות פאַר דעם אורח, ווייל ער איז אַן אָדם חשוב, און איצט רעדסטו מיט אים אַזוי קאַלט און מיט רוגז? האָט דער בעל-שם איר געענטפערט: „דו זאָלסט וויסן, אַז ער איז אַ שונא ישראל, ער וויל די גאַנצע עולם־הבא פאַר זיך האָבן דורך זיינע גרויסע מעשים טובים.

וויפל מאָל ער איז נאָך געווען ביים בעל־שם קאָן מען ניט באַשטימט וויסן. מען רעכנט, אַז ער איז אינגאַנצן נאָר צוויי מאָל ביי אים געווען, ווייל אין זיינע ספרים דערמאָנט ער דעם בעל־שם־טוב מיט דעם טיטל „מודי" נאָר צוויי מאָל. אָבער ווי די זאַך איז געווען, מען קאָן ר' נחומען ניט ציילן צווישן דעם בעש"טס תלמידים. ער געהערט צו די יינגערע מקורבים פון בעש"ט, וואָס זיי זיינען תיכּף נאָך זיין טויט איבערגעגאַנגען צו דעם „מגיד" פון מעזשריטש, וועלכער האָט ממלא מקום געווען דעם בעש"ט. דאָ, ביי ר' בער פון מעזשריטש, איז ער געווען דער אמתער תלמיד, חסיד, איבערגעגעבן מיט דעם גוף און מיט דעם נפש. ווי ר' בער, אַזוי אויך זיינע חברים, דעם מגידס תלמידים, האָבן אים

שטאַרק מכבד געווען און ליב געהאַט. זיין תּמימות און עניוות, זיין ער־לעכקייט און איבערגעגעבנקייט, זיינע גרויסע און טיפע קענטעניש און התלהבות — אַט די אַלע זאַכן האָבן שטאַרק געווירקט אַלס אַנציאונגס־קראַפט אויף זיין סביבה. זיין נאָמען איז געוואָרן גרויס, מען האָט אָנגע־הויבן פון אים צו ריידן, מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן מענטש, פאַר אַזאַ מין מענטש, וואָס ער איז אויסגעטאָן אינגאַנצן פון דער וועלט און זיין לעבן איז נאָר מיט רוחניות און הייליקייט פאַרבונדן און פאַר־אייניקט. אַזוי האָבן אויף אים געקוקט זיין רבי, דער „מגיד", און אַזוי האָבן אָנגעהויבן די חסידים אויף אים צו קוקן.

די טשערנאָבילער חסידים דערציילן: ר' פּינחס קאָרעצער, דער חבר פון בעש"ט, האָט זיך מצטער געווען, וואָס מען האָט אים ניט געוואָלט פאַר אַ ממלא־מקום פון בעש"ט. ער האָט געזאָגט: ווי גליקלעך איך וואָלט געקאָנט זיין, אַז איך וואָלט דאָן געקאָנט האָבן ר' נחומען פאַר מיין תּלמיד.

## ג.

ר' נחום מיט זיין טיפער נאַטור האָט זיך ווי פריער אין דער קבלה פון אר"י הקדוש אויך איצט אין דעם נייעם וועג פון חסידיזם גאַנץ פאַר־טיפט און מיט גרויס התלהבות האָט ער אָנגעהויבן צו דרשענען דעם חסידיזם. ער האָט געהאַט אַ גרויסן כּוח מסביר צו זיין די תּורה פון חסידיזם; ער האָט צוגעצויגן מאַסן צוהערער, וועלכע האָבן זיינע דרשות אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. יעדן שבת און אויך אין דער וואָך פלעגט ער דרשענען פון דער פרשה פון דער וואָך, און צווישן זיינע צוהערער פלעגן זיין פיל גרויסע למדנים און גרויסע מופלגי תּורה.

ר' נחום, ווי אַלע זיינע חברים, האָט אויף זיך גענומען די הייליקע מיסיע דעם חסידיזם צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק. ער, ווי זיינע חברים, האָט אין דעם באמת געגלויבט. וואָס מער דער חסידיזם וועט זיך פאַר־שפּרייטן צווישן פאָלק, אַלץ מער וועט מקורב ווערן דער קץ פון משיחן. לכן האָט ער באַשלאָסן אַרומצופאָרן אומעטום און דרשענען בּרבּים. זיין גרויס אָרעמקייט האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן פון דעם. ער האָט געדונגען אַ פערדל און אַ גאַנץ אָרעמען וואָגן און איז געפאָרן פון שטעטל צו שטעטל, פון דאָרף צו דאָרף, און אומעטום האָט ער געדרשנט. ער איז געגאַנגען אין דעם וועג פון דעם גרויסן מייסטער, דעם בעל־שם. ווי ער, אַזוי האָט אויך ר' נחום פאַרשטאַנען צו ריידן אין דער שפּראַך פון אָרימען פאָלק, זיך מיט אים צונויפשמעלצן און אין זיין לעבן זיך צו פאַרטיפן.

איז ר' נחום געקומען אין אַ דאָרף צו די אָרימע, פאַרוואָגלטע יידן,

האט ער מיט זיי גערעדט אזוי פראסט און מיט אזוי פיל ליבע, אז זיי האבן אים זייער גוט פארשטאנען און זיינע אידעען באגריפן. ער האט זיי געגעבן צו פארשטיין פון דער גרויסער אידעע פון גאט; ווי גאט איז אומעטום, אין יעדער פאסירונג, אין יעדן דיבור איז ער דא. און אין יעדן יידן איז דא גאט. „אויך אין דעם גרויסן רשע, אין דעם גרויסן בעל-עבירה איז דא גאט". אין אלץ איז דא איינהייט, אלץ אין איין נשמה. די יידן זיינען „די נשמה פון דער וועלט", און אט די נשמה, די יידן, זיינען פאראייניקט מיט גאט, מיט דער תורה, מיט עולם-הבא און מיט עולם-הזה. „אלע צוזאמען זיינען איינס". אלע צוזאמען זיינען איין הייליקייט. מען מוז נאר זען אלץ צו האלטן אין רוחניות, מען זאל אויך דעם חומר, דעם גוף, מאכן צו רוחניות, צו א נשמה, צו א הייליקער נשמה. מען דארף דינען גאט ניט נאר מיט תורה, נאר מיט אלץ אויף דער וועלט, אויך מיט עסן און מיט טרינקען; מען דארף זיין א בעל-מידות טובות; מען זאל ליבן די מענטשן, מען זאל גוטס טאן מיט דעם מענטשן, און צו דעם אלעם זאל מען זיין אן עניוו, לעבן אין פשטות און באשיידנקייט.

ר' נחום, דער גרויסער למדן, דער געוועזענער ישיבה-בחור, איז איצט קעגן די למדנים, וואס פארברענגען זייער לעבן נאר אין פילפול און אין פיל לערנען און זארגן גארניט פאר דער נשמה. „זייער תורה איז ניט קיין אמתע תורה, זיי זיינען מאריך דעם גלות און קערעווען אפ דאס פאלק פון דעם אמתן וועג צו גאט". די אמתע גרויסע מדרגה, צו וועלכער יעדער ייד קאן קומען, איז די מדרגה פון דעם צ ד י ק. ער איז „דער יסוד פון דער וועלט". ער איז „א ממוצע צווישן גאט און דער וועלט", דורך אים „קומט די שפע פון גאט אויף דער וועלט", און ער איז זיך מסכן-נפש פאר דער וועלטס וועגן; ער שטרענגט זיך אן צו ראטעווען די מענטשן פון זייערע זינד און זיי אויפהויבן צום הימל, צו גאט.

אזוי פלעגט ר' נחום דרשענען פאר דעם ארימען, איינפאכן פאלק, אזוי גוט ווי פאר דעם תלמיד-חכם און למדן. און זיינע דרשות האבן שטארק געווירקט, ניט מיט זייערע געדאנקען צו ניט גאנץ נייע אמתן, נאר מיט דער ארט, ווי ער האט געדרשנט — מיט גרויס התלהבות און פיל ליבע, מיט גרויס תמימות און ענווה. אויך זיינע שטראף-רייד און זיין מוסר זיינען געווען פול מיט ליבע און עניוות. ער האט קיינעם ניט באליידיקט מיט זיין מוסר; קיין מענטש, אפילו דער זינדיקער, האט זיך ניט געפונען געטראפן פון זיין מוסר.

אבער אפטמאל האט ער שטארק געליטן דורך זיינע דרשות. ער איז אמאל געקומען אין א שטאט פון מתנגדים. ר' נחום, ווי זיין שטייגער איז

געווען, איז געגאַנגען אין בית־מדרש דרשענען. ווי ער האָט נאָר אָנגע־הויבן, האָט מען אים גענומען זידלען, און מיט געוואַלט האָט מען אים אַראָפּגעשלעפּט פון דער בימה און געשלאָגן מכּת אכזריות. ער האָט אָבער נית געענטפערט קיין וואָרט און האָט עס מקבל געווען באהבה, און איז פון דאָרט אוועקגעגאַנגען אין אַן אַנדער בית־מדרש און האָט דאָרט ווידער געדרשנט.

און דאָס געלט, וואָס ער האָט געזאַמלט פון זיין דרשענען, האָט ער פאַרטיילט אויף פאַרשיידענע צדקות, באַזונדערס פאַר „הכנסת כּלה" און „פּדיון שבויים". פאַר דער לעצטער מצווה — „פּדיון שבויים" — פלעגט ער זיך ממש מוסר־נפש זיין. וויפל אומגליקלעכע יידן זיינען דעמאָלט בחינם געוואָרפן געוואָרן אין די געפענגענישן; וויפל יידישע מוכסנים האָט מען איינגעשפּאַרט אין תּפיסה, ווייל זיי האָבן נית צום ריכ־טיקן טאָג אָפּגעצאָלט זייער אַרענדע־געלט. אָט דאָס גרויסע ליידן פון די יידן האָט ר' נחומען תּמיד געמאַטערט, און ער האָט, ווי זיין חבר, ר' שניאור־זלמן דער „רב", אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כּוחות דאָס ליידן פון די יידן צו פאַרלייכטערן. אומעטום, וואו ער האָט נאָר געקאָנט, האָט ר' נחום געלט געזאַמלט פאַר פּדיון שבויים. ער האָט געבעטן ביי רייכע און ביי ניט־רייכע און האָט פון זיך אַלץ אוועקגעגעבן די אומגליקלעכע צו באַפרייען.

און ווי ער האָט זיך אָנגעשטרענגט פאַר „פּדיון שבויים", אַזוי האָט ער אויך געזאָרגט פאַר „הכנסת כּלה". די חסידישע לעגענדע דערציילט: אַמאָל איז געקומען אַן אָרימאַן צו ר' נחומען און האָט זיך פאַר אים גע־קלאָגט, אַז ער איז נים בכּוח חתונה צו מאַכן זיין טאָכטער; האָט ער אוועקגעגעבן די לעצטע פינף גילדן און אויך זיין זיידענעם שבת־מלבוש. אָבער דער אָרימאַן, וועלכער האָט ליב געהאַט צו טרינקען, איז געגאַנגען מיט דעם געלט אין שענק אַריין. אַז די קרובים פון ר' נחומען האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָבן זיי צוגענומען ביי דעם יידן דאָס איבערגע־בליבענע געלט און דעם זיידענעם מלבוש און האָבן עס געבראַכט צו ר' נחומען, און האָבן אים דערציילט די גאַנצע מעשה. ר' נחום האָט אָבער אויף זיי אָנגעשריען און האָט זיי געהייסן צוריקגעבן דעם אָרימאַן דאָס געלט און דעם מלבוש.

טראָץ זיין אָרימקייט האָט ער ביי זיך מגדל געווען אַ יתום פון אַ חסיד און האָט אים חתונה געמאַכט מיט אַ יתומה, וואָס האָט זיך אויפ־געהאַלטן ביי דעם מעזשריטשער „מגיד" אין שטוב.

# ד.

ר׳ נחום איז נתפרסם געוואָרן פאַר אַ גרויסן צדיק. מען האָט אים גערופן „בעש״ט קטן״ (דער קליינער בעל־שם). ר׳ יעקב־יוסף פּאָלאָנער, דעם בעש״טס תּלמיד, האָט פון אים געזאָגט: „די וועלט מיינט, אַז ר׳ נחום איז אַ צדיק; באמת איז ער צען צדיקים, ווייל יעדער צדיק האָט אַ דרך מיוחד, וואָס עס פּאַסט זיך אַריין אין איינער פון די צען ספירות. למשל, דער צדיק — איז זיין דרך מיוחד אין תורה, דער אַנדערער — אין תפילה, דער דריטער — אין מידות טובות אאז״וו. ר׳ נחום אָבער, איז אַ צדיק אין אַלע צען דרכים, וועלכע זיינען מרמז אויף די צען ספירות: תורה, תפילה, מידות טובות אאז״וו. אין אים זיינען אַלע פאַראייניקט״.

ביי אַלע זיינע חברים איז ער געווען אָנגעזען אַלס אַ קדוש, אַ הייליקער מענטש. אַז די טאָכטער פון שניאור־זלמן דעם „רב״ איז אַמאָל קראַנק געוואָרן, האָט דער „רב״ געשיקט אַ שליח מיוחד צו ר׳ נחומען, אַז ער זאָל בעטן גאָט פאַר איר. ער איז געווען מיט אַלע זיינע חברים באַבאַפריינדעט, אָבער מער ווי מיט אַלע מיט דעם „בערדיטשעווער רב״, מיט ר׳ שניאור־זלמן און מיט דעם „מלאך״, דעם מעזשריטשערס זון.

ר׳ נחום, ווי דער בעש״ט, האָט אַ סך אַרומגעוואַנדערט פון אָרט צו אָרט; אָבער זיין הויפּטזיץ, זיין וואוינונג, איז געווען טשערנאָביל, קיעווער גובערניע. דאָרט איז ער געווען אַ מגיד. ר׳ נחום טשערנאָבילער, אָדער דער גרויסער ר׳ נחום טשערנאָבילער — אַזוי ווערט ער גערופן ביז היינטיקן טאָג. ער פלעגט אין טשערנאָביל זייער פיל דרשענען אַלע שבת און יום־טוב און אַמאָל אויך אינמיטן דער וואָך. מען איז געפאָרן צו אים פון פאַרשיידענע שטעט. און זיינע חסידים האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. צווישן זיי זיינען אויך געווען גרויסע אָנגעזעענע למדנים, וועלכע האָבן זיינע דרשות געניי פאַרשריבן.

הגם ער איז נתפרסם געוואָרן אומעטום און אַ סך חסידים זיינען געוואָרן זיינע מקורבים, האָט ער פיל דחקות געליטן. די שטאָט טשערנאָביל האָט זיך, ווי עס שיינט, ווייניק געקימערט זיין לאַגע אויסצובעסערן. דאָס באַווייזט אונז, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט אין דעם אַלטן פנקס פון דער „חברה משניות״ אין טשערנאָביל, אַז יעדער חבר האָט געמוזט געבן איין רו״כ דמי קדימה. דאָרט שטייט געשריבן אין העברעאיש: „הרב המגיד מו״ה מנחם־נחום האָט געגעבן דעם ספר חסידים פאַר אַ משכּון; אַז ער וועט געבן דעם רו״כ, וועט מען אים אָפּגעבן דעם ספר״. דאָס ווייזט אונז צוויי זאַכן: 1) ווי אָרים ר׳ נחום איז געווען, אַז ער האָט ניט געהאַט איין רו״כ צו באַצאָלן, און האָט געמוזט געבן אַ ספר

פאר א משכון; 2) דאס פארהעלטעניש פון די טשערנאבילער יידן צו זייער „מגיד", אז זיי האבן אים ניט געטרויט, און פון אים גענומען א משכון.

ער האט געלעבט זייער שפארזאם אין א גאנץ ארים שטיבל. טשער־נאבילער חסידים דערציילן נאך ביז היינטיקן טאג די פאלגנדיקע מעשה: מען האט אמאל דערציילט, אז ביי זיין זון, ר' מרדכי, קאכט מען פיש אינמיטן דער וואך. וואס האט ער געטאן? ער האט זיך אנגעטאן אין בגדי שבת און איז געקומען צו ר' מרדכין און האט אים געזאגט: „גוט שבת דיר, מיין זון, וויבאלד דו מאכסט די וואכעדיקע טעג צו שבת און קאכסט אין זיי פיש, ווי אויף שבת".

פון איין זייט זיין גרויסע צדקה און פון דער אנדערער זייט זיין שנאה צו געלט, צו עשירות — אט דאס אלץ האט גורם געווען צו זיין גרויסער ארימקייט.

אז א רייכער און אן ארימער חסיד זיינען צו אים געקומען, פלעגט ער פריער דעם ארימען ביי זיך אויפנעמען און לאנג ריידן מיט אים, און ערשט שפעטער דעם רייכן, און אים גאנץ קורץ אפפארטיקן. ווען דער רייכער חסיד האט אים געוואלט געבן געלט אלס פדיון, האט ער ניט געוואלט נעמען און האט אים געזאגט: „גיי אהין און דארט וועסטו גע־פינען יענעם ארימאן, און אים וועסטו געבן דאס געלט". ער האט ביי זיך געהאט א רשימה פון ארימעלייט, וואס ער פלעגט זיי דאס פדיון־געלט שיקן.

אמאל האבן זיינע מקורבים אים געוואלט איבעררעדן, אז ער זאל וואוינען אין א גוטער דירה מיט שיינע כלים, און ער זאל זיך קליידן אין רייכע קליידער. זיי האבן געפרואווט אים צו באווייזן עפ"י סודות און רמזים, אז דער גרויסער מענטש דארף לעבן אין עשירות און הרחבה. ער האט אבער זיי געענטפערט: „איר ווילט מיך אראפפירן פון גוטן וועג. פון אייערע סודות און רמזים וויל איך ניט וויסן. פאר מיר זיינען די פשוטע ווערטער פון פרקי אבות (פרק ששי משנה ד') הייליק, ווי זיי זיינען גע־שריבן: „דאס איז דער וועג פון דער תורה: עסן ברויט מיט זאלץ, טרינקען וואסער מיט א מאס, שלאפן אויף דער ערד און לעבן אן אנגעשטרענגט לעבן".

ווען ער האט געהערט, אז ר' שלום פראבישצער, דעם רוזשינערס פא־טער, לעבט אין הרחבה און עשירות, האט ער אים געשטראפט און גע־זאגט: „מיין קינד, דו גייסט אין א סכנהדיקן וועג — א וועג, וואס דיינע עלטערן האבן פון אים ניט געוואוסט. דו גייסט אויף דער שארף פון א שווערד — א קליינער פעלער, און דו קאנסט אומקומען".

דער אַרט לעבן האָט אים געבראַכט צו אַזאַ שטאַרקער דחקות, אַז ער איז קראַנק געוואָרן און האָט ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו היילן. דורך דער קראַנקהייט און זיין פזרנות אויף צדקה איז ער פאַרוויקלט געוואָרן אין חובות. דער געדאַנק, שולדיק צו זיין געלט, האָט אים שטאַרק געקרענקט. ער האָט זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו זיין חבר און פריינט, ר׳ שניאור־זלמן דעם „רב״, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מפורסם אין ליטע, און האָט פאַר אים אויסגעגאָסן זיין הארץ. דער „רב״ האָט זיך געווענדט צו זיינע חסידים מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט באַשריבן די גרויסקייט פון ר׳ נחומען, וועלכער איז אַ „געטלעכער מענטש, אַ הייליקער, אַ גדול בישראל״, און האָט געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן ר׳ נחומען אונטערשטיצן מיט געלט.

## ה.

ר׳ נחום איז געוואָרן אַ גרויסער מפורסם, ניט אַזוי שטאַרק ביי דעם המון־עם, וועלכער האָט אים ניט פאַרשטאַנען, ווייל ר׳ נחום האָט ניט געמאַכט קיין „מופתים״ און האָט ניט ליב געהאַט צוצוזאָגן דעם המון־עם איבערנאַטירלעכע זאַכן; ער האָט אָבער געהאַט חסידים תלמידי חכמים, טיף־דענקענדיקע מענטשן, וועלכע זיינען צו אים געפאָרן פון אומעטום, און אַ טייל פון זיי זיינען אפילו געגאַנגען צופוס צו אים. ער איז, נאַטירלעך, געווען דער גרויסער הייליקער ביי יעדן, וואָס האָט אים געקענט אָדער געהערט זיין נאָמען; אָבער ניט יעדער האָט אים גוט פאַרשטאַנען, נאָר יחידי סגולה, וועלכע האָבן אויך געגוי פאַרשטאַנען אַלע זיינע תורהס און דרשות. די דאָזיקע תלמידים האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי געבן רשות צוצוגרייטן זיינע תורהס צום דרוק. זיי האָבן געוואוסט, אַז ר׳ נחום וועט זיך ניט אָפּגעבן מיטן אויפשרייבן זיינע דרשות און זיי צוצוגרייטן צום דרוק, לכן האָבן זיי אויף זיך גענומען די אַרבעט און האָבן אים געבראַכט שוין אַ פאַרטיקע זאַך. אַז ער האָט דערזען זיינע תורהס און דרשות ריכטיק און טריי אויפגעשריבן, האָט ער דעמאָלט געגעבן רשות איינעם פון זיינע תלמידים, ר׳ אליהו כ״ץ, אַז ער זאָל דעם ספר אַרויסגעבן אין סלאַוווטע. און אין יאָר תקנ״ח איז דער ספר „מאור עינים״ דערשינען אין סלאַוווטע.

דער ספר איז געטיילט אין צוויי חלקים. איין טייל על־פי סדר פון די פרשיות פון דער תורה, און דער אַנדערער חלק אַנטהאַלט פאַרשיידענע מאמרים אויף אַגדות פון תלמוד אין מדרש. דער ספר האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער חסידישער וועלט און האָט דערוועקט דעם צאָרן פון די מתנגדים. דער חבר און פריינט פון ר׳ נחום פון טשערנאָ־

ביז, דער „בערדיטשעווער רב'', האָט געשריבן איבער דעם ספר: „אַלע זיינע רייד זיינען די רייד פון גאָט, זיי זיינען בכּוח צו דערוועקן דעם גייסט פון מענטשן, ער זאָל זיך באַהעפטן אין גאָט; זיינע רייד זיינען בכּוח אויפצופלאַמען דאָס האַרץ פון דעם מענטשן צו עבודת הבורא. יעדער ווער עס וועט לערנען אין דעם הייליקן ספר, וועט אויסרופן: „זע, אַ גאַנץ נייע זאַך!'' דער ספר וועט דערקוויקן, ווי קאַלט וואַסער, דעם מידן און דאָרשטיקן''.

דער „שעפּעטאָווקער רב'' האָט איבער אים געשריבן: „זיינע ווער־טער זיינען זויבער און קלאָר, ווי קלאָר זילבער. זיי זיינען בכּוח צו ריי־ניקן די הערצער פון די יידן און זיי צו פירן אויף דעם ריכטיקן וועג צו גאָט''.

דער ספר „מאור עינים'' איז געווען פון די ערשטע ספרים אין דער חסידישער ליטעראַטור, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם חסידיזם זייער קלאָר, און אין דער זעלבער צייט מיט גרויס התלהבות און תמימות. אַ באַזונדערער חן איז אויסגעגאָסן אויף דעם ספר. זיין סגנון איז לייכט און אָנגענעם. ער ציט צו מיט דעם לייענען, ער דערוועקט די נשמה נאָכ־צודענקען. איינער פון די גרויסע צדיקים האָט געזאָגט: „ווי דאָס לערנען אין זוהר איז אַ סגולה צו דער נשמה, אַזוי אויך איז דאָס לערנען אין „מאור עינים'' אַ סגולה צו דער נשמה''. אַלע גרויסע צדיקים האָבן זיך באַנוצט אין זייערע תורהס מיט דעם ספר. אַפילו די חב''דניקעס, וועלכע זיינען מבטל דעם אוקראַינישן חסידיזם, האָבן זיך באַנוצט מיט דעם ספר און האָבן פון אים ציטירט.

אָבער ר' נחום אַליין האָט ניט זוכה געווען צו זען זיין ספר אַרויס פון דרוק. ער איז געשטאָרבן אין טשערנאָביל אָנהייב יאָר תּקנ''ח. י''א חשוון. אויף זיין קבר האָט מען אויסגעבויט אַן אוהל, וואוהין מען גייט מתפּלל זיין, בפרט אין חודש אלול, ביז אויף דעם היינטיקן טאָג.

דער גרויסער ר' נחום איז געשטאָרבן פאַרערט פון דער גאַנצער חסידישער וועלט, געליבט און געשעצט פון זיינע תּלמידים און חברים. באַשיידן און צוריקגעצויגן, אין אָרימקייט און דחקות, האָט ער זיין גרויסע אַרבעט געטאָן אָן מופתים, אָן וואונדער, אָן רעש און אָן טומל, אַן אמתער „צדיק'' פון אַלטן טיפּ. ער האָט אַלץ געקאָנט דערציילן די חסידים, ער האָט געקאָנט „מהפך עולם'' זיין, אָבער ער האָט ניט גע־וואָלט. ער איז געווען אַ באַשיידענער, אַן עניו ווי משה רבנו. זיי דער־ציילן, אַז ער האָט אַמאָל געזאָגט וועגן זיך: „איך בין גלייך צו אַ סוחר. וואָס האָט אַלע מינים סחורות ביי זיך; ווער עס האָט נייטיק בשמים, קאָן ביי

מיר באקומען בשמים, און ווער עס האט נייטיק נאדלען, קאן ביי מיר באקומען נאדלען; איך קאן אויך היילן קראנקע און פוקד־עקרות זיין. איך קאן אויך מאכן קריג און פארניכטן קיניגרייכן, איך קאן אבער אויך די מלחמות צעשטערן און מבטל זיין גזירות און ברענגען שמחה און פריידן אויף דער וועלט".

ר' נחום איז געשטארבן. ער איז געווען איינער פון די לעצטע פון דעם ערשטן גרויסן דור פון חסידים. ער איז געווען פון ששת ימי בראשית צוגעגרייט פאר דעם גייסטיקן חסידיזם. פאר אים האט ער גע־לעבט, געווירקט, געליטן, און דער חסידיזם איז געווען זיין אינהאלט אין לעבן.

---

# ר׳ שניאור-זלמן.

## א.

אין דער צייט, ווען דער חסידיזם האָט זיך שטאַרק אויסגעברייט אין אוקראַינע — יענער חסידיזם, וועלכער איז באַזירט אויף שטאַרקן געפיל און תמימותדיקן גלויבן; יענער חסידיזם, אין וועלכן עס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די פאַנטאַזיע מיט איר געמיש פון לעגענדעס, פון „הייליקע מעשיות" און מופתים — אָט אין דער זעלבער צייט איז אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד אַ נייער צווייג פון דעם גרויסן בוים פון דעם חסידיזם, אַ גאַנץ אַנדער אופן פון חסידיזם, אַנדערש אין זיין טעאָריע און פּראַקטיק. דער באַגרינדער פון אָט דעם חסידיזם, וועלכער איז באַקאַנט מיט דעם נאָמען חב"ד, איז געווען: ר׳ שניאור-זלמן, אָדער ווי מען רופט אים סתם: „דער רבי", דער פאָטער פון דער ליובאַוויטשער דינאַסטיע, אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, אַ גרויסער ייד און מענטש, אַ געמיש פון פילאָזאָפיע און גלויבן, פון רמב"ם און בעש"ט.

ר׳ שניאור-זלמן איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר תק"ז אין דעם שטעטל ליאָזנע, אין מאָהילעווער גובערניע. זיין פאָטער, ר׳ ברוך, האָט געשטאַמט פון גאַליציע, פון אַ מיוחסדיקער משפּחה. ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל פון צוועלף יאָר, איז זיין מלמד, דער גרויסער למדן, ר׳ ישכר-בער פון ליובאַוויטש, זייער נתפּעל געווען פון זיין יונגן תלמיד: דעם תּלמידס טיפער און שאַרפער פאַרשטאַנד און זיינע קענטעונישן האָבן אים מרעיש געווען. ער האָט דעמאָלט וועגן אים געזאָגט: „דאָס יונגע קינד איז ראוי צו זיין מיין פריינד און חבר, אָבער ניט מיין תלמיד. בכלל דאַרף ער גאָר ניט מער קיין מלמד און אַ מורה דרך, ווייל מיט זיין גרויסן פאַרשטאַנד און זיינע רייכע קענטענישן איז ער בכוח אַליין צו געפינען אַ וועג אין תלמוד און אין פוסקים; ער איז שוין בכוח אויך אַנדערע צו לערנען תורה". ר׳ ישכר-בער האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף זיין תלמיד, און אויך שפּעטער, ווען ר׳ שניאור-זלמן איז געוואָרן דער גרויסער מפורסם און זיין געוועזענער מלמד איז געוואָרן זיין תלמיד,

האט ר' שניאור־זלמן אים שטארק מכבד געווען און האט פון אים גע־רעדט מיט גרויס ליבע און כבוד.

דער יונגער שניאור־זלמן האט באקומען א נאמען פון אן עילוי. ניט נאר אין זיין שטאט, נאר אין דער גאנצער סביבה האט מען דער־ציילט וואונדער־געשיכטעס פון די גרויסע קענטעני שן פון דעם קינד, שניאור־זלמן. ווען ער איז געווארן בר־מצווה, האט די חברה־קדישא אין זיין שטעטל אים אויפגענומען פאר א חבר און מען האט זיין נאמען איינ־געשריבן אין פנקס מיט גרויסע שבחים, ווי: „החכם המופלא, תנא ופליג״.

## ב.

ווען ער איז אלט געווארן 15 יאר, האט ער חתונה געהאט אין וויטעבסק, אין אן אנגעזעענער פאמיליע, און איז ביי זיין שווער געבליבן אויף קעסט. זיין פרוי, סטערנע, איז געווען זייער קלוג און פרום, מיט א פעסטן כאראקטער. איר השפעה אויפן מאן איז געווען שטארק, און איר מאן, ר' שניאור־זלמן, האט זי געליבט און פארערט. אבער מיט זיין שווער איז ער ניט גוט אויסגעקומען, ווייל זיינע הנהגות, זיין גרויסע התמדה אין תורה און עבודה און זיין צוריקגעצויגנקייט פון וועלט און מענטשן — אט דאס אלץ איז ניט געפעלן געווארן זיין שווער, דעם רייכן סוחר. דער שווער האט אפילו געפרואווט איינרעדן זיין טאכטער, זי זאל פארלאנגען א גט פון איר מאן, דעם „בטלן״, אבער די טאכטער האט זיך שטארק געהאלטן אן איר מאן און האט ניט געוואלט הערן פון דעם. דער שווער אבער האט געפרואווט אנדערע מיטלען, ווי פטור צו ווערן פון זיין איידים, שטערנדיק אים אין זיין לערנען. די חסידים דערציילן, אז ער פלעגט אים ניט געבן קיין ליכט אין צימער, כדי ער זאל ביינאכט ניט לערנען, אבער ר' שניאור־זלמן פלעגט ארויסגיין אויף דער גאס און האט געלערנט פאר דער שיין פון דער לבנה. בכלל איז זיין התמדה דעמאלט געווען זייער גרויס. ער פלעגט ביינאכט ארויסנעמען די בענקלעך פון זיין צימער, כדי ער זאל לערנען שטייענדיק און זאל זיך ניט קאנען אוועקזעצן און איינשלאפן. ער האט דעמאלט עוסק געווען ניט נאר אין נגלה, נאר ער האט זיך אויך שטארק פארטיפט אין דער קבלה, און האט אויך אין איר זיך פארשאפט גרויסע און טיפע קענטעניש ן. זיין דאווענען איז גע־ווען מיט גרויס התלהבות און מיט די סודות פון דעם של״ה הקדוש.

## ג.

ווען ער איז אלט געווארן צוואנציק יאר, האט ער געהערט דעם נאמען פון דעם „מעזשעריטשער מגיד״; ער האט געהערט פון זיין גרויס־

קייט אין דער קבלה און פון זיין חסידיזם. פון דער אנדערער זייט האָט ער אויך געוואוסט פון דעם ווילנער גאון און זיין גרויסקייט אין תלמוד און פוסקים. אין אים איז אַנטשטאַנען אַ מלחמה: וואוהין — ווילנע אָדער מעזשריטש? ער האָט ענדלעך געוואָלט אַרויסגיין פון זיין איינזאַמקייט און זיך פאַרשאַפן אַ גרויסן לערער, אַ גרויסן וועגווייזער. נו, זיינען געווען צוויי פאַדשיידענע גרויסע וועגווייזער: דער גרויסער גאון פון ווילנע, דער גרויסער צענטער פון מוח, פון חריפות, און דער גרויסער מגיד פון מעזשריטש — דער צענטער פון הארץ, פון געפיל, פון גרויסער עבודה און התלהבות. וואוהין? צום סוף האָט ער זיך אַנטשלאָסן צו גיין נאָך מעזשריטש. ער האָט געזאָגט: „אין נגלה האָב איך שוין פיל עוסק געווען און האָב מיך שוין פיל באַמיט. איך וועל שוין אַליין געפינען אין איר אַ וועג, אָבער דעם ריכטיקן וועג אין עבודת אלהים מוז איך ערשט זוכן, און דער וועג פירט נאָך מעזשריטש". אָבער זיין שווער, וועלכער האָט בכלל ניט געהאַלטן פון אים, האָט בשום אופן ניט געוואָלט ער זאָל פאָרן נאָך מעזשריטש און ער האָט אים ניט געגעבן אויף הוצאות הדרך. האָט ער זיך אַנטשלאָסן גיין צופוס קיין מעזשריטש. מ'האָט געמוזט האָבן זייער אַ שטאַרקן ווילן דעמאָלט גיין צופוס אין אַזאַ וויטן וועג, פון וויטעבסק קיין מעזשריטש. זיין פרוי האָט אים אונטערשטיצט, ווי די פרוי פון דעם גרויסן תנא ר' עקיבא האָט געהאָלפן איר מאַן, כדי ער זאָל גיין לערנען תורה, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט זי איבערגעלאָזט אַליין אויף אַ לאַנגער צייט. אַזוי אויך די פרוי פון ר' שניאור־זלמן. און זיי האָבן ביידע אָפּגעמאַכט ער זאָל בלייבן אין מעזשריטש אָנדערטהאַלבן יאָר און נאָכדעם קומען צוריק אַהיים.

## ד.

כמעט אַן געלט, נאָר מיט זעקס רובל אין זיין קעשענע, וואָס זיין ברודער ר' מרדכי האָט אים געגעבן, האָט זיך ר' שניאור־זלמן געלאָזט גיין אויף דעם וויטן וועג נאָך מעזשריטש. מעזשריטש האָט אויף אים געהאַט אַזאַ שטאַרקע צוציאונגס־קראַפט, אַז ער האָט ניט געקוקט אויף די זייער גרויסע שוועריקייטן אויף זיין לאַנגן וועג ביז ער וועט דערגרייכן זיין ציל. דאָס ביסל געלט האָט זיך באַלד אויסגעלאָזט. דערציילן די חסידים, אַז ער האָט פאַרדינט זיינע הוצאות הדרך דורך אַרבעט, געהאַקט האָלץ, געטראָגן וואַסער, וכדומה, און אַזוי האָט ער זיך מיט גרוים מי דערשלאָגן קיין מעזשריטש.

אָנקומענדיק קיין מעזשריטש אָרים און אָפּגעריסן, האָט ער זיך איינגעקוואַרטירט ביי אַן אַלמנה. די אַלמנה פלעגט אים געבן אומזיסט

ברויט מיט מילך, און דאָס איז געווען זיין עסן אַ גאַנצן טאָג. די לעגענדע דערציילט, אַז ער האָט דעמאָלט געהאַט נאָר איין העמד; יעדן פרייטאָג פלעגט ער עס אויסוואַשן לכבוד שבת.

טאָג און נאַכט האָט ער דאָרט עוסק געווען אין תורה און תפילה. יעדעס וואָרט פון דעם „מגיד" האָט אים געגעבן גרויסע אָנרעגונגען און פאַרטיפונג. דער „מגיד" מיט זיין „חבריא", ווי ר' לוי-יצחק בערדי־טשעווער, ר' נחום טשערנאָבילער, ר' אהרן קאַרלינער, ר' מענדל וויטעב־סקער, ר' אלימלך ליזענסקער און נאָך אַנדערע, וואָס ער האָט דאָרט גע־טראָפן — אָט די אַלע האָבן אויף דעם 20־יאָריקן יונגנמאַן געמאַכט אַ זייער שטאַרקן איינדרוק. דער „מגיד" האָט באַלד אין אים דערקענט, וואָס ער איז און וואָס עס וועט נאָך פון אים ווערן. ער האָט אים שטאַרק מקרב געווען און האָט אים געמאַכט פאַר אַ חבר פאַר זיין בן־יחיד, ר' אברהם, וועלכער איז באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט מיט דעם נאָמען „מלאך". ר' שניאור־זלמן האָט מיט אים געלערנט נגלה און ר' אברהם האָט מיט אים געלערנט נסתר. דאָס האָט געהאַט אַן אויפזען ביי דער „חבריא". די „חבריא" האָט ניט גוט פאַרשטאַנען דעם יונגנ־מאַן, ר' שניאור־זלמנען. אמת, זיי האָבן פון אים זייער שטאַרק געהאַלטן; זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז ער איז זייער פרום און אַ גרויסער תלמיד־חכם. אָבער דאָך אַ יונגערמאַן. זיי האָבן זיך מיט אים געשפּאַסט און גע־שיקט אין שליחות, און ער האָט דאָס מיט שמחה געטאָן, כּדי צו משמש זיין תלמידי חכמים. ער, ר' שניאור-זלמן, פלעגט תמיד זיין מיט זיי און צוהערן זייערע דברי תורה, אָבער זיי האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ מין תלמיד. זיי האָבן אַלע געשלאָפן אין אַ גרויסן חדר ביים „מגיד" אין הויז, און ר' שניאור־זלמנס אָרט צום שלאָפן איז געווען אויף דער ערד אונטער דעם טיש.

אַזוי זיינען אַוועקגעגאַנגען אייניקע חדשים. אין דער צייט איז ר' שניאור־זלמן געוואָרן גרעסער און גרעסער. יעדעס וואָרט פון „מגיד" איז ביי אים געווען אַ „תורת שלמה" און די התקרבות פון מגיד צו אים איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. און די „חבריא" האָט נאָך אַלץ ניט געוואוסט, וואָס עס שטעקט אין דעם יונגנמאַן. אַמאָל האָט דער „מגיד" געזאָגט „תורה" פאַר זיי און זיי זיינען נאָכדעם אַוועקגעגאַנגען און האָבן אָנגעהויבן איבערצוחזרן די תורה, ווי דער שטייגער איז גע־ווען. אָבער זיי האָבן די תורה ניט גוט פאַרשטאַנען, צוליב דער גרויסער טיפקייט. זיי זיינען געקומען צום „מגיד" און האָבן דאָס אים געזאָגט. דער מגיד האָט זיי געענטפערט: „גייט צו ר' שניאור־־זלמנען און ער וועט אייך אויפקלערן מיין תורה". זיי זיינען לכתחילה געווען פאַרוואונדערט דאָס

צו הערן, אָבער דער „מגיד'' איז דאָך דערויף באַשטאַנען זיי זאָלן גיין צו אים. זיי זיינען צו אים געקומען און האָבן עס אים געזאָגט. לכתחילה האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט ביי זיך געטראַכט: ווען זיינע חברים וועלן אַצינד געוואָר־ווערן, וואָס ער איז, וועלן זיי זיך מיט אים מער ניט שאַפן און ער וועט ניט קאָנען משמש זיין תלמידי חכמים; אָבער זיי האָבן אויף אים גוזר געווען, און ער האָט געמוזט זיי אויפקלערן יעדעס וואָרט פון מגיד. אַט אַצינד ערשט האָבן זיי פאַרשטאַנען וואָס ר' שניאור-זלמן איז. די חסידים דערציילן: אַמאָל, אינמיטן דער נאַכט, ווען אַלע תלמידים זיינען געשלאָפן, איז אַריינגעקומען דער מגיד מיט אַ ליכט אין דער האַנט און איז געגאַנגען פון תלמיד צו תלמיד און האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין. ר' מענדל וויטעבסקער, וועלכער איז נאָך ניט געשלאָפן, נאָר ער האָט זיך געמאַכט ווי ער שלאָפט, האָט געזען ווי דער מגיד האָט זיך אָנ־געבויגן הינטער דעם טיש צו ר' שניאור-זלמנען, האָט זיך שטאַרק איינ־געקוקט אין זיין פּנים אַריין און האָט געזאָגט: „אַ פּלא גדול! ווי דער גרויסער, אומענדלעכער גאָט וואוינט אין דעם קליינעם גוף''.

נאָך אָנדערהאַלבן יאָר איז ר' שניאור-זלמן, ווי ער האָט זיין פרוי צוגעזאָגט, צוריק געפאָרן אַהיים. אָבער ער איז ניט לאַנג דאָרטן געבליבן. זיין בענקשאַפט נאָך מעזשריטש איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז באַלד ווידער אַוועק אַהין. מען דערציילט, אַז אויף זיין צוריק־רייזע האָט ער באַזוכט ר' פּנחס קאָרעצער, דעם בעש''טס חבר. ר' פּנחס האָט אים שטאַרק געבעטן ער זאָל בלייבן ביי אים און ער וועט אים מגלה זיין גרויסע סודות, אָבער אים האָט געצויגן דער „מגיד'' און די „חבריא''. און אַזוי איז ער ווידער געקומען קיין מעזשריטש און איז ביים מגיד פאַר־בליבן דריי יאָר, ביז דער מגיד איז געשטאָרבן. ער האָט פון אים ניט אָפּ־געטראָטן: וואוהין דער מגיד איז געפאָרן, איז ער מיט אים מיטגעפאָרן. דאָ זעען מיר אים אין מעזריטש, אין ראָוונע און אין אַנאַפּאָלי, וואו דער מגיד איז געשטאָרבן.

## ה.

דער „מגיד'' איז געווען אַ גרויסער אָרגאַניזאַטאָר פון די חסידים. ער האָט דעם חסידיזם פריש לעבן געגעבן און עס געמאַכט צו אַ מין מיוחד, פאַר אַ באַזונדערער קראַפט אין יידנטום. דורך אים האָבן זיך די חסידים אָפּגעזונדערט מיט זייערע אייגענע רבנים, שוחטים, בתי־תפילות, און זיי האָבן אויסגעוויילט דעם ספרדישן נוסח צום דאַוונען, אַנדערש פון די אַנדערע יידן, וואָס זיי דאַוונען על-פּי רוב מיט דעם נוסח אשכּנז. אַט האָט דער „מגיד'' געוואָלט אויך אַן אייגענעם „שלחן ערוך'',

פארפאסט פון א חסיד: דעם אלטן „שלחן ערוך״, אבער ניי געגלידערט און מסודר מיט אלע דינים פון די אחרונים, „קלאר און דייטלעך גע־שריבן״. שטעלט מען זיך נאר פאר, אז פון אלע זיינע תלמידים, וואס צווישן זיי זיינען אויך געווען גרויסע גאונים, ווי למשל, ר׳ שמעלקע, דער ניקעלסבורגער רב, און זיין ברודער, ר׳ פנחס, דער רב פון פראנקפורט — פון די אלע האט דער מגיד געוואלט דעם יינגסטן תלמיד, ר׳ שניאור־זלמן, ער זאל מחבר זיין דעם „שלחן ערוך״. אין יאר תקל״א, אז ר׳ שניאור־זלמן איז אלט געווארן אינגאנצן 27 יאר, האט ער שוין א טייל פון זיין „שלחן ערוך״, איבער ציצות און פסח, געענדיקט, און צוויי יאר שפע־טער, תקל״ג, האט ער געענדיקט דעם ערשטן חלק פון זיין „שלחן ערוך״.

מיט זיין „שלחן ערוך״, וואס האט ביי זיין דערשיינען אין דרוק אין יאר תקנ״ד געמאכט א שטארקן איינדרוק אויף די גאונים פון יענער צייט, האט זיך ר׳ שניאור־זלמן פארשאפט א וויכטיקן פלאץ אין דער למדנישער וועלט, ווייל ער האט מיט דער ארבעט געוויזן זיינע גרויסע בקיאות און חריפות און זיין קלארן, לאגישן פארשטאנד.

ר׳ שניאור־זלמן, וועלכער האט, אין זיינע יונגע יארן, דערגרייכט די גרעסטע שטופע פון למדנות אין נגלה און נסתר, האט זיך ניט באַ־נוגנט מיט דעם אליין; ער איז ניט געווען נאר א „יושב אהל״, נאר גע־זעסן „על התורה ועל העבודה״, ווי ס׳רוב תלמידים פון דעם מגיד, וואס זיי זיינען אויפגעגאנגען אינגאנצן אין דעם חסידיזם און האבן ניט גע־וואוסט און האבן אויך ניט געוואלט וויסן, וואס עס גייט אן ארום זיי. ר׳ שניאור־זלמן מיט זיין שטארקן טעמפעראמענט האט אויך אנגעגריפן טיף דאס לעבן און די יידישע חסידישע וועלט. דאס האט ער אויך געוויזן, ווען די מחלוקת פון ווילנע קעגן דעם מגיד און זיינע תלמידים האט זיך שטארק צעפלאקערט. דער „חרם״ פון ווילנע קעגן די חסידים און דער פאגראם, וואס די יידן פון פינסק האבן געמאכט קעגן זייער רב, ר׳ לוי־יצחק — אט דאס אלץ האט א שרעקלעכן איינדרוק געמאכט אויף ר׳ שניאור־זלמנען, און ער האט געווארט אויף דער צייט, וואס ער וועט קענען ארויסטרעטן בגלוי קעגן די מתנגדים און וועט קאנען אויפנעמען דעם הייליקן קאמף פאר דעם חסידיזם.

אין יאר תקל״ג איז דער מגיד געשטארבן אין אנאפאלי. לעבן דעם גרויסן מת האבן זיך פארזאמלט זיינע תלמידים. צווישן זיי איז געשטאנען דער יינגסטער, ר׳ שניאור־זלמן. שטארק דערשלאגן, טיף פארזונקען אין זיינע געדאנקען, האט ער זיך אפגעזעגנט מיט זיין מייסטער. — ער האט געזען די גרויסע סכנה, וואס טרעט איצט אויף פאר דעם חסידיזם: די

שונאים מערן זיך פון טאָג צו טאָג, די שטאַרקע מלחמה איז אינמיטן דעם קאַמף. און אָט ליגט דאָ דער גרויסער העלד טויט...

די חסידים דערציילן, אַז נאָך דעם טויט פון מגיד האָבן די תלמידים געוואָרפן גורל, מיט וועלכן אבר פון דעם הייליקן גוף זאָל זיך יעדער פון זיי באַשעפטיקן ביי דער טבילה, איז געפאַלן דער קאָפּ פון דעם מגיד שניאור־זלמנען. אַלע האָבן אין דעם געזען אַ סימן, אַז ר׳ שניאור־זלמן האָט געירשנט זיין קאָפּ...

ר׳ שניאור־זלמן האָט זיך ניט געקאָנט שיידן פון דער שטאָט, וואו זיין רבי, דער מגיד, איז באַגראָבן. ער איז נאָך געבליבן אין אַנאַפּאָלי עטלעכע חדשים. אין דער צייט האָט ער און זיין חבר, ר׳ אברהם מלאך, זיך שטאַרק פאַרטיפט אין קבלה. און דער גייסט פון דעם מגיד האָט גע־שוועבט פאַר אים.

ו.

אייניקע חדשים נאָך דעם מגידס טויט האָט ר׳ שניאור־זלמן פאַר־לאָזן אַנאַפּאָלי. פאָרן צום שווער קיין וויטעבסק האָט ער ניט געוואָלט, ווייל זיין שווער האָט ניט גוט געלעבט מיט אים. ער האָט זיך באַזעצט אין מאָהילעוו און האָט אויך זיין פאַמיליע אַהין געבראַכט, און האָט דאָרט געלעבט אין גרויס דחקות.

דערווייל האָט זיך די מחלוקת קעגן די חסידים שטאַרק אַנטוויקלט. דאָס פייער פון ווילנע האָט זיך אָנגעצונדן אין אַ סך יידישע שטעט. די רוסישע חסידים, וואָס זיינען געווען נעענטער צו ווילנע אַלס אַלע אַנדערע חסידים אין אוקראַינע, האָבן זיך אַצינד, זינט דעם מגידס טויט, זייער שטאַרק געפילט אין סכנה. זיי האָבן געוואָלט, אַז ר׳ מענדל וויטעבסקער, אַן אַלטער תלמיד פונם „מגיד", וועלכער איז אויך אַ פּאָר מאָל געווען ביים בעש״ט, זאָל שטיין בראש פון די רוסישע חסידים. דאָ האָט זיך דער נייער פירער אַנטשלאָסן צו מאַכן אַן עק פון דער מחלוקת און פאָרן קיין ווילנע, זיך דורכריידן מיטן ווילנער גאון, ער האָט אָבער געוואוסט, אַז כדי זיך צו קאָנען דורכריידן מיט אַזאַ גרויסן גאון, ווי דער ווילנער, דאַרף מען זיין גוט באַהאַוונט מיט תורה און קבלה. דערפאַר האָט ער גע־ווילט זיין יונגן חבר, ר׳ שניאור־זלמן, ער זאָל מיטפאָרן מיט אים קיין ווילנע. ר׳ שניאור־זלמן האָט מיט גרויס פרייד דעם פאָרשלאָג אָנגענומען. אין אים האָט געברענט אַ פייער מנצח צו זיין די מתנגדים. זיין ליבע צום מגיד, זיין איבערגעגעבנקייט צו דעם חסידיזם און זיין טיפע קרענקונג פון דעם שמאָך און באַליידיקונג פון די מתנגדים — אָט דאָס אַלץ האָט אים ניט געלאָזט רוען. און ער איז געווען זיכער אין זיין זיג. ער איז גע־

ווען איבערצייגט, אַז דער אמת איז ביי די חסידים. זיי זיינען געקומען קיין ווילנע, אָבער דער גאון האָט זיי ניט געוואָלט זען. און ווען די באַלעבאַטים פון ווילנע האָבן אים שטאַרק געבעטן, אַז ער זאָל די צוויי פירער פון די חסידים ביי זיך אויפנעמען, האָט דער גאון פאַרלאָזן די שטאָט. אַזוי האָט ר׳ מענדל און ר׳ שניאור־זלמן פאַרלאָזן ווילנע. זיי האָבן נאָכדעם געפּרוווט זיך צו באַגעגענען מיט די פירער פון די מתנגדים אין שקלאָוו, אָבער אויך דאָרט האָבן זיך די מתנגדים אָפּגעזאָגט.

דערווייל איז דאָס לעבן פון די רוסישע חסידים שטאַרק געוואָרן פאַרפאָלגט פון די מתנגדים. דאָס בעטן און שרייבן פון ר׳ מענדל איז געווען אומזיסט. די מחלוקת האָט זיך געשטאַרקט און געשטאַרקט. האָט זיך ר׳ מענדל און מיט אים זיין חבר, ר׳ אברהם קאַליסקער און נאָך איבער דריי הונדערט חסידים באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. אין יאָר תקל״ז זיינען זיי געפאָרן קיין ארץ־ישראל און ר׳ שניאור־זלמן האָט זיי באַגלייט ביז מאָהילעוו (אויפן דניעסטער). ער האָט געוואָלט מיטפאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער ר׳ מענדל האָט אים צוריקגעשיקט, כדי ער זאָל בלייבן זיין פאַרטרעטער איבער די רוסישע חסידים, און ער זאָל אויך זאָרגן מיט געלט־זאַמלונגען פאַר די חסידים אין ארץ־ישראל. ר׳ שניאור־זלמן איז צוריקגעקומען קיין מאָהילעוו. דאָרט איז ער ניט געבליבן לאַנג וואוינען, און איז געוואָרן רב אין זיין געבורטסשטאָט ליאָזנע.

די רוסישע חסידים, וועלכע זיינען געווען צוגעבונדן צו ר׳ מענדל וויטעבסקער, זיינען אים געבליבן געטריי אויך נאָך זיין אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט עס אויך תמיד באַטאָנט אין זיינע בריוו, אַז זיי זאָלן ניט זוכן אַן אַנדער רבין; ער איז תמיד מיט זיי און דענקט תמיד וועגן זיי, און איז בכוח אויך פון דאָרט טאָן פאַר זיי פיל טובות. אָבער די גרויסע מחלוקת פון די מתנגדים, וועלכע האָט נאָך דעם אַוועקפאָרן פון ר׳ מענדל קיין ארץ־ישראל זיך ניט פאַרקלענערט און האָט פאַרסמט דאָס לעבן פון די רוסישע חסידים — אָט דאָס אַלץ האָט פאַרלאַנגט, אַז אַ גרויסער פירער, מיט פולשטענדיקער פולמאַכט, זאָל זיך שטעלן אויף דער שפּיץ פון די רוסישע חסידים. דער גרעסטער טייל פון די חסידים איז געווען פאַר ר׳ שניאור־זלמנען; אָבער עס איז געווען אַ טייל, וואָס האָט געוואָלט נעמען אַ פּוילישן צדיק, דעם „לובלינער זעער״, ער זאָל שטיין אין דער שפּיץ פון די רוסישע חסידים, ביז ר׳ מענדל פון ארץ־ישראל האָט זיך אַריינגעמישט און האָט זיי באַפוילן זיי זאָלן זיך אינגאַנצן אונטערוואַרפן ר׳ שניאור־זלמנען און זיי זאָלן זיך נאָר פאַרטרויען אים. און אַזוי איז ר׳ שניאור־זלמן געוואָרן דער ראש פון די חסידים אין רוסלאַנד און אין ליטע.

די השפעה פון ר׳ שניאור־זלמן איז געוואקסן. און זיין נאָמען אַלס גאון און מקובל האָט זיך געלאָזט הערן אומעטום. זיין לערע, וועלכע טראָגט דעם נאָמען חב״ד (חכמה, בינה, דעת: די ערשטע דריי ספירות פון די קאַבאַליסטישע צען ספירות), וואָס ער האָט געדרשנט און געשריבן, האָט זיך שטאַרק פאַרברייטערט אין ליטע און רוסלאַנד און צענדליקער טויזנטער מענטשן זיינען געוואָרן זיינע מקורבים.

## ז.

אין דעם צענטער פון דעם רביניזם, ליטע, וואו עס האָט זיך דעמאָלט זייער שטאַרק אַנטוויקלט דער תּלמודישער שאַרפזין מיט זיין פּילפּול, אָט אין דעם זעלביקן אָרט האָט זיך איינגעפּאַסט דער נייער צווייג פון דעם חסידיזם מיט זיין שאַרפזין און זיין אופן פון פּילפּול, — דער חב״ד. ר׳ שניאור־זלמן, דער גרויסער תּלמודיסט, האָט דעם גייסט פון פּילפּול און שאַרפזין פון דער תּלמודיסטיק אַריינגעטראָגן אין זיין נייער לערע חב״ד, און אים דאָרט פּאַרפלאָגצט. דער יסוד פון חב״ד איז גאַנץ אַנדערש פון דעם חסידיזם פון זיינע חברים, ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער, ר׳ נחום טשערנאָבילער און ר׳ אהרן קאַרלינער וכדומה. דער גרונטשטיין פון דעם חסידיזם פון די לעצטע איז געווען דאָס געפיל, דאָס תּמימותדיקע גלויבן, דאָס אינערלעכע עמפּינדן; ביי ר׳ שניאור־זלמנען אָבער נעמט דער שכל אַ חשובן חלק אין זיין חסידיזם. לויט אים, איז „דער שכל דער אינהאַלט פון דער נשמה"; אויך „די אמונה באַקומט איר קראַפט און שפּייז פון דעם פאַרנונפט". „די מאָראַל, וואָס איר יסוד איז דער שכל, איז גרעסער ווי די מאָראַל, וואָס ליגט אין דער מענטשלעכער נאַטור", און מידות טובות, וואָס זיינען אויפגעבויט אויפן שכל, זיינען בעסער ווי די, וועלכע זיינען ניט אויפגעבויט אויף דעם שכל". חב״ד איז די פילאָזאָפיע פון חסידיזם און דער אוקראַינישער חסידיזם איז די פּאָעזיע, די דיכטונג פון דעם חסידיזם. דער חב״ד דערציילט זייער ווייניק, כמעט גאָרניט, פון הייליקע מעשיות און לעגענדעס פון צדיקים, אָבער דער אוקראַיגישער חסידיזם איז שטאַרק רייך אין לעגענדעס און ספורי־צדיקים; דער אוקראַינישער חסידיזם, וועלכער שטיצט זיך אויף דעם געפיל, באַקעמפט דעם רביניזם מיט זיין פּילפּול; ער האַלט פון אים נאָר אַלס מיטל, אָבער ניט אַלס ציל; דער חב״ד אָבער, אין זיין גרונט, איז ראַציאָנאַליסטיש, ער אונטערשטיצט דעם רביניזם. ר׳ שניאור־זלמן זאָגט: „אין דער הלכה איז דאָס גרויסע ליכט, דאָרט איז פאַראַן די חכמה פון גאָט". ער האָט באַפוילן זיינע חסידים צו לערנען פיל גמרא, און מען זאָל אין יעדער שטאָט פאַרטיילן ש״ס צווישן די חסידים, כדי אַלע צוזאַמען

זאָלן אַלע יאָר פאַרענדיקן דעם גאַנצן ש״ס. ווען דער צדיק, ר׳ שלמה קארלינער, האָט זיך געוואָלט באַזעצן נים ווייט פון דער שטאָט פון ר׳ שניאור־זלמן און האָט ביי אים געבעטן אַן ערלויבעניש, האָט אים ר׳ שניאור־זלמן געשטעלט דעם באַדינג, אַז ער זאָל נים אַנטמוטיקן דעם לימוד פון תלמוד ביי די חסידים. אין ר׳ שניאור־זלמנען האָבן זיך פאַראייניקט דיביידע עקן: רביניזם און חסידיזם.

ווען מיר זעען אָפּטמאָל ר׳ שניאור־זלמנען אַלס ראַציאָנאַליסט, זעען מיר אים אַמאָל דורך און דורך אַלס געפילס־מענטש, הויפּטזעכלעך אין דער פראַגע וועגן ג אָ ט. ר׳ שניאור־זלמן באַטראַכט די גאַנצע וועלט מיט אירע יצירות אַלס נול און גאָרניט, אַלס שיינבאַרע סובסטאַנץ. דאָס וויכ־טיקסטע פאַר אים איז: צו געפינען דעם וועג, ווי מען זאָל אויפדעקן די געטלעכע ניצוצות אין דער שאַפונג. נים דאָס געשאַפענע, דאָס עקסיס־טירנדיקע איז ביי אים דער עיקר, נאָר דער שעפער. גאָט און זיין פאַר־העלטעניש צו דעם, וואָס פון אים איז געשאַפן, זיינע ניצוצות אין דער וועלט, אָט דאָס אַליין איז ביי אים די הויפּטזאַך און די הויפּט־פראַגע. אָט די גאָט־פראַגע איז ביי אים נים אויפגעבויט אויפן שכל, נאָר אויף דעם ג ע פ י ל. ער זאָגט: „איך זע באמת גאָט; נאַטירלעך, נים מיט מיינע ערדישע אויגן. געננוי ווי דער מענטש פילט זיין נשמה, וואָס גיט אים דאָס לעבן, כאָטש ער זעט זי נים מיט די אויגן, אַזוי פיל איך גאָט״; עס איז נים געננוג גאָטס גרויסקייט מיטן שכל אַליין צו דערפאָרשן, נאָר מען מוז עס אויך מיטן געפיל פאַקן״. מען קאָן דעפינירן דעם יסוד פון חב״ד אויף אַזאַ אופן: בעת דער אוקראַינישער חסידיזם האָט זיין יסוד נאָר אין דעם געפיל און אינערלעכער עמפינדונג — איז דער חב״ד אַ געמיש פון שכל און געפיל, אָבער דער שכל פאַרנעמט אָפּט דעם אויבנאָן.

דאָס הויפּטווערק פון ר׳ שניאור־זלמנען אין חב״דישער לערע איז דער „תניא״, אָדער „ליקוטי אמרים״, וואָס איז דערשינען אין יאָר תקנ״ז. דער חסידיזם האָט אין דעם ספר צום ערשטן מאָל באַקומען אַ לאָגיש־סיסטעמאַטישן און דורכגעטראַכטן בוך. בעת זיינע חברים אין אוקראַינע האָבן אין זייערע חסידישע דרשות תמיד געשטיצט זיך אויף דעם בעש״ט און דעם מגיד, איז ר׳ שניאור־זלמן אין „תניא״ גאַנץ זעלבשטענדיק און גייט זיין אייגענעם וועג, הגם דער אינעווייניקסטער גייסט איז דער גייסט פון בעש״ט. עס איז צו באַמערקן, אַז אין אַלע זיינע ספרים דערמאָנט ער זייער וויייניק דעם בעש״ט אָדער דעם מגיד.

אָט דער ספר „תניא״ האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער חסידישער וועלט. דער בערדיטשעווער רב איז שטאַרק נתפעל געוואָרן פון דעם ספר און האָט געזאָגט: „עס איז אַ גרויסער וואונדער אַריינצו־

ברענגען אזא גרויסן גאָט אין אזא קליינעם ספר". ר' ברוך מעזשיבאָ־זשער, דעם בעש"טס אייניקל, האָט געזאָגט: „ר' שניאור־זלמן האָט אראָפּגעבראַכט די חכמה עליונה אין זיין ספר". אָבער עס זיינען אויך געווען קעגנער צווישן זיינע אייגענע חברים, ווייל זיי האָבן אין אים ניט געזען דעם ריכטיקן חסידיזם פון דעם בעש"ט און מגיד; זיי האָבן אין אים געזען צופיל קאָפּ־שטיק, פאַרנונפט און ניט די ריכטיקע תמימותדיקע אמונה, וואָס געפינט זיך אין דעם חסידיזם פון בעש"ט און מגיד. אזוי איז אויך זיין חבר, ר' אברהם קאַליסקער אין א"י, און אנדערע.

ר' שניאור־זלמן האָט געמאַכט זיין חסידישע לערע, חב"ד, פאַר א דיסציפּלין, און ער האָט באַפוילן זיינע חסידים זי צו לערנען, פּונקט ווי די מתנגדים האָבן פאַרלאַנגט צו לערנען דעם תלמוד און פּילפּול; ער פאָדערט פאַרטיפונג אין דעם חב"ד און תמיד דענקען אין אים. פאַר אים איז דער צדיק ניט קיין „איש מופת", ווי ביי דעם אוקראַאינער חסידיזם, נאָר א לערער, וועלכער פאַרשפּרייט די געטלעכע אידעען צווישן די חסידים.

## ח.

דער ספר „תניא" פון ר' שניאור־זלמן האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם צאָרן פון די מתנגדים. זיי האָבן אין אים געזען א שטאַרקע שטיצע פאַרן חסידיזם. זייער האַס האָט זיך פון איצט אָן געווענדט קעגן דער פּערזאָן פון ר' שניאור־זלמן גופא.

דערווייל איז דער הויפּט־קעגנער פון דעם חסידיזם, דער גייסטיקער פירער פון די מתנגדים, דער ווילנער גאון, געשטאָרבן (י"ט תשרי, תקנ"ח). זיין טויט האָט אַרויסגערופן א גרויסע פרייד ביי די חסידים. ר' שניאור־זלמן איז אָבער שטאַרק אַרויסגעטראָטן קעגן דעם און האָט צו די חסידים געשריבן א בריוו און האָט זיי שטאַרק אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלן זיך ניט פרייען אויפן טויט פון אזא גרויסן מענטשן, ווי דער ווילנער גאון, וואָס „נאָך אים איז ניט געבליבן זיין גלייכן ביי די יידן". די מתנגדים האָבן געזען אין דער פרייד פון די חסידים א סימן פון דער אויפמונטערונג פון דעם חסידיזם, און זייער שנאה האָט זיך דורך דעם נאָך מער געשטאַרקט, און האָבן געטראַכט, ווי מען זאָל אָנווענדן אנדערע מיטלען אום אויסצו־ראָטן דעם חסידיזם.

ביים לעבן פון דעם ווילנער גאון, הגם די מחלוקת און די שנאה קעגן דעם חסידיזם איז געווען זייער שטאַרק, איז עס דאָך געווען מער אן אינערלעכע זאַך. מען האָט עס ניט אַרויסגעטראָגן אויסערן יידנטום, אָבער נאָך זיין טויט האָבן די פירער פון די מתנגדים אָנגענומען שאַרפערע מיטלען קעגן דעם חסידיזם, — מסרן פאַר דער ממשלה. זיי

האָבן געזען, אַז זייערע אייגענע מיטלען, — חרם און מחלוקת, — העלפן ניט, און דער חסידיזם שטאַרקט זיך און פאַרברייטערט זיך, האָבן זיי גע-גלויבט, אַז ווען די ממשלה וועט זיך אַריינמישן, וועט די גאַנצע באַוועגונג חרוב ווערן גאַנץ שנעל.

די מתנגדים האָבן אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט פון פינף אָנגעזעענע מענטשן, אַז זיי זאָלן אָרגאַניזירן דעם נייעם קריג קעגן די חסידים. און די קהלשע קאַסע האָט געגעבן דאָס נייטיקע געלט.

דער ערשטער גרויסער קרבן איז געווען ר׳ שניאור־זלמן אַליין. מען האָט געמסרט פאַר דער ממשלה, אַז ער איז פּאָליטיש מסוכּן פאַר דער רוסישער רעגירונג: מיט זיינע געלט-זאַמלונגען פאַר ארץ־ישראל שטיצט ער די טערקישע רעגירונג קעגן רוסלאַנד. זיי האָבן אים געשילדערט פאַר אַ כּופר ביהדות אאז״וו; דער גובערנאַטאָר פון ווייסרוסלאַנד האָט ר׳ שניאור-זלמנען אַרעסטירט, אין תשרי, תקנ״ט, און מען האָט אים גע-בראַכט קיין פּעטערבורג און אַריינגעזעצט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. זיין געפאַנגענשאַפט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן רעש אין דער חסידישער וועלט, און מען האָט אין אַ קורצער צייט געזאַמלט 60 טויזנט רובל אויף „פּדיון שבויים״ און מען איז מיט די געלט אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג. די אָכראַנע האָט געשטעלט ר׳ שניאור־זלמנען פאַרשיידענע פראַגן, און ער האָט זיי געענטפערט אין העברעאישע אויפשריפטן. די רעגירונג האָט איינגעזען, אַז ער איז ריין פון די בילבולים און האָט אים י״ט כּסלוו, תקנ״ט, באַפרייט. ער האָט נאָכדעם דערציילט, אַז ער איז באַפרייט געוואָרן אין דער מינוט, ווען ער איז געזעסן און געזאָגט תהילים. און פּונקט דאַן, ווען ער האָט געזאָגט דעם פּסוק „פּדה בשלום נפשי״, האָט זיך געעפנט די טיר פון זיין תּפיסה און מען האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה פון זיין באַפריאונג. דער דאָזיקער טאָג (י״ט כּסלוו) איז ביי די חב״דניקעס געוואָרן אַ יום־טוב, אַ סימבּאָלישער טאָג פון ניצחון פאַרן חסידיזם בכלל און פאַר חב״ד בפרט, און די חב״דניקעס פייערן אים ביז אויף היינטיקן טאָג.

די חסידים דערציילן, אַז בעת ר׳ שניאור־זלמן איז אַרויס פון פעסטונג, האָט ער געבעטן דעם זשאַנדאַר, וואָס האָט אים באַגלייט, אַז ער זאָל אים ברענגען אין דעם ערשטן יידישן הויז. על-פּי מקרה איז דאָס ערשטע יידישע הויז געווען פון ר׳ פּ ר ץ, דער איידעם פון דעם באַוואוסטן גאון ר׳ י ה ו ש ע צ י י ט ל י ן, דער פריינט פון דעם ווילנער גאון. ר׳ פּרץ האָט געהאַסט די חסידים בכלל און ר׳ שניאור־זלמנען בפרט. אַז ר׳ פּרץ האָט זיך דערוואוסט, ווער עס איז ביי אים אין שטוב, האָט ער געהייסן מאַכן דעם סאַמאָוואַר און ער אַליין האָט פאַרבריט טיי, און בשעת מעשׂה

האט ער אנגעהויבן צו ריידן מיט ר' שניאור־זלמנען מיט א רוגזדיקן קול: „איר מיינט, אז איר זייט שוין ניצול געווארן? איר האט א טעות, איר זיי נאך ניט פריי. אצינד זייט איר ביי מיר אין האנט, און איך וועל אייך פון דאנען ניט אוועקלאזן ביז איר וועט אונטערשרייבן מיט אייער האנט א פאפיר, אז איר זאגט אייך אפ פון אייער נייער תורה און פון אייערע מנהגים". ר' שניאור־זלמן איז געזעסן גאנץ טרויעריק און האט דאס צו־געהערט. ער האט זיך געפילט ווי ער זיצט אין א נייער, פיל ערגערער תפיסה. די חסידים אין פעטערבורג, וואס האבן שוין געוואוסט פון זיין באפרייאונג, זיינען געווען שטארק באזארגט, וואס ער איז נאך ניט גע־קומען צו זיי, זיי האבן אים אומעטום געזוכט און האבן אים צו זייער גרויס פארוואונדערונג, געפונען ביי ר' פרצן.

ווי עס איז באקאנט האט זיך ר' פרץ נאכדעם געשמדט. די חסידים זאגן, אז דאס איז געווען א שטראף פאר זיין שנאה צו ר' שניאור־זלמנען.

קומענדיק אהיים, האט ר' שניאור־זלמן געשריבן צוויי בריוו צו זיינע פריינד. איינעם צו זיין חבר, דעם בערדיטשעווער רב, און איינעם צו ר' ברוך מעזשיבאזשער. אין די בריוו דאנקט ער גאט פאר דער באפרייאונג. ער שרייבט מיט גרוים באשיידנקייט: „ווער בין איך, דער נידעריקער פון אלע מענטשן, וואס גאט האט מיר אזא גרויסע זכיה געשענקט, אז זיין הייליקער נאמען זאל דורך מיר גרוים ווערן צווישן די אומות העולם?"

און ווייל ער האט געוואוסט, אז דורך זיין תפיסה וועט זיך די שנאה פון די חסידים צו די מתנגדים פארשטארקן, האט ער געשריבן צו זיינע חסידים, אז זיי זאלן אפלאזן פון שנאה און זיי זאלן זיך מתקרב זיין צו די מתנגדים.

## ט.

די באפרייאונג פון ר' שניאור־זלמנען האט די מחלוקת ניט געמאכט שוואכער. די מתנגדים האבן נאך זייער כלי־זיין ניט אוועקגעלייגט און האבן מיט גרוים ענערגיע געפירט די מלחמה קעגן דעם חסידיזם בכלל און קעגן ר' שניאור־זלמנען בפרט. אצינד האט אנגעפירט מיטן קריג דער פינסקער רב ר' אביגדור. ער האט די גאנצע פירונג פון מסירות און מלשינות קעגן די חסידים גענומען אין זיינע הענט און מיט דער אונ־טערשטיצונג פון ווילנע האט ער פארפאסט א ספר קעגן דעם חסידיזם, און אויך קעגן ר' שניאור־זלמנען, וואס ער האט אים פארגעשטעלט אלס כופר בעיקר און מורד במלכות. מיט דעם ספר איז ער געפארן קיין פע־טערבורג און האט אים איבערגעגעבן דעם קיסר פאוול. דער קיסר האט געגעבן א באפעל, מען זאל נאכפארשן אויב די מסירות פון ר' אביגדור

זיינען אמת. די גובערנאַטאָרן האָבן געענטפערט מיט גוטן פאַרן חסידיזם און פאַר ר' שניאור־זלמנען, אָבער ר' אביגדור האָט דעם קאָפּ ניט פאַרלאָרן און האָט געבעטן מען זאָל ר' שניאור־זלמנען ברענגען קיין פּעטערבורג און ער וועט זיך מיט אים דאָרט מתווכח זיין אין דער געגנוואַרט פון די שרי־המלכות. ד' כסלו תקס"א האָט מען ר' שניאור־זלמנען ווידער געפאַנגען. ווי ער שרייבט: „מען האָט מיך אוועקגעפירט פון מיין הויז מיט אַ שטאַרקער באַוואַכונג, ווי דעם שווערסטן פאַרברעכער". צוויי קורירן פון סענאַט האָבן אים געבראַכט קיין פּעטערבורג און פעסט געהאַלטן אין געהיימען ארעסט. ווי שרעקלעך איז געווען די איבער־ראַשונג פון ר' שניאור־זלמנען, אַז ער האָט דאָרט געטראָפן ר' אביגדורן, וועלכער האָט פאַרלאַנגט, אַז ר' שניאור־זלמן זאָל ענטפערן אויף זיינע פראַגעס, וואָס ער וועט אים שטעלן. אָבער שוין ביים אָנהייב האָט געמוזט דער וויכוח איבערגעריסן ווערן. ווייל די שרי־המלוכה, וואָס זיינען דערביי געווען, האָבן קיין יידיש ניט פאַרשטאַנען. עס איז געבליבן, אַז דער וויכוח זאָל אויפגעשריבן ווערן אין העברעאיש. ר' שניאור־זלמן האָט אויפגעשריבן זיינע תשובות אויף די אַלע 19 בילבולים פון ר' אביגדורן און האָט נאָך דערצו געשריבן אַ בריוו צו דעם קיסר. אין דעם בריוו האָט ער באַוויזן, אויפן גרונד פון פסוקים, ווי שטאַרק עס איז אין דעם יידנטום די ליבע צו דער ממשלה. דער בריוו האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דעם קיסר און ער האָט געהייסן מען זאָל לעת־עתה באַפרייען ר' שניאור־זלמנען, אָבער ער זאָל בלייבן אין פּעטערבורג אונטער דער אויפזיכט פון דער אָכראַנע ביז דער סענאַט וועט זיין משפט אויפקלערן. דאָ איז ר' שניאור־זלמן, נאָך צוויי וואָכן ארעסט, ווידער געוואָרן פריי, און האָט געוואַרט אין פּעטערבורג אויף דער גאַנצער באַפרייאונג. ר' אביגדור האָט נאָך זיין קריג ניט אויפגעגעבן און האָט ווידער געפּרוווט מסרן ר' שניאור־זלמנען אַלס כופר־בעיקר און מורד במלכות. אינצווישן איז דער קיסר פּאַוול געשטאָרבן (11 מערץ 1801) און צוויי וואָכן שפּעטער איז ר' שניאור־זלמן גאַנץ פריי געוואָרן דורך דעם נייעם קיסר אַלעק־סאַנדער דער ערשטער און ר' שניאור־זלמן האָט געקאָנט פאָרן אהיים.

י.

ר' שניאור־זלמן איז געקומען צוריק קיין ליאָזנע, און אין אַ קורצער צייט האָט ער מיט זיין פאַמיליע פאַרלאָזן זיין געבורטסשטאָט. ער האָט זיך דאָרט תמיד ניט גוט געפילט. פיל קעגנער האָט ער דאָרט געהאַט. „אין נביא בעירו". נאָר די שטענדיקע רדיפות פון די מתנגדים און דער קאַמף פאַר דעם חסידיזם האָט אים ניט געגעבן קיין פרייע צייט זיך אומצוקוקן

אויף זיך אליין. אצינד, נאָך זיין צווייטן ניצחון איבער די מתנגדים, האָט ער באשלאָסן זיך צו באזעצן אין אן אנדער שטאָט, וואו ער וועט קאָנען פארענדיקן זיינע גרויסע ווערק. ער איז געווען רב אין ליאדי (מאָהילעווער גובערניע). מיט דער שטאָט איז אויך זיין נאָמען געוואָרן פארקניפט און מען רופט אים סתם „דער ליאדיער רב״. די שטאָט איז געבליבן אין דער געשיכטע פון דעם חסידיזם, אזוי ווי די שטאָט מעזשיבאָזש און די שטאָט מעזשריטש. דאָס זיינען די דריי „הייליקע שטעט״, דריי צענטערס פאר דעם חסידיזם.

דער חסידיזם בכלל און דער חב״ד בפרט האָט דורך די ליידן און פארפאָלגונגען פון ר׳ שניאור־זלמן באקומען א גרויסע שטארקונג. דער ערשטער מארטירער פון חסידיזם, ר׳ שניאור־זלמן, זיין גרויסע פערזענלעכקייט און זיין גרויסן וויסן, האָט ענדלעך אָנגעהויבן צו ווירקן אויך אויף די מתנגדים. ר׳ שניאור־זלמן, דורך זיין גרויסער באשיידנקייט און רדיפות אחר השלום, האָט אויך פון זיין זייט פיל געטאָן, כדי מקרב צו זיין די חסידים מיט די מתנגדים. קומענדיק פון פעטערבורג, האָט ער באזוכט די גרויסע רבנים־מתנגדים און זיי האָבן אים מקבל־פנים געווען מיט גרוים כבוד. און דאָ האָט אָנגעהויבן דער שטארקער פלאַם פון שנאה ביסלעכווייז אויסצולעשן זיך.

אצינד האָט ר׳ שניאור־זלמן געקאָנט זיך מער אָפּגעבן מיט זיין הויז, מיט זיין תורה, מיט זיינע ספרים.

## יא.

די גרויסקייט פון ר׳ שניאור־זלמנען האָט זיך געשטארקט. שוין זיין אויסזען האָט געמאכט א שטארקן איינדרוק אויף יעדן מענטשן. זיין גרויסער געקנייטשטער שטערן, זיין פיין געזיכט, זיינע שיינע אויגן מיט זייער שטארקן, ארייננדרינגענדיקן בליק, האָבן דערוועקט ליבע און רעספעקט צו אים. ער האָט מיט זיין אויסזען געמאכט א טיפן איינדרוק אויך אויף די שרי מלוכה אין פעטערבורג. ווען ער איז געווען אין תקנ״ט אין פעטערבורג וועגן זיין משפט, האָט ער אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון א רוסישן מאלער. דער מאלער האָט זיך שטארק באמיט, און עס איז אים געלונגען אים צו מאָלן. דאָס בילד, וואָס איז אצינד יעדן באקאנט, האָט אָפּגעקויפט א גראף. ער האָט דעם מאלער באצאָלט 800 רובל און האָט עס אויפגעהאנגען אין זיין בילדער־גאלעריע.

ניט נאָר מיט זיין אויסזען האָט ער צוגעצויגן די מענטשן, וואָס האָבן אים געזען; ער האָט זיך געקויפט ליבע און כבוד דורך זיין חשובן, רויקן באנעמען זיך. און אומעטום איז ער געווען געשעצט און געערט.

ער האָט דערצויגן זיינע קינדער ווי זיינע חסידים — אין באַשיידנקייט און איינפאַכקייט. ער איז געווען קעגן מותרות, קעגן לוקסוס, ווי אין הויזלעבן לעבן, אזוי אין דער קליידונג. ער האָט געזאָגט: בעסער זאָל מען דאָס מותרות, וואָס מען גיט אויס אויף קליידער וכדומה, אָפּגעבן אויף צדקה. אמאָל, דערציילן די חסידים, האָט זיין איינִיקל, ר׳ מענדל, אָנגעטאָן א גארטל, וואָס האָט געקאָסט 15 רובל. ער פלעגט אָבער מורא האָבן זיך צו באַווייזן פאַר דעם זיידן מיט דעם זיידענעם גוטן גארטל. אמאָל האָט ער אָבער פארגעסן און איז מיט דעם גארטל אריינגעגאַנגען צו ר׳ שניאור-זלמנען. ר׳ שניאור־זלמן האָט באַמערקט דעם גארטל און איז געוואָרן שטאַרק ברוגז, אַז ער איז געוואָר־געוואָרן וויפל ער קאָסט. ער האָט אים ברוגז געפרעגט: „ביסטו דען א נגיד, אַז דו גיסט אויס אזוי פיל געלט פאַר א גארטל? וויפל נדן האָסטו דען?״ ר׳ מענדל האָט אים געענטפערט: „צוויי טויזנט רובל״. „וואָס מאַכסטו מיט דעם געלט?״— האָט ער אים ווידער געפרעגט. „איך וויל זיי אָפּגעבן א נגיד א סוחר און איך וועל פון דעם עטוואָס פאַרדינען״, האָט ר׳ מענדל געענטפערט. „אפשר וועט ער דיר לסוף ניט קאָנען באַצאָלן ניט דעם קרן און ניט דעם ריווח? איך וועל דיר אַן עצה געבן, וואָס דו זאָלסט טאָן מיט דעם געלט: גיב דאָס געלט אַוועק אָט אין דער צדקה־פושקע אויף מיין טיש. דו וועסט דאַן באַשטימט באַקומען קרן מיט ריווח״, האָט ר׳ שניאור-זלמן אים געזאָגט. ר׳ מענדל האָט באַמערקט, אַז ער מיינט גאַנץ ערנסט, האָט ער זיך ארויסגעדרייט פון צימער און האָט ענדלעך זיין געלט אַוועקגעגעבן אויף א הלוואה. אין א צייט ארום איז דער נגיד געוואָרן א יורד און ר׳ מענדל האָט פאַרלאָרן זיין גאַנץ געלט. ר׳ שניאור־זלמן האָט זיך דערוואוסט און האָט געזאָגט צו ר׳ מענדלען: „זעסטו, וואָלסטו מיך געפאָלגט, וואָלסטו אַצינד געהאַט קרן מיט ריווח״.

ר׳ שניאור־זלמן האָט שטאַרק מיטליִד געהאַט מיט די אָרימע און האָט זיי תמיד אונטערשטיצט. ער האָט זיי תמיד מקבל־פנים געווען מיט כבוד און ליבע. ווען עס זיינען צו אים געקומען רייכע און אָרימע חסידים, פלעגט ער די אָרימע פריער מקבל־פנים זיין און לאַנג זיי אויסגעהערט. אַז עס איז דעמאָלט ארויס די גזירה צו פאַרטרייבן די יידן פון די דערפער און א סך פון זיי האָבן זיך געוואָלגערט אין די גאַסן פון די יידישע שטעט, איז ער ארומגעפאָרן אין פאַרשיידענע ערטער, כּדי צו זאַמלען געלט פאַר די אומגליקלעכע. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס ר׳ ברוך מעזשיבאָזשער, זיין געוועזענער פריינד, איז אויפגעטראָטן קעגן אים, ווייל ר׳ ברוך האָט ניט געוואָלט ליידן, וואָס ר׳ שניאור־זלמן איז אויך אריינגעפאָרן אין זיין גליל צו זאַמלען געלט פאַר די אומגליקלעכע. דאָס האָט

געפירט צו אַ שטאַרקן וויכּוח צווישן זיי ביידע. אין דעם וויכּוח האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן די גרויסקייט פון ר׳ שניאור־זלמנען, זיין גרויסע נשמה און זיין גרויסער פאַרשטאַנד.

שטאַרקן אויפזען פלעגט ער מאַכן מיט זיין דאַווענען, וואָס איז געווען מיט גרויס התלהבות און דביקות. מען פלעגט ממש אויסגיין פון חיות צו הערן זיין שטימע און זיינע ניגונים בשעת ער האָט מתפלל געווען. נאָך ביז אויף דעם היינטיקן טאָג איז באַקאַנט דעם „רבּס ניגון״, און ער ווערט זייער אָפט געזונגען פון די חב״דניקעס און באַנוצט ביים דאַווענען אָדער אַזוי ביי אַ צוזאַמענזיין, און דער ניגון איז איצט געוואָרן אַן אמתער פאָלקס־ניגון.

## יב.

אַלץ, וואָס ר׳ שניאור־זלמן האָט געטאָן, איז געווען מיט גרויס חשק און התלהבות. זיין אַרויסטרעטן פאַר ארץ־ישראל און די גרויסע אונטערשטיצונג פאַר די חסידים אין ארץ־ישראל, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט, איז געווען מיט גרויס פרייד און איבערגעגעבנקייט. אָבער אויך אין דער גרויסער טאַט פאַר ארץ־ישראל איז אַריינגעטראָגן געוואָרן קנאה און שנאה און דווקא מצד זיין חבר, ר׳ אברהם קאַליסקער, וועלכער איז געוואָרן דער ראש פון די חסידים אין ארץ־ישראל נאָך דעם טויט פון ר׳ מענדל וויטעבסקער. ר׳ אברהם קאַליסקער האָט געהאַט אַ שטאַרקע אָפּנייגונג צו די גרונט־אידעען פון דעם חב״ד. ער איז געווען קעגן דער גאַנצער השפּעה פון ר׳ שניאור־זלמנען איבער אמונה אאז״וו. ער איז געווען מער נוטה צו דעם איינפאַכן תּמימותדיקן חסידיזם אין אוקראַינע. ער האָט געטענהט, אַז ר׳ שניאור־זלמן גייט נישט אין דעם וועג, וואָס דער „מגיד״ איז געגאַנגען, און האָט אים אפילו אָנגעקלאָגט ביי זייער חבר, דעם בערדיטשעווער רב. אָבער דער לעצטער האָט זיך שטאַרק אָנגענומען פאַר ר׳ שניאור־זלמנען און האָט אָפּגעשלאָגן די טענות פון ר׳ אברהם. אָבער ר׳ אברהם קאַליסקער האָט זיך מיט דעם ניט באַרויִקט און האָט ווייטער אָנגעגריפן ר׳ שניאור־זלמנען וועגן די געלטער פון ארץ־ישראל. ער האָט געוואָלט אַראָפּזעצן ר׳ שניאור־זלמנען פון זיין ארץ־ישראל־גבאות. ער האָט געוואָלט זיך פון אים באַפרייען, און האָט אים אפילו חושד געווען, אַז ער פאַרטיילט ניט ריכטיק די ארץ־ישראל־געלטער. עס איז אַנטשטאַנען אַ שענדלעכע מחלוקת צווישן די חסידים. אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן די גערעכטיקייט פון ר׳ שניאור־זלמנען און ער איז געבליבן דער גבאי הכּולל פון די ארץ־ישראל־פּושקעס אין ליטע. די מחלוקת האָט אָבער ניט געווירקט אויף ר׳ שניאור־זלמנען: ער האָט, ווי פריער, מיט גרויס

התלהבות געווירקט פאַר ארץ־ישראל, ווייל זיין ליבע צו ארץ־ישראל איז געווען זייער שטאַרק, ווי ער האָט זיך אין „תניא״ אויסגעדריקט, אַז די ליבע פאַר ארץ־ישראל „דאַרף ברענען טיף אין הארצן ווי ברענענדיקע קוילן״.

## יג.

זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערן אומעטום און די צאָל פון זיינע חסידים האָט זיך פאַרגרעסערט. פון אַלע עקן איז מען צו אים געפאָרן הערן זיין תורה און זיינע עצות אין עבודת אלהים. אָבער ר׳ שניאור־זלמן, וואָס איז געווען שטאַרק פארטיפט אין זיינע ספרים, האָט געבעטן זיינע חסידים, זיי זאָלן אים ניט שטערן אין זיין אַרבעט און זיי זאָלן ניט צו אָפט צו אים קומען. באַזונדערס האָט ער זיך געערגערט, ווען זיינע חסידים האָבן אים פאַרוואָרפן מיט שאלות און בקשות אין גשמיות. ער האָט זיי געזאָגט: „איך פאַרשטיי גאָרניט אין עניני גשמיות. עס איז דאָך בעסער זיך צו ווענדן צו גאָט, וועלכער איז אַן אב הרחמן און העלפט יעדן, וואָס ווענדט זיך צו אים מיט הכנעה און תשובה״.

ער האָט זיינע חסידים געגעבן אַ שטרענגע דערציאונג. ער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך ניט יאָגן נאָך עשירות; זיי זאָלן זיך באַנוגענען מיט ווייניק.

אייניקע פון זיינע חסידים זיינען געווען שטאַרק נאָענט צו אים און ער האָט זיי שטאַרק מקרב געווען און האָט מיט זיי פיל געלערנט און זיי מגלה געווען די סודות התורה — ווי ר׳ אהרן שטראַשעליער, ר׳ יצחק־אייזיק עפשטיין פון האָמעל, ר׳ נחמיה דובראָוונער, ר׳ שלמה פריידים פון שקלאָוו און נאָך אַנדערע. זיי זיינען נאָך זיין טויט געוואָרן גרויסע מפורסמים און אָנגעזען ביי די חב״דניקעס. זייערע ספרים אין דעם חב״ד האָבן זייער פיל ביינעטראָגן צו דער פאַרברייטונג און פאַרטיפונג פון דער לערע פון דעם חב״ד.

## יד.

צען יאָר איז ר׳ שניאור־זלמן געזעסן אין ליאַדי, שטאַרק באַשעפטיקט מיט תורה און עבודה. זיין שטעלונג אין דער חסידישער וועלט איז געוואָרן זייער אָנגעזען, זיין חסידיזם, חב״ד, איז געוואָרן זייער אָנגעזען און האָט אָנגענומען אַ וויכטיקע שטעלונג צווישן די אַנדערע צווייגן פונם חסידיזם; אַלע זיינע שונאים פון דרויסן און אינעווייניק האָט ער מנצח געווען און זיין נאָמען, „דער רב״, איז געוואָרן גרויס אומעטום. דאָ איז געקומען דער גרויסער קריג פון נאַפּאָלעאָן קעגן רוסלאַנד אין יאָר תקע״ב

(1812) און האָט פאַרביטערט דאָס לעבן פון דעם „רב" און האָט גע־מאַכט אַ סוף צו זיין אינהאַלטסרייכן לעבן.

דער רוב פון די צדיקים אין יענער צייט האָבן געהאַלטן מיט נאַ־פּאָלעאָנען, וועלכער האָט פאַרזיכערט די פרייהייט די אונטערדריקטע פעלקער און אויך די יידן. דער צדיק, ר' מענדל רימאַניוועד, האָט אפילו אָנגעזאָגט זיינע חסידים, אַז זיי זאָלן ראש־השנה בעטן גאָט, אַז נאַפּאָלעאָן זאָל מנצח זיין. נאָר זייער ווייניק צדיקים זיינען געווען פאַר רוסלאַנד, צווישן זיי אויך ר' שניאור־זלמן. מיט זיין התלהבות האָט ער זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט דער פראַגע: נאַפּאָלעאָן אָדער אַלעקסאַנדער דער ער־שטער? ער שרייבט אין אַ בריוו: „אמת, ווען נאַפּאָלעאָן וועט מנצח זיין, וועלן די יידן נתעשר ווערן, און זייער מצב בכלל וועט ווערן בעסער, אָבער זיי וועלן זיך דערווייטערן פון גאָט. להיפּוך, ווען אַלעקסאַנדער וועט זיגן, הגם עס וועט זיך דאַן פאַרגרעסערן די יידישע אָרימקייט און זייער מצב וועט ווערן ערגער, אָבער זיי וועלן זיך מער באַהעפטן מיט גאָט און וועלן זיך מיט אים פאַראייניקן". שוין די פערזאָן אַלעקסאַנדער איז ביי אים חשובער געווען ווי נאַפּאָלעאָן, ווייל ער האָט באַטראַכט נאַפּאָלעאָנען פאַר אַ בעל-גאווהניק, וועלכער האַלט פון זיך, אַז ער איז גרעסער פון אַלע מענטשן, און איז אַ כופר אין גאָט און פאַרלאָזט זיך נאָר אויף זיין קראַפט. גאַנץ להיפך איז געווען ביי אים אַלעקסאַנדער דער ערשטער, „וועלכער גלויבט אין גאָט, און ווייס, אַז נאָר גאָט פירט די וועלט, און אים געהערט עצה און גבורה, און דעם מענטשנס שכל אָן גאָט איז גאָרניט". ר' שניאור־זלמן האָט ניט אויפגעגעבן זיין האָפענונג, אַז ווען גאָט וועט דעם קיסר אויסלייזן פון זיינע שונאים, וועט ער מאָן גוטס מיט די יידן און וועט זיי געבן פרייהייט. ער האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פון קיסר אַלעקסאַנדער, אַז ער האָט געזאָגט: „דאָס יידנטום קאָן האָבן אַ חיזוק נאָר אין דער ממשלה פון קיסר אַלעקסאַנדער. ווייל דער קיסר גלויבט אין אחדות ד' און וויל, אַז זיינע אונטערטאַנען זאָלן דינען גאָט באמת, און וויל, אַז יידן זאָלן זיין פרום".

דאָס חייל פון נאַפּאָלעאָנען האָט זיך דערנענטערט צו באָריסאָוו. ר' שניאור־זלמן האָט מורא געהאַט, אַז דער שונא וועט קומען אויך קיין ליאַדי. האָט ער גענומען זיין גאַנצע פאַמיליע, 28 מענטשן, און האָט פאַרלאָזן ליאַדי אין צוויי וואָגנס, און האָט געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט, ער איז אפילו איין מאָל געפאָרן די גאַנצע נאַכט פון שבת; אָן ערך פון צוועלף הונדערט וויאָרסט האָט ער געוואַנדערט ביז ער איז געקומען (ט"ו כסלו תקע"ג) אין דאָרף פּייאַני, קורסקער גובערניע. די גאַנצע צייט פון זיין וואַנדערונג האָט ער נאָכגעפאָרשט וועגן

דעם צושטאַנד פון דער מלחמה, און וואָס ער האָט געהערט איבער דעם פיינד און זיין חייל, האָט ער עס ווייטער איבערגעגעבן דער ממשלה.

די עטלעכע חדשים פון ר׳ שניאור־זלמנס וואַנדערונג האָט ער און זיין פאַמיליע זיך גענערט נאָר פון ברויט און וואסער, דערצו דער טילטול הדרך און די מורא פאַר דעם שונא און די גרויסע קעלטן, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אין דער געגנט — דאָס אַלץ האָט שטאַרק געווירקט אויף זיין געזונט — ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן די כוחות און איז שטאַרק קראַנק געוואָרן.

פון מיטן וועג האָט ער זיין עלטערן זון, ר׳ דוב־בער, געשיקט נאָך קרעמענטשוג, כדי דאָרט צוצוגרייטן אַ וואוינונג פאַר אים, ווייל ער האָט געהאַט בדעה דאָרט זיך צו באַזעצן. אָבער ער איז אהין ניט אָנגעקומען — די קראַנקהייט האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.

צוויי טעג פאַר זיין טויט האָט ער געפרעגט זיין אייניקל, ר׳ מענדלען: „זעסטו די סטעליע?״ ר׳ מענדל האָט זיך געוואונדערט אויף דער פראַגע און האָט געשוויגן. ר׳ שניאור־זלמן האָט אים דערויף געזאָגט: „איך זע איצט גאָרניט מער, איך זע נאָר די רוחניות און דעם חיות פון גאָט, וואָס איז באַהאַלטן אין יעדער זאַך, די געטלעכע קראַפט, וואָס שאַפט און באַלעבט אַלץ אויף דער וועלט״. פאַר זיין טויט, מוצאי שבת, האָט ער מתפלל געווען מעריב און געמאַכט הבדלה מיט גרויס דביקות. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צו זיינע קינדער, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן זיין בעט, און האָט צו זיי געזאָגט: „מיינע קינדער, נאָך אַ ווײַלע און איך וועל אַוועקגיין אין אַ וועג, וואָס איך וועל מער פון דאָרט ניט צוריקקערן. איר, וואָס פאַרבלייבט דאָ, זאָלט אייך ניט דענקען: מיר קאָנען אַלץ טאָן און אונז וועט דאָך גוט זיין, ווייל אונזער פאָטער וועט אויף אונז מגין זיין אין הימל. ניין, מיינע קינדער, איר זאָלט אייך ניט טרייסטן מיט אַזעלכע פאַלשע האָפענונגען, איר זאָלט וויסן, אַז די מתים ווייסן גאָרניט, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט, און די געטלעכע נשמה, וועלכע בענקט תמיד אויפצושטייגן אין הימל, איז באַלד נאָך איר שיידונג פון גוף פול־שטענדיק אָפּגעריסן פון דער גשמיותדיקער וועלט, כדי זיך צו באַהעפטן מיט איר שורש, מיט גאָט. לכן, מיינע קינדער, שטאַרקט אייך און זאָרגט אַליין פאַר אייער נשמה. גייט אין גאָטס וועג — אין וועג פון תורה און מעשים טובים. דאַן וועט אייך גאָט שטיצן״. נאָכדעם האָט ער געבעטן פאַפיר און טינט און האָט אויפגעשריבן אַ תורה, פול מיט סודות. באַלד נאָכדעם איז ער געשטאָרבן, מוצאי שבת, פרשה שמות, כ״ד טבת תקע״ג. ער איז אַלט געווען 66 יאָר.



צורת מרן ר׳ שניאור זלמן מלאדי זצ״ל
(כ״ד טבת תקע״ג)

זיין פאמיליע האט אים געבראכט אין דער שטאט האדיאטש, ביי פאלטאווע, 80 וויארסט פון דארף פיאני.

אויף זיין קבר האט מען אויפגעבויט א גרויסן אוהל, וואוהין עס פארן אלט און יונג, מענער און פרויען, און מען איז מתפלל ער זאל מגין זיין אויף יידן.

## די קינדער פון בעל-שם-טוב און זיינע איי־ניקלעך.

### א.

דער בעש״ט איז איר יאָר תק״כ געשטאָרבן, אָדער ווי די חסידים דריקן זיך אוים: ער איז נסתלק געוואָרן. ווייל שטאַרבן שטאַרבט נאָר אַ מענטש, אָבער ניט אַן איבערמענטש, ווי דער בעש״ט. דער גרויסער צדיק, דער גייסטיקער מענטש, דער ווערט נאָר נסתלק: ער האָט זיך אָפּגעטאָן, ער איז אַוועקגעגאַנגען, ער האָט נאָר געביטן זיין אָרט און קאָן ווידער קומען און זיך באַווייזן און ריידן, ווען ער וויל און מיט וועמען ער וויל. און דער בעש״ט, ווי דער חסידיזם שילדערט, איז אויך נאָך זיין טויט אָפּטמאָל געקומען ווי אַ לעבעדיקער מענטש צו זיין פאַמיליע: צו זיין זון און זיינע אייניקלעך, און האָט מיט זיי גערעדט און האָט זיי עצות געגעבן; ער האָט זיך אויך באַוויזן צו זיינע תלמידים און זיי האָבן מיט אים גערעדט וועגן פאַרשיידענע ענינים.

דער בעש״ט איז „נסתלק״ געוואָרן. די „חבריא״ איז צעזייט געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער, און זיין ממלא מקום, ר׳ בער, האָט געוואוינט אין מעזשריטש. און מעזשיבאָזש, אָט די „הייליקע שטאָט״, פון וואַנען עס האָבן זיך אַ סך יאָרן פאַרשפּרייט די שטראַלן פונם בעש״ט; אָט די שטאָט, וואָס איז געווען אַ לאַנגע צייט אַ צענטער פון גייסט און פרומקייט, איז געבליבן ווי אַן אַלמנה. פון איצט אָן האָבן זיך אַלע אויגן געווענדט נאָך מעזשריטש, וואו עס האָט געוואוינט דער ממלא-מקום פון בעש״ט; אָדער ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט ר׳ יעקב־יוסף פּאָלאָנער: „נאָך דעם טויט פונם בעש״ט האָט זיך די שכינה מיט איר פּעקל אויף די פּלייצעס איבערגעקליבן פון מעזשיבאָזש קיין מעזשריטש״.

נאָך דעם טויט פון בעש״ט זיינען איבערגעבליבן: זיין בן־יחיד ר׳ צבי און זיין בת־יחידה אדל.

דער חסידיזם, וועלכער איז גאָרניט קיין קמצן מיט מעשיות וועגן זיינע צדיקים, און וואָס ווערט גאָרניט מיד צו דערציילן פון די גרויסע ענינים פון זיינע גדולים, איז אָבער כמעט שטיל וועגן דעם בן־יחיד פונם בעש״ט. אַ פּאָר קליינע מעשיות ווערן שוין אפילו יאָ דערציילט פון ר׳ צבי און זיין הייליקייט, אָבער מען זעט, אַז די מעשיות זיינען גע־מאַטערט, ווי די דערציילער וואָלטן געוועזן אין פאַרלעגנהייט. ווייל אין דער אמתן איז דער בן־יחיד פון דעם בעש״ט געוועזן אַ גאַנץ געוויינלעכער מענטש, ווי מיר האָבן שוין אָפּט געזען אין דער געשיכטע פון גרויסע מענטשן, אַז זיי האָבן געהאַט גאַנץ געוויינלעכע קינדער.

פון אַ בריוו פון זיין פעטער ר׳ גרשון קוטיווער, פון ירושלים, זעען מיר, אַז ר׳ צבי האָט ניט ליב געהאַט צו לערנען. ער איז ארומגעגאַנגען בטל און האָט זיך באַשעפטיקט מיט דברים בטלים. לכן האָט מען נאָך דעם טויט פון בעש״ט ניט אים געוויילט פאַר אַ ממלא־מקום, נאָר זיין תלמיד ר׳ בער, ווייל ער איז כלל ניט געוועזן ראוי צו זיין אַ פירער און אַ לערער פון דעם חסידיזם, און די „גייסטיקע ירושה״ פון בעש״ט האָט געמוזט איבערגיין אין פרעמדע הענט.

אָבער אינגאַנצן איז דער פּאָדעם ניט אָפּגעריסן געוואָרן. די חסידישע גרויסע באַוועגונג איז, אמת, איבערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט, און אַן אַנדער פירער, ניט פון בעש״טס פאַמיליע, האָט איבערגענומען די אָנפירונג, אָבער דער גייסט פונם בעש״ט, זיינע חסידישע אידעען האָבן דאָך געפונען פירער אויך אין זיין אייגן הויז, אויב ניט אין זיין זון, איז אָבער אין זיינע אייניקלעך, די צוויי זין פון זיין טאָכטער אָדל: ר׳ משה־חיים אפרים סעדילקאָווער און ר׳ ברוך מעזשיבאָזשער, האָבן געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אין דעם קרייז פון די חסידים. אָבער אויך די טאָכ־טער אַליין איז שטאַרק באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט. פון איר ווערט פיל מער גערעדט און דערציילט, ווי פון דעם בעש״טס זון. וועגן איר האָבן די צדיקים געזאָגט, אַז זי איז אַ בעלת רוח הקודש; און פון בעש״ט האָט מען דערציילט, אַז ער האָט געזאָגט, פאַרוואָס האָט ער זי גערופן אָדל, ווייל אדל איז די ראשי־תיבות פון דעם פסוק: אש דת למו.

אויסער די צוויי זין האָט זי געהאַט אַ בת־יחידה פייגע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ שמחהן, דעם זון פון דעם תלמיד פון בעש״ט, ר׳ נחמן האָראָדענקער. אויך פון איר האָט מען געזאָגט, אַז זי איז אַ בעלת רוח הקודש און אַ גרויסע בעלת השגה.

## ב.

אין יאָר תק״ח, צוועלף יאָר פאַר דעם בעש״טס טויט, איז ר׳ משה־חיים אפרים געבאָרן געוואָרן, אין מעזשיבאָזש. דער בעש״ט, דער זיידע, האָט אים זייער ליב געהאַט און האָט אים דערצויגן אין זיין גייסט. דאָס אייניקל איז אינגאַנצן אויפגעגאַנגען אין דעם זיידן. ער האָט טאָג און נאַכט נאָר געטראַכט פון אים. נאָך דעם טויט פונם בעש״ט האָט ער זיך באַזעצט אין סעדילקאָוו און ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט דעם נאָמען: דער סעדילקאָווער „מגיד״.

ר׳ משה חיים אפרים איז געווען אַ גאַנץ רויִקער, צוריקגעצויגענער „צדיק״. דער גרויסער זיידע איז פאַר אים געווען דאָס גרעסטע און דאָס הייליקסטע אויף דער וועלט. זייער אָפט פלעגט ער קומען נאָך מעזשי־באָזש צו באַזוכן דעם קבר פונם בעש״ט. אין זיין ספר „דגל מחנה אפרים״ האָט ער געזאַמלט פיל ווערטער און אויסדרוקן פון בעש״ט, וואָס זיינען פאַר אים געווען הייליק און אמת. ער האָט אין זיי געזען די מאַכט און די שטיצע פונם יידישן פאָלק און זיין צוקונפט; ער האָט געגלויבט, אַז נאָר דורך דעם זיג פון חסידיזם וועט דאָס יידישע פאָלק אויסגעלייזט ווערן פון גלות.

ר׳ משה־חיים אפרים איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם בעש״ט, אַז ער האָט אים זייער אָפט געזען אין חלום און אָפט מיט אים גערעדט. ער האָט אויך אין זיין אויבנדערמאָנטן ספר אויפגעשריבן אַלע חלומות צווישן אים און דעם בעש״ט. אַזוי דערציילט ער, למשל, ווי איינמאָל האָט ער געזען דעם בעש״ט אין חלום, אים געקושט און אַרומ־גענומען און צו אים געזאָגט: „מיין נאָמען און דיין נאָמען וועלן באַקאַנט ווערן אין דער וועלט״.

זיין חסידות איז דאָס זעלבע ווי פון בעש״ט; דער זעלבער תמימות־דיקער גלויבן, דאָס זעלבע אָפּגעבן זיך צו גאָט, עבודה מיט אַלע אופנים.

אויך פאַר אים, ווי פאַר דעם בעש״ט, שפּילט דער „צדיק״ אַ גרויסע ראָלע אין דער וועלט. שוין פון זיין געבורט אָן איז דער „צדיק״ אַ גאַנץ אַנדערער ווי אַזוי אַ מענטש: „גאָט נעמט אַ טייל פון זיין ליכט און צע־שפּרייט עס אויף דער וועלט, און פון דעם ליכט שפּראָצט אַרויס דער צדיק אויף דער וועלט״. דער צדיק, וועלכער איז „גאָטס ליכט״, איז אינגאַנצן פון גייסט. אויך זיין קערפּער, זיין גוף, איז ניט מגושם, נאָר „גייסט און חכמה״, און ער איז בכוח אַלע גשמיותדיקע זאַכן, וואָס ער האָט און

זעט, מאכן צו רוחניות. פאר אים איז ניטא קיין שוועריקייטן, ער קאן אלץ טאן, זיין כוח איז גרוים אויפן הימל און אויף דער ערד, און ווען מען קוקט נאר אין פנים פונם צדיק קריגט דער מענטש א ליכט, א שטראל אין זיין נשמה.

אויף אלע רייד פון משה חיים אפרים איז פארשפרייט א תמימות און אזא שטארקער גלויבן אין חסידיזם. ווען מען לייענט זיין ספר זעט מען ווי ער, ר׳ משה חיים אפרים, ציטערט איבער יעדן ווארט פון זיין זיידן. אמת, ער האט קיין נייס ניט געזאגט און ניט אויפגעטאן, אבער ער מאכט א רושם מיט זיין קינדישן און חנעוודיקן אפגעבן זיך זיין גרויסן זיידן און זיין זיידנס תורה.

## ג.

ר׳ משה חיים אפרימס ברודער, ר׳ ברוך מעזשיבאזשער, איז אלט געווען פיר יאר, ווען דער בעש״ט איז געשטארבן. מיט אים האט דער בעש״ט ניט געקאנט זיך א סך אפגעבן אין ערציִונג, אבער די חסידישע פאנטאזיע האט דאך דערציילט, ווי דער בעש״ט האט משפיע געווען אויף דעם קינד אין זיין לעבנסצייט, און אויך נאך זיין טויט פלעגט ער אפט צו אים קומען און מיט אים ריידן. אזוי דערציילט דער צדיק ר׳ שלמה קארלינער, אז ער איז אמאל געווען ביי ר׳ ברוכן, האט ער געזען ווי דער בעש״ט שטייט לעבן אים און קרייזלט אים די האר. בכלל איז ער געווען באליבט ביי די צדיקים אין זיין דור, זיי האבן פון אים מער געהאלטן ווי פון זיין ברודער, ר׳ חיים אפרים. דער מעזשריטשער „מגיד״ האט אויף אים געזאגט, ווען ער איז נאך געווען א קינד: „ער איז א דבר חידוש״; אזוי דערציילן די חסידים, אז ר׳ פנחס קארעצער, דער חבר פון בעש״ט, האט געזאגט, אז אפילו ווען ר׳ ברוך שלאפט איז ער מדובק צו גאט.

גאנץ פארשיידן אין זייער כאראקטער און וועזן זיינען געווען אט די צוויי ברידער. ר׳ משה חיים אפרים איז געווען א רויִקער, א תמימות־דיקער, צוריקגעצויגענער און ווייט פון מופתימדיקן און שרייענדיקן חסידיזם; ער איז געווען א מענטש פון ספר, אין דעם ספר איז ער אויפ־געגאנגען און זיך פארטיפט; פאר אים איז געווען דער עיקר דעם בעש״טס ווערטער, זיין תורה. ער האט תמיד געלעבט מיט דער רוחניות פון זיין זיידן און האט אין איר געגלויבט באמונה שלימה. גאנץ אנדערש איז געווען זיין יינגערער ברודער, ר׳ ברוך מעזשיבאזשער. ער איז געווען א שרייענדיקער צדיק, און קולי־קולות האבן זיך געטראגן פון זיין גרויס־

קייט און הייליקייט. מופתים, ווי די חסידים זאָגן, האָבן זיך ביי אים געוואַלגערט אונטערן טיש. און ער איז געווען אין דעם דער אמתער אייניקל פון דעם בעש״ט.

ער האָט געזען דעם חסידיזם ווי זיין מאָנאָפּאָל און אַלע צדיקים אין זיין צייט האָט ער באַטראַכט ווי זיינע קאָנקורענטן, און אָפט האָט ער זיי מחרף ומגדף געווען און מבטל געמאַכט ביטול גמור. ער האָט אַמאָל דערציילט, וואָס עס האָט זיך אים געחלומט: פיל צדיקים זיינען געזעסן ביים טיש. אויבנאָן איז געזעסן ר׳ שמעון בן יוחאי און אין עק טיש איז געשטאַנען ר׳ ברוך מעזשיבאָזשער. ר׳ שמעון בן יוחאי האָט זיי געמוסרט און האָט זיי געזאָגט: ״דאַרף מען דען גאָט דינען ווי איר דינט אים?״ פון גרויס שרעק זיינען אַלע צדיקים געוואָרן דערציטערט. איז אויפגע־שטאַנען ר׳ שמעון בן יוחאי פון זיין שטול און איז צוגעגאַנגען צו ר׳ ברוכן און האָט אים געקלאַפּט אויף די פּלייצעס און געזאָגט: ״ברוכל, סערצע, ניט דיך מיין איך, דו ביסט אַן אדם שלם״.

בכלל האָט ער זיך גערעכנט פאַר דעם בעסטן קענער פון זוהר און חוץ אים האָט קיינער אין זיין צייט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס שטייט אין זוהר. ער האָט אַמאָל געזאָגט: ״ר׳ שמעון בן יוחאי, איך קען דיך און דו קענסט מיך. איך דאַנק דיר, ר׳ שמעון בן יוחאי, פאַר דיין זוהר. ווען עס וואָלט ניט געווען דער זוהר, וואָלט איך ניט געווען בעסער פון מיינע חברים״. די חסידים דערציילן, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט: נאָך זיין פּטירה וועלן די צדיקים צושליסן די טירן פון גן־עדן פאַר אים. וואָס וועט ער טאָן? ער וועט זיך זעצן ביי אַ טיר פון גן־עדן און וועט זאָגן זוהר, ווי ער קען, דורך דעם וועט ער משפיע זיין אַזאַ שטאַרקע מתיקות אין אַלע וועלטן, אַז די צדיקים וועלן עפענען אַלע טירן און טויערן פון גן-עדן און וועלן אַרויסגיין הערן ווי ער זאָגט זוהר. דעמאָלט וועט ער זיך אַריינכאַפּן אין גן־עדן און צומאַכן די טויערן און די צדיקים וועלן בלייבן שטיין אין דרויסן.

אָט די אַרט אויפטרעטן פון ר׳ ברוכן האָט אין אָנהייב זייער פיינלעך געווירקט. אָבער מען האָט זיך צו אים צוגעוויינט און אים מוחל געווען, ווייל מען האָט זיך געזאָגט, אַז ער איז דאָך סוף־כל־סוף דעם בעש״טס אייניקל. אויסער דעם איז ער געווען אַ מענטש מיט לוינעס, מיט שטימונגען, אַ מרה־שחורהניק, און האָט אויך דערפאַר ביי זיך געהאַט אַ מין הויפנאַר, אַ מין לץ, אַ ווערטלזאָגער, וועלכער האָט אים משמח גע־ווען, וועלכער איז באַקאַנט ביז אויף דעם היינטיקן טאָג מיט זיין נאָמען: הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ער האָט אים תמיד באַגלייט און

האט אים פארשיידענע ווערטלעך געזאגט, אויך הלצות גסות, און נאר ער האט געקאנט מבדח דעת זיין.

א פיל מער ערנסטן כאראקטער האט געהאט זיין מחלוקת מיט ר' שניאור-זלמנען פון ליאדי, דעם „רב". דער „רב" איז ארומגעפארן און געזאמלט געלט פאר „פדיון שבויים". אויף זיין רייזע איז ער געקומען אין גליל פון ר' ברוך מעזשיבאזשער, און דער לעצטער איז געווען שטארק אויפגעבראכט אויף דעם רב, פארוואס ער איז אים נישט געקומען משיג גבול זיין. דאס איז דער רב געוואר געווארן און איז געקומען צו ר' ברוכן זיך מיט אים אויסצוטענהן. דער רב האט שפעטער באשריבן דעם וויכוח, וואס ער האט געהאט מיט ר' ברוך מעזשיבאזשער: „איך האב אים גע־שטראפט, פארוואס ער איז א כפוי טובה. איך בין דאך געזעסן אין תפיסה צוויי מאל פאר זיין זיידן דעם בעש"ט, און איך וואלט דאך געקאנט זאגן: זיין אייניקל לעבט דאך, זאל ער קומען און פארענטפערן אלע קשיות אויף דעם חסידיזם פון זיין זיידן. דערנאך האט ער מיך געפרעגט: צו וואס דארפט איר געלט זאמלען, מען קאן דאך די דינים מבטל מאכן נאר מיט דער האנט מאכן איבער דעם שטערן און פנים. האב איך אים געענטפערט: יעקב אבינו האט געוויס געקאנט מבטל זיין דינים און פונדעסטוועגן האט ער געזאגט: איך וועל עשון איבערבעטן מיט א מתנה, ווייל אין אמתן מוז מען די ביידע: המתקת הדינין און מנחה שלוחה לעשו. דערנאך האט ער מיך געפרעגט: איז עס דען פאר אייער כבוד ארומצופארן איבער ווייטע שטעט? האב איך אים געענטפערט: בין איך דען גרעסער פון ר' פנחס בן יאיר, וועלכער איז ארומגעפארן זיין גאנץ לעבן אויף פדיון שבויים? דערנאך האב איך אים געפרעגט: איז עס אמת, וואס מען האט מיר געזאגט, אז איר האלט שטארק פון מיין ספר „תניא"? האט ער געענטפערט: יא. האב איך אים ווידער געפרעגט: אויב אזוי, פארוואס זייט איר אין כעס אויף מיר? האט ער געענטפערט: פאר־וואס זייט איר געקומען אין מיין מדינה? האב איך אים געענטפערט: ערשטנס, שטייט געשריבן: די גאנצע וועלט געהערט גאט (לד' הארץ ומלואה). צווייטנס, האב איך ניט געקאנט צוזען דעם צער און די יסורים פון די יידישע מוכסנים, וואס מען האט זיי ארויסגעטריבן פון די דערפער אין די שטעט און זיי ליגן אויף די גאסן געשוואלן פון הונגער. האט ער מיר געענטפערט: וואס ארט אייך, אז זיי שטארבן?..."

דער בריוו באווייזט גענוג דעם גרויסן אונטערשייד צווישן אט די ביידע צדיקים, צוויי פארטרעטער פון צוויי ארטן חסידות.

## ד.

ר׳ ברוך מעזשיבאזשער איז געווען א גרויסער מפורסם. שוין דורכ־דעם, וואס ער איז געבליבן וואוינען אין מעזשיבאזש, די שטאט פון בעש״ט, וואו דער בעש״ט האט געלעבט, געווירקט און איז דארט באַ־גראבן, שוין דאס אליין איז געווען א סיבה, וואס מען איז צו אים גע־פארן. חוץ דעם איז ער דאך געווען דאס איי ניקל פון בעש״ט. בקיצור, דער המון-עם האט אין אים געפונען דעם ריכטיקן צדיק.

ר׳ ברוך האט די פראגע אויפגעווארפן: „מיט וואס קאן זיך דער צדיק מקשר זיין מיט דעם פאלק? ער שטייט דאך העכער פון גשמיות און זיינע מעשים זיינען דאך למעלה מן הטבע?״ ער ענטפערט: „לכן האט גאט געגעבן דעם צדיק די תאווה צו געלט, און מיט דעם, וואס ער נעמט געלט ביי די חסידים, פארבינדט ער זיך מיט זיי און איז מעלה זייערע תפילות״. און וואס מער געלט ער נעמט פון זיי „איז ער זיך שטארקער מקשר צו די חסידים״. ר׳ ברוך איז געווען דער ערשטער צדיק, וועלכער האט דאס געלט־נעמען פון די חסידים באטראכט אלס מיטל צו דער פאר־איינינקונג צווישן דעם צדיק און די חסידים.

נאטירלעך, איז פאר אים געווען דער צדיק העכער און הייליקער פון אלץ אויף דער וועלט. „דער צדיק פירט די וועלט, און ווען עס איז ניטא דער צדיק, דאן פירט גאט די וועלט; דער צדיק פירט אויך גאט כביכול אליין״.

עס זיינען דא צוויי מינים צדיקים: דער אפענער צדיק, וועלכער לערנט און דאוונט און יעדער זעט און ווייס זיין גרויסע עבודה צו גאט, און עס איז דא דער צדיק נסתר, דער באהאלטענער צדיק, וועלכער עסט און טרינקט ווי אלע מענטשן, און מען זעט ניט פיל פון זיין עבודה צו גאט. דער לעצטער צדיק שטייט פיל גרעסער ביי גאט ווי דער ערשטער. אבער די עבודה פון דעם באהאלטענעם צדיק מיט עסן און טרינקען און נאך פארשיידענע צרכי הגוף איז ניט פאר יעדן מענטשן... די עבודה איז נאר פאר אויסגעוויילטע פארגייסטיקטע מענטשן, בעלי מדרגות; די אלגעמיינע מענטשן דארפן פשוט ווייניק עסן און ווייניק הנאה האבן פונם לעבן; זיי דארפן גאט דינען, ווי מען האט אין די אלטע צייטן, איידער נאך דער בעש״ט איז געקומען, גאט געדינט: תעניתים און סיגופים.

אט זעען מיר ווי דאס אייניקל פון בעש״ט איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט זיך אפגעקערט פון דעם וועג פונם בעש״ט, וועלכער באַ־

קעמפט די תעניתים און סיגופים פאר אלע חסידים; און דער נייי־
אלטער וועג פון ר׳ ברוך מעזשיבאזשער האט נאכדעם געפונען אן עכא
ביי פארשיידענע ריכטונגען און חסידיזם.

זיין חסידישע לערע איז געווען זייער שוואך און קליין, זיין קליינער
ספר „בוצינא דנהורא״ אנטהאלט ניט קיין נייס און טרעט שטארק
צוריק פאר דעם ספר „דגל מחנה אפרים״ פון זיין עלטערן ברודער,
ר׳ חיים אפרים סעדילקאווער.

---

# ר׳ נחמן בראַצלאַווער.

## א.

דער בעש״ט האָט ניט געהאַט קיין גליק מיט זיין פאַמיליע בנוגע זיין חסידיזם; זיין בן-יחיד ר׳ צבי האָט גאָרניט מיטגעהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג פון חסידיזם; און זיינע ביידע אייניקלעך: ר׳ משה חיים אפרים און ר׳ ברוך, זיינען אויך ניט געווען די אמתע גרויסע פאַרטיפער און שעפער אין חסידיזם; אויך זיי האָבן ניט באַרייכערט דעם חסידיזם מיט נייע און טיפע אידעען. אמת, זיי האָבן אין זייער צייט געווירקט אויף געוויסע קרייזן פון חסידים, אָבער מיט זייער טויט איז אויך אָפּגעשטאָרבן זייער השפּעה און עס איז נאָר זייער נאָמען געבליבן אין דער געשיכטע פון חסידיזם. אָבער, ווי עס שיינט, האָט זיך דער בעש״ט באַמיט אין הימל, ריידנדיק מיט דעם לשון פון חסידים, אַז עס זאָל דאָך איינער פון זיין פאַמיליע אויפשטיין, וואָס זאָל זיין געבענטשט מיט אַ גרויסן גייסט און אַ גרויסן האַרץ, און ער וועט דערנענטערן און פאַרטיפן זיין חסידיזם, און ער וועט שאַפן אַ גרויס אייביק ווערק, וואָס וועט לעבן לאַנג, לאַנג נאָך זיין טויט. דאָס איז געווען זיין אוראייניקל ר׳ נחמן בראַצלאַווער.

ר׳ נחמן איז געבאָרן געוואָרן אין מעזשיבאָזש שבת, ראש־חודש ניסן פון יאָר תקל״ב. זיין פאָטער איז געווען ר׳ שמחה, דער זון פון ר׳ נחמן האָראָדענקער, אַ תלמיד פון בעש״ט. זיין מוטער איז געווען פייגע, די טאָכטער פון האָדל, וואָס איז געווען די בת־יחידה פון בעש״ט.

דער פאָטער איז געווען אַ חסיד, אַ באַלעבאָס, אַ געוויינלעכער חסיד אָן אַ נאָמען. דערקעגן איז די מוטער פייגע געווען באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט. זי האָט פיל גורם געווען צו דער אַנטוויקלונג פון דעם קינד נחמן, אויך אירע צוויי ברידער, ר׳ משה חיים אפרים און ר׳ ברוך,

יעדער אויף זיין אופן, האָבן מיטגעווירקט צו דער דערציאונג פון ר' נחמנען.

זיין דערציאונג איז געווען נאַטירלעך, גאַנץ אין גייסט פון דעם חסידיזם. ער אַליין האָט שפּעטער דערציילט, אַז ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד פון זעקס יאָר, האָט ער מקנא געווען, ווי די חסידים דאַוונען מיט גרויס התלהבות. שוין דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו פאַסטן. עס זיינען טעג פאַרגאַנגען און ער האָט כמעט ניט געגעסן, און אַז ער איז געוואָרן שטאַרק הונגעריק, פלעגט ער דאָס עסן אַראָפּשלינגען אָן עס צו צעקייען, כדי ער זאָל ניט הנאה האָבן פון דעם עסן. די אַטמאָספער, אין וועלכער ער איז געוואָרן דערצויגן, איז געווען אַזוי שטאַרק איבערפולט מיט פרומקייט און בענקעניש צו גאָט, אַז זי האָט אויך שטאַרק געווירקט אויף דעם יונגן קינד נחמן. שוין דעמאָלט, דערציילט ר' נחמן, האָט ער געוואָלט מקבל שבת זיין מיט גרויס קדושה: „ער איז געגאַנגען אין מקווה, פון דאָרט איז ער געגאַנגען אהיים און האָט זיך אָנגעטאָן בגדי שבת און איז געגאַנגען אין שול אריין נאָך גאַנץ פרי פאַר קבלת שבת; ער איז געגאַנגען אהין און אהער פאַרטיפט אין דעם געדאַנק פון שבת און האָט געהאַפּט אויף זיך אַרויפצוציען די הייליקייט פון שבת און די נשמה יתירה; ער האָט געבענקט נאָך עטוואָס, ער האָט געוואָלט עפּעס זען, אָבער צו זיין באַדויערן האָט ער גאָרניט געזען".

הגם ער איז געווען אַ פריילעך קינד און האָט ליב געהאַט צו שפּרינגען און טאַנצן און שטאַרק לאַכן, פונדעסטוועגן האָט עס אים ניט געשטערט צו זיין אַ גרויסער מתמיד אין לערנען, און ער האָט זיין מלמד נאָך עקסטרע געלט געגעבן, כדי ער זאָל מיט אים נאָך מער לערנען. קומענדיק פון חדר אהיים, האָט ער ליב געהאַט זיך צו באַהאַלטן און אַליין זיין. אויבן, אונטער דעם דאַך, אין זיין פאָטערס הויז, האָט ער געהאַט אַ ווינקל, און אין דעם ווינקל פלעגט ער זיך באַהאַלטן פון מענטשן, און דאָרט האָט ער גאָט געבעטן און האָט מתפלל געווען אייגענע תפילות אין יידיש, ווערטער פון זיין קינדיש הארץ האָט ער אויסגעגאָסן און אויסגערעדט פאַר גאָט. אָפט פלעגט ער אויפזוכן דעם קבר פון בעש"ט, און אַמאָל פלעגט ער גיין אהין אויך ביינאַכט, „כדי צו ריידן מיט דעם זיידן".

צו 12 יאָר האָט ער חתונה געהאַט, און האָט זיך באַזעצט אין דאָרף הוסיאַטין. אויף דער רוסיש־גאַליצישער גרענעץ, ביי זיין שווער אין שטוב. ער האָט געגעסן קעסט און האָט זיך באַשעפטיקט נאָר מיט תורה לערנען און מיט גרויס עבודה צו גאָט. אין דאָרף זיצנדיק, ביים גרייטן טיש, האָט ער צייט געהאַט זיך באַשעפטיקן מיט גרויס התמדה

אויך מיט דער קבלה, באזונדערס מיט דער קבלה פון אר״י הקדוש, וועלכע פארלאנגט פון מענטשן פיל פאסטן און תשובה טאן. דאס האט אויף אים געמאכט א זייער שטארקן איינדרוק, און ער האט פארגעסן אין דער לערע פון זיין זיידן, דעם בעש״ט, וואס איז געווען קעגן דעם פאסטן און פייניקן זיך. ער האט אנגעהויבן שטארק זיך צו פייניקן און פאסטן, און אייניקע מאל האט ער אפילו געפאסט עטלעכע טעג אן הפסקה. ווי די חסידים דערציילן, איז ער דעמאלט געקומען צו דער מדרגה, ווען ער איז געווען אויסגעטאן פון אלע תאוות.

## ב.

עטלעכע יאר איז ר׳ נחמן געזעסן ביי זיין שווער אין דארף, פארטיפט אין זיין לערנען אין דער קבלה. ענדלעך האט אים דאס פיל לערנען און גריבלען זיך אין די ספרים ניט אינגאנצן באפרידיקט. ער איז געווען א זעלבשטענדיקער מענטש, ער האט געהאט זיינע אייגענע געדאנקען און האט ניט ליב געהאט זיך צו פארלאזן, וואס אנדערע זאגן אים; ער איז אין דעם גלייך געווען צו זיין זיידן, דעם בעש״ט, וואס האט ניט ליב געהאט צו זוכן אין ספרים און זיך פארלאזן אויף דעם, וואס אנדערע וועלן אים זאגן. ער האט ליב געהאט צו זען, זען די וועלט, זאכן, די נאטור, די מענטשן, און אט פון דעם אלעמען האט ער געלערנט זיינע גרויסע אידעען און וועלט־אנשויאונגען. אזוי איז אויך געווען זיין אייניקל ר׳ נחמן.

ר׳ נחמן האט אויפגעגעבן זיינע ספרים און האט זיך גענומען צו דער נאטור: ער איז זייער אפט געגאנגען אין וואלד, אין פעלד און האט בּאַאָבּאַכט די נאטור און האט זיך אין איר פארטיפט. ניט ווייט פון זיין דארף — דערציילט א חסידישע לעגענדע — איז געווען א בארג און אויף דעם שפיץ פון בארג איז געווען א הייל, דארט אין הייל פלעגט ר׳ נחמן אפט זיצן, פארטיפט אין זיינע געדאנקען. אמאל האט ער ליב געהאט פארן רייטנדיק אויף א פערד טיף אין וואלד, דארט פלעגט ער אראפגיין פון פערד, גיין צופוס און דאס פערד פלעגט גיין צוריק אין דארף; זומער פלעגט ער נעמען א קליין שיפל און פלעגט פארן אויף דעם טייך ווייט-ווייט פון דארף.

אין דער צייט, וואס ר׳ נחמן האט זיך פארטיפט אין דער נאטור, ווען ער האט באטראכט מיט זיינע אויגן די באשעפענישן, אט אין דער צייט האט ער ערשט אנגעהויבן צו פילן די הייליקייט פון דער בריאה. ער האט אנגעהויבן צו זען און צו פילן דעם גאט פון דער גאנצער וועלט: ער האט אומעטום געזען גאט און געהערט זיין שטים;

ער האט זיך געווענדט צום מענטשן און האט צו אים געזאגט: „גאט איז מיט דיר, ביי דיר און לעבן דיר״. ער האט געפילט, ווי די גאנצע נאטור בענקט צו גאט און זאגט שירה צו גאט. „יעדעס גרעזעלע און יעדע געוויקס זאגט שירה צו גאט״. ער האט געזען די גאנצע וועלט ווי א לעבעדיקן קערפער, „אלץ איז לעבן״.

זיינע באטראכטונגען פון דער נאטור און זיינע אידעען איבער דער נאטור און גאט האבן אין אים אויפגעוועקט גאנץ אנדערע אנשויאונגען איבער דעם חסידיזם: די ענגע און שטארקע פארקניפונג צווישן גאט און נאטור, גאט און מענטש, וואס איז געווען דער גרונטיסוד פון בעש״ט און זיין חסידיזם, אט די אידעע איז פון די נאכפאלגער פון בעש״ט געווארן שטארק פארנאכלעסיקט און דורך דעם האט זיך דער חסידיזם גאנץ אנדערש אנטוויקלט און איז געווארן אויבערפלעכלעך. דאס האט געבראכט ר׳ נחמנען צו קריטישע בליקן אויף דעם חסידיזם פון זיין צייט און אויף די פירער, די צדיקים פון זיין צייט; ער האט אנגעהויבן צו באטראכטן מיט אפענע אויגן די יונגע חסידישע באוועגונג און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז „נאך דער פטירה פון בעש״ט און די צדיקים פון זיין דור האט אויפגעהערט זיין שטארקע השפעה, און זיין ליכט, וואס האט שטארק געשיינט, איז געווארן שוואך״; ווייל די צדיקים, וואס זיינען געקומען נאך דעם בעש״ט און האבן געלעבט אין דער צייט פון ר׳ נחמנען, האבן דעם חסידיזם אראפגענידערט פון זיין הויכער מדרגה.

וואס זאל מען אבער טאן, כדי דעם חסידיזם צו הייבן און אים ברענגען צו זיין טיפקייט און שטארקייט? ר׳ נחמן אליין האט געפילט אין זיך, אז ער איז דער ריכטיקער מענטש, וואס איז בכוח צו געבן דעם חסידיזם ניי לעבן און גייסטיקע קראפט. ער האט געוואוסט די שוועריקייטן, וואס וועלן אים שטערן אויף זיין נייעם וועג; ער האט געוואוסט, אז ער וועט מוזן פירן א שטארקע מלחמה קעגן די צדיקים פון זיין צייט און דאס וועט גורם זיין צו גרויסע מחלוקות, אבער פאר אים איז געווען זיין איבערצייגונג, זיין אמת, פיל שטארקער ווי אלע מחלוקתן און אנדערע שוועריקייטן, וואס האבן אים דערוואַרט. ער האט געזאגט: „בעסער שטארבן איידער צו זיין א ליגנער״. דאס איז געווען זיין פרינציפ אין זיין גאנצן לעבן, און מיט דער איבערצייגונג האט ער אנגעהויבן זיין ווערק און זיין חסידיזם. אבער כדי זיינע נייע אידעען צו פארברייטערן און זיין קאמף אנצוהייבן קעגן די צדיקים, האט ער מער ניט געקאנט בלייבן אין דארף, אפגעזונדערט פון מענטשן, דעריבער האט ער באשלאסן איבערצוקלייבן זיך אין שטאט אריין.

## ג.

ר׳ נחמן האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט מעדוועדיעווקע און האָט אָנגעהויבן צו דרשענען איבער דעם חסידיזם, ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען. באַלד האָט זיך זיין נאָמען געלאָזט הערן אין דער גאַנצער סביבה און מען האָט אָנגעהויבן פאָרן צו אים הערן זיין תורה. אַלע האָבן זיך געוואונדערט איבער זיינע טיפע געדאַנקען. אויך די צדיקים אין יענער צייט האָבן אויף דעם יונגן צדיק געקוקט מיט גרויס דרך-ארץ און פאַרוואונדערונג.

אין זיין נייעם אָרט, וואו ער איז געקומען אין באַרירונג מיט די חסידים און האָט פנים אל פנים מיט זיי גערעדט, האָט ער ערשט געזען, צו זיין גרויסן שרעק, ווי „די חסידים האָבן אָנגעהויבן צו ווערן קאַלט״; עס איז ניט געווען מער די גרויסע התלהבות פון פריער, ניט געווען דאָס גרויסע הייליקע פייער פון פריער. ער האָט איצט געקאָנט די „צדיקים״, די „מנהיגי הדור״, פון נאָענט זען, און אויך דאָ האָט ער געזען, אַז דער רוב פון זיי זיינען ניט די ריכטיקע מנהיגים, עס זיינען אפילו צווישן זיי דאָ פיל צבועקעס און זיי פאַרשפרייטן „פאַלשע אידעען״ צווישן די חסידים. דאָס האָט אים געבראַכט צו אַ גרויסער אידעע אין חסידיזם, צו אַ נייער רעאָרגאַניזאַציע. ער האָט געזאָגט: „געוויס איז דער צדיק הדור אַן עיקר גדול אין חסידיזם, ער איז דער שטיצער, די זייל, דער פאַרמיטלער צווישן דעם מענטשן און גאָט, אָבער ניט יעדער דור איז זוכה צו אַזאַ מין צדיק. אַזעלכע אמתע צדיקים זיינען פאַראַן ניט פיל, און אַמאָל טרעטן אויף „פאַלשע נביאים״, פאַלשע צדיקים, וואָס זיינען איינגעהילט דעם גאַנצן טאָג אין טלית און תפילין און דאַווענען און לערנען טאָג און נאַכט, אָבער זיינען דאָך פאַלשע און ליגנער״, און אָט אַזעלכע צדיקים פאַרדאַרבן דעם דור לחלוטין. לכן איז בעסער, אַז אַלע חסידים זאָלן זיך אַזוי שטאַרק צוגרייטן אין חסידיזם, מען זאָל זיי אַלע אויפהייבן צו אַזאַ גרויסער מדרגה, אַז ווען אַמאָל וועט פעלן דער אמתער צדיק הדור, דער אמתער פירער, זאָלן די חסידים אַליין בכוח זיין זיך צו פירן און נאָך דערציען דעם אַנדער דור. „די חסידים זאָלן שאַפן אַנדערע חסידים און די אַנדערע נאָך אַנדערע און אַזוי ווייטער״.

דער געדאַנק איז געווען גאַנץ ניי: חסידים אָן צדיקים, חסידים אָן פירער, אין יענער צייט, ווען די צדיקים האָבן זיך פאַרמערט און יעדער פון זיי האָט געהאַט זיינע אָנהענגער און גלויביקער! — דאָס האָט שוין צו שטאַרק געווירקט אויף די צדיקים פון יענער צייט. מען האָט תיכף באַמערקט, אַז דער יונגער צדיק ר׳ נחמן איז ניט קיין געוויינלעכער צדיק,

ווי דאס רוב חסידים פון זיין צייט; מען האט געזען, אז ער איז גאנץ ענערגיש באמיט עטוואס נייס צו שאפן, א נייעם וועג צו ווייזן.

ר' נחמן אליין האט געזען די גרויסע און שווערע אויפגאבע, וואס ער האט גענומען אויף זיך. ער האט געזאגט: „איך מוז מאכן א וועג אין דעם מדבר; איך מוז אויסהאקן גרויסע אלטע ביימער, וואס זיינען שוין אלט צוויי טויזנט יאר, אויסהאקן און ווידער אויסהאקן, ביז איך וועל שאפן אן איינגעטראטענעם וועג, וואו אלע מענטשן וועלן אויף אים קענען גיין".

איידער ער האט אויף זיך גענומען אט די שווערע זאך דורכצופירן, האט ער זיך אנטשלאסן א צייט לאנג צו לעבן אין א ר ץ - י ש ר א ל און באזוכן די הייליקע קברים, בפרט דעם קבר פון ר' ש מ ע ו ן ב ן י ו ח א י און אר"י הקדוש. ער האט געפילט, אז די הייליקע לופט פון ארץ־ישראל וועט אים שטארקן און וועט אים באנייכערן, כדי ער זאל זיין בכוח דורכ־צופירן זיין גרוים ווערק.

## ד.

ר' נחמנס שטרעבן צו פארן קיין ארץ־ישראל איז געווען שטארקער ווי די בקשה פון זיין פרוי און קינדער, אז ער זאל זיי ניט איבערלאזן אליין אין חוץ לארץ. אין יאר תקנ"ח, י"ח אייר, האט ר' נחמן מיט איין גבאי פארלאזן די שטאט מעדוועדיעווקע און זיינען געפארן קיין ארץ־ישראל דורך אדעס און קאנסטאנטינאפאל. אומעטום האבן זיי זיך פאר־שטעלט און האבן ניט געזאגט ווער זיי זיינען.

אין קאנסטאנטינאפאל האבן זיי פארבראכט אייניקע טעג. דארט האט זיך ר' נחמן דערמאנט אן זיין לעבן אין דארף, וואו ער האט געקאנט פריי טראכטן, גיין אין וואלד און פעלד און ניט ווערן געשטערט פון מענטשן; אויך דארט, אין קאנסטאנטינאפאל, האט ער זיך אויפגעפירט פריי: „ער איז געגאנגען בארוועס, אן א גארטל און אן א היטל, נאר מיט דער יארמלקע, ער האט אויסגעזען, ווי איינער פון די נאכט־מענטשן, מיט וועלכע ער האט זיך אויף דער גאס געשלאגן אויף שפאס".

ערב ראש־השנה תקנ"ט איז ר' נחמן געקומען קיין ח י פ ה. באלד האט מען אין גאנץ ארץ־ישראל געוואוסט פון דעם נייעם גאסט. די חסידים זיינען צו אים געקומען און געבעטן, אז ער זאל זיך באזעצן אין צ פ ת אדער אין ט ב ר י ה. אבער ער האט ניט געוואלט. ווי זיין שטייגער איז געווען, האט ער געזוכט די איינזאמקייט און האט געוואלט בעסער די „ימים נוראים" פארברענגען אליין אן רעש פון חסידים און מקורבים.

נאָך סוכות איז ער געקומען קיין טבריה, וואו אַ סך חסידים און צדיקים האָבן געוואוינט.

דעם גאַנצן ווינטער פון תקנ״ט האָט ר׳ נחמן געוואוינט אין ארץ־ישראל. אין דער צייט האָט ער עוסק געווען מיט גרויס התמדה אין די קבלה־ספרים, און אָפט איז ער געגאַנגען אויף דעם קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי און אר״י. דאָרט, צווישן די קברים פון די מקובלים, האָט זיך זיין קאַבאַליסטישער גייסט געשטאַרקט, דאָרט האָט ער געזען די קבלה אין איהר אמתדיקן געשטאַלט.

אין דער צייט, וואָס ער האָט געלעבט אין ארץ־ישראל, זיינען צו אים געקומען פאַרשיידענע מענטשן און ער האָט פאַר זיי געדרשנט זיין חסידות. אַ סך מקובלים, וואָס זיינען תמיד געווען קעגנער פון חסידיזם, זיינען דורך אים מקורב געוואָרן צו אים.

ער האָט זיך אין ארץ־ישראל געפילט גאַנץ גליקלעך. ער האָט ניט מער געוואָלט צוריקקערן זיך קיין חוץ לארץ. ער האָט געפילט, אַז ארץ־ישראל איז דער ריכטיקער אָרט פאַר אים, פאַר זיין גייסט. אָבער זיין ליבע צו זיינע חסידים, זיין איבערצייגונג, אַז ער איז בכוח די חסידישע באַוועגונג אין חוץ לארץ דעם ריכטיקן אינהאַלט צו געבן — אָט דאָס אַלץ האָט אים באַוועגט זיך צוריקצוקערן אהיים. און ער קערט זיך צוריק קיין חוץ לארץ. ער איז צוריקגעקומען, אָבער אין דער אמתן האָט ער פון דאַן אָן ניט פאַרלאָזן ארץ־ישראל; ביז זיין לעצטן טאָג האָט ער געטראַכט וועגן ארץ־ישראל. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון ארץ־ישראל, דאָס לאַנד, איר לופט, איר הייליקייט. „וואוהין איך גיי און וואו איך שטיי — פלעגט ער נאָכדעם זאָגן — בין איך אין ארץ־ישראל. יעדער אָטעם, יעדער מחשבה און יעדער דיבור — אַלץ איז פון ארץ־ישראל״. ער האָט געקוקט אויף זיין לעבן, וואָס ער האָט געלעבט פריער איידער ער איז געווען אין ארץ־ישראל, ווי אויף אַ ווערטלאָזן און אינהאַלט־לאָזן לעבן, און ער האָט מבטל געמאַכט אַלע זיינע תורות פון דער צייט פון פאַר ארץ־ישראל, ווייל „נאָר ארץ־ישראל איז דער עיקר, דאָרט, נאָר דאָרט איז די אמתע חכמה, די אמתע תורה. נאָר דאָרט קאָן מען זיין אַן אמתער ייד און גאָט דינען באמת, לכן מוז יעדער ייד זיך אָנשטרענגען און פאָרן קיין ארץ־ישראל״. אַז מען האָט אים געפרעגט, אויב ער מיינט דעם גייסטיקן, דעם רוחניותדיקן, דעם סודותדיקן, ארץ־ישראל? האָט ער געענטפערט: „ניין, איך מיין דעם פשוטן, גשמיותדיקן ארץ־ישראל, מיט די הייזער און הויפן, ווי זיי זיינען״.

## ה.

זומער תקנ״ט איז ר׳ נחמן צוריקגעקומען אהיים. ער האָט באַ־זוכט אייניקע צדיקים, און אומעטום האָט מען אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

זיינע חסידים, וואָס האָבן אויף אים די גאַנצע צייט געוואַרט מיט גרויס בענקעניש, האָבן דעם רבין אויפגענומען מיט גרויס שמחה און התלהבות. זיי האָבן געגלויבט, אַז זיין לעבן אין ארץ־ישראל האָט אים געמאַכט פאַר אַ גרעסערן און הייליקערן מענטשן, ווי פריער, און אַז ער וועט פון איצט אָן שטיין בראש פון אַלע צדיקים.

און ער אַליין האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף דעם אמתן „צדיק הדור״. ער האָט געזאָגט: „די גרויסע צדיקים זיינען זוכה דורך זייער לעבן אין ארץ־ישראל משיג צו זיין די אמתע אויבערשטע חכמה״, און האָט געמיינט זיך מיט דעם. ער האָט דערציילט, אַז ער האָט זוכה געווען צו זען אויף דעם ים, וואָס קיין תנא אָדער אמורא האָט ניט געקאָנט זען, און דאָרט, אין ארץ־ישראל, האָט ער משיג געווען די אמתע גייסטיקע תורה.

זינט ער איז צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל האָט ער שטאַרק פאַר־שאַרפט זיין קריטיק קעגן די צדיקים פון זיין צייט. זיין טאָן איז גע־וואָרן שניידיק און האָט אַלע צדיקים מבטל געמאַכט. ער האָט געזאָגט: „עס זיינען דאָ אַ סך צדיקים שקרנים, צבועים״. ער האָט פון זיי גע־לאַכט און האָט געזאָגט: „דעם שטן איז געוואָרן שווער זיין אַרבעט מיט דער גאַנצער וועלט, ער האָט ניט געקאָנט אַליין פאַרטיק ווערן. וואָס האָט ער געמאַכט? ער האָט אויפגעשטעלט דאָ אַ צדיק און דאָרט אַ צדיק און יעדער פון זיי העלפט אים אין זיין אַרבעט״.

מיט אַזעלכע שטעכווערטלעך האָט ער אָפט גערעדט צווישן זיינע חסידים; און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אויפרעגונג צווישן די צדיקים, יעדער האָט זיך געפילט געטראָפן.

אין איין און דער זעלבער צייט, ווען ער האָט מבטל געמאַכט אַלע צדיקים, האָט ער פון זיך זייער שטאַרק געהאַלטן און האָט אָפן געזאָגט, אַז ער איז דער איינציקער אמתער צדיק אין זיין צייט; נאָר ער „ווייס די גרויסקייט פון גאָט״ און זיין תורה „איז אינגאַנצן רוח הקודש״, און אין דעם „עולם האמת בענקט מען נאָך זיין תורה, וואָס ער איז מחדש צו יעדער צייט. וואָלט מען געזאָגט זיין תורה אין די צייטן פון אר״י און ר׳ שמעון בן יוחאי, וואָלט זי געמאַכט אַ גרויסן רעש״, ווייל זיין תורה האָט ער געשעפּט „פון דעם זעלבן קוואַל, ווי די תורה פון

משה רבנו'', און גאָט אַליין ,,האָט אים די תורה געגעבן''; ער איז דער גרעסטער למדן, ,,אַלע למדנים ליגן ביי אים אונטער די פיס''; ער ווייס ,,אַלע חכמות אין דער וועלט'', און ווען ער וואָלט געוואָלט מגלה זיין אַפילו אַ ביסל פון זיי, ,,וואָלט מען געקאָנט לעבן אָן עסן און אָן טרינ־קען. די גאַנצע וועלט וואָלט בטל געוואָרן פון די גרויסע מתיקות פון דער חכמה, וואָס ער האָט מגלה געווען''. נאָר פ י ר גרויסע יידן זיינען געווען נאָך דעם חורבן בית שני, וואָס האָבן משפיע געווען אויף דער וועלט, — האָט ר' נחמן געזאָגט, — און די פיר זיינען: ר' שמעון בן יוחאי, דער אר''י הקדוש, דער בעש''ט און ע ר. אַצינד איז ער דער איינ-ציקער מנהיג הדור און אַלע דאַרפן אים, און ער האָט שוין ,,פיל נשמות פון דעם שמוץ מציל געווען''; אַפילו די צדיקים דאַרפן אים, ,,וואָרעם אויך זיי דאַרפן אַ תיקון'', און אין דער אמתן ,,געוועלטיקט ער שוין איבער זיי אין געהיים''. ער איז אַזוי שטאַרק איבערצייגט געווען אין זיין גרוי-סער הייליקייט, אַז ער האָט אַמאָל געענטפערט זיין מוטער אויף איר פראַגע: ווען וועט ער גיין אויף דעם קבר פון בעש''ט? — ,,ווען דער זיידע וויל מיך זען, זאָל ער צו מיר קומען''. ער האָט געזאָגט: ,,די וועלט מיינט, אַז מיין גרויסקייט שטאַמט פון דעם, וואָס איך בין דעם בעש''טס אַן אייניקל, אָבער דער אמת איז ניט אַזוי''.

אָט די אויפפירונג פון ר' נחמנען האָט אויפגעבראַכט די צדיקים קעגן אים, בפרט איז אַרויסגעטראָטן קעגן אים דער צדיק ר' אריה־לייב פון שפּאָלע, וואָס מען האָט אים גערופן: ,,דער שפּאָלער זיידע'', — אַ פייערדיקער צדיק אָן יחוס און אָן גרויסע קענטעניש, נאָר אַ שטאַרקער מאמין אין בעש''ט און זיינע תּלמידים און אַ גרויסער בעל מידות טובות. ער איז אַרויס מיט אַ היציקער מחלוקת קעגן דעם יונגן צדיק ר' נחמן און זיין ,,העזה'' אַרויסצוטרעטן קעגן די צדיקים. די צדיקים, וועלכע זיינען געווען קעגן ר' נחמנען מיט דעם ,,שפּאָלער זיידע'' בראש, האָבן אויף אים אויסגעטראַכט, אַז ער איז נוטה צו ש ב ת י ־ צ ב י און פ ר אַ נ ק. דאָס איז געווען געווען געגנוג אַנצוצינדן אַ פייער קעגן ר' נחמנען און זיינע חסידים. פון אַלע זייטן האָט מען אויף אים געגאָסן שוועבל און פעך, מען האָט אים רודף געווען מיט אַלערליי רדיפות, און זיינע חסידים זיינען ניט געווען זיכער מיט זייער לעבן. נאָך שטאַרקער איז געוואָרן די מחלוקת זינט ער האָט זיך באַזעצט אין יאָר תק''ס אין ז ל אַ ט אָ פּ אָ ל י ע, ניט ווייט פון ש פּ אָ ל ע. דער ,,שפּאָלער זיידע'', וואָס האָט געפונען אין ר' נחמנען אַ שטאַרקן קאָנקורענט — אַזוי דערציילן די בראַצלאַווער חסידים — האָט נאָך מער געזידלט ר' נחמנען און האָט אויף אים אויסגעטראַכט אַלע מיני בילבולים.

און ר׳ נחמן האָט געשוויגן. ער האָט געהערט, אַז דער „שפּאָלער זיידע״ האָט געזאָגט: „ווער עס טוט שלעכטס ר׳ נחמנס חסידים, וועט זיצן אין גן־עדן״, אָבער ר׳ נחמן האָט קעגן דעם גאָרניט געענט־פערט. פאַרקערט, ער האָט אַפילו גענומען אין שוץ זיינע קעגנער און האָט געזאָגט: „ווי איז דען מעגלעך, מען זאָל ניט זיין קעגן מיר? איך גיי דאָך אין אַ גאַנץ נייעם וועג, אויף וועלכן עס איז נאָך קיין מענטש ביז אַצינד ניט געגאַנגען״. ער וועט ניט, האָט ער געזאָגט, אויף זיינע מתנגדים אין כּעס ווערן, ער וועט זיי נאָר באַדויערן, וואָס זיי קענען ניט פאַרשטיין, וואָס ער איז באמת.

ר׳ נחמן האָט געטרייסט זיינע חסידים און האָט זיי געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז דאָס, וואָס ער ליידט דורך דער מחלוקת, איז עס נאָר פאַר די זינד פון דער וועלט; ווי משיח טראָגט די גרויסע יסורים פאַר די זינד פון דער וועלט, אַזוי ליידט אויך ער פאַר דער וועלט; און „ווי אַ בוים קאָן ניט אַרויסוואַקסן און ווערן גרויס, ביז זיינע קערנדלעך ווערן ניט פאַרפלאַנצט און פאַרפוילט אין דער ערד, אַזוי קען אויך דער מענטש ניט ווערן גרויס, איידער ער ווערט ניט דערנידעריקט דורך מחלוקת״.

זיין שווייגן און זיך צוריקהאַלטן האָט ניט פיל געהאָלפן, די מחלוקת האָט זיך געשטאַרקט קעגן אים און די בילבולים האָבן זיך גע־מערט. אָבער אין די שרעקלעכע צייטן האָט ר׳ נחמן דאָך נאָך זיך גע־טרייסט, וואָס אַזאַ גרויסער צדיק ווי דער „בערדיטשעווער רב״ האָט געהאַלטן מיט אים. מען האָט דערציילט פון דעם „בערדיטשעווער רב״, אַז ער האָט געזאָגט: „ווען איך זאָל וויסן, אַז די וועלט וועט זיך צוהערן צו מיין שטימע, וואָלט איך געשריען מיט אַ גרויס קול, אַז די גאַנצע וועלט פון איין עק ביז דעם אַנדערן זאָל הערן: ווער עס וויל זיין אַ כּשרער מענטש און אַ צדיק, און דינען גאָט באמת, זאָל זיך מתקרב זיין צו ר׳ נחמנען״.

## ו.

די שטאַרקע מחלוקת מיט שפּאָלע האָט ר׳ נחמנען געשטערט צו וואוינען אין זלאַטאָפּאָליע, וואָס איז נאָענט צו שפּאָלע. ער האָט דעריבער אין יאָר תקס״ב זיך באַזעצט אין בראַצלאַוו.

דער אמתער גלאַנץ און די שטאַרקע אַרבעט פון ר׳ נחמנען הייבט זיך אָן אין בראַצלאַוו, אָט די שטאָט, וואָס האָט אויפגענומען אין זיך די ערשטע שטראַלן פון בעש״ט, די ערשטע חסידישע שטאָט; און אויף דעם נאָמען פון דער שטאָט רופט מען ר׳ נחמנען ביז אויף דעם היינטיקן טאָג: ר׳ נחמן בראַסלאַווער (בראַצלאַווער).

אין דער בראַצלאַווער עפּאָכע איז ר׳ נחמן געווען ווי אַ מעין המתגבר; ער האָט פיל תורה געזאָגט, אויסווייניק און דורך בריוו האָט ער זיין תורה פאַרשפּרייט צווישן זיינע חסידים. דעמאָלט האָט זיך אין אים דערוועקט אַ געדאַנק, אַז מען זאָל אויפשרייבן זיינע תורות, וועלכע ער האָט געדרשנט, אין יידיש. און עס האָט זיך געפונען איינער פון זיינע חסידים, ר׳ נתן נעמיראָווער, אַ גרויסער למדן און אַ גוטער קענער פון העברעאיש, און אַ גוטער איבערזעצער פון יידיש אין העברעאיש. ר׳ נתן האָט מסכים געווען אויפצושרייבן אַלץ, וואָס ר׳ נחמן זאָגט, אין העברעאיש. ער פלעגט זיין איבערזעצונג ווייזן ר׳ נחמנען, און ער האָט דאָס נאָכאַמאָל געלעזן און קאָרעגירט.

אַזוי האָט ר׳ נתן איבערזעצט אַלץ, וואָס ר׳ נחמן האָט גערעדט און געדרשנט. פון די איבערזעצונגען האָט מען געמאַכט טויזנטער קאָפּיעס, און זיי זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די בראַצלאַווער חסידים. און אַזוי איז בראַצלאַוו געוואָרן די „הייליקע שטאָט" פון ר׳ נחמנס חסידים, ווי פריער מעזשיבאָזש אין די צייטן פון בעש"ט און מעזשעריטש אין די צייטן פון „מגיד". טויזנטער אויגן האָבן זיך געווענדט צו דער הייליקער שטאָט בראַצלאַוו, פון וואַנען עס גייט אַרויס אַ נייע לערע און אויפקלערונג פון דעם בעש"טס חסידיזם; טויזנטער חסידים, וואָס האָבן זיך דערווייטערט פון די אַנדערע חסידים, האָבן זיך שטאַרק אָנגעהעפט און פאַרבונדן מיט דער שטאָט בראַצלאַוו.

ר׳ נחמן האָט זיינע חסידים זייער ליב געהאַט און רעספּעקטירט, ער איז געווען צו זיי ווי אַ גוטער פאָטער צו זיינע קינדער. „יעדער פון אייך — פלעגט ער זאָגן צו זיינע חסידים — האָט אַן אָרט אין מיין הארץ". אַמאָל האָט ער זיי געשריבן אַ בריוו: „איר זאָלט וויסן, הגם איך בין ווייט פון אייך אין אָרט, בין איך פון אייך דערווייטערט נאָר מיט מיין גוף, אָבער מיין נשמה איז מיט אייך. יעדער פון אייך האָט אַ חלק אין מיין תורה. איר דאַרפט גאָרניט אייער קאָפּ צעברעכן און אַ סך טראַכטן וועגן דעם וועג צו גאָט. איר דאַרפט נאָר צוגרייטן שטיינער און קאַלך, און איך וועל שוין אויפבויען פון דעם וואונדערלעכע בנינים. איך וועל תשובה טאָן פאַר אייך און איך וועל מתקן זיין, וואָס איר האָט פאַרדאָרבן". מיר זעען דאָ, ווי ר׳ נחמן האָט געזאָרגט פאַר זיינע חסידים.

בפרט האָט ער שטאַרק מקרב געווען די יינגערע חסידים. ער האָט מכבד געווען די יונגעלייט בעיקר. ער האָט געזאָגט: „איך קאָן ניט שטאַרק מקרב זיין די אַלטע חסידים; עס איז ניט גוט צו זיין אַלט, סיי אַן אַלטער חסיד, סיי אַן אַלטער צדיק; אַלט איז ניט גוט, נאָר יונג, נאָר באַנייאונג יעדן טאָג". זייער שטאַרק האָט ער מקרב געווען די חסידים —

אָרימעלייט. ער פלעגט זאָגן: „ווען איך זע אַן אָרימאַן, וועלכער גייט אין צעריסענע קליידער, צעריסענע שיך און טראָגט אַ צעריסענע הוט, און אַט דער אָרימאַן איז נאָך ווי עס איז עוסק אין עבודת הבורא, איז ער מיר זייער טייער". אַזוי האָט ער מקרב געווען די חסידים בעלי־מלאכות.

ער האָט צוגעזאָגט זיינע חסידים, אַז פון יעדן טריט, וואָס זיי מאַכן מיט זייער נסיעה צו אים, ווערט באַשאַפן אַ מלאך; און דורך דעם, וואָס זיי פאָרן צו אים, „ווערן זיי הייליק און אמתע כשרע יידן". בפרט האָט ער מדקדק געווען, אַז זיינע חסידים זאָלן צו אים קומען אויף ראש־השנה. ער האָט געזאָגט: „יאָ עסן, ניט עסן, יאָ שלאָפן, ניט שלאָפן, יאָ דאַווענען, ניט דאַווענען, אַבי איר זאָלט ביי מיר זיין אויף ראש־השנה". ווייל ביי אים איז געווען דער עיקר פון גאַנצן יאָר — ראש־השנה. ער פלעגט זאָגן: „פאַר מיר איז דער עיקר ראש־השנה. און אַז ער גייט אַוועק, נויג איך מיין אויער, כדי צו הערן, צי דער שמש וועקט שוין צו סליחות פאַר דעם אַנדער ראש-השנה".

ניט נאָר ביי זיין לעבן האָט ער געוואָלט זיין מיט זיינע חסידים צוזאַמען, ער האָט געוואָלט און אויך פאַרלאַנגט פון זיי, אַז זיי זאָלן בלייבן זיינע מקורבים אויך נאָך זיין טויט. דערמיט האָט ער זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז נאָך זיין טויט דאַרפן זיי ניט קיין אַנדער צדיק און פירער, ווייל ער בלייבט תמיד, אויך נאָך זיין טויט, מיט זיי. „וואָס איז איינגנטלעך דער חילוק ביים אמתן צדיק צווישן טויט און לעבן? פריער האָט ער געוואוינט דאָ און איצט וואוינט ער דאָרט אין קבר; עס איז גלייך ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען פון איין חדר אין דעם אַנדער חדר". הגם ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו פאָרן נאָך אַמאָל קיין ארץ־ישראל און דאָרט צו פאַרבלייבן, אָבער דער געדאַנק צו שטאַרבן ווייט פון זיינע חסידים האָט אים אָפּגעהאַלטן פון זיין נסיעה. ער האָט צו זיי געזאָגט: „איך וויל בלייבן צווישן אייך, און איר זאָלט קומען אויף מיין קבר". ער האָט געבעטן, אַז זיי זאָלן באַזוכן זיין קבר און צו אים ריידן ווי מען רעדט מיט אַ לעבעדיקן מענטשן, און דערפאַר „וועלן זיי ניצול ווערן פון גיהנום".

ער האָט פאַרלאַנגט פון זיינע חסידים, אַז זיי זאָלן מיט אים ריידן נאָר איבער רוחניות. ער האָט זיי אַמאָל געשריבן: „מיין נחת און תענוג, וואָס איך האָב אין מיין לעבן, איז נאָר דאָס, וואָס איך זע יידישקייט און עבודת אלהים ביי מיינע חסידים, און צוליב דעם האָב איך מפקיר געווען זיך און מיין ווייב און מיינע קינדער. איך האָב דאָך געקאָנט זיין אַ מפורסם ווי די אַנדערע צדיקים, צו וועמען די חסידים פאָרן און ווייסן ניט פאַרוואָס זיי פאָרן. זיי קערן זיך נאָכדעם צוריק אַהיים און ווייסן

ווידער ניט פארוואָס, זיי קומען ווידער און ווייסן ווידער ניט פארוואָס. אָבער איך האָב עס ניט געוואָלט, און האָב זיך מפקיר געווען פאר אייך, כּדי אייך אויסצובעסערן און אייך פירן בּדרך הישר. איך בּעט אייך: זייט כּשרע מענטשן, נאָר דאָס איז מיין וואונטש און פארלאַנג". אַמאָל, אַז זיי האָבּן אים געבעטן, ער זאָל פאר זיי מתפלל זיין אויף פּרנסה, איז ער געוואָרן אין כּעס און האָט געזאָגט: „איך ווייס ניט, ווי האָט איר אַ הארץ מיך מבלבל זיין מיט נארישקייטן פון עולם הזה. איך בּין דאָך גלייך צו איינעם, וואָס גייט טאָג און נאַכט אין מדבּר און זוכט דאָרט אַן אָרט צו מאַכן אַ ישוב; אויך אין יעדן פון אייך איז זיין הארץ אַ וויס־טער מדבּר אָן אַן אָרט פאר דער שכינה, און איך בּאַמי זיך צו יעדער צייט צו מאַכן אַ ריכטיקן אָרט אין אייער הארץ, וואו די שכינה זאָל קענען וואוינען". ער איז נאָר געווען אַ לערער, אַ פירער, אַ וועגווייזער, אָבער ניט קיין בּעל־שם; ניט מופתים און איבערנאַטירלעכע זאַכן האָט ער געוואָלט בּאַווייזן, נאָר ווי זיך צו פאַראייניקן מיט גאָט.

## ז.

ר' נחמן האָט שטאַרק מקרב געווען אַלע זיינע חסידים אָן אונ־טערשייד. נאָר אייניקע פון זיי האָט ער געהאַט תּמיד לעבּן זיך, זיי זיינען געווען זיינע נאָענטע תּלמידים, מיט וועמען ער האָט גערעדט איבּער אַלץ און פון אַלץ. זיי זיינען בּיי אים געווען כּמעט אַ גאַנץ יאָר. מיט זיי פלעגט ער שפּאַצירן אויסערן שטאָט און מיט זיי האָט ער ליבּ געהאַט צו ריידן איבּער פּאָליטיק און אַזוי פארבּרענגען די צייט אין שיחות חולין. און אָט פון די שיחות חולין, פון די פארשיידענע מעשיות און שמועסן האָט ער, ר' נחמן, געמאַכט אַ „תּורה", אַ שיינעם „דרוש" פול מיט מוסר און יראת שמים; ווי זיין זיידע דער בּעש"ט פלעגט בּאַ־נוצן די איינפאַכע רייד און דערציילונגען פון פאָלק, און האָט זיי וווייטער איבּערגעגעבּן אין זיין בּאַאַרבּעטונג, מיט אַ טיפן געדאַנק און מוסר, אַזוי פלעגט אויך ר' נחמן די איינפאַכע זאַכן בּאַאַרבּעטן אין זיין זין.

מיט זיינע רייד פלעגט ער בּאַגייסטערן זיינע צוהערער. ר' נתן, זיין תּלמיד, דערציילט: מען איז גאָרניט בּכּוח, ניט מיט שריפט און ניט מיט רייד, אויסצומאָלן דעם שטאַרקן הייליקן בּרען פון זיינע הייליקע פייערדיקע דיבּורים, וואָס זיינען אַרויס פון זיין הייליקן מויל. יעדער דיבּור פון אים, אפילו אַ דיבּור פון שיחות חולין, ומכּל שכּן אַ דיבּור פון עבודת הבּורא אָדער תּורה, פלעגט לייכטן און בּרענען ווי אַ שטאַר־קער פייער און פלעגט אָנצינדן און אויפפלאַקערן די הערצער פון די

צוהערער; דורך זיינע רייד פלעגט מען צוגעבונדן ווערן צו גאָט מיט אַן אמתן שטאַרקן גלויבן".

ער פלעגט תּמיד זאָגן תּורה; ער האָט ניט געהאַט, ווי אַנדערע צדיקים, אַ באַשטימטע צייט אָדער אַ באַשטימטן אָרט פאַר זיין תּורה, ער איז תּמיד געווען מוכן ומזומן צו זאָגן: אַמאָל אין דער היים, אַמאָל ביים שפּאַצירן, אַמאָל זיצנדיק אויף אַ שטיק האָלץ, וואָס איז געלעגן לעבן דעם בית־המדרש. צו יעדער צייט, ווען זיינע חסידים האָבן פון אים פאַרלאַנגט, איז ער געווען מוכן ומזומן, אַפילו דאַן, ווען ער איז געווען זייער קראַנק. ר' נתן דערציילט, ווי אין דעם לעצטן ראש־השנה פאַר זיין טויט, אַז ר' נחמן איז שוין געווען געפערלעך קראַנק און האָט שטאַרק געהוסט און געשפּיִיט מיט בלוט, האָבן זיך די חסידים פאַרזאַמלט אין אַ חדר און האָבן דאָרט געוואַרט, אַז ער זאָל קומען זאָגן תּורה. „אין דער שעה איז אים באַפאַלן אַ שטאַרקער הוסט און ער האָט פיל בלוט פון זיינע לונגען אויסגעשפּיִיט, גאַנצע כלים זיינען פול געווען מיט דעם בלוט. און מיר האָבן געוואַרט און געוואַרט, ער זאָל ריידן, אָבער צוליב זיין גרויס שוואַכקייט און הוסטן האָט ער ניט געקאָנט ריידן. ער האָט געשיקט נאָך מיר און איך בין צו אים געקומען און ער האָט מיך גע־פרעגט, וואָס ער זאָל טאָן, ער קאָן ניט זאָגן קיין תּורה. איך האָב אים געטרייסט און באַרויִקט און האָב אים געבעטן, ער זאָל דאָך אַריינקומען צום עולם, וואָס וואַרט אויף זיין תּורה, און גאָט וועט שוין אים העלפן. ער האָט געענטפערט: „גוט, איך וועל זיך מוסר־נפש זיין". ער האָט מיך געשיקט, אַז מען זאָל אים צוגרייטן אַן אָרט לעבן דער טיר, כדי אויב אים וועט ווערן שלעכט, זאָל מען אים קענען תּיכף אַרויסטראָגן פון זיין צימער. דאַן איז ער אַריינגעגאַנגען און האָט זיך געזעצט אויף דעם שטול און האָט אָנגעהויבן זאָגן תּורה מיט אַ שטילן קול. לכתּחילה האָבן מיר געגלויבט, אַז ער וועט גאָרניט בכּוח זיין צו ענדיקן זיין תּורה, אָבער גאָט האָט געהאָלפן און ער האָט די תּורה גומר געווען".

מיר זעען, אַז ר' נחמן האָט זיך פּשוט מוסר־נפש געווען פאַר זיין תּורה. ער אַליין האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט אין דער ווירקונג פון זיין תּורה אויף זיינע חסידים, אַז ער האָט אַפילו פאַר זיי געזאָגט תּורה, אַפילו ווען ער איז אַזוי שטאַרק קראַנק געווען, ווען ער איז געווען אַ נוטה למות. זיינע חסידים פון זייער זייט האָבן גאָרניט געפילט קיין רחמנות אויף זייער קראַנקן צדיק און האָבן פון אים פאַרלאַנגט, ער זאָל אָנשטרענגען זיינע לעצטע כּוחות און זאָל זאָגן פאַר זיי תּורה; ווייל זייער גלויבן אין דער גרויסער וויכטיקייט פון זיין תּורה איז געווען ביי זיי העכער פון אַלץ. זיי זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז די תּורה, וואָס ער וועט

זאָגן, וועט אים געבן מער כּוח און חיות, אַז זיין תּורה ברענגט לעבן פאַר אים און פאַר זיי.

## ח.

ר׳ נחמנס „תּורה" איז ניט געווען אַן איבערפלעכלעכע, איבער־געחזרטע, וואָס פריערדיקע צדיקים האָבן שוין געזאָגט, ווי דאָס רוב צדיקים אין זיין צייט האָבן עס געטאָן. ניין, ר׳ נחמן איז ניט געווען דער מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט זיך צו שטיצן אויף דעם אַנדערן; ער איז געגאַנגען זיין אייגענעם וועג; ער האָט געהאַט זיינע אייגענע געדאַנקען און האָט זיי מיט טיפקייט און שטאַרקייט אויסגעדריקט. ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר עיכּובים אָדער פאַר מחלוקת און התנגדות צו זיינע ווער־טער; מיט גרויס מוט איז ער געגאַנגען אַליין אין זיין וועג, אָדער ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט: „ער מאַכט אַ וועג אין דעם מדבּר".

דער יסוד פון ז י י ן חסידות איז געווען די א מ ו נ ה, דער אמת תּמימותדיקער גלויבן אין גאָט, אָן שום חכמות און אָן שום ספקות. ארויסגע־גאַנגען פון דעם שטאַנדפּונקט, גרייפט ער שטאַרק אָן די יידישע אַלטע חוקרים, וואָס האָבן געזאָגט, אַז „דער עיקר השגה אין גאָט קאָן נאָר זיין דורך חקירה און ווויסנשאַפט". ר׳ נחמן, וואָס האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט דאָס פאָלק, דעם המון, וועלכער זאָגט, אַז י ע ד ע ר איינצלנער ייד האָט אין זיך אַ חלק פון גאָט און יעדער ייד איז אַ צדיק — ער, נאַטירלעך, האָט ניט געקאָנט ליידן די אויבנדערמאָנטע מיינונג, אַז נאָר דורך חקירהן און פילאָזאָפירן קאָן מען משיג זיין גאָט.

ווי עס מוז זיין אַן אמתע אמונה אין גאָט, אַזוי מוז אויך דער ייד גלויבן באמונה פּשוטה אין דעם צדיק, וואָס איז דער פאַרמיטלער צווישן דעם מענטשן און גאָט. מען דאַרף אין אים גלויבן אין אמונה פּשוטה, אָן שאלות און ספיקות. „דער צדיק איז גלייך צו גאָט: ווי אויף גאָט זיינען דאָ קשיות, ווייל מיר זיינען ניט בכּוח אים צו פאַרשטיין, אַזוי זיינען אויך דאָ קשיות אויף דעם צדיק, ווייל מיר קאָנען ניט אים גאַנץ פאַר־שטיין". לכן דאַרפסטו אין דעם צדיק גלויבן סתם באמונה שלימה ווי אין גאָט. דו דאַרפסט אים אַלץ אָנפאַרטרויען און „זיך פאַר אים מ ת ו ו ד ה זיין אויף דיינע זינד, און ער איז בכּוח מ כ פּ ר צו זיין דיינע עבירות".

אָט דער געדאַנק, זיך מתוודה זיין אויף די זינד פאַר אַ מענטשן, איז אַ גאַנץ נייער געדאַנק אין יידנטום; ער האָט אויך אַ רושם געמאַכט אין יענער צייט, ווייל מען האָט אים געהאַלטן פאַר גאַנץ פרעמד...

שטיצנדיק זיך אויף דער אמונה פשוטה, האָט ר׳ נחמן אָנגעזאָגט זיינע חסידים זיי זאָלן זיך ניט נאָכיאָגן נאָך פארשיידענע תחבולות ווענן פרנסה וכדומה. מען זאָל זיך נאָר פארלאָזן אויף גאָט. „ער וועט געווים העלפן ווען מען גלויבט אין אים״. ער האָט אויך פארבאָטן זיינע חסידים זיך צו קורירן ביי דאָקטוירים און נאָר זיך פארלאָזן אויף גאָט. ער האָט געזאָגט ווענן די דאָקטוירים: „דעם מלאך-המות איז געוואָרן שווער זיין אַרבעט האָט ער גענומען די רופאים זיי זאָלן אים העלפן״.

וואוהין ר׳ נחמן ווענדט זיך רופט ער צו אמונה, נאָר אמונה תמימה, דאָס איז דער יסוד פון יידנטום.

## ט.

נאָט דינען און ווענן אים תמיד דענקען, דאָס איז אַן עיקר גדול ביי ר׳ נחמנען. „גאָט דינען״ איז פאַר ר׳ נחמן בראַצלאַווער ניט פארבונדן מיט זייער שווערע זאַכן אָדער מיט פיל לערנען און פילפול, ניין, דער עיקר איז די אמונה, דאָס הארץ. „מען קאָן זיין אַן אָדם כשר אפילו ווען מען קאָן ניט לערנען. דורך תהילים-זאָגן אַליין קאָן מען זיך דערהויבן״.

פון די פארשיידענע עבודות צו גאָט שטייט די ת פ י ל ה ביי אים אויף דעם חשובסטן פלאַץ. דאַווענען, מתפלל זיין מיט גרוים התלהבות און דבקות און שמחה. בשעת ער דאַווענט דאַרף דער מתפלל אינגאַנצן אויפגיין אין גאָט און מבטל זיין זיין „איך״, זיך זעלבסט פארגעסן און נאָר „זיך פאַראייניקן מיט גאָט״. למשל, ווי אַ מענטש שטייט פאַר דעם מלך און רעדט מיט אים, דאַן פארגעסט דער מענטש אין אַלץ און אין זיך זעלבסט און קאָנצענטרירט זיך נאָר אין דעם מלך, אזוי אויך ווען ער דאַווענט פאַר גאָט דאַרף ער אַלץ פארגעסן און דענקען נאָר ווענן גאָט. יעדעס וואָרט פון זיין דאַווענען דאַרף דער מתפלל גוט אויסריידן און מיט גרויסער כוונה. ער איז דעמאָלט גלייך צו אַ מענטשן, „וועלכער קלייבט בלומען אין פעלד, ער נעמט זיי אַלע צוזאַמען און מאַכט פון זיי אַ בוקעט. אזוי איז דער מתפלל: פון זיינע ווערטער ווערט אַ בוקעט און דאָס גייט הויך אין הימל״.

ווי זיין זיידע דער בעש״ט, אזוי אויך ער האָט זייער שטאַרק גע־האַלטן פון דאַווענען אויף דעם פעלד צווישן די ביימער און גראָז, ווייל „די תפילות פון די ביימער און גראָז פאַראייניקן זיך צוזאַמען מיט זיין תפילה אין איין האַרמאָניע און זיי גייען צוזאַמען אַרויף אויפן הימל״.

די תפילות פון דעם מענטשן זאָלן זיין מיט געפיל, אַרויסגיין טיף פונם האַרצן. און צו יעדער צייט, וואָס עס פאַסט דעם מענטשן אַ געפיל

צו גאָט, זאָל ער תיכף מתפלל זיין צו גאָט, אַן אייגענע געמאַכטע תפילה, וואָס עס קומט אים אין מויל אַריין, ווערטער פון האַרץ זאָל ער ריידן פאַר גאָט, און אין דער שפּראַך, וואָס ער רעדט, „ווייל ווען מען איז מתפלל אין דעם לשון, וואָס מען רעדט, איז דאָס האַרץ נאָענט און צוגעבונדן צו די ווערטער, וואָס מען רעדט אַרויס, און מען קאָן זיך דורך דעם מער פאַראייניקן מיט גאָט". אמת, „וואָס די כּנסת הגדולה האָבן אונז מתקן געווען תפילות אין לשון הקודש, דאַרפן מיר אָפּהיטן און זיי מתפלל זיין ווי זיי האָבן מסדר געווען", אָבער דער מענטש זאָל מוסיף זיין יעדן טאָג אייגענע תפילות בשעת ער איז זיך מתבודד מיט גאָט, און אָט די תפילות זאָל ער מתפלל זיין אין זיין שפּראַך, וואָס ער רעדט.

ר' נחמן האָט שטאַרק געהאַלטן פון התבודדות: זיך צוריקציען און זיך באַהאַלטן פון דער „פאַלשער וועלט", פון די מענטשן, „וואָס יאָגן זיך נאָך געלט דעם גאַנצן טאָג". דורך התבודדות קאָן דער מענטש קומען צו דער גרויסער מדרגה פון „ביטול היש", אַז ער איז מבטל דעם יש, און קאָן זיך דאַן פאַראייניקן מיט גאָט. דער עיקר פון התבודדות איז ביינאַכט, ווען אַלץ איז שטיל און שלאָפט, און דער אָרט פון התבודדות איז „אויף דעם פעלד אָדער אין וואַלד, וואו עס איז פאַראַן גראָז, ווייל דאָס גראָז דערוועקט דאָס האַרץ פון דעם מענטשן". דאָרט, אין דער נאַטור, אין דער נאַכט „קאָן זיך דער מענטש מתבודד זיין מיט גאָט, דאָרט קאָן ער זיך אין אים באַהעפטן און ווערן מיט אים איינס".

י.

ר' נחמן פאַרלאַנגט פון דעם מענטשן ניט נאָר עבודה תמימה צו גאָט, ער פאַרלאַנגט אויך גוטע מידות: ווי דער מענטש זאָל זיך באַנעמען אַלס מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, פון דער מענטשהייט. אָבער אויך די גוטע מידות פון דעם מענטשן זיינען פאַר אים ניט איינפאַכע, וועלטלעכע זאַכן; פאַר אים איז אַלץ געטלעך, אַלץ איז פון גאָט און אום גאָטס וועגן.

דער מענטש מוז נאָר אמת זאָגן, אמת דענקען, אמת לעבן. „בעסער שטאַרבן און ניט אַ ליגנער זיין". דער מענטש דאַרף ניט חנפענען, ניט מקנא זיין, ניט מבזה זיין קיין מענטשן, ניט זיין אין כּעס, ניט שיכּורן, ניט זיין אַ כּפוי־טובה, ניט ריידן ניבול־פּה; דער מענטש דאַרף צדקה טאָן, מכניס אורח זיין, ליבן, שלום מאַכן, זוכן ביי יעדן נאָר דאָס גוטע אין אים, „אפילו ביי אַ רשע גמור קאָן מען געפינען גוטס"; זיין אַ סבלן. אפילו אַז מען איז דיך מבייש און מבזה זאָלסטו שווייגן און ליידן. און

„ווען איינער איז דיין קעגנער, טו מיט אים גוטס"; און זיי אַן עניוו.

ער ליבט די אָרימקייט און האסט די רייכקייט: „אַלע עבודות זרות שטעקן אין דעם געלט"; „אַן אמתער פֿשרער מענטש קאָן ניט האָבן קיין געלט". בעסער צו לעבן אין דחקות ווי צו לעבן אין עשירות און זיך מאכן פיל דאגות ווי אזוי געלט צו באקומען, מער געלט, כדי מער אויס־צוגעבן אויף אַ רייכער וואוינונג און רייכע קליידער. ר' נחמן ווענדט זיך צו די רייכע מענטשן און זאָגט: „ווארפט אוועק אייערע זילבערנע און גאָלדענע געטער און קערט זיך צו דעם איינציקן גאָט, און זייט מתפלל צו אים".

זייער שארף איז ר' נחמן קעגן גטן. ער איז שטארק מדקדק מיט שלום-בית; מען זאָל אָפּגעבן כבוד דער פרוי און מען זאָל לעבן מיט איר אין שלום. אפילו ווען אַ מאַן האָט אַ שלעכטע פרוי זאָל ער זיך באמיען און גוט לעבן מיט איר און זיך ניט גטן. ווער עס גט זיין פרוי, וועט אים ניט גיין גוט.

זייער שטארק האָט ר' נחמן מזהיר געווען אויף שמחה. פריילעך זאָל דער ייד תמיד זיין, ער זאָל אַלע צרות און יסורים בייקומען און זאָל פריילעך זיין. דער חסידיזם האָט די גאַנצע טרויעריקייט פון דער קבלה בייגעקומען. ווען דער זוהר און נאָכדעם דער אר"י הקדוש האָבן פיל געוויכט געלייגט אויף וויינען און קלאָגן, איז געקומען דער חסידיזם און האָט אָפּגעשאפט דאָס וויינען. „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין", איז אַ חסידישער שפּריכוואָרט. זייער שטארק איז ר' נחמן מדקדק מיט שמחה. און בפרט מיט אַ פריילעכן ניגון: „דער ניגון דערוועקט דאָס הארץ צו גאָט"; „דער ניגון איז אַ גרויסע און דערהויבענע זאך".

דער ניגון פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט אינם חסידיזם בכלל, אָבער נאָך מער ביי ר' נחמן בראצלאווער. ער ווייזט אָן אויף דעם גרויסן הייליקן סוד פון דעם ניגון און זיין גרויסע קראפט אויף דעם הימל און אויף דער ערד. „אַלץ אין דער וועלט האָט איין ניגון, זיין אייגענעם ניגון, מיט וועלכן ער זינגט צו גאָט; אזוי האָבן דער הימל און די ערד זייער אייגענעם ניגון. און דער מענטש האָט אַ ניגון, אַלע זיינע אברים זיינען פול מיט ניגונים. יעדער אבר אין מענטשן פילט, ווען מען שפילט אָדער מען זינגט אַ ניגון, וואָס פאסט צו דעם באהאלטענעם ניגון, וואָס איז פאראן אין דעם אבר; דאַן דערוועקט זיך דער אבר דורך דעם ניגון פון דרויסן און הייבט אָן זיך צו באוועגן, צו טאַנצן. ווייל אין יעדן אבר איז דאָ אַ תנועה, אַ ריטם, וואָס איז שייך אָט צו דעם ניגון, וואָס מען שפילט אָדער מ'זינגט; אזוי איז דאָ אַ ריטם אין קאָפּ, אין די פיס, אין די הענט, בקיצור, אין גאַנצן גוף. נאָך שענער איז, ווען דער ניגון איז מיט ווערטער,

מיט א שיר, א ליד. ווייל דאָס ליד, די ווערטער זיינען שטאַרק שייך, פאַר־בונדן מיט דעם ניגון. אָט די אַלע דריי צוזאַמען: ניגון, ליד, טאַנץ, האָבן א האַרמאָניע, אַן איינהייט. אָט ווען מען איז זוכה צו די אַלע דריי צוזאַמען, און מען פאַרשטייט און מ'פילט זיי אַלע גוט, ווערט מען ממש בטל פון גרוים מתיקות און פאַרגעניגן. דאָס איז דער גרעסטער תענוג פון אַלע תענוגים אין דער וועלט, און ווער עס האָט ניט פאַרזוכט פון דעם תענוג, ווייס ניט, וואָס פאַר א תענוג עס איז דאָ אויף דער וועלט". נאָר עס איז דאָ נאָך א גאַנץ רוחניותדיקער ניגון, און דאָס איז דער ניגון פון דער אמונה, פון דעם גלויבן אין גאָט: „יעדע חכמה אין דער וועלט האָט א ניגון מיוחד, אפילו די אַפּיקורסותדיקע חכמה האָט א ניגון, און די אַלע ניגונים שעפּן זייער קראַפט פון דעם גאַנץ דערהויבענעם ניגון פון דער אמונה, וואָס שטייט העכער און דערהויבענער איבער אַלע ניגונים פון די וועלט־חכמות. דעם ניגון צו הערן און פאַרשטיין איז נאָר זוכה דער צדיק הדור. דעם ניגון האָט פאַרשטאַנען נאָר משה רבנו, וועלכער האָט מיט דעם כוח געקאָנט זינגען די שירה אויף דעם ים: „אָז ישיר משה". ר' נחמן איז מרמז, אַז ער האָט דעם ניגון פון דער אמונה פאַר־שטאַנען, אויך דעם סוד פון טאַנץ האָט ער פאַרשטאַנען. ער האָט גע־זאָגט: „ווען מען זאָל הערן אפילו נאָר איין תורה פון אים מיט דעם ניגון און טאַנץ, וואָס זיי זיינען שייך צו דער תורה, דאַן וואָלטן אַלע בטל גע־וואָרן תכלית הביטול פון דער גרויסער מתיקות און תענוג; אפילו די חיות און דאָס גראָז וואָלטן בטל געוואָרן פון כלות הנפש". ר' נתן דערציילט פון ר' נחמנען: „ער פלעגט זייער אָפט זינגען א ניגון מיוחד, און דער ניגון איז אונז אַלעמען באַקאַנט. צוזאַמען מיט דעם ניגון פלעגט ער טאַנצן. ווער עס האָט ניט געזען זיין טאַנצן, האָט אין זיין לעבן ניט געזען קיין גוטס אויף דער וועלט. אַלע מענטשן, וואָס האָבן עס געזען, האָבן מהרהר געווען אין תשובה, און זייער התלהבות איז געווען זייער גרויס".

## יא.

זיצנדיק אין בראַצלאַוו איז איינגעטראָטן א נייע עפּאָכע אין ר' נחמנס גייסטיקן לעבן: די עפּאָכע פון דערציילן מעשיות. אין יאָר תקס"ו האָט ער געזאָגט צו זיינע תלמידים: „איך וועל אָנהייבן צו דער־ציילן מעשיות".

שוין דער בעש"ט און זיינע תלמידים האָבן ליב געהאַט צו דער־ציילן מעשיות אין זייער תורה, אָבער ר' נחמן האָט גאַנץ אַנדערע מעשיות דערציילט. דער בעש"ט און די אַנדערע צדיקים האָבן די מעשיות, וואָס זיי האָבן דערציילט, פאַרפלאָכטן צוזאַמען מיט זייער תורה; די תורה,

וואָס זיי האָבן געזאָגט, איז געווען דער עיקר, דער תוך, און די מעשה איז נאָר געווען אַלס משל, אַלס ביישפּיל צו דער תורה. גאַנץ אַנדערש איז ר׳ נחמן: ער האָט נאָר דערציילט מעשיות, אָן תורה, אָן מוסר, נאָר דער־ציילט און דערציילט פון גאַנץ פאַרשיידענע זאַכן: פון אַ פאַרלאָרענער בת-מלכּה; פון אַ מלך און אַ קיסר; פון אַ הינקענדיקן; פון אַ מלך, וואָס האָט גוזר געווען שמד; פון אַ מלך, וואָס האָט קיין קינדער ניט געהאַט; פון אַ מלך, וואָס איז אַ חכם; פון אַ מלך, וואָס האָט איינגענומען פיל מדינות; פון אַ רב, וואָס האָט געהאַט אַ בן-יחיד; פון אַ חכם און אַ תּם; פון אַ בן־מלך און אַ בן־שפחה, וואָס האָבן זיך פאַרביטן; פון אַ בעל־תּפילה; פון זיבן בעטלער. אָט די מעשׂיות און נאָך פיל אַנדערע האָט ער דערציילט זיינע חסידים אין יידיש, און האָט אָנגעזאָגט זיין תּלמיד ר׳ נתן, אַז ער זאָל די 13 מעשיות איבערזעצן אין העבּרעאיש און זאָל זיי אַרויס־געבן אין ביידע שפּראַכן, און זיי געפינען זיך אַצינד אין פאַרשיידענע אויסגאַבן.

רייך אין פאַרבן און פאַנטאַזיע, זיינען די מעשיות איינגאַרטיק אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. ר׳ נחמן איז דורך זיי געוואָרן ניט נאָר דער גרעסטער דיכטער אין דער חסידישער ליטעראַטור, נאָר ער פאַר־נעמט אַ שיינעם פּלאַץ אויך אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. די מעשה פון די זיבן בעטלער איז אַ פּערל אין אונזער ליטעראַטור. ר׳ נחמן אַליין האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיינע מעשיות. ער האָט וועגן זיי געזאָגט: „זיי זיינען וואונדערלעכע חידושים, און זיי זיינען ראוי צו דער־ציילט ווערן אין שול פאַרן עולם. ער האָט געוואָלט דערציילן אַ גוואַלטיקע מעשה, וואָס מען האָט זי דערציילט נאָר איין מאָל, און דאָס איז געווען אין דער צייט פאַר דעם בית-ראשון, און אויך די נביאים פון דעמאָלסט האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם סוד פון דער מעשה. און נאָר דורך פאַרשיידענע סיבּות האָט ר׳ נחמן די מעשה ניט דערציילט. שטאַרק גע־האַלטן האָט ר׳ נחמן פון זיין מעשה מיט די זיבן בעטלער. ער האָט גע-זאָגט: „ווען איך זאָל ניט וויסן קיין אַנדער זאַך, נאָר די מעשה אַליין, וואָלט עס אויך געווען אַ גרויסער חידוש״.

פאַר זיינע חסידים איז קיין שום חילוק ניט געווען צווישן זיינע מעשיות און זיין תורה. דער רוח הקודש רוט אויף אַלע גלייך. יעדער חסיד איז אַ בקי אין די מעשיות, און ער דערציילט זיי אויסווייניק. ר׳ נחמן האָט געמאַכט פּירושים און אויפקלערונגען צו די מעשיות, און האָט געפּרוווט ווייזן די גרויסע סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין זיי.

## יב.

ר׳ נחמן איז געזעסן אין בראַצלאַוו מיט שלווה. זיינע חסידים האָבן זיך געמערט, הגם די מחלוקת און די רדיפות קעגן אים האָבן זיך געשטאַרקט. ער איז געשטיגן אין זיין חסידות און אין די אויגן פון זיינע חסידים, און דאָס האָט אים געטרייסט און געשטאַרקט. ער האָט דעמאָלט זייער שטאַרק געגלויבט אין זיך זעלבסט און אין זיינע ווערטער, אַז זיי וועלן אייביק בלייבן און אייביק ווירקן. „מיין פייער, — האָט ער דעמאָלט געזאָגט, — וועט אייביק ברענען און קיינמאָל ניט פאַרלאָשן ווערן״; ער האָט געגלויבט, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט און „די גאַנצע וועלט וועט ווערן בראַצלאַווער חסידים״.

אָבער אויך אין בראַצלאַוו איז געשטערט געוואָרן זיין רו. די מחלוקת האָט אים דערגרייכט אויך אין בראַצלאַוו. אַ סך פון זיינע פריינט האָבן אים פאַרלאָזן און זיינען איבערגעגאַנגען צו זיינע שונאים און ער איז געבליבן אליין נאָר מיט זיינע חסידים.

אין דער צייט איז ר׳ נחמן געוואָרן שטאַרק פעסימיסטיש, דאָס לעבן איז אים געוואָרן צו-לאַסט. דעמאָלט האָט אים אָנגעהויבן פאַרדריסן, פאַרוואָס ער איז געוואָרן אַ מפורסם; עס וואָלט אים בעסער געווען צו זיין אַ פּשוטער מענטש, „דאַן וואָלט ער געגאַנגען אויף דעם מאַרק און וואָלט געקוקט אויף דער וועלט און געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט״. דעמאָלט האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין דאָרף, וואו ער איז געווען אַ מתבודד אין וואַלד און אין פעלד, און האָט ווייניק מענטשן געזען.

בראַצלאַוו איז אים געוואָרן צו ענג. „איך האָב פיינט בראַצלאַוו״, האָט ער געשריבן זיינע חסידים אין יאָר תּקס״ז, „ווייל איך האָב דאָרט געליטן פיל צרות. פון איצט אָן וועל איך אַרומפאָרן פון אָרט צו אָרט״. און פון דעמאָלט אָן זעען מיר אים אין פאַרשיידענע ערטער נע-ונד. ער אליין האָט אויפגעקלערט, אַז ער איז מתקן נשמות מיט זיינע רייזעס; אומעטום זיינען דאָ „נאַקעטע נשמות״, נאַקעטע פון מעשים טובים, און זיי דאַרפן תּיקונים, און ער, ר׳ נחמן, איז געשיקט פון גאָט צו מתקן זיין אָט די „נאַקעטע נשמות״. ער האָט געזאָגט: „עס איז פאַראַן אַ פעלד און דאָרט וואַקסן בוימער און גראָז. מען איז גאָרניט בכּוח אויסצומאָלן די שיינקייט פון דעם פעלד און זיינע געוויקסן; די בוימער און דאָס גראָז זיינען הייליקע נשמות. אָבער עס זיינען דאָ נאַקעטע נשמות, וועלכע זיינען נע-ונד; חוץ דעם פעלד, אין דרויסן, בלאָנדזשען זיי אַרום און וואַרטן אויף אַ תּיקון, כּדי זיי זאָלן קענען אַריינגיין אין פעלד״.

אין יאָר תּקס״ז איז ר׳ נחמן קראַנק געוואָרן אויף זיינע לונגען.

זיין זייער שוואכער גוף האט ניט געקענט איבערטראגן די שטארקע מחלוקת און רדיפות קעגן אים, און דערצו נאך זיין אומרויִקער גייסט, זיין שטארקער טעמפעראמענט. נאך ראש־השנה תקס"ח איז ער געפארן קיין לעמבערג. דארט איז ער שטארק קראנק געווארן און מען האט אפילו געשמועסט אין בראצלאוו, אז ער איז דארט געשטארבן.

אין זומער תקס"ח איז ער צוריקגעקומען קיין בראצלאוו קראנק און מיד און מרה־שחורהדיק. אבער לאנג האט ער ניט געקאנט בלייבן אין בראצלאוו און איז געפארן אין אן אנדער שטאט. אין יאר תק"ע, אין חודש אייר, איז געווען א גרויסע שריפה אין בראצלאוו און זיין הויז איז פארברענט געווארן, און ר' נחמן האט זיך באזעצט אין אומאן.

שוין לאנג האט ר' נחמן געזוכט א פאסנדן ארט פאר זיך, וואו ער זאל קומען צו קבר ישראל. ער האט ענדלעך אויסגעקליבן אומאן, ווייל, וויע ער האט געזאגט, די הייליקע נשמות פון די, וואס זיינען אומגעקומען אין אומאן אין די צייטן פון גאנטע און די היידאמאקעס, אט די הייליקע נשמות ווילן ער זאל ביי זיי ליגן באגראבן.

זיין קראנקהייט האט זיך געשטארקט מיט יעדן טאג; זיינע כוחות האבן אים פארלאזן, און ער איז געווארן זייער שוואך.

שבת נחמו, שוין זייענדיק גאר שוואך, זיינען צו אים געקומען פארשיידענע אורחים. ער האט צו זיי געזאגט: „פארוואס זייט איר צו מיר געקומען? איך ווייס איצט גארניט; איך בין איצטער אן איש פשוט". ער האט אנגעהויבן מיט זיי צו ריידן פון זיין רייזע אין ארץ־ישראל „און איז געקומען אין גרוים שמחה, און האט געהייסן מען זאל פיל זינגען".

ראש־השנה תקע"א האט זיך זיין קראנקהייט זייער געשטארקט. ער האט געהוסט מיט פיל בלוט און זיינע כוחות האבן אים פארלאזן, אבער ער האט זיך אנגעשטרענגט און האט געזאגט תורה. ער האט געזאגט: „איך האב רחמנות אויף דער וועלט".

ער האט געפילט, אז דער טויט שטייט נאענט און זיינע טעג זיינען געציילטע. דעמאלט האט ער געזאגט: „קעגן אונז שטייט א הויכער און שרעקלעכער בארג; איך ווייס ניט אויב מיר דערנענטערן זיך צו דעם בארג אדער דער בארג גייט צו אונז".

אין דער צייט האט ער געזאגט אויף זיך: „איך האב שוין דער־גרייכט אזא הויכע מדרגה, וואס א בשר ודם קאן ניט העכער דערגרייכן. ווייל איך קאן ניט שטיין אויף איין מדרגה, איך וויל נאך העכער און העכער גיין, לכן בענק איך שוין נאך דעם טויט, כדי איך זאל זיך אויס־

טאָן פון מיין גוף, וועלכער איז מעכב צו דערגרייכן נאָך העכערע מדרגות".

דינסטאָג אינדערפרי, דעם פערטן טאָג סוכות, האָט ער אָנגעהויבן צו גוססן. מיט אַ צעבראָכן האַרץ און מיט טרערן אין די אויגן זיינען זיינע תלמידים געשטאַנען ארום אים און האָבן צוגעזען ווי דאָס גרויסע ליכט הייבט אָן אויסגעלאָשן צו ווערן.

„וואָס האָט איר צו דאַגהן, איך גיי פאַר אייך", האָט ער זיי געטרייסט.

ר' נתן האָט אָנגעהויבן צו וויינען, און מיט אַ ציטערדיקער שטימע האָט ער אים געזאָגט:

„רבי, רבי, אויף וועמען לאָזט איר אונז איבער?"

ר' נחמן האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו אים, ווי ער האָט געוואָלט זאָגן: „איך פאַרלאָז אייך ניט".

דעם זעלביקן טאָג, נאָכמיטאָג, איז ר' נחמן געשטאָרבן, אַכט־און־דרייסיק יאָר אַלט.

ר' נתן דערציילט ווי ר' נחמן האָט אויסגעזען נאָך זיין טויט: „זיין פּנים האָט געשמייכלט, און ער האָט אויסגעזען ווי אין זיין לעבן, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען אין זיין צימער אַהין און אַהער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, און איז דעמאָלסט געווען מלא־חן. בשעת ער איז געלעגן אויף דער ערד האָבן פון אים געשמעקט די בעסטע ריחות".

„איך וויל בלייבן צווישן אייך און איר זאָלט קומען אויף מיין קבר". די ווערטער פון ר' נחמן צו זיינע חסידים זיינען געבליבן ביי זיי טיף אין האַרצן ביז אַצינד; ווי דעמאָלט, מיט הונדערט יאָר צוריק, אַזוי אויך איצט, פאַרזאַמלען זיך די בראַצלאַווער חסידים אויף זיין קבר, ובפרט ראש־השנה, און זיי זיינען דאָרט מתפּלל. זיי ריידן צו אים און דערציילן אים זייערע צרות און יסורים, ווי זיי ריידן מיט אַ לעבעדיקן מענטשן; זיי ריידן צו אים פונקט ווי זיי האָבן אים געקענט און געזען. וואָרעם אין דער אמתן איז ער פאַר זיי קיינמאָל ניט געשטאָרבן; ער איז זיי קיינמאָל ניט פרעמד געווען, הגם זיי האָבן אים קיינמאָל ניט געזען; זיי קענען אים און וויסן אים און און פילן אים און הערן אים ריידן מיט זיי. ער איז תמיד מיט זיי און זיי מיט אים.

ר' נחמן בראַצלאַווער איז געשטאָרבן און מיט אים איז אויך געשטאָרבן די „צדיקים־דינאַסטיע" פון בעש"ט: ניט די קינדער פון ר' משה חיים אפרים סעדילקאָווער, און ניט די קינדער פון ר' ברוך

מעזשיבאָזשער, און ניט די קינדער פון ר' נחמן בראַצלאַווער האָבן אַ ראָלע געשפּילט צווישן די חסידים, אָדער אין חסידיזם. עס זיינען נאָר געבליבן: דעם „בעל-שמם אייניקלעך", ניט „צדיקים"; „אייניקלעך", אָט די לעבן נאָר אין דעם זכות פון זייערע „זיידעס" די צדיקים, און זייער חשובדיקייט ביים פאָלק איז נאָר, ווייל זיי זיינען „יחסנים", דעם בעש"טם אייניקלעך, ניט מער.

## יג.

דער חסידיזם איז ווי אַ גרויסער בוים מיט אַ סך צווייגן. יעדער צווייג איז אַ וועלט פאַר זיך. אַלע צווייגן געהערן צום זעלבן בוים און לעבן פון דעם זעלבן קוואַל. צווישן די פילע צווייגן געפינט זיך איין צווייג אויפן בוים פון חסידיזם, וועלכער איז גאַנץ אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע צווייגן: דאָס איז דער בראַצלאַווער חסידיזם.

אַנדערש לעבן די בראַצלאַווער חסידים, ניט ווי אַלע אַנדערע חסידים. אַלע חסידים האָבן נאָך ביז היינטיקן טאָג זייער רבין, זייער פירער און לערער. זיי שטייען אין אָרגאַניזירטער פאַרבונדנקייט מיט דעם רבין, זיי פרעגן ביי אים אַן עצה אין אַלע זייערע אַנגעלעגנהייטן. ניט אַזוי זיינען די בראַצלאַווער. זיי האָבן ניט קיין רבין, ניט קיין פירער. דער באַגרינדער פון בראַצלאַווער חסידיזם, ר' נ ח מ ן ב ר אַ צ ל אַ ו ו ע ר, איז געשטאָרבן שוין העכער הונדערט יאָר.

ר' נחמן בראַצלאַווער האָט נאָך זיך קיין קינדער ניט געלאָזן. ער האָט געהאַט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן תּלמיד, ר' נ ת ן ב ר אַ צ ל אַ ו ו ע ר, וועלכער איז געווען זיין רעכטע האַנט. ר' נתן איז טאַקע געווען זייער אָנגענומען ביי די בראַצלאַווער חסידים. אָבער ניט ער, ניט זיי האָבן אים באַטראַכט אַלס דעם שטעלפאַרטרעטער פון זייער רבין, ר' נחמן בראַצלאַווער.

ר' נתן בראַצלאַווער איז מער ניט געווען ווי דעם רבינס שליח, דעם רבינס קאָמענטאַטאָר. ער פלעגט נאָר דערקלערן אַלץ, וואָס דער רבי האָט געזאָגט, פאַרטייטשן און עס מאַכן פאַרשטענדלעך. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט ווערן אַ רבי ביי די בראַצלאַווער חסידים. אויך וואָלטן די בראַצלאַווער אים קיינמאָל פאַר קיין רבין ניט געמאַכט.

ווייל איין-איינציקער איז ר' נחמן בראַצלאַווער געווען, איין-איינציקער ביי זיינע חסידים. קיין אַנדערן האָבן זיי ניט געוואָלט.

אַזוי לעבן די בראַצלאַווער חסידים אָן אַ רבין. און הגם זיי האָבן ניט קיין פירער, וועלכער זאָל שטיין אָן דער שפּיץ, וועלכער זאָל זיי פאַראייניקן און צוזאַמענהאַלטן, האַלטן זיי זיך דאָך זייער גוט, און זיי

בילדן דאָך איין שטיק, איין פאַמיליע. נאָך מער: די בראַצלאַווער חסידים ווערן אַלץ מער און מער פון טאָג צו טאָג.

די בראַצלאַווער חסידים פירן אַ גרויסע אַגיטאַציע צווישן די פרומע פאָלקס־מאַסן און פאַרשפּרייטן צווישן זיי די אידעען פון בראַצלאַווער חסידיזם. באַזונדערס אינטערעסירן זיי זיך מיט די גאָר אָרימע פאָלקס־שיכטן, מיט אַלע פאַרשיידענע בעלי־מלאָכות און האַנטווערקער. זיי דער־ציִען זיי און לערנען זיי יידישקייט אין אַלגעמיין און די יסודות פון בראַצלאַווער חסידיזם.

אין זייערע קלויזן דאַווענען זיי נאָך עקסטרע תּפילות, וועלכע זיינען פאַרפאַסט געוואָרן פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער און זיין תּלמיד, ר׳ נתן. די בראַצלאַווער חסידים דאַווענען מיט גרויס פרייד און באַגייסטערונג. נאָך דעם דאַווענען גייען זיי אַלע אַ טענצל, טאַנצן און זינגען אַ סך ניגונים, וועלכע שטאַמען פון זייערע אייגענע חסידים. נאָכדעם זעצן זיי זיך אַרום טיש, די עלטערע פון זיי לייענען פאַר פון ר׳ נחמנס בראַצלאַווערס ספרים, לייענען און דערקלערן און פאַרטייטשן. די חסידים הערן צו מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, הערן און וואונדערן זיך, באַגייסטערן זיך, ביז זיי פאַרגעסן, אַז זיי עקסיסטירן אויף דער וועלט; זיי ווערן אויסגעלייזט פון די קייטן פון דער ווירקלעכקייט, זיי דערגרייכן די העכסטע שטופע פון „ביטול היש״ (פאַרלייקענען די ווירקלעכקייט). דאַן זעען זיי זייער רבין מיט זייערע קערפּערלעכע אויגן, זיי פילן זיין עקסיסטענץ, זיי זיינען איבערצייגט, אַז ער איז דאָ צווישן זיי, זיי הערן זיין שטימע; זיי פילן, אַז זיי האָבן אַ גוטן פאָטער, וועלכער דערציט זיי און פירט זיי.

איין שעה אין טאָג איז זיך מתבודד (פאַראיינזאַמט זיך) יעדער בראַצלאַווער חסיד. ער אַנטלויפט פון טומל, פון הו־האַ, פון רעש, ער באַפרייט זיך פון שווערן יאָך פון דער שווערער ווירקלעכקייט, וועלכע איז פול מיט צרות און נויט, אויפרעגונג און דחקות, אַלערליי שלעכטע זיטן און וועגן; ער באַפרייט זיך פון דעם גיהנום פון לעבן און פאַרקלייבט זיך אין וועלכן עס איז קליינעם ווינקעלע. אין דעם שטילן ווינקעלע באַנייט ער זיין בונד מיט גאָט, דאָרט דאַוונט ער ניט פון סידור, זאָגט ניט קיין פאַרטיק־געשריבענע תּפילות, וועלכע זיינען פאַרפאַסט און געדרוקט גע־וואָרן פון אַנדערע מענטשן. ניין, ער רעדט מיט גאָט. ער דערציילט גאָט זאַכן, וועגן וועלכע ער טראַכט און פילט אָט גראָד אין יענעם מאָמענט.

די בראַצלאַווער חסידים האָבן פיינט זיך צו חקרענען, האָבן פיינט די פילאָזאָפיע. דער גרונט פון חסידיזם אין אַלגעמיין איז דאָך אייגנטלעך דער נאַאיווער און עלעמענטאַרער גלויבן אין גאָט. אָט דער מין גלויבן הערשט אין חסידיזם פון ר׳ ישראל בעל שם־טובס צייטן אָן. פונדעסט־

וועגן פלעגן א סך אנגעזעענע חסידים דאך כאפן אמאל א קוק אין די יידישע פילאזאפישע ביכער פון מיטלאלטער. געוויינלעך האבן די חסידים געפונען אין יענע ביכער נאר דאס, וואס זיי האבן אין זיי געזוכט. אבער דער בראצלאווער חסידיזם באקעמפט זייער שטארק די פילאזאפיע, די פארשונג.

ר׳ נחמן בראצלאווער אליין לאכט זיך אויס פון אלע פילאזאפן און ווייזט אויף ווי ווייט זיי זיינען אלע פון גוטע מידות, פון עטיק און אזוי ווייטער. ווי איראניש, ווי שיין קלינגען ר׳ נחמן בראצלאווערס ווערטער: „זיי (די פארשער) זיינען גרויסע חכמים, זיי קלערן אויס מיט גרויס חכמה ווי מען קאן מאכן וואונדערלעכע כלי־זיין, כדי אויסצוהרגענען טויזנטער מענטשן פאר איין מאל. איז דען ווירקלעך דא א גרעסערע נארישקייט, ווי אויסצוהרגענען מענטשן אומזיסט?״

מען דארף אנטלויפן פון פילאזאפיע, זאגט ר׳ נחמן בראצלאווער. אזוי זאגט ער אין איין ארט: „עס איז א גרויסע חכמה און א גרויסער אויפטו צו לעבן ווי א בהמה: „לעבן נאאיוו אן שום קונצן״. לעבן „אן שום קונצן״ איז געווען דער אידעאל פון אלע בראצלאווער חסידים.

ר׳ נחמן בראצלאווער האט טאקע אן עקסטרע תפילה פארפאסט צו דעם דאזיקן צוועק: „העלף מיר, רבונו־של־עולם, אז איך זאל דיך קענען דינען באמת, תמימותדיק און איינפאך, אן שום חכמות און קונצן. היט מיך אפ, רבונו־של־עולם, פון פילאזאפיע און פון וועלטלעכע פרעמדע וויסנשאפטן. האב רחמנות, רבונו־של־עולם, אויף מיר און אויף גאנץ ישראל. העלף מיר, אז איך זאל האבן ווירקלעכע תמימות״.

אזוי לעבן די בראצלאווער חסידים זייער ארעם און געדריקט, באנוגענען זיך מיט דאס וויניקסטע און מיט דאס נויטווענדיקסטע. אויף דעם האבן זיי א צוואה פון זייער רבין, אז ס׳איז בעסער זיין א בעל־חוב ביי זיך, ביי זיין פאמיליע, איידער צו זיין א בעל־חוב ביי דעם קרעמער און ביי אנדערע. ווייל באמת איז דאך דאס גאנצע לעבן אויף דער וועלט מער ניט ווי א לעבן אויף א געוויסער צייט (חיי־שעה), א לעבן, מיט וועלכן עס לוינט גארניט צו האבן צו טאן.

ווי איראניש־ביטער און טיף איז דער דאזיקער אפאריזם פון ר׳ נחמן בראצלאווער: „אט זאגן אלע מענטשן, אז עס זיינען דא צוויי וועלטן: די וועלט און יענע וועלט, יענע וועלט? נו, גלויבן מיר דאך אלע, אז יענע וועלט עקסיסטירט. די וועלט? יא, אפשר איז ערגעץ וואו דא אויך די וועלט, אונזער וועלט איז אבער מער ניט ווי גיהנום. אלע מענטשן האבן גאר יסורים און צרות — און די וועלט עקסיסטירט אייגנטלעך גארנישט״.

זייער שיין זאָגט ער אויך אין אן אנדער אָרט: „דער טויטער לאַכט געוויס, ווען ער הערט, ווי מען באַוויינט אים. פאַרוואָס וויינט מען איבער זיין טויט? עס איז פונקט ווי מען וואָלט געזאָגט דעם טויטן: א שאָד, וואָס דו ביסט געשטאָרבן! עס וואָלט דאָך בעסער געווען, ווען דו וואָלסט לענגער געלעבט אויף דער וועלט, וואָלט דיר נאָך שלעכטער און ביטערער געווען — א שאָד!"...

דער אמת איז אויך איינער פון די גרונט-פּרינציפּן, אויף וועלכע עס בויט זיך אויף דער בראַצלאַווער חסידיזם. דעריבער זיינען דאָ א סך בראַצלאַווער חסידים, וועלכע היטן זיך אָפּ ניט צו ריידן צופיל, כדי זיי זאָלן ניט אריינפאַלן און אמאָל זאָגן א ליגן, ווען אויך אויס נויט. ווייל א בראַצלאַווער חסיד טאָר קיין ליגן ניט זאָגן, אויך ווען ער מוז, ווען ער איז געצוואונגען צו זאָגן א ליגן.

אזוי האָט זיי אָנגעזאָגט ר' נחמן בראַצלאַווער: „בעסער אז א מענטש זאָל שטאַרבן, איידער ער זאָל לעבן און זאָגן איינמאָל א ליגן".

אויך איז ביי די בראַצלאַווער זייער שטאַרק אַנטוויקלט די מידה פון בטחון. דער בראַצלאַווער חסיד פאַרטרויט אויף גאָט, אז ער וועט אים זיכער העלפן. ער האַלט, אז עס לוינט ניט זיך צו יאָגן נאָך פּרנסה. בעסער איז צו יאָגן זיך נאָך גאָט, איידער זיך צו יאָגן נאָך געלט. און צו וואָס זאָל א מענטש ארומפאָרן זוכן פּרנסה, ווען ער גלויבט, אז גאָט וועט אים געבן אַלץ, וואָס ער דאַרף האָבן.

אזוי האָט טאַקע ר' נחמן בראַצלאַווער געזאָגט וועגן זיך אַליין: „ווען איך וואָלט אפילו געזעסן אַליין אין פעלד, וואָלט איך אויך געהאַט בטחון אין גאָט, אז ער וועט מיך צושיקן מיין פּרנסה".

## יד.

דאָס, וואָס ביי אַלע אַנדערע חסידים איז דעם רבינס הויף, דאָס איז ביי די בראַצלאַווער חסידים דער „הייליקער קבר" פון זייער רבין, ר' נחמן. דער רבי האָט אָנגעזאָגט פאַר זיין טויט, אז זיי זאָלן שטענדיק קומען צו אים אויף זיין קבר, און ביז היינטיקן טאָג פאָלגן זיי אים.

פאַר זיין טויט האָט ר' נחמן בראַצלאַווער געטרייסט זיינע חסידים: פאַרוואָס זייט איר אזוי פאַרזאָרגט? איך גיי דאָך אויסטרעטן פאַר אייך א וועג!"... די בראַצלאַווער חסידים גלויבן, זיי פילן, אז ער איז ניט גע־שטאָרבן. ער קען זיי אַלעמען. ער זאָרגט פאַר זיי יעדע מינוט דאָרט אויבן

אין הימל. ער איז ניט אוועק פון זיי, ער איז מער ניט געגאנגען אויס־טרעטן פאר זיי א וועג; ער איז ארויף אויפן הימל, כדי צו בעטן פאר זיי ביים רבונו־של־עולם. זיי דארפן נאר קומען אויף זיין קבר, אויסגיסן פאר אים זייער פארביטערט הארץ — און אלץ וועט שוין גוט ווערן.

ר׳ נחמן בראצלאווערס קבר געפינט זיך אין אומאן (קיעווער גובערניע), וואו ער האט פארבראכט זיינע לעצטע פאר יאר. ארום זיין קבר איז אויסגעבויט אן אוהל. ניט ווייט פון בית־עלמין, וואו עס ליגט ר׳ נחמן בראצלאווער, שטייט די קלויז פון די בראצלאווער חסידים. אט דער „הייליקער קבר״ פון רבין איז דער קוואל פון לעבן און קראפט פאר יעדן בראצלאווער חסיד. יעדער פון זיי קומט אין אומאן, לייגט זיך אויף דעם רבינס קבר, דאוונט און שמועסט מיט ר׳ נחמן בראצלאווער, פונקט ווי ער וואלט נאך געלעבט.

אויף די ווענט פון דעם אוהל זיינען פארשריבן טויזנטער, טויזנטער נעמען, די נעמען פון די בראצלאווער חסידים. נאך דעם דאוונען אויף דעם רבינס קבר, גייט דער בראצלאווער חסיד אין רבינס קלויז דאוונען און לערנען אין רבינס ספרים. די גאנצע צייט, וואס ער פארברענגט אין אומאן, וויים ער נאר פון רבינס קבר און רבינס הויז.

ראש־השנה איז שטענדיק פארזאמלט אין אומאן זייער א גרויסע צאל פון בראצלאווער חסידים, ווייל ר׳ נחמן בראצלאווער האט שטענדיק געוועלט, אז מען זאל אים באזוכן ראש־השנה.

אין יעדער שטאט און שטעטל קלייבן זיך צוזאמען די בראצלאווער חסידים פאר יעדן ראש־השנה און פארן אין גרויסע קאמפאניעס קיין אומאן. די רייזע קיין אומאן איז זייער א וויכטיקע געשעעניש. ווען זיי פארן אלע צוזאמען, פארברענגען זיי די צייט מיט גרויס פרייד, זיי בענקען נאך דעם הייליקן ארט, מיט וועלכן עס איז פארבונדן זייער גאנץ לעבן.

איך מוז דא דערציילן א פאקט, א מעשה שהיה — ניט קיין אנעקדאט. אין דער שטאט ב. זיינען געוועזן זייער פיל בראצלאווער חסידים. איינמאל פאר ראש־השנה זיינען אייניקע פון זיי געגאנגען צו דעם אייזנבאן־באאמטן, כדי צו באשטעלן אן עקסטרע וואגאן אין דעם צוג, וואס גייט קיין אומאן. ווען דער אייזנבאן־באאמטער האט געהערט, וויפל מענטשן עס ווילן פארן אין דעם ספעציעלן וואגאן, האט ער גע־פרעגט די חסידים: „וואס טוט איר דארט אין אומאן?״

„מיר גרייטן דארט צו שטיינער און קאלך״ — האבן זיי געענט־פערט.

דער אייזנבאַן-באַאַמטער האָט נעבעך פאַרשטאַנען זייערע רייד גאַנץ געגוי, אַז זיי ווילן צוגרייטן אין אומאַן שטיינער און קאַלך... אָבער די חסידים האָבן עפּעס אַנדערש געמיינט. זיי האָבן דאָס געזאָגט אויפן גרונט פון ר׳ נחמן בראַצלאַווערס ווערטער, וועלכער האָט צו זיי אַמאָל געזאָגט: „איר דאַרפט מיר נאָר געבן שטיינער און קאַלך, איך וועל שוין מאַכן פון דעם וואונדערבאַרע און שיינע געביידעס!״

די ימים־נוראים פאַרברענגען די בראַצלאַווער חסידים אין אומאַן מיט גרויס פרייד ביי זיי אין קלויז. זיי דאַווענען צוזאַמען, עסן צוזאַמען יום-טוב אין קלויז, טאַנצן אַ סך, זינגען גאַנץ באַזונדערע ניגונים. אין אומאַן, ביים רבינס קבר און אין רבינס קלויז, שעפּן זיי נייע לעבנס־קרעפטן, און פון די טעג אין אומאַן לעבן זיי אַ גאַנץ יאָר.

---

# ר׳ מרדכי טשערנאָבילער און זיין דינאַסטיע.

## א.

ר׳ נחום טשערנאָבילער, דער תּמימותדיקער, דער פרומער, געהערט נאָך צו דער ערשטער גרויסער תּקופה פון חסידיזם, צו דער תּקופה, וועלכע הייבט זיך אָן מיט דעם בעש״ט און ענדיקט זיך מיט דעם אָפּ־שטאַרבן פון די תּלמידים פון דעם „מעזשריטשער מגיד״. דאָס איז געווען די גייסטיקע עפּאָכע, די גלאַנץ־צייט פון דעם חסידיזם. מיט זיין טויט הייבט זיך אָן אַ גאַנץ אַנדער עפּאָכע אין דער חסידישער וועלט, באַזונדערס אין דער אוקראַינישער חסידישער וועלט. די פאַרטיפונג פון די גייסטיקע פּראָבלעמען, די גרויסע גייסטיקע אידעאַלן פון בעש״ט און מעזשריטשער מגיד, דאָס איינפאַכע לעבן, דאָס אָפּגעבן זיך צו גאָט און פאָלק, דאָס שטענדיקע זאָרגן פאַר דער נשמה, פאַר דעם גייסט — דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גלאַנץ־פּעריאָד פון חסידיזם. די נייע צדיקים אָבער האָבן אָנגעהויבן צו לעבן אין רייכקייט און אין לוקסוס; ניט תּורה און חסידישע אידעען, נייערט מופתים און וואונדער זיינען געוואָרן זייער באַשעפטיקונג; ניט צו הייבן דאָס פאָלק דורך די אידעאַלן פון חסידיזם, דורך פאַרטיפונג אין גאָט און מעשים־טובים, — נייערט דורך גרויסטועריי, דורך טומל און רעש; ניט דורך אַ באַשיידן לעבן און צוריקגעהאַלטנקייט, נייערט מיט גרויסאַרטיקע וואוינונגען, מיט גאָלד און זילבער און אבנים טובות, מיט זיידענע קליידער, מיט קאַרעטעס און גוטע פערד, געשפאַנט „נאַשפּיץ״, מיט פיל גבאים און משרתים און דינסטן. עס איז אַנטשטאַנען דעמאָלט דער „הויף״, דעם „רבינס הויף״, אַ „הויף״ ווי ביים פּריץ, מיט אַלע זאַכן, וואָס עס קומט פאַר ביים פּריץ אין הויף: מיט קלעזמער און אַ כאָר און טענץ.

אט אין דער נייער ריכטונג האָבן געווירקט צוויי נייע מפורסמים

פון יענער צייט, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף דעם אוק־ראַינישן חסידיזם. זיי האָבן דאָס אָנגעהויבן די מאַטעריאַליסטישע תּקופה אין דעם אוקראַאינישן חסידיזם, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פולער דעגראַדירונג פון חסידיזם.

אָט די צוויי פירער האָבן גורם געווען, אַז דער טיפּ „צדיק", דער אידעאַלער גייסטיקער מענטש אין דער יידישער מיסטיק בכלל און אין חסידיזם בפרט, אָט דער „איבערמענטש", איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מענטשן מיט וואונדער־געשיכטעס און סגולות און קמיעות פון איין זייט, און מיט גאָלד און זילבער פון דער אַנדער זייט. איינער פון זיי איז געווען דער „רוזשינער" מיט זיין „הויף", פול מיט רייכקייט און גלאַנץ, אָבער נישטיק אין פּרט פון לערנען און פאַרטיפן זיך אין די אידעען פון חסידיזם, און דער צווייטער איז געווען ר' נחומס איינציקער זון: ר' מרדכי טשערנאָבילער, וועלכער האָט אויך איבערגענומען פון זיין פאָטער דעם טיטל „מגיד".

ר' מרדכי איז געבאָרן געוואָרן אין טשערנאָביל אין יאָר תק"ל. ער האָט ממלא מקום געווען זיין פאָטער. אָבער וואָס פאַר אַ גרויסן אונטער־שייד זעען מיר צווישן דעם פאָטער און זיין זון: דער פאָטער, ר' נחום, איז געווען אַ באַשיידענער, פרומער, תּמימותדיקער מענטש. ער האָט פון דער „עולם הזה" גאָרניט געהאַט קיין הנאה און האָט אויך גאָרניט געהאַט קיין שום השגה פון תּאוות צו מאַטעריעלע זאַכן פון דער וועלט; ער האָט זיך נאָר באַשעפטיקט מיט רוחניות, מיט צדקה, מיט מעשים טובים און מידות טובות. דאָס געלט, וואָס ער האָט געזאַמלט, האָט ער אינגאַנצן פאַרטיילט צווישן די אָרימע און אומגליקלעכע און פאַר זיך האָט ער גאָרניט געלאָזן: אין גרויס אָרימקייט און דחקות האָט ער געלעבט און געווירקט מיט זיינע גרויסע ידיעות און מעשים טובים. קיינמאָל ניט גערוט, קיינמאָל ניט געזעסן אויף איין אָרט, תּמיד געווען נע־ונד: פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, פון יידן צו יידן, און אומעטום געדרשנט, אומעטום געמוסרט און אויפגעקלערט און געוויזן דעם וועג צו גאָט. אָבער גאַנץ אַנדערש האָט אָנגעהויבן זיך צו פירן זיין ממלא מקום ר' מרדכי. ער האָט זיך אויסגעבויט אין טשערנאָביל אַ שיין הויז, זיך איינגעקויפט גאָלד און זילבער, קאַרעטעס און פערד. פון זיין קאַרעטע דערציילן נאָך די חסידים ביז צום היינטיקן טאָג: זי איז געווען גרויס, אַז אַ מנין יידן האָבן דאָרטן געקענט זיך אויסזעצן, און אַ טיש איז אויך דאָרט געשטאַנען. זעקס פערד „נאַשפּיץ", צו צוויי אין דער לענג, זיינען געווען געשפּאַנט. אויף זיינע נסיעות צו די חסידים פלעגט ער אויך „פּראַווען" טיש, זיצנדיק אין דער קאַרעטע. ער האָט זיך ניט באַנוגנט

מיט דעם געלט, וואָס די חסידים האָבן אים פרייוויליק געגעבן, נייערט ער האָט פון זיי גענומען וויפל ער האָט פאַרלאַנגט, און קיינער פון זיי האָט ניט מעיז פנים געווען אים אָפּצוזאָגן. אויסער דעם האָט ער געגרינדעט „מעמדות", דאָס הייסט: ער האָט אויף יעדן פון זיינע חסידים אַרויפגעלייגט אַ געוויסע סומע געלט, וואָס ער איז מחוייב געווען צו געבן יערלעך, און ר' מרדכי האָט געהאַט ספּעציעלע משולחים, וואָס האָבן דאָס געלט איינגעקאַסירט.

ער האָט אויפגעשטעלט דעם טשערנאָבילער „הויף", פול מיט גבאים און שמשים און משולחים. דער „הויף" איז געווען פול מיט גלאַנץ און פּראַכט. די חסידים דערציילן, אַז איינער אַ עז פּנים האָט זיך איינגעשטעלט און האָט ר' מרדכין געפרעגט: „פאַרוואָס האָט אייער פאָטער אַזוי אָרים געלעבט און איר לעבט אַזוי רייך?" — האָט ער אים באַשיידן געענטפערט: „איך וועל אייך געבן אַ משל: דער אמתער האָן איז אָרים און ביליק. לויפט אַרום איבערן הויף און מאַכט פון זיך קיין שום עסק ניט, להיפוך אַן אויסגעמאָלטן האָן קויפט מען פאַר אַ סך געלט, מען מאַכט צו אים אַ זילבערנע ראָס און מען הענגט אים אויף אין שענסטן צימער. מיין פאָטער זכרונו לברכה איז געווען דער אמתער צדיק און איך בין נאָר אַ געמאָלטער, אַ געמאַכטער"... אָבער דער עז פּנים איז געשטראָפט געוואָרן און איז געוואָרן אַ שטאַרקער יורד, דערציילן די חסידים, און האָט שפּעטער געבעטן תשובה ביי ר' מרדכין. פאַרוואָס? ווייל ניט יעדער איז בכוח צו פאַרשטיין אָט דעם גרויסן הייליקן דרך, וואָס ר' מרדכי האָט זיך אויסגעקליבן. דאָס איז נאָך אַ פיל גרעסערער וועג, ווי דער אַלטער וועג צו לעבן אין דחקות און אָרעמקייט, דאָס איז אַ מין „צדיק נסתר": לעבן דווקא אין עשירות און דאָך ניט הנאה האָבן פון דער עשירות; פאָרן דווקא אין אַ גוטער קאַרעטע, און דאָך דערביי ליידן ווי אַ פוסגייער. ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „נאָר רייצן דעם יצר־הרע און אים גובר זיין, דאָס איז דער אמתער וועג צו גאָט; נאָר מלחמה פירן מיט אים און דורך דעם ווערט דער חומר, דער גוף געלייטערט".

די טשערנאָבילער חסידים דערציילן, אַז ר' מרדכיס ברודער, ר' משה, האָט זיך אָנגעהויבן פירן אַ ביסל בהרחבה, האָט זיך ר' נחום דערשראָקן ער זאָל ניט אַרויס לתרבות רעה. האָט ער געזאָגט: עס וואָלט בעסער געווען, אַז ער זאָל שטאַרבן. און ער איז אויך באַלד געשטאָרבן. נאָכדעם, ווען ר' מרדכי האָט אויך אָנגעהויבן צו לעבן בהרחבה און האָט אַפילו איינגעקויפט נייע מעבל, האָט ר' נחום געזאָגט: „אַצינד זע איך מיין גרויסן טעות, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין זון ר' משה, ווייל ביי מיין זון ר' מרדכי זיצט אויף יעדן נייעם שטול אַ מלאך.

די חסידישע לעגענדע דערציילט, אז דער „אפטער רב" האט פון ר' מרדכין געזאגט: „קיינער האט ניט געקענט זיך אזוי אויסבאהאלטן פון דער וועלט, ווי דער טשערנאבילער מגיד. איר זאלט וויסן, אז דער טשערנאבילער איז גארניט אויף דער וועלט, ער איז בלויז א פארבארגענע נשמה פון עולם העליון".

## ב.

טשערנאביל איז געווארן א צענטער, א מיטל־פונקט פאר די אוקראינישע חסידים. פון אלע שטעט און שטעטלעך זיינען געפארן חסידים קיין טשערנאביל. אין אלע קאנטן האט מען דערציילט וואונדער־לעכע זאכן פון דעם טשערנאבילער מגיד, מופתים האבן זיך דארט גע־וואלגערט אונטער דעם טיש. ווי וועגן דעם בעש"ט, אזוי האט מען אויך דערציילט וועגן ר' מרדכין, אז ער איז מחיה מתים און איז מהפך עולמות, און צו יעדער קראנקהייט האט ער געגעבן סגולות פון א „ספר הרפואות", וואס איז געווען ביי אים בכ"י. מען האט אפילו דעם נאמען פון דער שטאט טשערנאביל אויסגעטייטשט אויף אזא אופן: טשערנא: שווארץ, ביל: ווייס. דאס הייסט: ווער עס פארט קיין טשערנא־ביל שווארץ פון עבירות, קומט צוריק ווייס מיט א ווייסער ריינער נשמה.

טשערנאביל איז געווארן אין דער צייט פון ר' מרדכין דער גרעס־טער צענטער פון חסידיזם. קיין איין „הויף" אין גאנץ אוקראינע האט ניט געהאט אזוי פיל חסידים און איז ניט געווען אזוי רייך ווי דער טשער־נאבילער „הויף". די חסידים האבן אים ממש פארגעטערט. זיין מאכט און זיין הייליקייט ביי די חסידים איז געווען אן א שיעור; זיי האבן גע־גלויבט ממש, אז אן דעם טשערנאבילער „מגיד" קומט קיין זאך ניט פאר אויף דער וועלט, אלץ ווארט אויף זיין הסכמה. די חסידים דערציילן: אמאל איז אנגעפארן א פארמאכטע בויד און פון איר איז ארויס א הויכער ייד מיט א לאנגער ווייסער באָרד, דער פנים איז געווען ממש פני אלהים, די שכינה האט פשוט גערוט אויף אים. ניט ריידנדיק קיין ווארט און ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער מחנה חסידים, איז ער אריינגעגאנגען גלייך צום רבין אין חדר אריין. אין א ווײַלע ארום איז ער ארויס פון רבינס צימער און איז דורכגעגאנגען פארביי דעם עולם, ניט אומקוקנדיק זיך, האט זיך גלייך געזעצט אין דער פארמאכטער בויד און איז נעלם גע־ווארן. דער עולם איז געשטאנען פארוואונדערט, אבער קיינער וועט דאך ניט מעיז זיין צו פרעגן דעם רבין, ווער דער אלטער ייד איז געווען. נאר דער עלטערער זון פון רבין, ר' אהרן, האט אים געפרעגט און אים האט

ער געזאָגט, אַז דער אַלטער ייד איז אַ באַהאַלטענער צדיק, וואָס האָט געוואָלט נתגלה ווערן און ברענגען משיחן. ער האָט שוין געהאַט אַלע הסכמות פון אַלע צדיקים, און האָט נאָך געדאַרפט די הסכמה פון דעם טשערנאָבילער „מגיד״. דער מגיד האָט אָבער ניט מסכים געווען, ווייל ער האָט נאָך דאָס געהאַלטן פאַר פריצייטיק, דער דור איז נאָך ניט ראוי געווען דערצו, און דער צדיק־נסתר האָט געמוזט אָפּפאָרן און זיך ווייטער באַהאַלטן ווי ביז אַצינד.

אַזוי זעען מיר, ווי ר׳ מרדכי איז געווען אַלמעכטיק און איינפלוס־רייך. זיין וואָרט איז געווען הייליק ביי אַלעמען. אין גאַנץ אוקראַינע און אויך אויסערהאַלב אוקראַינע איז ער געווען דער גרויסער „איש הפלא״, פון אים האָט מען דערוואַרט גרויסע מעשים, ווייל ער איז געווען אַ „הכל יכול״. דעמאָלט האָט ער ניט געהאַט קיין קאָנקורענץ אין אוקראַינע, קיין איין אַנדער צדיק אין יענע קאַנטן האָבן ניט געקאָנט אָפּשוואַכן זיין גרויסע השפעה. דער „רוזשינער״ מיט זיין גרויסער מאַכט איז ערשט שפּעטער געוואָרן גרויס, ווייל אין דער צייט, ווען ר׳ מרדכי איז אַרויף אויף דער „כסא המלוכה״ פון זיין פאָטער אין יאָר תקנ״ח, איז ער אינגאַנצן איין יאָר אַלט געווען.

צווישן די פיל חסידים, וואָס זיינען געפאָרן קיין טשערנאָביל, זיינען אויך געווען אייניקע גרויסע תלמידי חכמים. ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, איז ר׳ מרדכי געווען בעיקר אַ רבי פון דעם גרויסן המון עם; זיין גאַנצער אופן פון אויפפירן זיך, זיינע וואונדער און פלאות זיינען געווען בעיקר צוגעפּאַסט פאַר דעם המון־עם, לכן געפינט מען ביי אים זייער ווייניק גרויסע תלמידי חכמים און אָנגעזעענע חסידים. נאָר איין־איינציקער גאַנץ גוואַלטיקער תלמיד־חכם און פייערדיקער חסיד פון דעם טשערנאָבילער מגיד איז געווען ר׳ י ש ר א ל דער „וועלעדניקער רב״. ער איז בלב ונפש געווען צוגעבונדן צו דעם טשערנאָבילער רבין. יעדעס וואָרט פון רבין האָט ער געדרשנט און אויסגעלייגט מיט גרויס התלהבות און אמונה. פונקט אַזוי האָט זיך אויך פאַרהאַלטן דער רבי צו אים. ער האָט אפילו אַמאָל צו אים געזאָגט: „ישראליניו, לייג דיין קאָפּ אויף מיין הארצן, וועט מיר און דיר בעסער ווערן״. מען דערציילט, אַז די „קינדער״ פון רבין האָבן ניט געקענט ליידן דעם „וועלעדניקער רב״, ווייל זיי האָבן אין אים געזען אַ גרויסן קאָנקורענט פאַר זיי, וועלכע האָבן זייער ווייניק געקענט און געוואוסט.

ר׳ מרדכי פלעגט שבת ביים „טיש״ זאָגן תורה, אָבער זיין תורה איז ניט געווען קיין נייע. אַלע זיינע אידעען זיינען שוין לאַנג געווען באַ-

קאַנט אין דער חסידישער וועלט, ביי פריערדיקע צדיקים. ער האָט קיין איין־איינציקע נייע אידעע אין זיין תורה ניט געזאָגט. ער, וואָס האָט זיך אינגאַנצן געשטיצט אויף דער מאַסע און אירע אינסטינקטן, איז אויך אין זיין חסידישער לערע געגאַנגען צוזאַמען מיט דער מאַסע: מען זאָל פאַסטן און תשובה טאָן און ווידער פאַסטן און תשובה טאָן, אין סתירה צום בעש"ט און זיין פּאָטער. ער האָט געזאָגט: „מען מוז תשובה טאָן אויף חטאת נעורים און פאַסטן אַ טאָג אין דער וואָך פינף יאָר נאָכאַנאַנד, נאָכדעם זאָל מען פאַסטן אַלע ערב ראש־חודש, און אַלע מאָנ־טאָג, דאָנערשטאָג און ווידער מאָנטאָג (בה"ב), נאָך פּסח און סוכּות, און פאַסטן פרייטאָג פון פּרשה שמות, וארא, בא, בשלח, יתרו, משפּטים, תרומה, תצוה, און אין חודש אלול פאַסטן צוויי טעג און צוויי נעכט אָן הפסקה. בכלל זאָל מען ממאס זיין די גאַנצע עולם הזה און מען זאָל פאַר־ניכטן אַלע תאוות". אָט דער אַלטער וועג, דער וועג פון אר"י הקדוש איז ווידער געקומען. עס איז דער וועג פון דעם המון־עם, וועלכער פאַרשטייט, אַז גאָט דינען קאָן מען מיט פאַסטן און וויינען און זיך פּייניקן. נאַטיר־לעך האָט ר' מרדכי זייער שטאַרק געהויבן דעם טיפּ „צדיק", וועלכער איז משפּיע אויף דעם המון און זיך מוסר־נפש פאַר אים; אויך ר' מרדכי האָט געשילדערט דעם „צדיק" אַלס פאַר־מיטלער צווישן גאָט און מענטש, און אָן דעם צדיק קאָן דער מענטש ניט געפינען דעם ריכטיקן וועג צו גאָט.

ג.

בינתים זיינען די קינדער פון ר' מרדכי געוואָרן גרויס, און דורך דעם האָט זיך זיין „הויף" נאָך פאַרגרעסערט מיט פיל פּראַכט און לעבן. פון זיין ערשטער פרוי, דער טאָכטער פון דעם „גרויסן" ר' אהרן קאַר־לינער, דעם תּלמיד פון מעזשריטשער מגיד, האָט ער געהאַט: ר' אהרן, ר' משה, ר' יעקב-ישראל, מלכּה. פון זיין צווייטער פרוי, ז'ער טאָכטער פון ר' דוד לאַהקעס, דעם תּלמיד פון בעש"ט, האָט ער געהאַט: ר' נחום, ר' אברהם, ר' דוד, ר' יצחק, ר' יוחנן, חנה־חיה, שיינדל. אָט די עלף קינדער האָבן חתונה געהאַט און האָבן געהאַט קינדער, און אַלע האָבן געוואוינט ביים פּאָטער. און יעדער האָט געהאַט זיינע גבאים און משרתים און דינסטן און אייגענע און מקורבים. יעדער פון זיי איז שוין געווען אַ „צדיק" און האָט שוין „געפּראַוועט", אמת, ניט אָפיציעל, ווייל דער פּאָטער האָט געלעבט, אָבער ניט-אָפיציעל איז שוין יעדער גע־ווען אַן „אמתער צדיק", אַ „איש פּלא", אַ „בעל מופת", אַ „בעל רוח

הקודש". די גאַנצע גאַס איז געווען באַוואוינט מיט דעם רבינס קינדער און קינדס־קינדער. מען האָט זי אויך גערופן „דעם רבינס גאַס".

אין יאָר תקצ"ז, כ' אייר, איז ר' מרדכי געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן אין קליינעם שטעטל אַנאַטעווקע ביי קיעוו, וואוהין ער איז גע־פאָרן זיך היילן פון זיין קראַנקהייט, און איז ניט דערפאָרן ביז קיעוו. מען האָט אַ גרויסן אוהל אויפגעשטעלט אויף זיין קבר, וואוהין מען איז גע-פאָרן פון אַ סך שטעט, און געלייגט קוויטלעך אויף זיין קבר, און דאָרט מתפלל געווען. די חסידים דערציילן, אַז ר' מרדכי האָט נאָך אייניקע יאָר פאַר זיין טויט דאָס שטעטל אויסגעוויילט צו שטאַרבן און באַ-גראָבן ווערן. אַמאָל זיינען צו אים געקומען צוויי חסידים פון אַנאַטעווקע. ווען זיי זיינען שוין געזעסן אין וואָגאָן צו פאָרן צוריק איז דער גבאי געקומען צו לויפן צו זיי, אַז דער רבי רופט זיי צו זיך, ער האָט מיט זיי אַ וויכטיקע זאַך צו ריידן. ער האָט זיי געפרעגט: איז ביי אייך דאָ גוטע לייוונט פאַר תכריכים? יאָ, האָבן זיי געענטפערט. איז ביי אייך דאָ אַ טיפלה? ניין, האָבן זיי געענטפערט. עס איז גוט ביי אייך צו שטאַרבן, האָט ר' מרדכי זיי געזאָגט, ווייל דאָס קלינגען פון די גלעקער פון דער טיפלה שטערט דעם מת אין קבר.

אייניקע יאָר פאַר זיין טויט, ווען עס איז אַרויס אַ געזעץ, מען זאָל זיך צוגעבן אַ פאַמיליע-נאָמען, האָט ער זיך אויסגעוויילט: טווערסקי. די חסידים זאָגן, ווייל אין דעם נאָמען איז מרומז די שטאָט אין ארץ־ישראל: טבריה. און אַזוי הייסן די אַלע טשערנאָבילער רבינס קינדער מיט דעם סתם נאָמען: די טווערסקעס.

---

# די הייליקע קינדער.

## א.

דער טשערנאָבילער מגיד איז געשטאָרבן און האָט געלאָזן אַן אומ־געהייערע ירושה: אַ סך טויזנטער חסידים צעזייט און צעשפּרייט איבער גאַנץ אוקראַינע, אַלע אָרגאַניזירט מיט אייגענע רבנים, שוחטים, בתי־מדרשים און חברות און כּלי־קודש. אַלץ האָט געטראָגן דעם נאָמען טשערנאָבּיל. אָן טשערנאָבּיל האָט מען זיך ניט גערירט, אַ וואונק פון דאָרטן, און יעדער האָט געציטערט, און יעדער האָט געטאָן, וואָס מען האָט אים פון דאָרטן געהייסן.

אמת, אין ר' מרדכים לעצטע יאָרן איז אויפגעשטאַנען אין אוקראַינע אַ שטאַרקער קאָנקורענט, דער יונגער „רוזשינער", וועלכער האָט מיט זיין שטאַרקער פּערזענלעכקייט און מיט זיין גרויסן יחוס אָבות — אַ דירעקטע ליניע פון דעם „מעזשריטשער מגיד", — און אויך מיט זיין גרויסער רייכקייט און לוקסוס, וואָס האָט נאָך פיל איבערגעשטיגן דעם טשערנאָבילער „הויף", אָפּגעשוואַכט די „אַליינהערשאַפט" פון ר' מרדכין, אָבער דאָך איז ר' מרדכי אַ סך עלטער געווען, און זיין פּאָזיציע איז געווען גענוג שטאַרק. די אַלע מחלוקתן, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן די טשערנאָבילער און רוזשינער חסידים, האָבן דאָך ניט צעטרייסלט די גרויסע מאַכט פון דעם טשערנאָבילער „הויף". שוועריקייטן זיינען אַנט־שטאַנען אָבער נאָך דעם טויט פון דעם טשערנאָבילער מגיד, ווייל די גרויסע אָרגאַניזירטע ירושה האָט זיך צעבּרעקלט צווישן די פיל קינדער, וואָס זיינען געבליבן נאָך ר' מרדכין. יעטווידער האָט געוואָלט האָבן אַ גרעס־סערן חלק אין דער ירושה. אחוץ דעם האָט מען אויך פון רוזשין געזען אָפּצושוואַכן די גרויסע קראַפט פון טשערנאָבּיל. אַצינד איז געווען די בעסטע געלעגנהייט, ווייל וועד פון די „קינדער" פון דעם טשערנאָבילער האָט געקאָנט זיך פאַרגלייכן מיט דעם „רוזשינער"?

אזוי זעען מיר, ווי די גרויסע טשערנאָבילער ירושה הייבט זיך אָן צו צעשפּליטערן. פון דעם איינציקן טשערנאָבילער „הויף" זיינען אַנט־שטאַנען עטלעכע „הויפן" אין פאַרשיידענע שטעט, צעזייט און צעשפּרייט איבער אוקראַינע. יעדער פון די קינדער האָט געזוכט אַ ריכטיקע שטאָט, כּדי זיך איינצוואָרצלען. אַזוי אָבער ווי קיינער פון זיי האָט זיך ניט אויס־געצייכנט מיט קיין גרויסע קענטענישן און טיפער פאַנטאַזיע, האָבן זיי לכתּחילה עקסיסטירט נאָר מיטן כּוח פון זייער פאָטער ר' מרדכי. ער האָט זיי אויך נאָך זיין טויט געשיצט, און זיין נאָמען איז געווען גענוג, אַז דאָס פאָלק זאָל זיי אָפּגעבן גרויס כּבוד. עס איז פאַר זיי שוין געווען גענוג, ווען מען האָט געזאָגט „דעם טשערנאָבילערס רבינס קינדער", ביז זיי האָבן זיך אַליין אַנטוויקלט און געוואָרן זעלבשטענדיק. יעטווידער פון זיי האָט פאַרנומען אַן אייגענע שטעלונג אין דער אַנטוויקלונג פון דער צווייטער תּקופה פון חסידיזם אין אוקראַינע.

## ב.

ר' אַהרן, דער עלטסטער זון פון ר' מרדכין, איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר תּקמ"ז און ער האָט נאָך געקענט זיין זיידן ר' נחום. ער האָט נאָך געזען די אַלטע צדיקים, די גרויסע „הייליקע עדה", וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן פון דעם מעזשעריטשער מגידס תּלמידים. ער איז גע־ווען אַ גרויסער תּם און בעל אמונה אין דער הייליקייט פון די גרויסע צדיקים; אין אים איז געווען אַ גרויסער חלק פון דער גרויסער תּמימות פון זיין זיידן ר' נחום, ער האָט אָבער ניט געהאַט די גרויסע און טיפע קענטעניש פון זיין זיידן. ביי שלש סעודות פלעגט ער זאָגן תּורה, אָבער ניט זיין אייגענע תּורה, נייערט פון זיין זיידנס ספר „מאור עינים", אָדער פון דעם ספר „אור החיים הקדוש" אויף חומש. ער האָט באמת געגלויבט אין זיין גרויסן כּוח צו מאַכן מופתים, ער האָט בתּמימות גע־גלויבט אין זיין וואָרט, אַז עס קאָן שטאַרק ווירקן אויף דעם הימל. די חסידים האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ גרויסן הייליקן און האָבן פון אים דערציילט פיל מופתים, און אויך ניט־יידן זיינען צו אים געפאָרן מקבל זיין פון אים זיינע ברכות. ער האָט ניט געשפּאָרט מיט סגולות, רפואות און קמיעות, און ער האָט באַקומען אַ נאָמען פון אַ „איש מופת".

און ניט נאָר די חסידים, אויך זיין פאָטער, ר' מרדכי, האָט אַמאָל איבער אים געזאָגט, אַז ער איז אַ „מגין אויף דעם דור", און ער איז „דער כּבוד פון יידישן פאָלק", און אַלע זיינע ברידער האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן הייליקן מענטשן, און פלעגן אים בעטן, ער זאָל פאַר זיי מתפּלל זיין.

ער איז געבליבן, נאָך דעם טויט פון ר׳ מרדכין אין טשערנאָביל און האָט ממלא מקום געווען זיין פאָטער. דעמאָלט איז ער שוין אַלט געווען פופציק יאָר און איז שוין געווען אַ מפורסם אין דער חסידישער וועלט. אַלע האָבן געזאָגט, אַז ער איז באמת ראוי צו זיצן אויף דעם שטול, וואו עס איז געזעסן דער גרויסער ר׳ נחום און ר׳ מרדכי. זיין איינפלוס אויף די חסידים האָט זיך טאָג־טעגלעך געשטאַרקט. די חסידים האָבן דער־ציילט, ווי זיי האָבן געציטערט, ווען ער האָט מיט זיי גערעדט. שוין אין פאָדערצימער, איידער זיי זיינען צו אים אַריינגעגאַנגען, איז אויף זיי אָנגעפאַלן אַן אימה, אַ פחד. זיין בליק אויף זיי האָט דורכגעלעכערט זייער האַרץ און ווען איינער פון זיי האָט אַ ביסל געזינדיקט, האָט ער שוין אין רבינס צימער תיכף תשובה געטאָן און חרטה געהאַט. אויך די צדיקים אין זיין צייט האָבן דערציילט פון אים גדולות און נפלאות. אַנדערע האָבן אפילו געהאַלטן פון אים נאָך מער ווי פון זיין פאָטער און האָבן געזאָגט: „יפה כח הבן מכח האב״.

ער איז זייער אַלט געוואָרן, און אַט דאָס גרויסע עלטער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין הייליקייט ביי די חסידים. זיי האָבן געגלויבט, אַז ער וועט דערלעבן משיחן. ער אַליין האָט אויך מרמז געווען אויף דעם.

אויך זיין „הויף״ איז געווען פול מיט רייכקייט און לוקסוס. ער אַליין האָט באמת זיך ניט פיל געקימערט פאַר אַזעלכע זאַכן, ער איז גע־ווען תמיד באַשעפטיקט מיט זיין פרומקייט, אָבער זיינע קינדער האָבן שוין וועגן דעם געזאָרגט. ער האָט געהאַט דריי טעכטער און דריי זין: ר׳ נחום, ר׳ זוסיע, ר׳ ברוך־אשר. אָט די קינדער, באַזונדערס ר׳ זוסיע, האָבן שוין געוואָוסט ווי די עשירות צו פאַרגרעסערן. מען האָט פון די חסידים געלט גענומען, ניט נאָר וויפיל זיי האָבן פרייוויליק געגעבן, מען האָט זיי אויך געצוואונגען מער צו געבן און ווידער צו געבן. און נאָך איין יאָר פאַר זיין טויט, אין יאָר תרל״א, האָבן די קינדער געבראַכט דעם אַלטן פאָטער ר׳ אהרן דערצו, אַז ער זאָל אַרויסלאָזן אַ מין „מאַניפעסט״ צו אַלע חסידים, אויך צו די ניט־טשערנאָבילער חסידים, זיי זאָלן אים אונטערשטיצן מיט געלט, און „משולחים״ זיינען געפאָרן מיט דעם „מאַניפעסט״, אונ־טערגעשריבן מיט דער חתימה פון ר׳ אהרן, אין פאַרשיידענע גלילות, כדי דאָס געלט איינצוקאַסירן. אין דעם „קול קורא״ דערמאָנט ער די חסידים די צייטן, וואָס זיי זיינען ביי אים געווען, „אַז נאָר מיט איין בליק האָבן זיי קונה געווען כל־טוב, און אפילו זיי זאָלן אַלט ווערן ווי משותלח, וועלן זיי ניט בכוח זיין צו פאַרשטיין אפילו איין חלק פון טויזנט פון די גרויסקייטן, וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן״. ער זאָגט זיי צו, אַז אויב זיי וועלן אים אַצינד אונטערשטיצן מיט געלט, „וועלן זיי געהאָלפן ווערן

מיט אן אייביקער הילף״. און הגם ער איז אצינד זייער אלט און לעבט שוין מער צוריקגעצויגן, זאלן זיי ניט גלויבן, אז זיין גרויסער גייסטיקער כוח איז שוואך געווארן. ניין, ער איז נאך אזוי גרויס, ווי פריער, און קען נאך אצינד אזוי פיל העלפן ווי פריער, „הגם אן רייד און אן זאגן״, ווייל זיין שווייגן איז גרויס און פול מיט סודות, ווי דאס שווייגן פון אהרן הכהן, ווי אין פסוק שטייט: „וידום אהרן״: אהרן האט געשוויגן.

די לעצטע יארן פאר זיין טויט פלעגט ער פארקויפן „עולם הבא״. א בערדיטשעווער גביר, א טשערנאבילער חסיד, האט אים א סך געלט געגעבן, אז ער זאל אים דערפאר צוזאגן עולם־הבא. ער האט אים אפילו געגעבן א צעטל מיט זיין אונטערשריפט, און האט געזאגט, אז מען זאל דעם חסיד מיטגעבן דאס צעטל אין קבר. אייניקע יאר נאך ר׳ אהרנס טויט איז דער גביר געשטארבן, און די יורשים האבן פארגעסן אריינצולייגן דאס צעטל אין זיין קבר. זיי זיינען נאכדעם געפארן צום סקווירער רבין, ר׳ אהרנס ברודער, און האבן עס אים דערציילט. ער האט זיי געענטפערט, אז אויף יענער וועלט דארף מען ניט קיין צעטל. ער האט זיי דערציילט א מעשה פון א צדיק, וועלכער האט מיטגעגעבן א צעטל זיין חסיד פאר יענעמס טויט, כדי ער זאל אים ברענגען זיין פאטער דעם צדיק אין עולם האמת. דער חסיד איז געשטארבן, און איז געגאנגען ערב שבת און האט זיך געשטעלט לעבן דעם טויער פון גן־עדן, וואו די צדיקים גייען מקבל שבת זיין. דער חסיד, וועלכער האט דעם אלטן צדיק גוט געקענט, האט אים אפגעשטעלט און האט מיט אים אנגעהויבן צו ריידן וועגן זיין זון דעם צדיק. אבער דער אלטער צדיק האט אים געענטפערט: „איך ווייס גארניט פון א זון אויף דער ערד און האב קיינעם ניט דארטן״. דער סקווירער רבי האט געענדיקט און געזאגט: „אין עולם האמת דארף מען ניט קיין צעטל. ווער עס פארדינט אין עולם הזה, באקומט שוין זיין שכר אין עולם הבא.

אין יאר תרל״ב, ח׳ כסלו, איז ר׳ אהרן געשטארבן אין טשערנאביל. אויף זיין קבר האט מען אויסגעבויט א גרויסן אוהל, וואוהין די חסידים קומען און לייגן קוויטלעך אויף דעם ארון און זיי זיינען מתפלל צום צדיק.

נאך זיין טויט זיינען פון זיינע דריי זין געבליבן נאר: ר׳ זוסיע און ר׳ ברוך־אשר. ר׳ נחום איז געשטארבן, ווען זיין פאטער האט נאך געלעבט. ביידע זיינען געבליבן אין טשערנאביל און האבן ביידע ממלא מקום געווען דעם פאטער. ר׳ זוסיע, דער עלטערער, איז געווען בלינד, אבער געהאט א הדרת פנים און געווען זייער פריינדלעך צו מענטשן. ער איז געווען זייער באליבט ביי די חסידים און דער גרעסטער טייל פון דעם פאטערס חסידים זיינען איבערגעגאנגען צו אים. ער האט זיין אייגע־

בעם „הויף'' געהאט מיט פיל ספרים און גאָלד און זילבער. זיין זילבערן חנוכה־לעמפל איז געווען באַקאַנט אומעטום. ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ גאָלדשמיד, אַ גרויסן קינסטלער, פון בראָד, און ער האָט פאַר זיין הויף געאַרבעט כּלים פון גאָלד און זילבער.

ר' ברוך־אשר איז געווען אַ זייער שוואַכער מענטש. ער איז געווען דער בן־זקונים פון ר' אהרן און האָט אויך מיט אים געוואוינט, און אַזוי איז ער אויך געבליבן אין דעם „הויף'' וואוינען נאָך דעם טויט פון ר' אהרן. דאָרטן האָב איך געזען „ר' אהרנס צימער'', וואוהין מען האָט ניט גע־טאָרט אַריינגיין. מען האָט עס נאָר געוויזן. דאָרט איז נאָך געשטאַנען דאָס בעט, דער טיש און שטול פון ר' אהרן.

צווישן די ביידע ברידער און זייערע חסידים איז געווען תמיד מחלוקת. די ביידע ברידער האָבן קיינמאָל ניט גערעדט צווישן זיך. און די שנאה האָט זיך איבערגעטראָגן אויך אויף זייערע פאַמיליעס און זייערע חסידים.

### ג.

דער צווייטער זון פון ר' מרדכי איז געווען ר' מ ש ה. ער איז געבאָרן אין יאָר תּקמ''ט. ער איז באַקאַנט געווען אין דער טשערנאָבילער חסידי־שער וועלט אַלס איש אמת. זיין פרומקייט און עניוות איז געווען מפורסם ביי יעדן חסיד. זיין גייסטיקע פיזיאָנאָמיע האָט פיל ענלעכקייט מיט ר' נחומען, זיין זיידן. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן רבי. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז גאָרניט ראוי דערצו. ער פלעגט אויפ־שטיין זייער פרי, אַוועקגיין אין בית־מדרש, זיך געזעצט ביי דעם אויוון און האָט געלערנט גלייך מיט אַלע יידן. ער איז געווען זייער איינפאַך אָנגעטאָן און האָט זיך ניט אויסגעטיילט פון די איבעריקע חסידים. אַמאָל, דערציילט די לעגענדע, איז געקומען אַ חסיד קיין טשערנאָביל, וועלכער האָט ניט געקענט ר' משהן. ער איז געקומען אין בית־מדרש גאַנץ פרי און האָט זיך געזעצט לעבן דעם אויוון לערנען. דאָרט איז שוין געזעסן ר' משה. דער חסיד, ניט וויסנדיק ווער עס זיצט לעבן אים, האָט זיך גע־ווענדט צו ר' משה מיט דער פראַגע, צי ער וויים, ווען ער קען מקבל שלום זיין ביי דעם רבין ר' משה. ר' משה האָט אים געענטפערט: „דו ווילסט מקבל שלום זיין ביי דעם פּראָסטן יידן? ער איז דאָך אַן עם־הארץ, אַ גס, ניט קיין ירא־שמים, אַן אמתער זינדיקער מענטש. דער חסיד איז אויפגע־שפּרונגען פון זיין אָרט און איז אַוועק. אויף דער גאַס האָט ער געטראָפן יידן און האָט זיי געפרעגט: „ווי קומט עס, וואָס אין דעם רבינס בית־מדרש איז דאָ אַ ייד, וואָס איז מחרף ומגדף דעם רבינס זון ר' משה'', און האָט זיי דערציילט די גאַנצע מעשה.

קענען זיין ווילן, געטריבן דורך נויט, איז ער געוואָרן רבי אין קאָ־ראָסטישעוו (קיעווער גובערניע). דאָרטן האָט ער געלעבט אַ גאַנץ באַשיידן לעבן, און דאָרטן איז ער געשטאָרבן אין יאָר תּרכ"ו, י"ח טבת.

ער האָט איבערגעלאָזט אַ בן־יחיד ר' מרדכי, וועלכער האָט ממלא מקום געווען. ער איז געווען גאַנץ אַנדערש פון זיין פאָטער. זיין „הויף" איז שוין געווען פול מיט לוקסוס און גוט לעבן. ער איז שוין געווען אַ שטיק „וועלט־מענטש", ער איז אַ ביסל ענלעך געווען צו די „רוזשינער קינדער". ער האָט זיך געפּוצט און איז געגאַנגען גוט אָנגעטאָן. ער האָט ניט געהאַט קיין אינעווייניקסטע באַציאונג צו די חסידים, אָבער זיינע חסידים האָבן שטאַרק פון אים געהאַלטן. זיי האָבן געזאָגט, אַז ער איז דער „אמתער חכם". ער האָט געקענט לערנען, אָבער ער האָט זייער ווייניק געלערנט, ער האָט ליב געהאַט שפּילן אין שאָך. די חסידים דערציילן, אַז אַמאָל איז ער געזעסן פאַרטיפט אין שאָך מיט אַ „היינטיקן", וועלכער איז געווען אַ שטיקל משכּיל און אַ ביסל געכאַפּט אין אַפּיקורסות. מיט איינמאָל האָט ר' מרדכי אַ געשריי געטאָן מיט גרויס התלהבות צו דעם צווייטן שפּילער: „פע, רבי קרוב, איר ווילט שלאָגן מיין מלך? ניין, דאָס קאָן ניט זיין, דער מלך בלייבט מלך, מיין מלך קאָן מען ניט שלאָגן. מיין מלך איז מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא". אַט די רייד פון ר' מרדכי זיינען אַריין אין האַרצן פון דעם אַפּיקורס און ער האָט חוזר בתשובה געווען, און איז גע־וואָרן אַ קאָראָסטישעווער חסיד.

די איבעריקע חסידישע וועלט האָט פון אים ניט שטאַרק געהאַלטן, אַפילו די איבעריקע טשערנאָבילער חסידים האָבן אויף אים קרום געקוקט. זיי האָבן געזאָגט: מען פאַרשטייט אים ניט. אָבער זיינע גרויסע זכות־אָבות האָבן דאָך אויף אים מגין געווען און ער איז דאָך געבליבן דער קאָראָסטישעווער רבי.

## ד.

אַן אייגנאַרטיקער טיפּ צווישן דעם טשערנאָבילער מגידס קינדער איז געווען דער דריטער זון פון ר' מרדכי, ר' יעקב־ישראל, געבאָרן געוואָרן אין יאָר תּקנ"ב. ער איז געווען דער איינציקער דרייסטער כאַ־ראַקטער צווישן די אַלע ברידער, דער אומרואיקסטער, דער קריגערישער. ער איז געווען אַ שטאַרקער תּלמודיסט, אַ גרויסער חריף, און צייט ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם „מיטעלן רבי", ר' שניאור זלמן ליאַדיערס זון, האָט ער זיך אויך פאַרטיפט אין דער קבלה און האָט באַקומען אַ גרויסע און טיפע קענטעניש אין חב"ד. אין דער הינזיכט איז ער געווען גרעסער פון אַלע זיינע ברידער, און ער האָט זיך געפילט

גרעסער פון אַלע זײַנע ברידער, לכן האָט ער געװאָלט, אַז אַלע חסידים פון ר׳ מרדכי זאָלן זיך מקרב זײַן צו אים און ער זאָל זײַן דעם פֿאָטערס אַמתער ממלא מקום. נאָך װען זײַן פֿאָטער האָט געלעבט האָט ער שױן געטראַכט, װי מען זאָל נאָך דעם פֿאָטערס טױט איבערנעמען די גאַנצע „מלוכה״. ער האָט פֿאַראױסגעזען, אַז דער ממלא מקום פֿון פֿאָטער װעט זײַן ר׳ אהרן, דער עלטערער זון, און דאָס האָט אים שטאַרק באַאומרואיקט און ער האָט דאָס געװאָלט ניט דערלאָזן און ער האָט דעריבער פֿאַרשײדענע מיטלען אָנגעװענדט, כּדי עס צו דערגרייכן.

נאָך אין דער צײַט, װען זײַן פֿאָטער האָט געלעבט, האָט ער, דער אײנציקער פון זײַנע ברידער, פֿאַרלאָזן טשערנאָביל און האָט זיך באַזעצט אין האָרנאָסטאַיפּאָל, אַ קלײן שטעטל ניט װײַט פון טשערנאָביל. ער איז דורך דעם געװאָרן אַ קלײנער קאָנקורענט פון זײַן פֿאָטער גופא, װײַל דאָס רוב חסידים פון זײַן פֿאָטער, אויף זײער נסיעה קײן טשערנאָביל, האָבן געמוזט באַזוכן האָרנאָסטאַיפּאָל, און האָבן געמוזט באַזוכן דעם רבינס זון, און האָבן אױך געמוזט אים געבן געלט. און ער האָט פֿאַרשטאַנען װי געלט צו נעמען. ער האָט געזאָגט: „כּדי זיך פֿאַרבינדן אין פֿאַראײניקן מיט דעם פֿאָלק, איז דאָ צװײ אופנים: מיט דעם תּלמיד־חכם פֿאַראײניקט מען זיך מיט תּורה ותפילה, און מיט דעם המון דורך געלט. דער באַלעבאָס מוז געלט געבן, און װאָס מער געלט איז דער בונד צװישן דעם צדיק און המון שטאַרקער און פֿעסטער. בײַ אים איז ניט געװען קײן פֿעסטער פּרײַז, ער פֿלעגט פֿאַרלאַנגען געלט װיפֿל אים האָט זיך פֿאַרגלוסט: אײן מאָל ח״י רו״כּ, צװײ מאָל ח״י רו״כּ אאַז״װ. ער האָט אין דעם פּרט גאָר קײן רחמנות ניט געהאַט אױף דעם חסיד. עס האָט אַפילו פּאַסירט, אַז דער חסיד פֿלעגט פֿאַרקױפֿן זײַן ציג, זײַן בהמה, אָדער ער האָט זיך פֿאַרמשכּונט, כּדי דאָס פֿאַרלאַנגטע געלט צו באַצאָלן. אַמאָל פֿלעגט ער פֿאַרלאַנגען אַזױ פֿיל געלט, װיפֿל דער נאָמען פֿון דעם חסיד אָדער פֿון דעם חסידס פֿרױ באַטרעפֿט אין צאָל. מען דערצײלט, אַז ער האָט אַמאָל פֿאַרלאַנגט פֿון אַ חסיד אַזױ פֿיל געלט, װיפֿל דער נאָמען פֿון זײַן פֿרױ באַטרעפֿט. אַזױ װי די פֿרױ האָט געהײסן ח י ה, און חיה באַטרעפֿט נאָר 23, איז דאָס פֿאַר דעם רבין געװען צו קנאַפּ. איז דער רבי געפֿאַלן אױף אַן עצה און האָט געזאָגט דעם חסיד: „פֿאַראַן דאָך בײַ דיר צײַטן, װען דו רופֿסט דײַן פֿרױ ח י ה ל ע — איז אָט גיב מיר אַזױ פֿיל געלט, װיפֿל חיהלע באַטרעפֿט, דאָס הײסט: 123 רובל״.

מיט זײַן באַזעצן זיך אין האָרנאָסטאַיפּאָל איז ער אױסן געװען נאָך אַ זאַך: באַפֿרײַנדן זיך אַזױ שטאַרק מיט זײַן פֿאָטערס חסידים, אַז נאָכן פֿאָטערס טױט זאָלן זײ נאָר צו אים פֿאָרן, און אָנשטאָט טשערנאָביל, װאו

זיין עלטערער ברודער וועט וואוינען, וועט הארנאסטאיפאל ווערן דער צענ־
טער פון טשערנאבילער חסידיזם; הארנאסטאיפאל וועט ירשענען טשער־
נאביל און וועט שטיין איבער טשערנאביל. די ברידער האבן אים גוט
געקענט און האבן זיינע כוונות גוט פארשטאנען, און דערצו זיינען נאך
גענוג געווען א סך „פריינד" און גבאים, און משרתים, און גלאט מקורבים,
וואס האבן געפירט אינטריגעס און געשפיאנירט ביי דעם און ביי יענעם
און דערציילט רכילות. בקיצור, שוין פאר לעבן פון ר' מרדכי איז אנט־
שטאנען א מחלוקת צווישן אלע ברידער פון איין זייט און ר' יעקב־ישראל
פון דער צווייטער זייט. באזונדערס איז געווען א גרויסע מחלוקת מצד
ר' א ה ר ן און זיינע אנהענגער, ווייל מען האט געזען, ווי ר' יעקב־ישראל
וויל צונעמען דאס אמתע רעכט פון ר' אהרן, אלס עלטערער זון, צו זיצן
אויף דעם „כסא המלוכה" פון פאטער. אלס ביישפיל, ווי שטארק ר' יעקב־
ישראל האט געשטרעבט זיין ציל צו דערגרייכן, דערציילן ר' אהרנס
חסידים דעם דאזיקן פאל: אז ר' מרדכי איז געפערלעך קראנק געווארן,
האבן אים די קינדער געפירט קיין קיעוו צו די דאקטוירים. זיי האבן גע־
מוזט מיט דעם קראנקן דורכפארן הארנאסטאיפאל און זיינען מיט דעם
קראנקן אפגעשטעלט צו ר' יעקב־ישראלן זיך אויסצורוען. ר' יעקב־ישראל
האט געזען, אז דער פאטער איז זייער געפערלעך, און ער האט אנגעהויבן
אפצורעדן פון דער ווייטערדיקער נסיעה קיין קיעוו. ער האט דערביי גע־
האט זיין כוונה: דער פאטער וועט שטארבן אין הארנאסטאיפאל און דארט
וועט ער מקובר ווערן, וועלן די פיל חסידים פארן אויף זיין קבר, און
דורך דעם וועט ער זיין ציל דערגרייכן: הארנאסטאיפאל וועט ווערן דער
צענטער פון ר' מרדכים חסידים, און ער וועט שטיין בראש. די ברידער
האבן עס פארשטאנען און האבן געאיילט צו פארן ווייטער, קיין קיעוו.
דעם קראנקן איז שוין אבער ניט באשערט געווען צו קומען קיין קיעוו,
און ער איז געשטארבן, ווי שוין אויבן געזאגט, אין אנאטעווקע.

אזוי ארום איז דער ציל פון ר' יעקב־ישראלן ניט דערגרייכט גע־
ווארן. טשערנאביל איז געבליבן נאך דעם טויט פון ר' מרדכי אזוי מעכטיק
ווי פריער; ר' אהרן איז געווארן דער ממלא־מקום פון זיין פאטער, זיין
נאמען איז געווארן גרויס און באריממט, און ר' יעקב־ישראל איז געווארן
פארביטערט און פארקלעמט. און פון ר' אהרנס הויף האט מען א וואונק
געטאן, אז די חסידים זאלן אויף זייער דורכרייזע דורך הארנאסטאיפאל
זיך ניט אפשטעלן דארטן און זאלן פארן גלייך קיין טשערנאביל.

די דאזיקע פאליטיק האט זיך געפירט א לאנגע צייט, אבער צו אן
אפענעם ברוך צווישן ר' יעקב־ישראלן און ר' אהרנען איז דאך ניט

געקומען. ער פלעגט אפילו אמאל קומען קיין טשערנאָביל אויפן קבר פון זיין זיידן ר' נחום, און פלעגט אויך באזוכן זיין ברודער ר' אהרן. אָבער פון „הויף" האָט מען אַ וואונק געטאָן צו די חסידים אין טשערנאָביל, אַז מען זאָל אים אויפנעמען קאַלט; אויך דאָס זען זיך מיט דעם ברודער איז געווען גאַנץ קאַלט, נאָר אָפיציעל. ער פלעגט איינשטיין אין טשער־נאָביל ניט ביי זיין ברודער, נאָר ביי זיין שוועסטער חנה־חיה; ביי איר אין הויז פלעגט ער אויסגיסן זיין האַרץ אויף אַלע ברידער. איינמאָל, ווען ער איז געקומען קיין טשערנאָביל און איז געזעסן ביי דער שוועסטער און גערעדט מיט גרויס כעס אויף זיינע ברידער, איז ער פּלוצים אויפ־געשטאַנען און האָט זיך געווענדט צו איר און האָט אויסגערופן מיט כעס: „ווען דו זאָלסט זיין אַ ברודער, וואָלסטו אויך געווען קעגן מיר", און האָט מיט גרימצאָרן פאַרלאָזן די שטוב.

## ה.

די פּאָליטיק צווישן דעם טשערנאָבילער הויף און האָרנאָסטאָיפּאָלער הויף האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט איבער דעם טיטל „מגיד". דער טיטל „מגיד" (זאָגער) און „דרשן" און „מוכיח" (שטראָפער) איז כמעט דער זעלבער. די אַלע דריי טיטלען פאַרפאָלגן דעם זעלבן צוועק: זאָגן פאַרן עולם דברי תורה און שטראָף־רייד און מוסר. די דאָזיקע דריי טיטלען זיינען שוין גאַנץ אַלט ביי יידן, נאָך פיל עלטער פאַרן חסידיזם; דער חסידיזם האָט אָבער אויסגעוויילט פאַר זיך בלויז דעם טיטל „מ ג י ד". דער ערשטער מגיד איז געווען דער ממלא־מקום פון בעש"ט ר' ב ע ר, דער מעזשעריטשער מגיד. נאָך אים זיינען געווען אייניקע צדיקים, וואָס האָבן געטראָגן דעם טיטל „מגיד", ווי אַ שטייגער ר' נחום, דער טשער־נאָבילער מגיד און אַנד. ר' נחום מיט זיין פשוטקייט און גרויס עניוות האָט פון דעם קיין עסק ניט געמאַכט, און איז אויך אין דער חסידישער וועלט מער באַקאַנט מיט דעם נאָמען: „דער גרויסער ר' נחום", אָן דעם טיטל „מגיד". ערשט זיין זון ר' מרדכי האָט דעם טיטל „מגיד" געירשנט פון זיין פאָטער און האָט אים געשטעלט אין פאָדערגרונט; אַזוי איז ער אויך באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט מיט דעם נאָמען: „דער טשער־נאָבילער מגיד". נאָך דעם טויט פון ר' מרדכי איז דער טיטל איבערגע־גאַנגען צום עלטערן זון ר' אהרן. איצט האָט דער טיטל באמת שוין אָנגעוואָרן זיין אינהאַלט: זאָגער, דרשן, ווייל ר' אהרן האָט כמעט גאָר־ניט געדרשנט און וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען נאָר פון טאַטנס ספר, אָבער דער כבוד פון דעם טיטל איז דאָך געבליבן. ער איז געווען פאַר־בונדן מיט מאַכט און השפּעה. אַזוי האָט מען, למשל, געזאָגט: ראַדאָמיש־

לער מגידות געהערט צו ר׳ אהרן טשערנאָבילער, און די מינדערהייט חסידים פון אנדערע צדיקים האָבן זיך געמוזט אונטערוואַרפן און שווייגן. אזוי ארום איז ר׳ אהרן געוואָרן ראדאָמישלער מגיד אאז״וו. אָבער די שטאָט זשיטאָמיר, וואו פריער איז געווען ר׳ מרדכי מגיד און וואו אצינד זיינען אָבער געווען פול חסידים פון ר׳ יעקב־ישראל, האָט ניט לייכט געקאָנט אוועקגעבן דעם טיטל מגיד ר׳ אהרן. נאַטירלעך, האָבן די ביידע ,,הויפן״, טשערנאָבילער און הארנאָסטאיפּאָלער, זייער פיל אין דעם געאַרבעט, פון ביידע זייטן האָט מען זיך משתדל געווען די זשיטאָמירער מגידות צו נעמען פאר זיך. און אזוי איז אנטשטאַנען א גרויסע מחלוקת, ביז מען האָט געמאכט א פשרה: די מגידות זאָל דאָרט געהערט צו ר׳ אהרנען און די רבנות צו ר׳ יעקב־ישראלן. און ווייל ר׳ יעקב ישראל האָט מורא געהאט, אז דורך די טשערנאָבילער מגידות וועט דאָרט אין זשיטאָמיר זיין השפעה שוואַך ווערן, האָט ער אהין געשיקט זיין אייניקל ר׳ מרדכי־זלמן (דער שווער פון אחד־העם) פאר א רב. די זעלבע זאַך איז אויך געשען אין אוורוטש, וואו די מגידות האָט געהערט צו ר׳ אהרנען און די רבנות — צו ר׳ יעקב־ישראלן, און אויך אהין האָט ער געשיקט זיינעם אן אייניקל פאר א רב.

די פּאָליטיק צווישן די ביידע ,,הויפן״ האָט זיך שטאַרק פאַרשאַרפט, ביז עס איז געקומען צו א פולקומען צוזאמענבראַך צווישן די ביידע ברידער ר׳ אהרן און ר׳ יעקב־ישראלן און דורך דעם אויך מיט אלע ברי־דער, ווייל אלע ברידער האָבן געהאלטן מיט ר׳ אהרנען. די סיבה פון דעם איז געווען די גבאות פון די ארץ־ישראל־פּושקעס. זינט די ערשטע גרויסע אויסוואנדערונג פון די ליטווישע חסידים קיין ארץ־ישראל אין תקל״ז, האָט מען אין רוסלאַנד געגרינדעט די ארץ־ישראל־פּושקעס, און דאָס געלט פון די דאָזיקע פּושקעס איז געגאַנגען אויף אונטערצושטיצן די אָרעמע חסידים אין א״י. די פּושקע־געלט פלעגט געזאמלט ווערן פון משולחים. מען האָט אויסגעקליבן א מפורסם א צדיק פאר דעם ,,גבאי כולל״, אים האָט מען דאָס געזאמלטע געלט אָפּגעגעבן, און ער האָט עס אוועקגעשיקט קיין א״י. דער רוזשינער איז געווען דער ,,גבאי כולל״ פון גאַנץ אוקראַינע; נאָך זיין באַזעצן זיך אין גאליציע האָט ער דאָס איבערגעגעבן ר׳ מרדכי טשערנאָבילער, וועלכער האָט דאָס געזאמלטע געלט געשיקט קיין רוזשין און פון דאָרט קיין א״י. נאָך דעם טויט פון ר׳ מרדכי איז עס איבערגעגאַנגען צו ר׳ אהרנען, און אָט קעגן דעם איז אַרויסגעטראָטן ר׳ יעקב־ישראל. ער האָט ניט געשפּאָרט קיין עפנט־לעכע רעדעס, קיין בריוו קעגן זיין ברודער ר׳ אהרן אלס גבאי־כולל פון

די א״י־געלט. ער האָט געטענהט, אַז ר׳ אהרן איז אַלט און שוואַך און דורך דעם פאַרנאַכלעסיקט ער די גרויסע מצווה פון ארץ־ישראל־געלט. ער האָט צעשיקט בריוו אין פיל חסידישע שטעט, אַז מען זאָל דאָס א״י־געלט שיקן נאָר צו אים, ניט קיין טשערנאָביל. אין איין בריוו שרייבט ער: „איך באַשטיי דערויף מיט אַלע מיינע כּוחות און קיין שום קראַפט אין דער וועלט וועט ניט זיין בּכּוח מיך אָפּצוהאַלטן פון דעם״; ר׳ אהרן האָט אויך ניט געשוויגן און האָט געשריבן קעגן־בריוו. אַזוי איז דאָס געגאַנגען פון ביידע זייטן, און די מחלוקת צווישן די ביידע צדדים חסידים איז געוואָרן זייער שטאַרק: מען האָט זיך געשלאָגן, געמסרט, גטן זיינען צוליב דעם פאָרגעקומען, שידוכים זיינען געוואָרן אָפּגעלאָזן, מען האָט ניט גע־געסן איינער ביי דעם אַנדערן. די איבעריקע ברידער האָבן געהאַלטן מיט ר׳ אהרנען, זיי האָבן זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו ר׳ יעקב־ישראלן און האָבן אים געמוסרט, אָבער ר׳ יעקב־ישראל מיט זיין פעסטן ווילן און עקשנות האָט ניט נאָכגעגעבן און מיט אַ זייער שטאַרקן טאָן האָט ער זיינע ברידער געענטפערט און אָפּגעשלאָגן זייערע טענות; ער גייט אַרויס מיט אַ נייעם בריוו צו די חסידים און שרייבט דאָרט: „ווער עס אונטערשטיצט מיך ניט, איז ניט נאָר קעגן מיר, נאָר ער איז אויך קעגן גאָט און זיין תורה. איך וועל זיך ניט רירן פון מיין אָרט. איך זאָג אייך: ווער עס איז קעגן מיר, וועט ניט אַרויס בשלום. ווער עס האַלט מיט גאָט, זאָל קומען צו מיר״.

אָבער זיין שרייען און ברוגזן זיך און זידלען זיך האָט ניט גע־האָלפן. די ברידער ווי די גאַנצע חסידישע וועלט זיינען געווען קעגן אים, אַלע האָבן געזאָגט, אַז ר׳ אהרן אַליין זאָל בלייבן דער גבאי כּולל פון די א״י־געלט.

נאָך זיין לעצטן דורכפאַל האָט ער פאַרלאָזן די שטאָט האָרנאָ־סטאַיפּאָל; ער האָט מער ניט געקאָנט וואוינען אַזוי נאָענט פון טשערנאָביל, וואָס איז געוואָרן שטאַרק פאַרהאַסט. ער האָט זיך באַזעצט אין ט ש ע ר ־ ק אַ ס, ווייט פון טשערנאָביל. די חסידים זאָגן, אַז ער האָט זיך בכּוונה באַזעצט אין טשערקאַס, ווייל ס׳איז נאָענט פון ר אָ ט מ י ס ט ר אָ װ ק ע, און דאָרט האָט געוואוינט זיין יינגסטער ברודער י ו ח נ ן, וואָס האָט שטאַרק אונטערשטיצט ר׳ אהרנען. ער האָט אים דורך דעם געוואָלט שאַדן ברענגען מיט זיין קאָנקורענץ.

אין דער נייער שטאָט האָט ער געלעבט גאַנץ רויִק, ער האָט גע־זאָגט: „דאָ האָב איך אַריינגעשטעקט מיין שווערד אין שיידל״.

אין יאָר תרל״ו, י״ג אלול, איז ער דאָרט געשטאָרבן.

ער האָט געהאַט נאָר טעכטער און זיין אייניקל ר׳ מרדכי־בער האָט זיך באַזעצט אין דער אַלטער שטאָט פון זיין זיידן: האָרנאָס־טאַיפּאָל. אין אים איז געווען אַ געמיש פון חב״דער און אוקראַינישער חסידות. ער איז געווען אַ גרויסער תּלמודיסט און קאַבאַליסט. זיין „הויף״ איז געווען אַן אָרט פון תּורה. ער אַליין האָט פיל געלערנט און האָט מחבר געווען חריפותדיקע ספרים. די איבעריקע טשערנאָבילער חסידים האָבן ניט פיל פון אים געהאַלטן, ווייל מיט זיין דרך האָט ער מער נוטה געווען צו חב״ד, צו לערנען פיל תּורה, וואָס פאַר די חסידים איז עס געווען אַן אָפּקלאַנג פון מתנגדישקייט. אויסער דעם איז זיין פאָטער געווען נאָר אַן „אייניקל״ ניט קיין „רבי״.

## ו.

דער פערטער זון פון ר׳ מרדכין האָט געהייסן ר׳ נחום. ער האָט זיך באַזעצט נאָך דעם פאָטערס טויט אין מאַקאַראָוו, לעבן קיעוו. ער איז געבאָרן אין תּקס״ד, אָבער זיין טעטיקייט אַלס זעלבשטענדיקער צדיק האָט ניט לאַנג געדויערט. ער איז דאָרט געשטאָרבן ז׳ תּשרי תּרי״ב. די גרויסע אַנטוויקלונג פון דעם מאַקאַראָווער „הויף״ האָט זיך ערשט אָנגע־הויבן נאָך זיין טויט דורך זיין בן־יחיד ר׳ יעקב־יצחק.

ר׳ יעקב־יצחק איז געווען איינער פון די איינפלוסרייכסטע צדיקים אין דער גאַנצער חסידישער וועלט. זיין הדרת־פּנים און ליבנסווערדיקייט האָט אויף יעדן מענטשן, אויך אויף ניט־חסידים, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיין פיל לערנען און עבודה צו גאָט. ווער עס האָט אים געזען „פראַווען״, ווער עס האָט גע־הערט זיין „קרעכצן״, ווער עס האָט געהערט אים זאָגן „גאָט פון אברהם״ פאַר הבדלה, דער וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. זיין קרעכץ איבער די יידישע צרות איז געווען דער אמתער האַרציקער קרעכץ, וואָס דער בעש״ט האָט פאַרלאַנגט. זיין התלהבות איז געווען דער אמתער פונק פון גאָט, אהבת־יה. זיינע רייד האָבן אויפגעוועקט יעדעס האַרץ און גע־מאַכט לעבעדיק. איז מען ביי אים איינמאָל געווען, האָט מען שוין גע־מוזט נאָכאַמאָל צו אים פאָרן און אים זען און הערן. ביי אים איז דע־ריבער געווען אַ שטאַרקער אָנדראַנג פון חסידים. פון אַלע קאַנטן זיינען צו אים חסידים און ניט קיין חסידים געפאָרן. אָבער דער גרויסער צו־זאַמענלויף פון מענטשן האָט אים ניט געשטערט זיך יעדן טאָג מתבודד צו זיין אויף עטלעכע שעה און לערנען גמרא און תּוספות און ספרי־יראים.

ער האָט געגרינדעט אַ רייכן „הויף", מיט פיל הייזער און אַ גרויסן גאָרטן, האָט געהאַט קאַרעטעס מיט פערד, גאָלד מיט זילבער, מיט אַלערליי צירונג. ער גופא איז געווען באַשיידן, אָבער זיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן אויסגענוצט זיין פּאָפּולאַריטעט, כדי צו זאַמלען פיל געלט און פיל געלט צו פאַרשווענדן.

ער איז געשטאָרבן פאַרערט און פאַרהייליקט אין דער גאַנצער חסידישער וועלט.

## ז.

דער פינפטער זון פון ר' מרדכי איז געווען ר' אַ ב ר ה ם. ער איז געבאָרן אין תקס"ו און נאָך זיין פאָטערס טויט האָט ער זיך באַזעצט אין ט ר י ס ק (פוילן). ער האָט פיל תורה געזאָגט, און דער יסוד פון זיינע דרשות איז געווען: גימטריאות, ראשי תיבות, נוטריקון אאַז"וו. ער איז געווען בכוח אויף דעם דאָזיקן יסוד צו געפינען אין דער תורה פאַר־שיידענע רמזים. ער האָט ליב געהאַט צו זאָגן ווען עס וועט קומען משיח, און יעדעס מאָל האָט ער משיחס צייטן אָפּגערוקט אויף שפּעטערדיקע צייטן. זיינע ברידער האָבן אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער טוט ניט גוט. אַ טייל פון זיינע דרשות זיינען געוואָרן געזאַמלט אין איין ספר: „מגן אברהם". ער איז געווען אַ גרויסער מפורסם און האָט געהאַט פיל חסידים; דאָס רוב פון זיינע חסידים זיינען געווען אין פוילן. זיין „הויף" און זיין גרויס עשירות איז געווען באַקאַנט אומעטום. ער איז געשטאָרבן אין טריסק ב' תמוז תרפ"ט.

ער האָט איבערגעלאָזט דריי זין, וועלכע האָבן זיך מיט גאָרנישט ניט אויסגעצייכנט. דער עלטערער פון זיי, ר' נחום, דער איידים פון ר' דוד טאַלנער, איז באַקאַנט מיט זיין חנוכה־לעמפּל פון גאָלד און זילבער, וואָס אַ גרויסער קינסטלער, אַ גאָלדשמיד, האָט איינציקע יאָר געאַרבעט ־ערויף, ביז ער האָט דאָס חנוכה־לעמפּל פאַרטיק געמאַכט. ווי ער, אַזוי אויך זיינע איבעריקע ברידער האָבן אָנגעקליבן אַ סך געלט און האָבן זיך דורך דעם געמאַכט ניט באַליבט אויף די איבעריקע טשערנאָבילער חסידים און „גוטע יידן". זייער חסידות און אויפפירונג איז שוין מער געווען נוטה צו די פוילישע חסידים און „גוטע־יידן". זיי האָבן זיך דורכדעם פאַרפרעמדט פון די איבעריקע טשערנאָבילער „גוטע־יידן" און חסידים, וואָס זיינען אַלע געזעסן אין אוקראַינע און זיינען געווען גאַנץ אַנדערש סיי אין תוך, סיי אין פאָרם.

## ח.

אַן אייגנאַרטיקער צדיק איז געווען דער זעקסטער זון פון ר׳ מרדכי, ר׳ דוד. ער איז געבאָרן געוואָרן אין תקס״ח און האָט זיך נאָך זיין פאַטערס טויט באַזעצט אין וואַסילקאָוו. ווי אַלע זיינע ברידער, האָט ער אויך פיל געליטן פון די רוזשינער חסידים, און האָט דעריבער זיך באַזעצט אין טאַלנע, אַן אַזוי רופט מען אים ביז איצינד: „ר׳ דודל טאַלנער״. ער איז געווען זייער קלוג און פול מיט וויץ. זיינע ווערטלעך, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן פיל איראָניע, זיינען נאָך אויך היינט באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט. מען דערציילט, אַז אַמאָל איז ער געווען אין אומאַן ביי זיינעם אַ חסיד. אַז ער איז פון אים אַוועק, האָט ער געזאָגט צו זיינע מקורבים: „ביי דעם דאָזיקן חסיד אין הויז איז פאַראַן אַ רוח, און ער הייסט פסיל״ד״. אַז מען האָט אים געפרעגט, וואָס דאָס באַטייט, האָט ער געענטפערט: די ראשי־תיבות פון פסיל״ד איז: פתי יאמין לכל דבר ד״ה אַ נאַר גלויבט אַלץ.

ער האָט אויפגעבויט אַ גרויסן „הויף״ מיט גרויס עשירות. זיין ליבשאַפט צו ניגונים און חזנים איז געווען זייער שטאַרק. ער האָט געהאַט ביי זיך צוויי גרויסע חזנים, ר׳ צבי און ר׳ יוסל. די ביידע האָבן אויך קאָמפּאָנירט פיל חסידישע ניגונים צו די זמירות פון שבת און יום-טוב און סתם ניגונים, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געווען צווישן אַלע חסידים און מען האָט זיי תמיד געזונגען. אויך האָט ער ביי זיך געהאַט אייגענע קלעזמער, וואָס ער האָט זיי געלערנט אויף זיינע הוצאות, און זיי האָבן אָפט פאַר אים געשפּילט. ער האָט געמאַכט אַ שטול באַדעקט מיט זילבער און מען זאָגט, אַז אויף דעם שטול איז געווען אָנגעשריבן מיט זילבערנע אותיות: „דוד מלך ישראל״. זיין הנהגה און זיינע שונאים האָבן געבראַכט דערצו, אַז די רוסישע רעגירונג האָט אויף אים געוואָרפן אַן אויג און האָט אים אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן. באַזונדערס האָט מען אים געמסרט פאַר זיין שטול מיט די ווערטער „דוד מלך ישראל״. פון גרויס אַנגסט האָט ער זיך באַזעצט אין בראָד, און דאָרט האָט ער געוואוינט אַ יאָר ביז זיינע חסידים אין רוסלאַנד האָבן זיך משתדל געווען ביי דער רעגירונג פאַר אים און אויסגעפּועלט פאַר אים אַן ערלויבעניש צוריקצוקומען, און אַזוי איז ער צוריקגעקומען קיין טאַלנע. מען האָט פיל דערציילט פון זיינע מופתים. באַזונדערס האָבן די חסידים געזאָגט, אַז ער מאַכט משוגעים קלאָר און הולי־נופל געזונט. ער האָט מער ווי אַלע זיינע ברידער געזאָגט תורה. אַלע, וואָס האָבן אים געקענט פון פריער, בפרט זיינע ברידער, זיינען געווען ממש דערשטוינט איבער זיין פּלוצלעכן אויפטרעטן

מיט תורה־זאָגן. אַז עס איז דערשינען זיין ספר „מגן דוד״, האָט אַ מתנגד געמאַכט אַ ווערטל און געזאָגט: „ר׳ אַברהם דער טריסקער צדיק האָט מחבר געווען אַ ספר „מגן אברהם״, אַצינד האָט זיין ברודער דער טאַלנער מחבר געווען „מגן דוד״, אָבער דער „שולחן־ערוך״ איז ניטאָ... („מגן־דוד״ און „מגן אברהם״ זיינען צוויי פירושים אויף דעם „שולחן־ערוך״). אויסער דעם „מגן דוד״ זיינען פון אים דערשינען „קהלת דוד״ און „ברכת דוד״.

ער האָט נאָר געהאַט איין זון, ר׳ מרדכי, וועלכער איז נאָך גע־שטאָרבן פאַר זיין לעבן. ר׳ דוד טאַלנער איז געשטאָרבן אין טאַלנע י׳ אייר תרמ״ב.

נאָך אים איז געקומען זיין אייניקל, דער זון פון זיין זון. ער איז נאָך געווען אַ קינד פון 8—10 יאָר, ווען ער איז אַרויף אויף דער „כסא המלוכה״. ער איז געווען איינער פון די דריי קינדער, וואָס זיי זיינען שוין זייער פרי געוואָרן צדיקים. דער קלענסטער איז געווען דער „ינוקא״, דאָס קינד פון סטאָלין, פון דער „קאַרלינער דינאַסטיע״. ער איז אַלט געווען לערך 2 יאָר, ווען זיין פאָטער דער צדיק איז געשטאָרבן. אָבער די סטאָלינער חסידים האָבן געוואַרט ביז דאָס „קינד״ איז עטוואָס אונטער־געוואַקסן, ביז ער איז געוואָרן בר־מצווה. דאָס צווייטע קינד־צדיק איז געווען דער זון פון ר׳ זוסיע טשערנאָבילער (זע פריער קאַפּיטל ב׳), און דער דריטער איז געווען דעם טאַלנערס אייניקל.

אַן אמתער המשך פון דעם גרויסן ר׳ נחום איז געווען ר׳ יצחק, דער זיבעטער זון פון ר׳ מרדכי. זיין פרומקייט און פאַרטיפונג אין חסידות, זיין פשוטקייט און באַשיידן לעבן האָט שטאַרק דערמאָנט אָן זיין גרויסן זיידן. אויך זיין „הויף״ איז געווען שטאַרק באַשיידן און איינפאַך און כמעט אָרעם אין פאַרגלייך צו די „הויפן״ פון זיינע ברידער. ער האָט כמעט גאָרניט געדרשנט, הגם ער האָט פיל מער און טיפער געוואוסט פון דעם „טאַלנער״ און „טריסקער״. נאָר מחמת גרויס עניוות האָט ער גע־שוויגן. זיין הויפּט־פּונקט איז געווען די פרומקייט און מידות טובות. אמת און צדקה, די דאָזיקע צוויי מידות טובות זיינען געווען פאַר אים הייליק; און דאָס האָט ער אויך פאַרלאַנגט פון זיינע חסידים.

ר׳ יצחק איז געבאָרן געוואָרן אין תקע״ב. נאָכן טויט פון זיין פאָטער האָט ער זיך באַזעצט אין סקווירע און דאָרט איז ער געשטאָרבן י״ז ניסן תרמ״ה. פיר זין זיינען נאָך אים געבליבן: ר׳ אַברהם־יהושע, ר׳ נחום, ר׳ ישראל, ר׳ דוד. די אַלע האָבן ווייטער אַנטוויקלט די פרומקייט פון זייער פאָטער און אין דעם וועג האָבן זיי אויך מחנך געווען זייערע קינדער. דער „סקווירער הויף״ מיט זיין פרומקייט און באַשיידנקייט איז געווען באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט. ער איז געבליבן שטיין פעסט און

סטאַביל אין זיין לעבן און אויפפירונג, בשעת די אַנדערע טשערנאָבילער „הויפן" זיינען געזונקען און זיינען אינגאַנצן אַוועק פון זייער ערשטן ציל און וועג.

## י.

דער יינגסטער פון אַלע זין איז געווען ר' יוחנן. ער איז געבאָרן אין תקע"ו. אויך ער איז געווען אַ לערנער און אַ באַשיידענער מענטש, אָבער ער איז ניט געווען גלייך צו זיין ברודער, דער „סקווירער רבי"; אים האָט געפעלט די טיפקייט און דער ברייטער פאַרנעם אין דער פרומ־קייט פון זיין ברודער ר' יצחק. פיל ענלעכקייט האָט ער געהאַט צו זיין ברודער ר' משה קאָריסטישעווער. ער איז געווען אַ באַגייסטערטער אָנ־הענגער פון זיין ברודער ר' אהרן, ער איז כמעט געווען זיין חסיד. אין אַלע מחלוקתן צווישן ר' אהרן און ר' יעקב־ישראל איז ר' יוחנן געווען אינגאַנצן אויפן צד פון ר' אהרן, און דעריבער איז ער געווען שטאַרק פאַרהאַסט פון ר' יעקב־ישראל, וועלכער האָט אויף אים געקוקט מיט פאַראַכטונג און האָט אים געשריבן: „דו האָסט גאָרנישט ניט דערגרייכט, ניט אין תורה און ניט אין דרך־ארץ".

ער האָט געוואוינט אין ראָטמאַסטריווקע. דאָרט האָט ער געהאַט זיין „הויף". ער האָט געהאַט אַכט קינדער, פיר פון זיי זיינען גע־ווען זיינע זין: ר' דוד, ר' מרדכי, ר' לייב, ר' זאב. אָבער דורך זיין שוואַכן כאַראַקטער האָט ער ניט געקאָנט זיין „הויף" האַלטן פעסט און סטאַביל אין זיין גייסט, ווי זיין ברודער דער סקווירער. שוין פאַר זיין לעבן האָט זיך אָנגעהויבן דער צוזאַמענבראָך פון זיין „הויף" און די „השכלה" איז אַהין אריינגעדרונגען, און ער האָט נאָך געמוזט צוזען, ווי זיינער אַן אייניקל, אַ זון פון זיין זון, איז אַרויס „לתרבות רעה" און איז אַנטלאָפן קיין פּאַריז לערנען בילדונג. ער איז גלייך נאָכדעם גע־שטאָרבן, ד' ניסן תרנ"ה. די חסידים האָבן געזאָגט, אַז פון די גרויסע יסורים איבער זיין אייניקל איז ער געשטאָרבן.

## יא.

פון די דריי טעכטער פון ר' מרדכי האָט זיך אויסגעצייכנט נאָר איינע: חנה־חיה, וועלכע איז אויך געווען זייער אָנגעזען אין דער חסידישער וועלט. דער חסידיזם האָט, להיפך צום רבניזם, די יידישע פרוי גלייכגעשטעלט מיט דעם מאַן; די חסידה פלעגט פאָרן צום רבין אָדער מיט איר מאַן דעם חסיד, אָדער אַפילו גאַנץ אַליין. דער רבי האָט זי אויך אויפגענומען און האָט געלייענט איר קוויטל, און האָט מיט איר גערעדט,

און האָט איר געגעבן „שמירות", אַ מטבע, פאַר א״י און איר מאַן און אירע קינדער. זי איז אויך געזעסן צוזאַמען מיט די חסידים, נאַטירלעך אין אַן עק פון צימער, און האָט געהערט „הייליקע מעשיות" פון צדיקים. נאָך מער: די חסידה האָט אַפילו געקאָנט דערגרייכן די מדרגה פון אַ „צדיק", ווי למשל, „די לודמירער מויד", וואָס פיל חסידים זיינען צו איר געפאָרן. איינער פון אַזעלכע פרויען־צדיקים איז געווען די טאָכטער פון ר' מרדכי, ח נ ה ־ ח י ה.

איר גוטהאַרציקייט און ליבלעכקייט, איר אמתע פרומקייט און איינפאַכקייט, איר איבערגעגעבנקייט צו איר הויז, צו איר פאַמיליע, צו יעדן מענטשן; איר צדקה און מסירות־נפש פאַר אַלץ; איר ליבע צו אמת און גערעכטיקייט, אָט די אַלע מידות טובות צוזאַמען זיינען געווען ביי דער פרוי ח נ ה ־ ח י ה. זי האָט פאַרדינט דעם נאָמען „צדיקת", מיט וועלכן זי איז געווען באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט. זי איז געווען אַ מוסטער פון דער אַלטער יידישער פרוי, וואָס האָט געפונען איר אָפּ־קלאַנג אין דעם ליד „אשת חיל" אין תהילים. די חסידים, וועלכע זיינען געקומען קיין טשערנאָבל, צו ר' אהרן, זיינען אויך געגאַנגען צו איר זיך בענטשן. אַלע אירע ברידער האָבן פון איר זייער שטאַרק געהאַלטן. זיי האָבן געזאָגט: דער חילוק צווישן אונז און איר איז נאָר אין דעם שטריימל; חוץ דעם איז זי אַזאַ צדיקת ווי מיר צדיקים. זי איז געבאָרן אין תק"ע אין טשערנאָבל, און דאָרט איז זי געשטאָרבן י"ב כסלוו תרנ"ג.

איר מאַן ווי אירע קינדער זיינען ניט געווען קיין „צדיקים", אָבער זיי זיינען געווען זייער אָנגעזען אין דער חסידישער וועלט אַלס „אייניק־לעך". זיי האָבן ניט געפּראַוועט קיין חסידות און האָבן ניט גענומען קיין קוויטלעך, אָבער זיי האָבן פיל נוצן געבראַכט פאַר דעם גייסטיקן חסידיזם דורך זייער פרומקייט און מידות טובות.

## יב.

די טשערנאָבילער דינאַסטיע האָט זיך טאָג־טעגלעך מער און מער אַנטוויקלט; די אַכט זין פון ר' מרדכין און זייערע פיל קינדער און קינדס־קינדער האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע שטעט אין אוקראַינע, און יעדער האָט זיך געהאַט זיין „הויף" מיט זיינע גבאים און מקורבים און משולחים; יעדער האָט זיך באַמיט מיט פאַרשיידענע מיטלען צו פאַר־גרעסערן זיין „הויף" און צו פאַרפעסטיקן זיין מעמד. און אָט די מיט־לען, וועלכע מען האָט איינגעפירט, צו ווערן גרויס און מעכטיק, האָבן שטאַרק דערנידעריקט דעם אוקראַינישן חסידיזם און ער איז געוואָרן אַן איינפאַכער ג ע ש ע פ ט, וואָס איז אויסן געווען נאָר מאַטעריעלע צילן.

שוין ר' מרדכי, דער טשערנאָבילער מגיד, האָט אויסגעטראָטן דעם וועג מיט זיין אויסגעפּוצטן „הויף" און רייכטום, מיט זיינע פיל וואונדער און מופתים און האָט פאַרנאַכלעסיקט דעם אידעאַלן, גייסטיקן חסידיזם. זיינע קינדער, א גרויסער טייל פון זיי, זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. אָבער ר' מרדכי און זיינע קינדער זיינען דאָך נאָך געווען פון די אַלטע צדיקים, זיי האָבן נאָך פיל אין זיך געהאַט פון די ערשטע צדיקים, פון דעם ערשטן דור פון דעם גייסטיקן חסידיזם, דעם דור פון בעש"ט, פון מעזשעריטשער מגיד און זיינע תּלמידים. אָבער נאָכדעם, נאָכן טויט פון ר' מרדכים קינדער, האָבן זיינע פילע אייניקלעך געגרינדעט פיל „הויפן" אין פאַרשיידענע שטעט. אָט דעמאָלט האָט זיך זייער שנעל אָנגעהויבן די פולקומע ירידה פון דעם אוקראַאינישן חסידיזם. ווייל די נייע צדיקים האָט געפעלט אַלץ, וואָס דער אמתער גייסטיקער חסידיזם פאַרלאַנגט; עס האָט זיי געפעלט די קענטעניש, די פאַרטיפונג אין דער קבלה, ובפרט די אמתע תּמימות און מסירת־נפש פאַר די אידעאַלן, גייסטיקע שטרעבונגען אין חסידיזם. שוין זייער דערציאונג, וואָס איז דורכגעגאַנגען אין רייכטום, לוקסוס, זאָרגלאָזיקייט, אַרומגערינגלט פון גבאים און מקורבים, מיט חניפה און מיט קריכעריי, — אָט דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין זייער יוגנט־צייט, האָט אויך געווירקט אויף זייער שפּעטערדיקער צייט אַלס „צדיקים", זיצנדיק אין זייער „הויף" און „פראַווען" חסידות. יעדער פון זיי האָט זיך באַשרענקט נאָר אויף „קוויטלעך" נעמען, נאַטירלעך מיט געלט, און וואָס מער געלט, און מאַכן מופתים. תּורה זאָגן האָט אויפגעהערט, ווייל עס האָט זיי געפעלט די קענטעניש דערצו, אָבער מופתים האָט זיך געשאָטן ווי פון ארבל. איז איינער פון די אייניקלעך געוואָרן א צדיק, האָט מען שוין געדעדט אין דער גאַנצער סביבה פון זיינע מופתים, און באַלד האָבן זיך א שאַט געטאָן פיל ווייבער און קראַנקע אום פון אים געהאָלפן צו ווערן. און אויך פאַר די קראַנקע זיינען געווען געוויסע מיטלען ביים צדיק: חוץ זיינע תּפילות און „שמירות" און קמיעות האָט יעדער צדיק פון דער טשערנאָבילער דינאַסטיע געהאַט ביי זיך קאָפּיעס פון דעם „ספר הרפואות", וואָס איז געווען שוין פון פריערדיקע צייטן אין דער פאַמיליע. דער „ספר הרפואות", האָבן די טשערנאָבילער חסידים געזאָגט, שטאַמט פון דעם ספר הרפואות, וואָס דער מלך יחזקיה האָט אין זיין צייט באַהאַלטן (גמרא, ברכות י'). אין דעם „ספר הרפואות" פון דער טשערנאָבילער דינאַסטיע זיינען געווען אַלע נייטיקע מיטלען און סגולות פאַר אַלערליי קראַנקהייטן, און דער קראַנקער חסיד, וועלכער איז געקומען צום רבין נעמען א סגולה, האָט דער רבי אים געשיקט צום גבאי, וועלכער האָט אָראָפּגעשריבן די סגולה פאַר



צורת הרב הקדוש מהו"ר

**ר' יוחנן זצ"ל מראחמיסטריווקא**

(נ' ד' ניסן תרנ"ה)



תואר הרב הקדוש מהו"ר

**ר' דוד'ל זצ"ל מטאלנא**

(נ' ו' אייר תרכ"ט)



תואר הרב הקדוש מהו"ר
ר' אהרן מטשערנאביל
(נ' ח' כסלו תרל"ב)

דער קראַנקהייט פון דעם „ספר הרפואות"; דערנאָך איז דער חסיד מיט דער אָראַפּגעשריבענער סגולה געגאַנגען צוריק צום רבין, און ער האָט אים געבענטשט, ער זאָל האָבן אַ רפואה שלימה. איך וויל דאָ איבער־דרוקן אַ סגולה פון דעם „ספר הרפואות", וואָס אַ רבי האָט געגעבן איינעם אַ חסיד, וועלכער האָט געליטן אויף „חולשה":

„קח מלא יד ברעקלעך, ברייט ונעגילאך כתושים ויין טוב רביעית ולבשל שיהיו כמו דייסא, וקח כביצה ממנו והנח על זרועו השמאלית על הגידין, וכאשר יתייבש להניח פרישע. כן לעשות כמה פעמים". אין יידיש: „נעם אַ פולע האַנט ברעקלעך ברויט און צעשטויסענע נעגעלעך און אַ פערטל מאָס ווייַן, און אַלץ צוזאַמען אויפקאָכן און עס מאַכן ווי קאַשע; און דו זאָלסט נעמען דערפון די גרויס ווי אַן איי און אַנידער־ליגן אויף די אָדערן פון דער לינקער האַנט, און אַז עס וועט זיך אויסטריי־קענען, ווידער אַנידערלייגן פרישע. אַזוי זאָלסטו מאַכן אייניקע מאָל".

אָט דורך אַזעלכע מעשים פון די נייע צדיקים איז דער אמת־גיים־טיקער טיפּ צדיק אין דעם אַלטן חסידיזם אַראָפּגעזונקען אויף אַ נידע־ריקער מדרגה, ער איז געוואָרן אַ מין פעלדשער, וועלכער לאָזט זיך באַצאָלן פאַר קרייטעכצער און סגולות; ער איז געוואָרן אַ געשעפט־מענטש. ער האָט פאַרלאָרן די גרויסע ראָמאַנטישע קראַפט, וואָס ער האָט געהאַט אין דעם אַלטן חסידיזם.

א ו ק ר א י נ ע, דאָס אָרט פון דעם גייסטיקן חסידיזם; דער אָרט, וואו עס האָבן געלעבט און געווירקט די גרויסע צדיקים, ווי דער בעש"ט, דער מעזשריטשער מגיד, ר' אברהם מלאך, ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער, ר' נחום טשערנאָבילער, ר' יעקב-יוסף פּאָלאָנער, ר' נחמן בראַצלאַווער און נאָך פיל אַנדערע — אָט דער זעלבער אָרט פון דעם גייסטיקן, אידעאַלן חסידיזם, איז דורך די לעצטע פון דער טשערנאָבילער דינאַסטיע געוואָרן אַ געשעפט־חסידיזם, אַ חסידיזם פון מסחר, פון געלט.

---

# די ליובאַוויטשער דינאַסטיע.

## ר׳ בער.

### א.

ר׳ שניאור־זלמן האָט געהאַט דריי זין און צוויי טעכטער. דער על־טערער זון איז געבאָרן געוואָרן ט׳ כסלוו תקל״ד, א יאָר נאָכן טויט פון דעם מעזשריטשער מגיד, און נאָך אים האָט ער אים אַ נאָמען געגעבן — דוב־בער. ער איז געוועזן זייער ענלעך צו זיין פאָטער, ר׳ שניאור־זלמן. אַזוי ווי דער פאָטער, אַזוי אויך דער זון, ר׳ בער, איז געוועזן אַ שטאַר־קער מתמיד, מיט אַ שאַרפן טיפן פאַרשטאַנד. ער איז געוועזן אַ תלמיד מובהק פון זיין פאָטער און מיט גרויס התפעלות און פאַרטיפטקייט האָט ער אויפגענומען די תורה פון זיין פאָטער, חב״ד, און יעדעס וואָרט פון זיין פאָטערס תורה פלעגט ער אויפשרייבן און אויפקלערן. דער פאָטער האָט אים געמאַכט פאַר דעם אויפזעער אין זיין הויז, און אָפט פלעגט ער פאַרטראָגן און איבערחזרן מיט די חסידים די תורה פון זיין פאָטער.

צווישן די תלמידים פון ר׳ שניאור־זלמן איז געוועזן איינער, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט מיט זיין טיפן און שאַרפן פאַרשטאַנד און זיין גרויסער איבערגעגעבנקייט צו דער תורה און צו דער פערזאָן פון ר׳ שניאור־זלמן. דאָס איז געוועזן ר׳ אַהרן הלוי שטראַשעלער, וועלכער איז געפאָרן צום רבין דרייסיק יאָר. ער איז געוועזן אַ בן־בית ביים רבין און פלעגט צו אים קומען ווי אַן אייגן קינד. אָט דער תלמיד איז געוואָרן אַ חבר און פריינד פון ר׳ בערן און זיי האָבן ביידע פילע יאָרן געלערנט נגלה און נסתר.

נאָכן טויט פון ר׳ שניאור־זלמן האָבן ס׳רוב חסידים געוואָלט ר׳ בערן פאַר אַ ממלא מקום, אָבער אַן אַנדער טייל חסידים האָבן געוואָלט, אַז ר׳ אַהרן זאָל ווערן דער ממלא מקום פון ר׳ שניאור־זלמן.

ר׳ אַהרן, דער גרויסער קענער פון חב״ד, איז געוועזן אַ זעלבשטענ־דיקער דענקער אין חב״ד גופא. ער האָט אין די לעצטע יאָרן פון ר׳

שניאור־זלמן אָנגעהויבן צו גיין אין גאַנץ אַנדערע וועגן, און עס איז אויך אַנטשטאַנען אַ קאָנפליקט צווישן דעם רבין און דעם תּלמיד. עס איז מיט אים געשען, ווי מיט אַן אַנדער צדיק אין אַן אַנדער אָרט אין דער זעלבער צייט: ר׳ נחמן בראַצלאַווער. ווי דער לעצטער איז אויפגעשטאַנען קעגן דעם אוקראַאינישן חסידיזם און האָט געטענהט, אַז ער איז אַוועק־געגאַנגען פון דעם ריכטיקן וועג פון דעם בעש״ט און „מגיד״, אַזוי האָט אויך ר׳ אהרן שטראַשעלער געטענהט, אַז דער חב״ד, אין זיין אַנט־וויקלונג, איז ניט דער זעלבער חסידיזם פון בעש״ט און מגיד. דער אונ־טערשייד צווישן ר׳ נחמנען און ר׳ אהרנען איז געווען אין דעם: ר׳ נחמן האָט געטענהט, אַז דער אוקראַאינישער חסידיזם איז געוואָרן צו־פלאַך, צו־וואַסערדיק; ער האָט ניט מער די שטאַרקע התלהבות, האָט ניט מער די אמתע, פשוטע אמונה; מען מוז האָבן מער פאַרטיפונג, מער התפּעלות, אַ שטאַרקערע אמונה. ר׳ אהרן האָט געטענהט: דער חב״ד איז געוואָרן מער אַ קאָפּ־זאַך, צופיל חריפות און פּילפּול; מען מוז האָבן עטוואָס מער געפיל, מער איינפאַכקייט, מער פשטות מוז אַריינקומען אין חב״ד גופא. צווישן די חב״דניקעס גופא איז געוואָרן אַ שפּאַלטונג: אַ טייל פון זיי האָט געהאַלטן מיט ר׳ אהרנען — נאָך ביים לעבן פון ר׳ שניאור־זלמנען — און אַט דער טייל האָט געוואַלט אַצינד, נאָכן טויט פון ר׳ שניאור־זלמנען, אויסוויילן ר׳ אהרנען פאַר אַ ממלא־מקום פונם „רב״. אָבער סוף־כל־סוף האָט געזיגט ר׳ בער און ער איז געוואָרן דער ממלא מקום פון זיין פאָטער. אַזוי איז ר׳ בער באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט מיט דעם נאָמען „דער מיטעלער רב״, אָדער „דער מיטעלער רבי״.

## ב.

ר׳ בער האָט זיך געוואָלט באַזעצן אין ליאַדי, וואו זיין פאָטער האָט געוואוינט, אָבער בשעת דער מלחמה צווישן נאַפּאָלעאָנען און אַלעקסאַנדערן איז די שטאָט חרוב געוואָרן. ער האָט זיך דעריבער באַזעצט אין ליובאַוויטש. און אַזוי איז ליובאַוויטש געוואָרן די „הייליקע שטאָט״ פון די חב״דניקעס, ווי אַמאָל מעזשיבאָזש און מעזשריטש, ביז אויפן הייַנטיקן טאָג.

ווי צו זיין פאָטער, אַזוי זיינען די חסידים געפאָרן צו אים. אויך ער האָט פיל תּורה געזאָגט און האָט מחבר געווען פיל ספרים וועגן חב״ד. זייער באַקאַנט זיינען זיינע צוויי ספרים: „קונטרס ההתבוננות״ און „קונטרס ההתפּעלות״. פּונקט ווי זיין פאָטער, האָט ער אויך געזאָרגט פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די אָרימע יידן. אין אַ בריוו צו זיינע חסידים באַטראַכט ער די סיבה פון דער גרויסער יידישער אָרימ־קייט: „ווייל זיי אַרבעטן צו־ווייניק און זיי געוואוינען זיך פון קינדהייט

אָן צו בטלות". ער באַקלאָגט זיך, פאַרוואָס עס זיינען ביי יידן דאָ אַזוי ווייניק בעלי־מלאכות. ער לייגט פאָר, אַז מען זאָל ביי יידן איינפירן אַ געזעץ, „אַז די מענער, ווי די פרויען און קינדער, זאָלן זיך לערנען מלאָכה, ווי וועבן, אָדער פאַבריק־אַרבעט, אָדער פעלד־אַרבעט". ער ברענגט אַ ביישפּיל פון די יידישע קאָלאָניסטן אין די „סטעפּעס", וואו ער האָט אַליין געזען, „ווי זיי און זייערע פרויען און קינדער אַרבעטן אויף די פעלדער מיט גרויס חשק און פרייד, און זיי זיינען אויך פרום און גייען בדרך הישר". אַזוי ווי זיין פאָטער האָט ער אויך פיל געטאָן פאַר ארץ־ישראל. אין יאָר תקפ"ג האָט ער שטאַרק געהאָלפן דעם ישוב פון חברון און האָט זיך דאָרט געקויפט אַ נחלה אויף זיין נאָמען.

## ג.

ער איז געווען אַ חלוש מטבעו און דערצו האָט ער געהאַט גרויס אָנשטרענגונג מיט צרכי ציבור און זיינע חסידים. דאָס אַלץ האָט שטאַרק געווירקט אויף זיין גוף און ער איז געוואָרן קראַנק. די דאָקטוירים האָבן אים געשיקט קיין קאַרלסבאַד, וואוהין ער איז געפאָרן אין זומער פון תקפ"ה. אויף זיין רייזע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין פּויזן און האָט דאָרט באַזוכט ר' עקיבא אייגער. ער באַשרייבט אים אַזוי: „ער איז אַ איש תם וישר און ווייס גאָרנים פון דער וועלט. ער איז אָנגעטאָן אין אַ פּשוטער זשופּיצע און טראָגט אַ צעריסן שטריימל". אויך דאָרט האָט ער ניט פאַרגעסן אָן דעם ישוב פון חברון און האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל שרייבן צו די אַמסטערדאַמער יידישער כלל־טוער, זיי זאָלן אונטערשטיצן דעם ישוב פון חברון.

אין קאַרלסבאַד האָט ער זיך באַקאַנט מיטן גרויסן רב פון ניקעלסבורג, ר' מרדכי באַנעט, און האָט זיך מיט אים מפלפל געווען אין נגלה. ער באַשרייבט די מנהגים פון די יידן אין קאַרלסבאַד און לויבט זייער מנהג צו גיין שבת אין שול אריין מיט זייערע פרויען און קינדער; די קלייטן האַלטן זיי שבת געשלאָסן, אָבער זיי טראָגן אום שבת. אויך באַקלאָגט ער זיך, וואָס זיי שפּאַצירן מיט פרויען גלייך „ווי ערלים גמורים". דעם רב פון קאַרלסבאַד, וועלכער האָט אים באַזוכט, רופט ער: „איש ריקן".

חול־המועד סוכות תקפ"ו איז ער צוריקגעקומען אהיים. זיין געזונט האָט זיך געבעסערט און ער האָט געקאָנט ווידער מקבל־פּנים זיין די חסידים און האָט ווידער אָנגעהויבן צו זאָגן פיל תורה.

## ד.

וואָס גרעסער עס איז געוואָרן זיין נאָמען און וואָס ברייטער עס איז געוואָרן זיין טעטיקייט צווישן די חסידים, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די צאָל פון זיינע שונאים, און ער האָט אויך געמוזט דורכלעבן דאָס זעלבע, וואָס זיין פאָטער, ר׳ שניאור־זלמן: תקפ״ו האָט מען אים געמסרט, אַז ער איז אַ מורד במלכות, און זיין שיקן געלט קיין ארץ־ישראל איז נאָר פאַר דעם סולטאַן פון טערקיי, כּדי אים צו אונטערשטיצן קעגן רוס־לאַנד. מען האָט ביי אים געמאַכט אַן אונטערזוכונג און מען האָט ביי אים געפונען די רעכענונגען פון די ארץ־ישראל־געלטער. מען האָט אים געבראַכט קיין וויטעבסק, וואו ער איז באַוואַכט געוואָרן פון פּאָליציי. דער זעלבער מלשין האָט אויך געמסרט ר׳ אַהרן שטראַשעלער און מען האָט אויך אים געבראַכט קיין וויטעבסק און איינגעשפּאַרט אין תפיסה. ער איז באַפרייט געוואָרן (ר״ח כסלו), און ר׳ בער איז פריי געוואָרן י״ד כסלו, אין דעם זעלבן חודש, וואָס זיין פאָטער, ר׳ שניאור־זלמן, איז באַפרייט געוואָרן. דער טאָג איז פאַרבליבן אַלס יום־טוב ביי די חב״דניקעס ביז אַצינד.

תקפ״ה, זייענדיק אין ניעזשין, איז ער געוואָרן שטאַרק קראַנק און איז אָפּט געפאַלן אין חלשות. אין דער נאַכט פון ט׳ כסלו, זיין געבורטס־טאָג, האָט ער, אין אַ זייער קראַנקן צושטאַנד, געדרשנט פאַר די חסידים און זיינע קינדער, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום אים, און האָט געענ־דיקט זיין תורה מיט דעם פּסוק: „כּי עמך מקור חיים״. באַלד נאָכדעם איז ער געשטאָרבן. ער איז אַלט געווען 54 יאָר. אויף זיין קבר אין ניעזשין האָט מען אויפגעשטעלט אַן אוהל, וואוהין מען פאָרט מתפּלל זיין.

---

# ר׳ מנחם-מענדל.

## א.

נאָכן טויט פון ר׳ בערן זיינען געבליבן צוויי זין, אָבער דער ממלא מקום איז געוואָרן זיין איידעם, דער זון פון זיין שוועסטער, ר׳ מנחם־מענדל, וועלכער האָט געטראָגן דעם פאַמיליע־נאָמען שנייערסאָן.

ר׳ מנחם־מענדל איז געבאָרן בערך תק״ן. זיין מוטער, דבורה־לאה, איז געווען די טאָכטער פון ר׳ שניאור־זלמן. אַלס קינד פון צוויי־יאָר איז ער געבליבן אַ יתום פון דער מוטער, האָט אים זיין זיידע, ר׳ שניאור-זלמן, גענומען צו זיך. ער האָט אים שטאַרק מקרב געווען און האָט מיט אים פיל געלערנט אין נגלה און נסתר.

די חסידים דערציילן, אַז ווען ר׳ מענדל איז געוואָרן בעל־מצווה, האָט ר׳ שניאור־זלמן מיט אים אָנגעהויבן לערנען קבלה און האָט אים צוגע־גרייט אין דער לערע פון חב״ד. ר׳ מענדלס בקיאות און חריפות אין תלמוד און פוסקים זיינען געווען זייער גרויס, און נאָך אַלס גאַנץ יונגער מענטש האָט ער פיל געשריבן אין הלכה און אין קבלה, און ר׳ שניאור-זלמן האָט געלייענט זיינע שריפטן און האָט צו זיי מסכים געווען. ער איז שוין דעמאָלט באַקאַנט געווען צווישן די חסידים פון ר׳ שניאור־זלמן אַלס גרויסער קענער פון חב״ד און ער, דער גאַנץ יונגער מענטש, פלעגט שוין דעמאָלט פאַרטראָגן דעם זיידנס תורה פאַר די חסידים. נאָך ר׳ שניאור־זלמנס טויט איז ער געווען ביי זיין שווער, ר׳ בער, אויף קעסט, און פלעגט ענטפערן אויף אַלע שאלות אין הלכה און אין חסידות, וואָס פלעגן אָנקומען צום שווער. ר׳ בער האָט אים שטאַרק מקרב געווען. ער האָט שוין ביי זיין לעבן געזען, אַז ער איז ראוי צו זיין ממלא מקומו, און האָט עס אויך געזאָגט פאַר זיינע חסידים. און אַזוי איז ער געוואָרן דער דריטער חב״דישער רבי.

## ב.

זיין גרויסע גאונות אין תלמוד און פוסקים און די גרויסע, טיפע קענטעניש אין קבלה און חב"ד האבן אים פארשאפט גרויס ליבע און ערע אומעטום. אויך די גרויסע רבנים מתנגדים האבן אים שטארק גע-שעצט. אין זיין צייט האט דער חב"ד דערגרייכט די העכסטע שטופע פון אויסשפרייטונג און פארערונג. צו אים זיינען אלע חב"דניקעס געפארן און געהערט זיין תורה. דורך זיין קלוגשאפט און פיינער פירונג האבן זיך אלע צווייגן אין חב"ד פאראייניקט אונטער דער איינציקער פאן, וואס האט געטראגן דעם נאמען „ליובאוויטש". אויך דער קליינער רעשט ליאדיער חסידים, די זקנים, וואס זיינען נאך געפארן צום „אלטן רבין", ר' שניאור־זלמן, זיינען איצט געווארן „ליובאוויטשער" און האבן מיט גרויס פארוואונדערונג צוגעהערט די תורה פון דעם „יונגן רבי", ר' מנחם־מענדל. ער האט געשריבן פיל ספרים און שאלות ותשובות, און זייער פיל האט ער געשריבן אין חב"דער חסידות. נאר א קליינער טייל איז געדרוקט געווארן, אבער דער גרעסטער טייל איז געבליבן אין כתב־יד ביי זיינע קינדער. זיין איינפלוס האט אפילו דערגרייכט נאך ווייטער פון ליטע און רוסלאנד און איז אפילו אריינגעדרונגען אין דער חסידיש־אוקראינישער וועלט, ווייל זיינע הנהגות אין חסידות האבן אנגענומען מאנכע פארמען פון דעם אוקראינישן חסידיזם: מער געפיל, מער התקרבות צו די חסידים. ער האט א מין פשרה געמאכט צווישן דעם שטרענגן חב"ד און דעם אוקראינישן חסידיזם.

## ג.

אין יאר 1843 האט די רוסישע רעגירונג צוזאמענגערופן א קאָ-מיסיע פון רבנים, כדי זיך צו בּאראטן וועגן געוויסע רעפארמען אין דער יידישער דערציאונג. עס איז געווען די צייט פון ליליענטאל, א דייטשער געבילדעטער ייד, וואס איז געווען פרעדיקער ביי די משכילים פון ריגע און איז געווען דער פירער פון דער יידישער שול אין ריגע. זיין ערציאונגס־אופן, וואס איז געווען אינגאנצן אין גייסט פון אסימילאציע, האט געמאכט א גרויסן איינדרוק אויף דעם מיניסטער אווואראוו, אין פעטערבורג. מיט אים האט זיך דער מיניסטער בּאראטן, ווי מען זאל די יידישע ערציאונג אין גאנץ רוסלאנד איינארדענען און אין אסימילא-טארישן זין צו ענדערן. מען האט אבער איינגעזען, אז אן דער הסכמה פון די גרויסע רבנים צו דער נייער ערציאונג וועט מען ניט קאנען די נייע רעפארם איינפירן. צו דעם צוועק האט די רעגירונג צוזאמענגערופן

אַן אסיפה פון רבנים. אָבער אין דער אסיפה זיינען נאָר געווען צוויי רבנים, איינער ר׳ יצחק וואָלאָזשינער, און דער אַנדערער — ר׳ מענדל ליובאַוויטשער. מיט אַלע זיינע כּוחות האָט ר׳ מענדל, ווי ר׳ יצחק וואָלאָזשינער, מגין געווען אויף דעם אַלטן „חדר״. נאָך שווערער איז געווען זיין קאַמף פאַר דער קבלה און חסידיזם, ווייל אין דעם קאַמף איז ער געווען כּמעט אַליין, ווייל ביי דעם האָט ר׳ יצחק וואָלאָזשינער געשוויגן און האָט ניט געזאָגט ניט יאָ און ניט ניין. ביי זיין פאַרטיידיקן קבלה און חסידיזם האָט ער געוויינט מיט ביטערע טרערן, און דאָס האָט אויך געווירקט, אַז דער מיניסטער האָט מסכּים געווען, אַז מען זאָל ניט אַסרן די קבלה און די חסידות. אָבער אויך ער, ר׳ מענדל, האָט געמוזט מסכּים זיין צו דרוקן דעם „ביאור״ פון מענדעלסאָן. אין זיין בריוו צו לעאָן מאַנדעלשטאַם, וועלכער האָט אים פאָרגעשלאָגן, ער זאָל מסכּים זיין צו איבערזעצן דעם סידור אין דייטש, האָט ר׳ מענדל געענטפערט: „עס איז ניט ריכטיק, מען זאָל צווינגען דאָס יידישע פאָלק צו אַ שפּראַך, וועלכע עס פאַרשטייט גאָרניט, און מען זאָל דורך דעם מבטל זיין זיין אייגענע שפּראַך, יידיש, וואָס עס רעדט שוין איינציקע הונדערט יאָר״. אַזוי האָט ער ניט מסכּים געווען צו דעם פאָרשלאָג פון מאַנדעלשטאַם, מען זאָל אַרויסגעבן אַן אויסוואַל פון תּנ״ך פאַר דער יידישער יוגנט: „ווי קאָנען מיר אַריבערשפּרינגען די פּרשות פון דער תּורה און מיר, מיט אונזער מענטשלעכן שכל, זאָלן אויסוויילן אַזעלכע טיילן, וואָס פּאַסן אונז? ווייל די גאַנצע תּורה אָן אונטערשייד איז געגעבן געוואָרן פון גאָט״.

ר׳ מענדלס נאָמען איז געוואָרן גרעסער און גרעסער. אפילו די רוסישע רעגירונג האָט אים געמאַכט פאַר אַן ערן־בירגער און זיינע ווערטער און מיינונגען האָבן אומעטום שטאַרק געווירקט.

שנת תּר״ך איז ער געוואָרן קראַנק. זעקס יאָר איז ער כּמעט ניט אַרויס פון זיין צימער; ער האָט מער ניט געקאָנט אויפנעמען זיינע חסידים; זיינע תּורהס פלעגט מען שריפטלעך פאַרטיילן צווישן די חסידים. תּרכ״ו, י״ג ניסן, איז ער געשטאָרבן אין עלטער פון 77 יאָר.

ער האָט געהאַט זיבן זין און צוויי טעכטער, פון זיי האָט זיך אַנט־וויקלט די ליובאַוויטשער דינאַסטיע אין פאַרשיידענע ערטער: ליובאַוויטש, קאָפּוסט, ליאַדי, אָוורוטש, ניעזשין, באָברויסק און רעטשיצע.

# ר׳ ישראלצע רוזשינער.

## א.

בערך תקנ״ז איז ר׳ ישראלצע געבאָרן געוואָרן אין פּראָבישטש (קיעווער גובערניע). זיין פאָטער איז געווען דער צדיק ר׳ שלום פּראָבישטשער און זיין מוטער חוה איז געווען די טאָכטער פון דער רביצין מלכה, וואָס איז געווען די טאָכטער פון דעם באַקאַנטן צדיק ר׳ נחום טשערנאָבילער.

די חסידים דערציילן פון ר׳ ישראלצעס געבורט און פון זיין נשמה אזא מעשה: עס איז געווען באַקאַנט צווישן די צדיקים פון יענער צייט, אַז אַן ערך פערציק יאָר נאָך דעם בעל־שמס טויט וועט זיין נשמה ווידער ערשיינען אויף דער ערד. איידער ר׳ ישראלצע איז געבאָרן געוואָרן, איז זיין פאָטער געווען אין טשערנאָביל. האָט דער טשערנאָבילער מגיד, ר׳ מרדכי, דער פעטער פון זיין פרוי, צו אים געזאָגט: פאָר אהיים און זיי זיך מזדווג מיט דיין פרוי און דו וועסט קריגן אַ זון, וואָס וועט האָבן די נשמה פון בעל־שם, וואָס איר צייט איז געקומען זי זאָל נאָך אַמאָל אַראָפּשטייגן אויף דער ערד. אויך האָבן די חסידים דערציילט: אין הימל איז דאָ אַן אוצר פון נשמות. צווישן די אַלע נשמות זיינען פאַראַן פיר גרויסע נשמות, וואָס האָבן מיט זייער זכות אויפגעהאַלטן די גאַנצע וועלט, און זיי זיינען: ר׳ שמעון בן יוחאי, דער אר״י הקדוש, דער בעל־שם און ר׳ ישראלצע.

די חסידישע וועלט האָט אויסגעפּוצט די יוגנט־צייט פון ר׳ ישראלצען מיט אַ קראַנץ פון שיינע געשיכטעס און לעגענדעס. שוין אַלס זיבןיאָריק קינד, דערציילן די חסידים, האָט ער געהאַט אַ גרויסן וויכּוח מיט ר׳ שניאור-זלמן פון ליאַדי, דעם מגידס תּלמיד און דער חבר פון זיין זיידן, וועגן די סודות פון „קריאת שמע״, און ער האָט ר׳ שניאור־זלמנען אַנטדעקט פיל סודות אין דעם פּסוק „שמע ישראל״.

זיין פאטער איז געשטארבן, ווען ר׳ ישראלצע איז נאך געווען א קינד, און זיין עלטערער ברודער, ר׳ אברהם, האט ממלא מקום געווען דעם פאטער. צו דרייצן יאר האט ער חתונה און צו זעכצן יאר האט ער ממלא מקום געווען זיין ברודער, וועלכער איז געשטארבן אן קינדער.

דער יונגער צדיק איז באלד נתפרסם געווארן אין דער חסידישער וועלט. ער האט באזוכט פארשיידענע צדיקים פון יענער צייט, און אלע זיינען געווען נתפעל פון אים: אלע האבן געזען אין אים דעם ריכטיקן אייניקל פון דעם גרויסן מגיד פון מעזשריטש. אז ער איז אלט געווארן זיבעצן יאר, האט ער באזוכט דעם אפטער רב. זייענדיק ביי דעם אפטער, איז ביי אים אראפגעפאלן דער גארטל. האט זיך דער זקן הדור, דער אפטער רב, אנגעבויגן, אויפגעהויבן דעם גארטל, אנגעטאן אים ר׳ ישראלצען און האט דערביי געזאגט: „איך בין מקיים מיט דעם די מצווה פון אומגארטלען א ספר־תורה״. זינט דעם דאזיקן באזוך איז ר׳ ישראלצע געווארן א גרויסער חשוב ביי דעם אפטער. ער האט וועגן ר׳ ישראלצען געזאגט אזוי: „איידער איך האב אים געזען, האב איך געמיינט, אז ער איז אין א מדרגה פון א נשמה; איצט אבער ווייס איך, אז ער איז א מדרגה פון א נשמה פאר די נשמות״.

אפשר האבן די צדיקים בכוונה אזוי שטארק אונטערגעשטיצט דעם יונגן צדיק, ר׳ ישראלצען, ווייל זיי האבן געוואלט דורך דעם מחזק זיין די דינאסטיע פון דעם מעזשריטשער מגיד, און ר׳ ישראלצע איז דאך געווען דער איינציקער פון דער דינאסטיע.

די אונטערשטיצונג האט אויך שטארק געהאלפן. דער יונגער צדיק ר׳ ישראל איז באלד געווארן א גרויסער מפורסם און טויזנטער חסידים זיינען צו אים געפארן און האבן אים געהאלטן פאר א גרויסן קדוש.

## ב.

דער יונגער צדיק האט אויסגעוויילט גאר אן אנדער וועג, ניט דעם וועג פון זיינע עלטערן און די אנדערע צדיקים. זיין וועג האט גאר קיין שייכות ניט געהאט צו דעם וועג, אין וועלכן עס זיינען געגאנגען זיינע גרויסע עלטערן, דער מעזשריטשער מגיד און דער מלאך. די לעצטערע האבן געווירקט און משפיע געווען אויף די חסידים מיט זייער תורה און יראת שמים, און מיט זייער איינפאכקייט איז צדקה און גמילת־חסדים. זיי האבן גארניט געקוקט אויף דאס אויסערלעכע, אויף גלאנץ און רייכקייט. האט דאך דער ראש פון דער דינאסטיע, דער מעזשריטשער מגיד, איינמאל געזאגט, אז מען זאל נאר קוקן אויף דעם אינעווייניקסטן פון יעדער זאך, אויף דער פנימיות, דעם תוך, ווייל „די פנימיות איז גאט״.

גאַנץ אַנדערש איז געווען דער נייער וועג פון ר׳ ישראלצען. ער האָט גע־גרינדעט זייער אַ רייכן „הויף״, אויסגעפּוצט מיט גאָלד און מיט זילבער און אָנגעפּילט מיט גרויס רייכקייט. אויך מוזיק האָט ניט געפעלט ביי אים; אַ שטענדיקע קאַפּעליע האָט ער געהאַט ביי זיך אין „הויף״, וואָס האָט אָפט פאַר אים געשפּילט.

מיט אַ שטאַרקן זעלבסטבאַוואוסטזיין איז ר׳ ישראלצע אויפגע־טראָטן אין זיין פירערשאַפט; ער האָט פאַרוואָרפן דעם בטלנותדיקן גאַנג פון אַלע צדיקים אין זיין דור. שוין מיט זיין אויסערלעכער ערשיינונג האָט ער זיך שטאַרק אונטערשיידט פון זיינע איבעריקע חברים: ער האָט שטאַרק מדקדק געווען, אַז זיינע קליידער זאָלן זיין שיין און זויבער. ער האָט זיך געהאַלטן צוריקגעצויגן, ניט צו־אָפט געווען צוזאַמען מיט די חסידים און נאָר זעלטן האָט ער זיך געוויזן פאַר זיי און גערעדט מיט זיי. ער איז געווען אַ שווייגער און זייער פאַרנעם אין זיין האַלטן זיך און באַ־נעמונג. ער האָט ניט געקאָנט ליידן די איבערגעטריבענע, געמאַכטע פרומ־קייט און האָט עס שאַרף אָפּגעוואָרפן. אַן אייניקל פון ר׳ ישראלצען האָט מיר דערציילט די דאָזיקע מעשה פון ר׳ ישראלצען: איינמאָל איז צו אים געקומען אַן „אייניקל״, צו נעמען ביי אים סמיכה אויף צו ווערן אַ „צדיק״. געווען איז עס ווינטער־צייט און ר׳ ישראלצע איז געשטאַנען ביים פענ־סטער און האָט געריכערט אַ ליולקע. אין דרויסן איז געווען קאַלט און דער שניי האָט באַדעקט די ערד. דער „אייניקל״ איז געשטאַנען און האָט דערציילט ר׳ ישראלצען פון זיינע גרויסע הכנות אין עבודת אלהים: ער טראָגט נאָר ווייסע מלבושים, ער טרינקט נאָר קאַלט וואַסער, ער לייגט אַריין טשוועקעס אין זיינע שיך, כדי ער זאָל תמיד פילן אַ שמערץ און אַ ווייטאָג; ער מאַכט יעדן טאָג אין ווינטער „גלגול שלג״ און יעדן טאָג שלאָגט אים זיין שמש פערציק מלקות. בשעת ער האָט דאָס דערציילט, איז אין הויף אַריינגעגאַנגען אַ ווייס פערד און האָט זיך אָנגעטרונקען פון ברונעם, נאָכדעם האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און האָט זיך גענומען וואַלגערן אין שניי. ר׳ ישראלצע האָט זיך אומגעקערט צום „אייניקל״ און האָט אים געזאָגט: „דו זעסט אָט דאָס פערד? אויך ער איז אָנגעטאָן אין ווייסן, טרינקט נאָר קאַלט וואַסער, זיינע שיך זיינען פול מיט טשוועקעס, ער מאַכט אויך „גלגול שלג״ און באַקומט יעדן טאָג ארבעים מלקות פון זיין בעל־עגלה און פונדעסטוועגן בלייבט ער דאָך אַ פערד״.

ר׳ ישראלצע האָט זיך אָפּגעזונדערט פון די חסידים ניט נאָר מיט דעם עסן און ריידן, ער האָט אויך ניט געדאַוונט צוזאַמען מיט זיי. אין זיין בית־מדרש האָט ער געהאַט פאַר זיך אַ באַזונדער שטיבל, וואו ער

האָט מתפלל געווען, און פון דעם שטיבל איז געווען אַ טיר אין בית־מדרש אַריין. אַפילו אין מרחץ האָט ער פאַר זיך געהאַט אַ באַזונדער צימער און אַ באַזונדער מקווה. דאָס שטריימל האָט ער געטראָגן אַנדערש, ווי די אַנ־דערע צדיקים. שבת פלעגט ער עולה־לתורה זיין ניט שישי, ווי די איבע־ריקע צדיקים — אים האָט מען אויפגערופן שלישי. ער האָט קיין געלט ניט פאַרלאַנגט פון זיינע חסידים, ווי די אַנדערע צדיקים; ער האָט געוואָלט זיי וויזן, אַז ער איז ניט אָפּהענגיק פון זיי. בקיצור ער האָט זיך אויפגע־פירט גאַנץ אַנדערש, ווי די אַנדערע צדיקים פון זיין צייט.

## ג.

ר׳ ישראלצע האָט זיך באַזעצט אין רוזשין, קיעווער גובערניע. זיין „הויף״ איז געווען אויסגעפוצט מיט גרויס רייכקייט: אַלערליי לוקסוס האָט ער איינגעקויפט; ער האָט אויך געהאַט פיל קאַרעטעס מיט זילבערנע הענטלעך און גוטע פערד זיינען תמיד ביי אים געווען. זיין „הויף״ האָט געהאַט אַ שם, און אַלע חסידים האָבן גערעדט פון „רוזשינער הויף״. דער קריסטלעכער פּראָפעסאָר, ב. מייער, האָט דעמאָלט געמאַכט אַ רייזע איבער רוסלאַנד און האָט באַזוכט די שטעט וואו די יידן וואוינען. צווישן אַנ־דערע האָט ער אויך באַזוכט רוזשין, כדי צו ריידן מיט דעם רוזשינער צדיק. ער באַשרייבט אין זיין בוך „די יידן אונזערער צייט״ דעם „רוזשינער הויף״ מיט דעם גאַנצן לוקסוס. ער דערציילט פון רוזשינערס הויז: „זיין הויז איז געווען אַזוי רייך און פול מיט לוקסוס, ווי דאָס הויז פון אַ פּרינץ״.

די חסידים האָבן אויף דעם געקוקט מיט גרויס התפעלות און יראת־הכבוד. זיי האָבן ניט געפרעגט קיין קשיות — פאַר זיי איז אַלץ געווען הייליק, וואָס דער רבי האָט געטאָן, און זיין „הויף״ איז פאַר זיי געווען הייליק, ווי דער „בית המקדש״.

## ד.

דער אויבנדערמאָנטער פּראָפעסאָר דערציילט, אַז „זיין אויסזען איז געווען אַריסטאָקראַטיש און זייער איידל און פיין. זיין פּנים און זיין וואוקס האָט געמאַכט אויף יעדן מענטשן אַ זייער גוטן און שטאַרקן איינ־דרוק. ער האָט ניט געהאַט קיין באָרד, נאָר אַ שנורבאָרד. זיין בליק איז געווען מלא חן, און אַז ער האָט אָנגעקוקט אַ מענטשן, האָט ער דעם מענטשן ווי באַצויבערט און אויך זיין גרעסטער שונא האָט זיך געמוזט זיין בליק אונטערוואַרפן. ער האָט אַפילו ניט געהאַט קיין וויסן, אָבער ער האָט געהאַט אַן איינגעבוירענעם שאַרפן פאַרשטאַנד און איז געווען זייער קלוג. מיט זיין שטאַרקן פאַרשטאַנד האָט ער אַלצדינג, וואָס מען האָט אים

דערציילט, באַלד באַגריפן און טיף פאַרשטאַנען, און אויך די פאַרוויקלט־סטע שאלות האָט ער גיך געלייזט און אויפגעקלערט". דער העברעאישער שריפטשטעלער, ד"ר שלמה רובין, וועלכער האָט אין יענער צייט געלעבט און איז ערשט פאַר אייניקע יאָר צוריק געשטאָרבן, האָט מיר געשריבן איבער דעם רוזשינער די דאָזיקע שורות: „דער רוזשינער האָט זייער ווייניק גערעדט, אַלע זיינע באַוועגונגען און תנועות זיינען געווען אָפּגע־וואויגן און פאַרנעם. ווייזנדיק זיך פאַר זיינע חסידים, פלעגט ער זיך אָנ־טאָן אין גוטע קליידער, אַזוי ווי אַ רוסישער אַריסטאָקראַט. ער האָט גע־טראָגן אַ הוט פון סויבל, וואָס האָט געקאָסט עטלעכע הונדערט רובל. ער האָט געראָיכערט אַ ליולקע, וואָס האָט געקאָסט אַ סך געלט. אויף זיין טיש איז געלעגן אַן אָפענער זוהר. די פדיונות, וואָס די חסידים האָבן אים געגעבן, זיינען געלעגן אויפן טיש ביי דער זייט, און ער האָט זיי גאָרניט אָנגעקוקט. ניט פאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער געגעסן און געטרונקען; אַז ער איז געזעסן שבת און יום־טוב מיט זיינע חסידים ביים טיש, האָט ער דאָס עסן נאָר אָנגערירט און פון דעם כוס וויין האָט ער נאָר אַ ביסל אָפּגעטרונקען". ער האָט זייער ווייניק געשלאָפן — מען זאָגט, אַז בלויז דריי שעה; די גאַנצע איבעריקע צייט האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט אויפ־נעמען פאַרשיידענע אורחים, וועלכע פלעגן קומען צו הערן פון אים פאַר־שיידענע זאַכן אין עניני חומריות אָדער רוחניות; אייניקע פלעגן קומען צו אים פרעגן עצות וועגן געשעפטן, אַנדערע ווידער וועגן אַ דרך אין עבודת אלהים. בקיצור, פון גאַנץ פרי אָן ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געווען באַשעפטיקט מיט חסידישע און וועלטלעכע ענינים, און ער האָט פאַרשטאַנען יעדן צו ענטפערן און יעדן צו באַפרידיקן. אויך זיין פּאָסט איז געווען גרויס: פון אַלע עקן רוסלאַנד און גאַליציע האָט ער באַ־קומען בריוו, און ער האָט יעדן געענטפערט. ער אַליין האָט ניט געקענט שרייבן, בלויז חתמנען זיך, אָבער ער האָט דיקטירט און דער גבאי האָט געשריבן אין העברעיִש און ער האָט די בריוו געחתמעט.

און אין זיין פּילזייטיקער טעטיקייט האָט דער רוזשינער נאָך געפונען צייט אַ שעה אין טאָג צו שטאַרקן זיין גוף מיט זעגן האָלץ. די צדיקים האָבן געזאָגט, אַז מיט דער דאָזיקער מלאכה פון זעגן האָלץ איז ער מרעיש עולמות.

דער דרך פון רוזשינער האָט די צדיקים אין זיין צייט מיט זייערע אַלטע הנהגות זייער שטאַרק איבערראַשט און תחילת זיינען זיי געווען זייער פאַרוואונדערט איבער אים, אָבער נאָכדעם האָבן זיי געזאָגט, אַז זיין וועג איז זייער גרויס און הייליק, פול מיט סודות — „איצט קאָן מען דעם וועג ניט פאַרשטיין, נאָר אַז משיח וועט קומען, וועט מען בכוח זיין דעם רוזשינערס וועג צו פאַרשטיין".

## ה.

פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרן מער מפורסם און זיין השפעה האָט זיך געשטאַרקט. זיינע חסידים האָבן זיך פאַרמערט און האָבן באמת געגלויבט, אַז ער איז טאַקע משיח אַליין, נאָר ער האָט זיך נאָך לעת־עתּה באַהאַלטן, אָבער ער וואַרט אויף דער ריכטיקער שעה, כּדי ער זאָל זיך מתגלה זיין, ווען דער דור וועט זוכה זיין צו דעם. ער האָט כּמעט קיין קענער ניט געהאַט: אַלע חסידים, אויך די חסידים פון אַנדערע צדיקים, האָבן אויף אים געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ און הכנעה. אויך די משׂכּילים פון יענער צייט האָבן פון אים גערעדט מיט גרויס דרך־ארץ, אפילו ר׳ יצחק־בער לעווענזאָן, אַז ער האָט געדרוקט זיין בוך „תּעודה בישׂראל״, האָט ער געזוכט די הסכּמה פון רוזשינער, און איז געווען זייער דער־פרייט, ווען ער האָט מקבּל געווען אַן ענטפער פון „הרב החסיד המפורסם הגדול ר׳ ישׂראל רוזשינער״. זיין איינפלוס איז אויך שטאַרק געווען אויף קריסטן, וועלכע זיינען צו אים געפאָרן נאָך פאַרשיידענע עצות וועגן פאַר־שיידענע ענינים. דער אוויבנדערמאָנטער פּראָפעסאָר דערציילט: „אין 1826, בשעת מיין באַזוך ביים רוזשינער, האָב איך ביי אים געטראָפן דעם פעלד־מאַרשאַל וויטגענשטיין. ער האָט דעם רוזשינער זייער מכבּד גע-ווען און ער האָט אים געוואָלט שענקען זיין שיינעם פּאַלאַץ אין אַ נאָענט־ליגנדיקער שטאָט״.

אַזוי זעען מיר דעם יונגן צדיק, ר׳ ישׂראלצע רוזשינער, גרויס און מפורסם, און זיין מאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט גאַנץ ווייט, וואו יידן האָבן געוואוינט.

## ו.

דער רוזשינער האָט ניט געזאָגט קיין סך תּורה, און דאָס ווייניקע, וואָס ער האָט געזאָגט, איז אויך ניט ניי געווען און אויך ניט טיף; ער האָט דאָס רוב איבערגעחזרט דאָס, וואָס עס איז שוין געשטאַנען אין אַנ־דערע חסידישע ספרים. זיינע ווערטער האָט מען שפּעטער, נאָך זיין טויט, געזאַמלט און אַרויסגעגעבן אונטער דעם נאָמען: „עירין קדישין״. פאַר אים איז געווען אַן עיקר גדול אין חסידיזם דער צדיק. אָט דעם חסידישן טיפּ האָט דער רוזשינער זייער שטאַרק פאַרהערלעכט און באַוואונדערט און האָט אים געמאַכט צו אַ קולט. ער האָט געזאָגט: „עס זיינען פאַראַן צווייערליי צדיקים: עס איז דאָ אַ צדיק, וואָס דינט גאָט מיט תּורה און תּפילה; דער וועג איז אַן אַלטער וועג און איז שוין לאַנג באַקאַנט. עס איז דאָ אָבער אַ נייער מין צדיק, וועלכער דינט גאָט מיט תּענוגים פון עולם

הזה. דעם צדיק קאָן ניט יעדער מענטש פאַרשטיין, ער איז אַ באַהאַלטע־נער צדיק". אָט וועגן דעם נייעם טיפּ צדיק האָט ער אין אַן אַנדער צוזאַ־מענהאַנג אַזוי געזאָגט: „די צדיקים אין אונזער צייט לערנען זייער ווייניק אין פאַרגלייך צו די אַלטע צדיקים, פונדעסטוועגן האָט זיי גאָט מגלה גע־ווען די סודות פון דער תורה און האָט זיי געגעבן כּוח צו פירן די חסידים אין אמתן וועג צו גאָט". ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס עס איז זייער וויכטיק, אַז דער צדיק זאָל שיין לעבן, אין עושר און אין כּבוד. ער זאָגט: „די גאַנצע השפּעה פון הימל אויף דער ערד גייט דורך דעם צדיק, לכן ווען דער צדיק לעבט אין דחקות, איז אויך די השפּעה, וועלכע גייט דורך אים, אָרים און אין דחקות; דעריבער דאַרף דער צדיק לעבן אין גרויס עשירות, כּדי זיין השפּעה זאָל זיין רייך און מיט הרחבה".

מען זעט, ווי דער רוזשינער האָט פאַרשטאַנען זיין נייעם וועג צו פאַרטיידיקן און פאַרהייליקן.

ז.

דער רוזשינער האָט אַמאָל ליב געהאַט פון זיך אַליין צו ריידן און צו דערציילן פון זיין גרויסקייט. ער האָט דערציילט, „אַז זיין נשמה איז פון די ווייניקע נשמות, וועלכע האָבן זיך ניט באַפלעקט מיט דער זינד פון אָדם הראשון. צוערשט איז זיין נשמה אַראָפּגעגאַנגען פון הימל אין דער צייט פון בית שני, אָבער ער האָט פאַרגעסן, וואָס עס איז דעמאָלט געווען מיט איר. צום צווייטן מאָל איז זיין נשמה מגולגל געוואָרן אין אַ כּהן. דאָס געדענקט ער זייער גוט. ער געדענקט אַפילו ווי ירושלים האָט דעמאָלט אויסגעזען; ער ווייס אַפילו ווי די אַלע ירושלימער געסלעך האָבן דעמאָלט אויסגעזען. איצט איז ער צום דריטן מאָל אויף דער ערד און איז אין דער גרעסטער מדרגה". ער האָט בפירוש דערקלערט, אַז ער איז דער צדיק הדור, דער רבי פון אַלע יידן. אָט זיינען זיינע אייגענע ווערטער אין זיין לשון: „וואו עס געפינט זיך אַן ערלעכער ייד, איז ער ממילא מיינער". אַז מען האָט אים איינמאָל געפרעגט, פאַרוואָס פאָרט ער ניט קיין ארץ־ישראל, האָט ער געענטפערט בזה הלשון: „ווען איך זאָל קומען קיין ארץ־ישראל, וועט מען מיך פרעגן: פאַרוואָס ביסטו געקומען אָן דיינע יידן?" אַלע יידן זיינען זיינע מקורבים און ער איז זייער צדיק: ער איז דער „צדיק הדור". אַמאָל האָט ער אַפילו מרמז געווען, אַז ער איז משיח אַליין. מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ריידן אַלע צדיקים פון „קץ"־משיח, און ער שווייגט? האָט ער געענטפערט: למשל, צוויי מחותּנים זיצן צוזאַמען און ריידן פון דעם חתן, אָבער דער חתן אַליין שווייגט...

וועגן די מענטשן, וואָס ריידן אויף אים, האָט ער געזאָגט בזה הלשון:

ווער עס וועט ריידן אויף אים, וועט פארשווארצט ווערן בעולם הזה ובעולם הבא". אויך אין זיינע בריוו האט ער געהאט דעם זעלבן טאן, ווי איינער, וועלכער ווייס זיין גרויסן כוח און השפעה. אין איין בריוו צו א חסיד האט ער געשריבן: „וווען ער וועט אים פאלגן, איז ער אים מבטיח, אז ער וועט אים ניט פארגעסן אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט; ווען ניט, וועט ער אן אים פארגעסן".

# ח.

דער ערפאלג פון דעם רוזשינער איז געוועזן זייער שטארק, און ניט נאר ער אליין, אויך זיינע קינדער און קינדס-קינדער, די גרויסע ווי די קליינע, זיינען ביי זיינע חסידים געוועזן הייליקע מענטשן און זיי האבן זיי באטראכט מיט גרויס יראת הכבוד. אלע האבן געגלויבט, אז אין דעם „הייליקן הויז" איז באהאלטן משיח.

אין דער זעלבער צייט און אין דער זעלבער געגנט איז געוועזן א קאנ־קורענט צום רוזשינער, און דווקא פון א גאנץ נאענטן קרוב צו אים. דאס איז געוועזן דער טשערנאבילער מגיד ר' מאטעלע, זיין פעטער.

אן ענלעך לעבן, ווי דער רוזשינער, אבער ניט מיט אזא שטארקן ערפאלג, האט אויך געלעבט דער טשערנאבילער מגיד.

ווי דער רוזשינער, אזוי האט ער אויך געוואלט דווקא די „עולם הזה", וואס זיין פאטער האט זי אינגאנצן מבטל געמאכט. אט די וועלט האט ער געוואלט געניסן אין עושר און אין כבוד. זיין פאטער האט גע־וואוינט אין אן ארים שטיבל און ער האט זיך אויפגעבויט א גרויס און שיין הויז מיט קארעטעס, מיט פערד, מיט גאלד און מיט זילבער, א הויז פול גבאים און משרתים. אין יענער צייט האט מען אנגעהויבן צו רופן דעם רבינס הויז „דער הויף" — דער טשערנאבילער הויף, דער רוזשינער הויף, ווי דער הויף פון פריצים און מלכים. אויך דער טשערנאבילער הויף איז געוועזן רייך און א שטארקע השפעה איז פון אים ארויסגעגאנגען. טאג־טעגלעך האבן זיך די טשערנאבילער חסידים פארמערט און פאר־שטארקט.

אזוי זיינען געשטאנען צוויי „הויפן" איינער קעגן דעם אנדערן: דער טשערנאבילער הויף און דער רוזשינער הויף, און יעדער האט קאנ־קורירט מיט דעם אנדערן — די טשערנאבילער חסידים קעגן די רוזשי־נער, און פארקערט. יעדער האט געזאגט, אז נאר זיין צדיק איז דער אמתער צדיק הדור. א גרויסע מחלוקת און קנאה איז אנטשטאנען אט צווישן די צוויי מינים חסידים: איינער האט ניט גענעסן ביי דעם אנדערן און מען האט זיך ניט מתחתן געווען; אין די בתי־מדרשים, וואו די ביידע

הסידים האָבן צוזאַמען געדאַוונט, האָט מען זיך געקריגט און געשלאָגן, און אָפט האָט מען זיך אַפילו געמשמעתט איינער מיט דעם אַנדערן.

די צדיקים אָבער, ר׳ מרדכי און ר׳ ישראלצע, האָבן געלעבט אין שלום. פון דער גרויסער מחלוקת צווישן די צווייערליי חסידים האָבן זי די צדיקים געמאַכט כּלא ידע. דער רוזשינער, וועלכער האָט גע־וואוסט זיין גרויסן כּוח און השפּעה, האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבער זיין אַלטן פעטער, ר׳ מאָטעלע, און האָט אים גערופן „דער פעטער מאָטל״.

די „הויף־פּאָליטיק״ האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז די צדיקים אַליין האָבן זיך צעקריגט. דאָס איז געשען אויף דער חתונה פון זיין זון, ר׳ בערעניו, מיט דער יינגסטער טאָכטער פון דעם טשערנאָבילער מגיד. דער רוזשינער איז געקומען קיין טשערנאָביל מיט פיל חסידים און מיט גרויס פּאַראַד. פּלוצים האָט ר׳ מאָטעלע געזאָגט, אַז ער וויל ניט די חופּה שטעלן אום פרייטאָג, ווי דער מנהג איז געווען ביי די רביים. דער טעם איז געווען: מען זאָל ניט פאַרמישן די כּוונות פון שבת מיט די כּוונות פון קידושין. דער רוזשינער איז געוואָרן באַליידיקט און האָט געזאָגט: „בין איך דען אַ מוכסן און וויים ניט פון דעם וואָס ער וויים?״ די חופּה איז ניט גע־ווען אום פרייטאָג, און דער רוזשינער מיט זיינע חסידים האָבן געגעסן ביי זיך אויף דער אכסניה. פון דעמאָלט אָן האָט זיך די פּאָליטיק צווישן דיביידע צדדים שטאַרק פאַרשאַרפט.

נאָך ר׳ מאָטעלעס טויט האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט דער רוגז צווישן די ביידע הויפן, און באַזונדערס נאָכדעם ווי דער טשערנאָבילער הויף האָט זיך פאַרגרעסערט און פאַרצווייגט דורך די אַכט קינדער פון ר׳ מאָטעלען, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע שטעט און יעדער פון זיי האָט געגרינדעט אַ באַזונדער „הויף״. אָבער די מאַכט פון רוזשינער איז געווען שטאַרקער פון די אַלע נייע צדיקים. די רוזשינער הסידים האָבן זייער גוט געוואוסט די גרויסע קראַפט פון זייער רבין, און זיי האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אום די נייע צדיקים צו צווינגען זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן דעם רוזשינער.

## ט.

נאָך 25 גליקלעכע יאָרן זיינען שלעכטע צייטן געקומען אויף דעם רוזשינער. אַדאַנק זיין גרויסן רייכטום און זיין גוואַלטיקער השפּעה אויף די יידן, האָט די רוסישע רעגירונג אָנגעהויבן אויף אים צו קוקן מיט גרויס חשד. דערצו האָבן זיך נאָך געפונען מוסרים, וועלכע האָבן דעם רוזשינער געמסרט, אַז ער פירט זיך אויף ווי אַ מלך ישראל און די יידן טוען ניט קיין זאַך אָן אים. אין דער דאָזיקער צייט איז אין דונאַיעוויץ (קאַמענעצער

גובערניע) געהרגעט געוואָרן אַ יידישער מוסר, און מען האָט דעם רוצח ניט געפונען. דעם מוסרס צוויי שותפים האָבן דערלאַנגט אַן אָנקלאָגע צו דער מאַכט, אַז דער רוזשינער האָט עס געהייסן הרגענען דעם מוסר, און ווייל די רעגירונג האָט סיי־ווי־סיי אים חושד געווען, אַז ער פירט אַ געפערלעכע פּאָליטיק, האָט זי קיין שום טענות ניט געמאַכט און האָט דעם רוזשינער אַריינגעזעצט אין תפיסה. דאָס איז געשען אין יאָר תקצ"ה, ווען דער רוזשינער איז אַלט געווען פערציק יאָר און איז געשטאַנען אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון גליק. 21 חדשים איז ער געזעסן אין קאַמענעצער און אין קיעווער תפיסה, און עס האָט ניט געהאָלפן קיין שום השתדלות. אַז מען האָט אים באַפרייט, איז ער נאָך געבליבן אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

די רוזשינער חסידים, וועלכע זיינען געווען זייער געטראָפן מחמת דעם דאָזיקן פאַל, האָבן ערשט דורך דעם באַקומען אַ גרויסע אמונה אין דער הייליקייט פון רוזשינער. זיי האָבן אין דעם אומגליק געפונען טרייסט און באַווייזן, אַז זייער רבי איז דער אמתער משיח, און גראָד דורך זיין זיצן אין תפיסה און דורך זיין פיל ליידן האָט זיך ביי זיי געשטאַרקט דער גלויבן, אַז ער וועט באַלד נתגלה ווערן אַלס משיח און וועט אַלע יידן באַפרייען פון גלות. זיי האָבן זיין ליידן גערופן: „חבלי משיח", משיחס צרות און ליידן. אויך דער ערוואַרטער משיח וועט זיצן אין תפיסה איידער ער וועט נתגלה ווערן, ווי עס שטייט געשריבן אין מדרש.

מיד און קראַנק איז דער רוזשינער צוריקגעקומען פון דער תפיסה. ער, דער מפונק, וואָס האָט אַזוי שיין און רייך געלעבט, איז געוואָרן צעטרייסלט דורך זיין לעבן אין דער תפיסה. די חסידים האָבן אפילו דערציילט, אַז אין דער תפיסה פלעגט אים אָפט באַזוכן דער מגיד, זיין זיידע. אויך דער מלאך און אליהו הנביא האָט אים באַזוכט, און האָבן אים באַרויקט; אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט דאָס ניט פיל געהאָלפן, און גרויסע, געדיכטע וואָלקנס האָבן באַדעקט זיין זוניקן הימל. באַאומרויקט פאַר דער צוקונפט, האָט ער פאַרלאָזן רוזשין, און האָט זיך באַזעצט אין קישינעוו. אָבער אויך דאָרט איז ער ניט גאַנץ זיכער געווען, ווייל עס האָט זיך געלאָזט הערן, אַז די רעגירונג טראָגט זיך אַרום מיט פּלענער אים אַרויסשיקן פון אַלע גובערניעס, וואו יידן וואוינען. ער האָט זיך דערפאַר אַנטשלאָסן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

## ו.

דורך שוחד האָט ער באַקומען פון קישינעווער גובערנאַטאָר אַן אויסלענדישן פּאַס, און ער מיט צוויי גבאים זיינען אַריבערגעגאַנגען די רומענישע גרענעץ, און ער האָט זיך באַזעצט אין יאַס. אין דער צייט איז

אָנגעקומען אַ באַפעל פון דער רעגירונג צום קישינעווער גובערנאַטאָר, ער זאָל דעם רוזשינער אַרויסשיקן פון אַלע יידישע ראַיאָנען. דער גובערנאַ־טאָר, וועלכער האָט דעם רוזשינער אויסגעשטעלט אַן אויסלענדישן פּאַס, האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין רעגירונג, און האָט פאַרלאַנגט פון דער רומענישער רעגירונג, זי זאָל דעם רוזשינער צוריק אומקערן קיין קישינעוו. די רביצין און דעם רוזשינערס קינדער האָבן זיך פון דעם דערוואוסט און האָבן תיכף מודיע געווען וועגן דעם דעם רוזשינער אין יאַס. דער רוזשינער איז פון דאָרט אַנטלאָפן קיין גאַליציע, עסטרייך. אַ קריסטלעכער באַראָן, וואָס האָט פון אים געוואוסט, האָט אים פאָרגעשלאָגן, ער זאָל זיך באַזעצן אין זיין שטאָט, אין סאַדאַגורע. ער האָט זיין פאָרשלאָג אָנגענומען און האָט זיך דאָרט באַזעצט אין יאָר תר״א.

די פאַמיליע פון רוזשינער אין קישינעוו האָט געליטן גרויסע צרות פון דעם קישינעווער גובערנאַטאָר. ער האָט זייער הויז באַלאַגערט מיט שומרים און האָט פאַרלאַנגט פון זיי, זיי זאָלן שרייבן דעם רוזשינער אַ בריוו, ער זאָל תיכף־ומיד צוריקקומען. ער אַליין האָט זיי טאַקע דיקטירט דעם בריוו און ער אַליין האָט דעם בריוו אַוועקגעשיקט צום רוזשינער דורך צוויי משולחים; אָבער די רביצין האָט זיך צוגעאיילט און האָט דעם רוזשינער בסוד־סודות אַוועקגעשיקט אַן אַנדער בריוו. דאָס איז איר בריוו און איר לשון:

„זאָלסט וויסן, אַז מען האָט אונז אַרומגעשטעלט מיט באַדניקעס און דער גובערנער האָט געשיקט רופן בני שלום און ער האָט אים געזאָגט, אַז דו וועסט ניט אַהיימקומען, וועט ער אונז ח״ו פאַרשיקן, און ער האָט אונז געהייסן שרייבן אַ בריוו צו דיר דו זאָלסט אַנדערש ניט טאָן, נאָר אַהיימ־קומען. נאָר מיר זאָגן ניט קיין דעה און אַז דו ווילסט ניט אַהיימקומען, איז קיין אַנדער באַוואָרעניש ניטאָ רק אל צרפת או אנגליה״.

דעם בריוו האָט דער רוזשינער מקבל געווען גראָד אין דער צייט, ווען זיין לעבן אין סאַדאַגורע איז געווען אין גרויס סכנה, ווייל די עסט־רייכישע מאַכט האָט געוואָלט אים צוריקשיקן קיין רוסלאַנד. דער רוזשי־נער, אָט דער שטאַרקער מענטש, האָט די אַלע צרות מער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן און האָט געוויינט ווי אַ קינד. ער האָט געזאָגט: „וואו איז מיין טאַטע, ר׳ שלום? וואו איז מיין זיידע, דער מלאך? וואו איז מיין עלטער־זיידע, דער מגיד? אַוודאי זאָגט מען זיי ניט אויס״.

דאָס גליק האָט זיך אָבער ווידער צו אים אומגעקערט: אין סאַדאַגורע איז אַמאָל פאַרשוואונדן אַ קליין יינגל אין זיין עלטער, וואָס האָט אויך געהייסן ישראל און זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען דאָנערפעלד. איז מען געפאַלן אויף אַזאַ עצה: דער רוזשינער האָט אַוועקגעשריבן אַ בריוו

צו דער עסטרייכישער מאכט, אז ער איז עס דער פארלארענער ייִנגל פון דע־מאלט, ישראל דאנערפעלד, און אז ער הייסט איצט פרידמאן, ווייל א קרוב זיינער אין רוסלאנד, מיטן נאמען פרידמאן, האט אים מגדל געווען און האט אים געגעבן זיין פאמיליע־נאמען. עס האבן זיך אויך געפונען עדות, וועלכע האבן געזאגט, אז זיי האבן אים דערקענט, אז ער איז דער פאר־לארענער ייִנגל. אבער די עסטרייכישע מאכט האט נאך א ביסל גע־צווייפלט אין דעם און האט דעם רוזשינער פארגעשלאגן, ער זאל ווערן א גוטסבאזיצער. אין געלט איז קיין מניעה ניט געווען און ער האט גע־קויפט די שטאט פאטיק, ניט ווייט פון סאדאגורע. נאכדעם האט די עסט־רייכישע מאכט דעם רוזשינער און זיין פאמיליע אויפגענומען אלס עסט־רייכישע בירגער. באלד נאכדעם איז אויך זיין פאמיליע פון קישינעוו צו אים געקומען קיין סאדאגורע.

## יא.

דער נייער „הויף" אין סאדאגורע איז נאך פיל שענער און רייכער געווען, ווי דער רוזשינער הויף. ער איז אזוי רייך געווען אין לוקסוס, אז אפילו א זילבערנער טיש איז געווען אין אים. דער הויף האט זיך שטארק פארגרעסערט. זיינע זעקס זין און דריי טעכטער האבן חתונה געהאט און זיי מיט זייערע קינדער האבן געלעבט ביים פאטער. זייער לעבן איז גע־ווען, ווי דאס לעבן פון פרינצן און פרינצעסינס. זיי זיינען געווען גע־קליידט אין זייד, מיט גאלד און בריליאנטן אויסגעפוצט, געפארן אין פרעכטיקע קארעטן, באגלייט פון גבאים און דינער. די פרויען האבן זיך געקליידט נאך דער לעצטער ווינער מאדע, פלעגן אפט פארן קיין ווין און און אין פארשיידענע קור־ערטער; געלט האבן זיי אויסגעגעבן אן א שיעור. און דאך האבן די חסידים אט דאס אלץ פאר הייליק געהאלטן, פאר א גרויסן, הייליקן, געהיימענישפולן וועג אין עבודת אלהים. זיי האבן ניט נאר דעם רבין פארהייליקט, נאר אויך זיינע קינדער און קינדס־קינדער, ווי אויך די גאנץ קליינע קינדער. אן אייניקל פון רוזשינער, אליין א צדיק, האט מיר דערציילט: „אפט האבן זיך די חסידים אריינגעגנבעט אין די שטיבלעך פון די קליינע קינדער, די אייניקלעך פון רוזשינער, און האבן אין די בעטלעך אריינגעווארפן קוויטלעך. אמאל האט א חסיד געפרעגט דעם רבינס אן אייניקל, א יונג קינד: „זאג מיר נאר, האסטו מורא פאר גאט?" דאס קינד האט אים גלאט געענטפערט: „ניין!" האט דער חסיד זיך געוואונדערט מיט גרויס התלהבות צו זיין סביבה און האט געזאגט: „א פלא, שוין פון זייער קינדהייט אן געוויינען זיי זיך צו זיין נסתרים".

די רוזשינער חסידים אין רוסלאַנד זיינען געפאָרן קיין סאַדאַגורע, און דערצו האָבן זיך נאָך נייע חסידים געמערט: פון גאַליציע, רומעניע און אונגאַרן. דער רוזשינער איז געוואָרן דער אמתער צדיק הדור און זיין השפעה האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. אָבער ער האָט זיך ניט גאַנץ גוט געפילט אין זיין נייער שטאָט — ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך רוסלאַנד, וואו זיינע עלטערן האָבן געוואוינט; ער האָט געבענקט נאָך די רוסישע יידן און האָט זיך זייער שטאַרק געפרייט מיט זיינע רוסישע חסידים, און האָט זיי שטאַרק מקרב געווען. ער האָט געזאָגט: „משיח וועט פריער קומען צו די רוסישע יידן".

## יב.

דער רוזשינער־סאַדאַגורער חסידיזם, מיט זיין פּראַכט און גלאַנץ האָט אינגאַנצן איבערראַשט דעם גאַליצישן חסידיזם. דער לעצטער איז געווען גאָר פאַרשיידן פון דעם ערשטן, פון וועלכן מען האָט ניט געזען און ניט געהערט ניט קיין תורה און ניט קיין תפילה. דער גאַליצישער חסידיזם איז געווען אינגאַנצן צעשראָקן פון די ווערטער פון ר' ישראלצען, וועלכער האָט געזאָגט, אז דער צדיק, וועלכער ווייזט ווייניק ארוים זיין עבודת אלהים, איז זייער הייליק און גרוים, און שטאַמט פון דער „עלמא דאתכסיא", פון דער געהיימער וועלט. אַזאַ מין חסידיזם האָט בלויז ארויסגערופן אַ ווידערווילן ביי די גאַליצישע חסידים, וועלכע זיינען גע־ווען געוויינט צו אַ סך דאַווענען און לערנען, צו אַ סך פאַסטן און צדקה־געבן — אַ פּשוטער אַלטער, יידישער וועג. די גאַליצישע חסידים האָבן שטאַרק מדקדק געווען מיט זייערע אַלטע יידישע קליידער און האָבן ניט משנה געווען פון זיי אפילו כקוצו של יוד, און אָט האָבן זיי מיט זייערע אויגן געזען די הנהגות פון דעם סאַדאַגורער הויף, מיט דעם לוקסוס און מיט די מאָדעס. ס'איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע התנגדות און די גאַליצישע חסידים האָבן אָנגעהויבן צו מורמלען. אָבער די גרויסע השפעה פון רו־זשינער גופא, און דערצו זיין גרויסער יחוס, — דאָס אַלץ האָט גובר געווען, און די קעגנערשאַפט איז געוואָרן שוואַך. דער רוזשינער האָט מנצח געווען, און אפילו אַזאַ גרויסער גאון, ווי ר' חיים סאַנצער, איז גע־וואָרן זיין חסיד. אַז מען האָט דעם לעצטן געפרעגט, ווי קומט עס, וואָס ער, דער גרויסער גאון, האָט זיך אויסגעוויילט אַ רבין, וועלכער לערנט ניט און דאַוונט ניט און פירט זיך ווי אַ שררה, — האָט ר' חיים געענט־פערט אויף דעם מיט אַ משל: „פאַרוואָס האָט גאָט געהייסן אויפבויען דעם בית־המקדש אויף דעם באַרג מוריה און ניט אויף דעם באַרג סיני, וואו גאָט האָט געגעבן די תורה? דער תירוץ איז, אַז דאָס אָרט, וואו אַ בן־

ישׂראל האָט זיך געוואָלט מקריב זיין פאַר גאָט (ער האָט געמיינט „עקידת־יצחק", וואָס איז געווען אויף דעם מוריה, ווי עס שטייט געשריבן אין דער גמרא), איז חשובער ביי גאָט פון דעם אָרט, וואָס ער האָט דאָרט גע־געבן די תורה. און דער רוזשינער — האָט ר' חיים אויסגעפירט — איז זיך מקריב פאַר גאָט אין יעדער רגע". אַזעלכע ווערטער פון אַזאַ גרויסן מענטשן, ווי ר' חיים, האָבן געגוג געווירקט, אַז די שטימונג צווישן די גאַליצישע חסידים זאָל זיך ענדערן.

ס'איז געווען נאָך אַ קלאַס אין גאַליציע, וואָס איז געווען פיינדלעך געשטימט צום רוזשינער, דאָס זיינען געווען די גרויסע רבנים. ווי אין דער ליטע, אַזוי אויך אין גאַליציע, זיינען די גרויסע רבנים, די גאונים, מתנגדים צו דעם חסידיזם בכלל, און נאָך דערצו אַזאַ מין צדיק, ווי דער רוזשינער, האָט ניט געקאָנט געווינען די הערצער פון די רבנים, וואָס האָבן פאַרלאַנגט פיל תורה לערנען און אַ שאַרפן מוח אין פּילפּול. דערציילן די חסידים, אַז דער רוזשינער איז אַמאָל געקומען קיין לעמבערג און האָט באַ־זוכט דעם לעמבערגער גרויסן רב, ר' יעקב אָרנשטיין. דער גאון האָט גע־וואָלט, ווי זיין שטייגער איז געווען, מיט אים ריידן אין „חידושי תורה", אָבער דער רוזשינער האָט אים תיכף געפרעגט: „מיט וואָס דעקט מען ביי אייך די הייזער?" „מיט בלעך", האָט דער גאון געענטפערט. „פאַרוואָס מיט בלעך?" — האָט דער רוזשינער ווידער געפרעגט. „ווייל בלעך איז שטאַרק און האָט ניט קיין מורא פאַר פייער", האָט דער גאון געענטפערט. „די ציגל זיינען אויך שטאַרק", האָט דער רוזשינער געענטפערט. נאָך דעם געשפּרעך איז דער רוזשינער אויפגעשטאַנען און איז אַוועקגעגאַנגען. האָט זיך דער גאון צעלאַכט און האָט געזאָגט צו זיינע אַרומיקע: „אָט דאָס איז דער מענטש, וועלכער איז מרעיש עולמות, און צו אים פאָרן עס טויזנטער מענטשן". אין דער זעלבער צייט איז געווען אין לעמבערג דער צדיק ר' מאירל פּרעמישליאַנער. האָט ער אויפגעקלערט דעם אינהאַלט פון דעם רוזשינערס ווערטער און האָט געזאָגט: „דער גאון האָט פּשוט ניט פאַר־שטאַנען דעם רוזשינער. דער רוזשינער האָט אים געזאָגט: ווי דער דאַך איז מגין אויף דעם הויז, אַזוי דאַרף דער רב מגין זיין אויף דער שטאָט, לכן דאַרף דער רב האָבן אַ לב נשבר, ווי די ציגל, און פאַרוואָס האָט ער אַ האַרץ, וואָס איז אַזוי שטאַרק ווי בלעך?"

## יג.

דעם רוזשינערס דור איז ניט ראוי געווען, אַז דער רוזשינער זאָל זיך אין אים מתגלה זיין אַלס משיח — האָבן די חסידים געזאָגט — און גאָט האָט אים גערופן צו זיך.

ראש־השנה תרי"א האָט דער רוזשינער געזאָגט, אַז ער האָט געהערט בלאָזן משיחס שופר. מיט דעם האָט ער מרמז געווען, זאָגן די חסידים, אַז ער וועט באַלד פאַרלאָזן די עולם הזה.

דעם דריטן חשוון פון דעם זעלבן יאָר איז ר' ישראלצע רוזשינער געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן אין סאַדאַגורע.

פאַר זיין טויט האָט ער געזאָגט: „רבונו־של־עולם, דו ווייסט דעם אמת, אַז איך האָב גאָרניט הנאה געהאַט פון דער עולם־הזה".

עס איז ניט צו באַשרייבן דעם שטאַרקן רושם, וואָס זיין טויט האָט געמאַכט בכל תפוצות ישראל. אַלע חסידים האָבן געקלאָגט און געזאָגט, אַז דאָס גרעסטע, וואָס די יידן האָבן געהאַט, איז צוגענומען געוואָרן.

זיין אוהל איז געוואָרן אַ „קודש־קדשים". מען בעט פאַר אים, גלייך ווי ער וואָלט נאָך געלעבט; מען רעדט צו אים, ווי צום לעבעדיקן צדיק

„ער איז געווען משיח, נאָר דער זינדיקער דור האָט ניט זוכה געווען ער זאָל זיך מתגלה זיין, און ער האָט זיך ווידער באַהאַלטן אין הימל". אַזוי האָבן די חסידים געזאָגט נאָך דעם רוזשינערס טויט, און אַזוי זאָגן און גלויבן אויך איצט די סאַדאַגורער חסידים.

ר' ישראלצע איז געשטאָרבן אַלס „רוזשינער", און אַזוי רופט מען אים: „דער רוזשינער" — ביז אויף היינטיקן טאָג. פון אים הייבן זיך אָן „די סאַדאַגורער", דעם רוזשינס קינדער, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע שטעט, און פון זיי הייבט זיך אָן די גרויסע אַנטוויקלונג פון דער „סאַדאַגורער דינאַסטיע".

# דעם רוזשינערס קינדער

## די ברידער, ר' בער דער לעוויער

## א.

ר' ישראלצע רוזשינער איז געשטאָרבן און מיט אים איז אויך אָפּגעשטאָרבן זיין אומגעוויינלעכע השפעה, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויך אויף די חסידים, וואָס זיינען גאָרניט געווען זיינע מקורבים. די דאָזיקע גרויסע השפעה האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן דורך זיין טויט, ווייל עס האָט צו דעם געפעלט די גרויסע פּערזענלעכקייט, דער רוזשינער גופא. אָבער זיינע אייגענע חסידים זיינען געווען גרויס געגוג אין צאָל און זיי האָבן זיך צעטיילט צווישן זיינע קינדער.

דעם רוזשינערס קינדער האָבן גוט פאַרשטאַנען, גלייך נאָכן טויט פון זייער פאָטער, זייער אינערלעכע אָרגאַניזאַציע צו פאַרפעסטיקן און צו פאַרהייליקן זייער משפחה אין די אויגן פון זייערע חסידים. זיי האָבן באַטאָנט און באַטאָנט, אַז נאָר פון זייער משפחה וועט משיח קומען, און נאָר זיי ווייסן דעם סוד פון משיחן. זיי האָבן אָפן געזאָגט: ר' שמעון בן יוחאי, דער אר"י הקדוש, דער בעש"ט, דער „מגיד" און דער מלאך — אָט די אַלע האָבן זיך באַמיט צו מקרב זיין די גאולה און האָבן ניט געקאָנט. ר' שלום פּראָבישצער האָט אָנגעהויבן מקרב צו זיין, אָבער מעשה־שטן האָט מצליח געווען, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז זיין זון, דער רוזשינער, און זיינע קינדער וועלן ענדיקן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן, „און איצט זיינען מיר, ברידער, דאָ, און אונזער וועג איז באַקאַנט — מיר זיינען זיך מפקיר פאַר דער גאולה".

דער רוזשינער גופא האָט שטאַרק געליובט זיינע קינדער. ער האָט וועגן זיי געזאָגט בזה הלשון: „פון מיינע קינדער וועט מען זען ווער גאָט איז". ער אַליין האָט וועגן יעדן קינד געזאָגט: ר' שלום, גאָטס נאָמען איז אין אים; ר' אברהם־יעקב איז די זעל פון תורה און חכמה; ר' בער

איז א גרויסער בער, אָבער ער דאַרף זיך זייער היטן, עס זאָל קיין ווערים ניט אַריינקריכן אין זיין פעל; ר׳ נחום איז אַזאַ וואונדערלעכער וועג, וואָס קיין פייגעלע וויים ניט פון אים; ר׳ דוד־משה איז א בטלן, אָבער ער קאָן מבטל זיין מיט זיינע תפילות אַלע גזירות רעות; ר׳ מרדכי איז אַ איש פּלא.

## ב.

נאָך דעם רוזשינערס טויט האָט ממלא מקום געווען זיין עלטערער זון, ר׳ שלום־יוסף; ער האָט אָבער ניט מאריך ימים געווען און איז דעם זעלבן יאָר געשטאָרבן אין לייפּציג, וואו ער האָט זיך קורירט ביי די דאָרטיקע דאָקטוירים.

אויף זיין אָרט אין סאַדאַגורע איז געקומען דער צווייטער זון, ר׳ אברהם־יעקב, אָדער ווי די חסידים האָבן אים גערופן: ר׳ אברהם־יעקעניו. מיט זיין קלאָרן און טיפן פאַרשטאַנד, מיט זיין שטאַרקער פּערזענלעכ־קייט איז ער ענלעך געווען צו זיין פאָטער, דעם רוזשינער. די חסידים האָבן אים גערופן „דער חכם״. ווי זיין פאָטער, האָט ער געזאָגט ווייניק תורה, און דאָס ביסל, וואָס ער האָט יאָ אַמאָל געזאָגט, איז אויך ניט גע-ווען ניי, אָבער דערפאַר האָט ער זייער גוט פאַרשטאַנען מיט אַנדערע מיטלען דעם חסידיזם און דעם גייסט פון רוזשינער צו אַנטוויקלען; ער האָט פאַרשטאַנען די חסידים צו אָרגאַניזירן און זיי צובינדן צו דער סאַ־דאַגורער דינאַסטיע. ווי זיין פאָטער, האָט ער אויך זיין „הויף״ מיט רייכ־טימער פאַרפּוצט און פאַרמערט און האָט פאַרשטאַנען אויף אַזאַ אופן איינצופלאַנצן אין דעם חסיד גרויס יראת־הכבוד און רעספּעקט. ווי זיין פאָטער, איז ער אויך געזעסן אין תפיסה. די סיבה פון דעם איז געווען: עטלעכע פון זיינע קרובים האָבן געמאַכט פאַלש רוסיש געלט, האָט מען אים געמסרט, אַז אויך ער האָט זיך אין דעם באַטייליקט.

א גאַנץ אַנדערער טיפּ איז געווען זיין ברודער ר׳ דוד־משה, וועלכער האָט אייניקע יאָר געוואוינט אין פּאָטיק, וואָס האָט געהערט צו דער פּאַ־מיליע, און נאָכדעם האָט ער זיך באַזעצט אין טשאָרטקאָוו. ר׳ דוד־משה איז געווען זייער פרום און גוטהאַרציק. ער האָט פיל געדאַוונט און פיל געלערנט און פיל געפאַסט. ער האָט געהאַט אַ שטיקל ענלעכקייט צו זיין עלטער־זיידן, ר׳ אברהם דער מלאך. די חסידים דערציילן, אַז ווען ער איז געבאָרן געוואָרן, האָט דער רוזשינער געזאָגט בזה הלשון: „איך האָב אייך אַראָפּגעבראַכט אַזאַ נשמה, וואָס וועט מקרב זיין יידישע הערצער לאביהם שבשמים״. זיין ברודער, ר׳ אברהם־יעקב, האָט אויף אים געזאָגט: „איך האָב נאָך אַזאַ הייליקן יידן ניט געזען״. די חסידים דערציילן, אַז ער אַליין האָט ווענן זיך איינמאָל דערציילט: „ווען איך בין זיבן יאָר אַלט געוואָרן

האָב איך אויף זיך גענומען, איך זאָל קיין שום מענטשן ניט טאָן קיין שלעכטס", און ווי זיי, די חסידים, דערציילן, איז ער אַזוי געבליבן ביז זיין לעצטן טאָג. אַז מען האָט אים אַמאָל געפרעגט: וואָס טוט ער מיט דעם שונא־ישראל, אויב ער איז ניט מתפלל, אַז דער שונא ישראל זאָל פאַרטיליקט ווערן? האָט ער געענטפערט: „ניין, איך בין מתפלל, אַז גאָט זאָל מציל זיין דעם יידן פון בייז; מיט דעם שונא־ישראל אַליין האָב איך ניט צו טאָן". אַמאָל איז ער געזעסן צוזאַמען מיט זיין ברודער, ר' אברהם־יעקב. האָט דער לעצטער געזאָגט: „גאָט זאָל צושיקן אַ מפלה אויף די טשערנאָוויצער אַפּיקורסים". האָט ר' דוד־משה אים געענטפערט: „בעט גאָט, זיי זאָלן תשובה טאָן". אַמאָל האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ער איז מקנא דעם באַראָן הירש פאַר זיינע גוטע מידות הצדקה. האָט אַן אַלטער חסיד געזאָגט: „סוף־כּל־סוף איז ער אַ פּשוטער גוי". דערויף האָט ר' דוד־משה געענטפערט: „מען קאָן אַמאָל די גאַנצע עולם־הבא קויפן אין איין שעה". ער איז געווען אַ גרויסער סבלן און אַ שווייגער. ער האָט געזאָגט: „שווייגן ווערט מען ניט מיד".

זיין פרומקייט איז געווען זייער גרויס. ער האָט געדאַווענט מיט גרויס התלהבות און אַמאָל האָט ער זיך אַזוי שטאַרק פאַרטיפט אין דאַווענען, אַז ער האָט גאָרניט געפילט, אַז זיין בן־יחיד איז אין חלשות געפאַלן. אַז מען האָט אים דאָס שפּעטערהייט דערציילט, האָט ער געגעבן אַ וואונק, מען זאָל דעם זון אַוועקטראָגן אַהיים, און ער האָט ניט מפסיק געווען פון דאַווענען. אָפט האָט מען געהערט, ווי ער פלעגט אויסרופן: „הייליקער פאָטער", „הייליקער טאַטע", „הייליקער האַר פון דער גאַנצער וועלט". קיין גרויסער בעל־תורה איז ער ניט געווען. אַזוי ווי זיין ברודער, ר' אברהם־יעקב, האָט ער אויך זייער ווייניק תורה געזאָגט, און אויך ער האָט נאָר איבערגעחזרט אַלטע געדאַנקען. דערפאַר אָבער האָט ער שטאַרק דעם טיפן צדיק פאַרהייליקט. ער האָט געזאָגט: „דאָס אינערלעכע, דאָס וועזן פון צדיק איז טיף אין אים באַהאַלטן און ווייזט זיך ניט אַרויס פאַר דעם מענטשן; עס איז אַ פייער, וואָס ברענט טיף אין זיינע ביינער, און דאָס, וואָס ווייזט זיך אַמאָל אויך פאַר די מענטשן, איז נאָר דער איבער־פלוס, ווי אַ שטייגער, אַ פולע כּלי, וואָס גיסט זיך איבער, ווען זי איז צו פול".

אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ פון די ביידע ברידער איז געווען ר' בער, אָדער ר' בערעניו, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין לעווו, אין רומעניע. אים האָבן די חסידים גערופן „דער באַהאַלטענער צדיק". ער האָט געלעבט צוריקגעצויגן, זייער ווייניק פאַרקערט מיט די חסידים, דערפאַר האָט ער געזאָגט אַ סך תורה, ניט נאָר שבת, נאָר אויך אינמיטן דער וואָך. ער האָט

א זייער גרויסע השפעה געהאט אויף די חסידים. פיל טויזנטער חסידים זיינען צו אים געקומען, אים צו זען. אלע האבן אויף אים געקוקט מיט גרויס התפעלות און יראת הכבוד. די חסידים האבן געגלויבט, אז ער איז דער משיח פון דער „הייליקער פאמיליע", וועלכער דארף נאך נתגלה ווערן. די חסידים דערציילן: אמאל איז ער ארומגעגאנגען אין זיין חדר אהין און צוריק, איינגאנצן פארטיפט אין זיינע געדאנקען. פלוצים איז ער געבליבן שטיין און האט געזאגט: „איך קאן די יידן העלפן דורך צוויי דרכים: איין דרך איז, איך זאל זיי אויפהויבן צו מיר און זאל זיי ברענגען צו מיין מדרגה; אבער דאס וואס משה רבנו האט ניט געקאנט וועט מיר אויך ניט געלינגען. דער צווייטער דרך איז — איך זאל מיך אראפלאזן צו זייער מדרגה; אבער איך האב מורא, אז זיי וועלן מיך חושד זיין לגנאי". א רגע איז ער געבליבן שטיין און געשוויגן, דערנאך האט ער א טיפן זיפץ געטאן און געזאגט: „ווי און ווינד צו די יידישע פירער! ניט גענוג, וואס זיי באמיען זיך אזוי שטארק מיט זיי, אט מיט דעם עם קשה־עורף, און זיי זיינען זיך מוסר־נפש פאר זייערטוועגן, ריידן נאך די יידן שלעכטס אויף זיי, זייערע פירער און מדריכים. און דאס אומגליק איז, אז זייערע רייד, וואס זיי זיינען מלשין אויף זייערע פירער, מאכט א רושם אין הימל". אזוי האט ר' בער געענדיקט זיינע רייד און האט זיך ביטער צעלאכט.

ר' נחום, דער פערטער ברודער, וועלכער האט געוואוינט אין שטעפאנעשט (רומעניע), איז געווען א גאנץ אייגנארטיקער מענטש. ער איז געווען פול מיט פאנטאזיע און תמיד פריילעך און לוסטיק. ער האט געהאט א שטארקן געפיל פאר עסטעטישע זאכן און האט שטארק מקפיד געווען אויף דער ריינלעכקייט, ווי אויף דער ריינלעכקייט פון זיינע קליידער אזוי אויך אויף דער ריינלעכקייט פון זיינע קארעטעס און פערד. ער האט זייער ליב געהאט שיינע פערד און האט ניט געשפארט קיין געלט איינצוקויפן די שענסטע פערד. ער האט אויך אפט מיט זיינע חסידים גערעדט וועגן פערד, און די חסידים האבן געמיינט, אז אין דעם זיינען באהאלטן סודות פון „מעשה מרכבה".

אין שטעפאנעשט האט ער זיך אויסגעבויט א פאלאץ און האט אים אויסגעפוצט מיט דעם גרעסטן לוקסוס. באזונדערס האט ער אין אים א גרויסארטיקן זאל אויסגעפוצט מיט פראכטפולע מעבל און טעפיכער און פארשיידענע כלי תכשיטים. אין זאל האט קיינער ניט געטארט אריינקומען. אמאל האט ער זיינע חסידים געזאגט, זיי זאלן זיך צוגרייטן אויף מארגן, ווייל ער וויל זיי ווייזן דעם זאל. אויפן אנדערן טאג האבן זיי זיך אלע פארזאמלט און ער האט זיי געהייסן זיי זאלן אויסטאן די שיך, ווייל

דער חדר, וואָס ער וויל זיי ווייזן, איז הייליק; אז משיח וועט קומען, וועט ער וואוינען אין דעם חדר. „ביז אויף דעם היינטיקן טאָג — האָט מיר א רוזשינער אייניקל דערציילט — אז די חסידים קומען קיין שטעפאנעשט, בעטן זיי דעם גבאי, ער זאָל זיי ווייזן „משיחס חדר".

ער האָט ליב געהאַט צו ריידן מיט זיינע חסידים און זיי דערציילן מעשיות. ער האָט גאָר קיין תורה ניט געזאָגט, נאָר דערציילט און גערעדט מיט זיי איבער פארשיידענע וועלטלעכע זאכן. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן זיינע חסידים פיל גוזמאות, באזונדערס, אז ער פלעגט צוריקקומען פון א נסיעה קיין ווין, אָדער פון א קור־אָרט, האָט ער פיל גוזמאות דערציילט און די חסידים האָבן עס צוגעהערט מיט גרויס התלהבות און מיט אמונה שלמה, אז גרויסע סודות זיינען פארבאָרגן אין אָט די אַלע גוזמאות און סיפורים. אזוי, למשל, האָט ער זיי אַמאָל דערציילט, אז אויף זיינע נסיעות אין אויסלאַנד האָט ער געזען א פערד, וואָס האָט געהאַט צוויי הערנער אויף זיין שטערן און זיין האלז איז געווען אזוי לאַנג, אז ער האָט געקענט עסן פון דעם שפּיץ פון דעם העכסטן קלויסטער. אַן אנדערש מאָל האָט ער דערציילט, אז ער האָט געזען א זייער גרויסן פאַלאַץ מיט פיל טויזנטער פענסטער. כדי צו רייניקן די אַלע פענסטער, האָט מען געשטעלט א באַן מיט פיל וואַגאָנעס. אויף די וואַגאָנעס זיינען געשטאַנען די פענסטער־פוצער און יעדן פרימאָרגן איז די באַן דורכגעפאָרן דאָס הויז און די פוצער האָבן גערייניקט די פענסטער. נאָך יעדער גוזמא פלעגט ער זיך שטאַרק צעלאַכן...

צוויי שעה פאַר זיין טויט איז ער אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט זיך געוואַשן, פארקעמט זיין באָרד און פּיאות, זיך געזעצט אויף דער קאַנאַפּע און האָט אָנגעהויבן צו זינגען דעם רוזשינערס ניגון. זיין קול איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער, ביז ער האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף דער קאַנאַפּע און איז געשטאָרבן.

דער ייִנגסטער זון פון רוזשינער, ר' מרדכי שראַגא, האָט געוואוינט אין הוסיאַטין, גאַליציע. ער איז געווען א שווייגער און גאַנץ אָפּגעזונדערט ניט נאָר פון זיינע חסידים, נאָר אויך פון זיין פאַמיליע. ער האָט ניט געזאָגט קיין תורה און האָט אויך קיין מעשיות ניט דערציילט. ער האָט געהאַט א באזונדער ליבע צו זיין גאָרטן און האָט ניט געשפּאָרט קיין געלט און געדונגען די בעסטע ספּעציאַליסטן־גערטנער, כדי דעם גאָרטן שיין צו האַלטן און צו פלעגן.

ער האָט שטאַרק מדקדק געווען אויף ריינלעכקייט. איידער ער האָט זיך אריבערגעקליבן קיין הוסיאַטין, האָט ער געוואוינט אין א קליין שטעטל, סטריסוק. ווען ער איז דאָרט איינמאָל געגאַנגען אין מרחץ אריין,

וואָס איז געווען זייער שמוציק, איז ער נאָכדעם אַ גאַנץ יאָר מער ניט גע־גאַנגען אַהין און זיך ניט טובל געווען אין מקווה. אַ גאַנץ יאָר אָן אַ מקווה! די חסידים האָבן זיך שטאַרק געוואונדערט, אָבער זיי האָבן זיך דאָך באַרויִקט און האָבן געפונען דערין גרויסע סודות.

## ג.

אַ סך יאָרן האָבן די „הייליקע קינדער" פון רוזשינער געלעבט אין עושר און אין כבוד. יעדער האָט געוואוינט אין אַנדער שטאָט און האָט געהאַט זיינע חסידים, וואָס האָבן אים פאַרהייליקט און יעדעס וואָרט פון אים איז ביי זיי געווען אַן אמתע תורה. געווים איז סאַדאַגורע נאָך אַלץ געווען דער צוציִאונגס־פונקט פאַר אַלע חסידים פון די „הייליקע קינ־דער", ווייל זי איז דאָך די שטאָט פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט; דאָרט ליגט דאָך דער רוזשינער און דאָרט איז דאָך זיין „אוהל הקודש".

אָבער אינמיטן דערינען איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ גרויסע מהומה אין דער „הייליקער פאַמיליע"; אַ גרויסער קלאַפּ, פאַרבונדן מיט גרויסע בזיונות, איז געקומען אויף דער פאַמיליע: איינער פון די ברידער, דער איינפלוסרייכסטער און אָנגעזעענסטער, אויף וועלכן די חסידים האָבן גע־האָפט, אַז ער וועט זיין משיח — אָט גראָד ער, ר' בער פון לעווי, איז אַרויס „לתרבות רעה" און איז געוואָרן אַן אפּיקורס גמור. און גראָד דער זעלבער ר' בער, וועלכער האָט אַמאָל געזאָגט: „דער רבונו־של־עולם קאָן זיך פאַרלאָזן אויף דעם צדיק־הדור, אַז ער וועט קיינמאָל ניט קאַליע ווערן" — גראָד ער איז שטאַרק קאַליע געוואָרן, אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, און דער סקאַנדאַל איז זייער גרויס געווען און האָט פיל צרות גע־בראַכט אויף דער „הייליקער פאַמיליע".

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט מען באַמערקט אין ר' בערן די אי־בערקערעניש. ער האָט זיך אָפּט אינגאַנצן צוריקגעצויגן, אויפגעהערט זאָגן תורה, מער ניט געזען זיינע חסידים, האָט נאָר פאַרקערט מיט אַ פּאָסט־באַאַמטן, אַ קריסט, מיט וועלכן ער האָט זיך זייער אָפט פאַרשפּאַרט אין זיין צימער. ווי מען זאָגט, האָט ער אויך די השכלה־ביכער פון יענער צייט געלייענט, און זיי האָבן אויף אים געווירקט.

אין ערך דריי יאָר, פון דעם יאָר תרכ"ו אָן, האָט געדויערט זיין אינערלעכער קאַמף. די חסידים, וועלכע האָבן אים בלינד געגלויבט, האָבן גאָר ניט באַמערקט, וואָס אין אים קומט פאָר. אָבער זיין פרוי און זיינע ברידער האָבן געוואוסט פון אַלץ. ער האָט געוואָלט אַלץ אויפגעבן און אַוועקפאָרן ערגעץ־וואו אין דער וועלט אַריין און לעבן זיין אייגן לעבן,

אָבער זיינע ברידער און זיין פרוי האָבן אים מיט גוטן און מיט געוואַלט ניט צוגעלאָזן צו דעם בזיון.

אָבער דאָס פאַלשע, פאַרמאַסקירטע לעבן איז אים ענדלעך אומדער־טרעגלעך געוואָרן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זיין סביבה, זיינע ברידער — יאָ, אפילו זיינע עלטערן און אורעלטערן. ער האָט געקוקט אויף דער פאַרגאַנגענהייט פון זיין פאַמיליע, ווי אויף עפּעס אומווירדיקס, פאַלשס און אומערלעכס.

זיין פרוי און די ברידער האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען קאָן דאָס אומ־גליק שוין מער ניט באַהאַלטן; זיי האָבן אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז ר' בערעניו איז ניט אינגאַנצן ביים זינען, און אַז דאָס איז די סיבה פון זיין ווילדקייט און זיין פליאַהדיק לעבן.

## ד.

ר' בערס אינערלעכער קאַמף האָט זיך אַנטוויקלט צו אַ שטאַרקן האַס און פאַרביטערונג קעגן זיין פרוי און זיינע ברידער — יאָ, קעגן דעם גאַנצן יידנטום. ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז ער וועט זיך שמדן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט אויף זיין פאַמיליע. און אין דער אמתן, ווי מיר ווייסן איצט פון די אַרכיוון פון דעם עסטרייכישן מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים פון יענער צייט, פון דעם באַריכט פון בוקאָווינער לאַנדעס־פּרעזידענט, וועלכער האָט אויפן אָרט אַלץ גוט נאָכגעפאָרשט און אונטערזוכט — פון דעם אַרכיוו ווייסן מיר איצט, אַז ר' בער האָט באמת בדעה געהאַט זיך צו שמדן און האָט שוין וועגן דעם פאַרהאַנדלט מיט דעם מיטראָפּאָליט פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך, נאָר זיין פאַמיליע האָט זיך באַצייטנס דערוואוסט, און פון דער זאַך איז גאָרניט געוואָרן.

אָבער די פאַמיליע איז געווען גרייט אַלץ צו טאָן — אויך אים פון דער וועלט אָפּצוראַמען — כדי דעם גרויסן סקאַנדאַל צו פאַרהיטן. ענדלעך איז דער קריזיס געקומען. דאָס איז געווען ערב־יום־כיפור תרכ"ט. אַ סך חסידים זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן קיין לעווי צום רבין ר' בערעניו. אָבער ער האָט זיי ניט געוואָלט אָנקוקן. עס איז געקומען די שעה פון כל־נדרי. אַלע חסידים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שול און האָבן מיט אומ־געדולד געוואַרט אויפן רבין; אָבער ער איז ניט געקומען. עס איז אַריבער אַ היפּשע ווײַלע, אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט, אָנגעטאָן אין טליתים און קיטלען, האָבן שוין וויינענדיק געזאָגט „כל־נדרי", און ער איז נאָך ניטאָ! ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט גיין אין שול אַריין. זיינע גבאים האָבן זיך מיט אים געראַנגלט, זיי האָבן אויף אים דעם טלית צעריסן און

מיט געוואלד געשלעפּט אין שול אריין. דערשלאָגן און טרויעריק איז ער אריינגעקומען אין שול. די חסידים, וועלכע האָבן ניט געוואוסט און ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר, האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס שמחה און התלהבות.

## ה.

די פאַמיליע האָט געזען, אַז עס האַלט שלעכט מיט זייער ברודער; זיי האָבן געזען די גרויסע סכנה אים צו לאָזן אין לעווי, האָבן זיי באַשלאָסן אים אוועקצופירן פון דאָרט קיין סאַדאַגורע, כּדי ער זאָל בלייבן אונטער דעם שוץ פון זיין עלטערן ברודער, ר' אברהם־יעקב. מען האָט אָפּגעוואַרט ביז נאָך סוכּות, ווען ר' בער איז געפאָרן שפּאַצירן און מיט אים זיינען געזעסן זיינע גבאים. אויסער דער שטאָט, אויפן פעלד, האָט זיך אויך זיין דאָקטאָר, וואָס איז געווען באַשטימט פון דער פאַמיליע, אַריינגעזעצט אין דער קאַרעטע. אויפן וועג האָט ר' בערן דער דאָקטאָר געגעבן צו שמעקן דעם מיטל צום שלאָפן און ער איז גלייך איינגעשלאָפן. די גבאים האָבן אים אַרומגעבונדן די הענט און די פיס און אַזוי איז מען מיט אים אַריבערגעפאָרן די גרעניץ און מען איז מיט אים געקומען קיין סאַדאַגורע, וועלכע ליגט נאָענט ביי דער גרעניץ. ווען ער האָט זיך אויפגע־כאַפּט און אָנגעהויבן צו שרייען, האָט מען זיך גאָרניט געקימערט. עס איז געווען פרייטאָג, ווען מען האָט אים געבראַכט אין הויז פון זיין ברו־דער, און דאָרט האָט מען אים איינגעשפּאַרט אין אַ צימער. דעם גאַנצן טאָג האָט ער ניט געדאַוונט און קיין תּפילין ניט געלייגט. נאָך קבּלת־שבּת איז ר' אברהם־יעקב צו אים געקומען און האָט אים געשטראָפט, וואָס ער איז מבזה די פאַמיליע און איז גורם צו אַ חילול־השם, אָבער ר' בער האָט געשוויגן און אַלס ענטפער אויף די שטראָף־רייד פון זיין ברודער האָט ער געפּוצט דאָס ברענענדיקע ליכט. אַז ר' אברהם־יעקב האָט דערזען ווי זיין ברודער איז מחלל שבּת, איז ער געפאַלן אין חלשות, און ווען מען האָט אים געבראַכט צוריק אין זיין וואוינונג, האָט ער זיך געווענדט צו די חסידים, וועלכע זיינען געשטאַנען לעבן אים: „איר זאָלט ניט גלויבן, אַז די מעשים פון אונזער ברודער איז אַ מין דרך אין עבודת הבורא; ניין, אונזער ברודער, וויי־געשריען, איז כּאַליע געוואָרן".

ער האָט גוט געקענט די פּסיכאָלאָגיע פון די חסידים; ער האָט גע־וואוסט, אַז די חסידים וועלן ניט גלויבן, אַז דעם רוזשינערס זון איז באמת אַן אפּיקורס, נאָר זיי וועלן זאָגן, אַז עס איז אַ גרויסער דרך פול מיט סודות, און אין אמתן האָט די אזהרה פון ר' אברהם־יעקב ניט געהאָלפן, ווי מיר וועלן ווייטער זען.

## ו.

נאָענט צו סאַדאַגורע ליגט די שטאָט טשערנאָוויץ. סאַדאַגורע און טשערנאָוויץ! איינס אַ היפּוך גמור פון אַנדערן. סאַדאַגורע איז געווען די קרוין פון דעם רוזשינער חסידיזם און טשערנאָוויץ — די קרוין פון בוקאָ־ווינער השכּלה; קיין סאַדאַגורע זיינען געפאָרן פיל חסידים, כּדי צו זען און צו הערן דעם רבין, און קיין טשערנאָוויץ איז די יידישע יוגנט גע־פאָרן זיך בילדן. איין שטאָט האָט מלחמה געהאַלטן מיט דער אַנדערער, און ווי די אוקראַינער צדיקים פלעגן זאָגן אויף דער שטאָט אָדעס, אַז אין דער שטאָט און איר אומגעבונג ברענט דער גיהנום, אַזוי האָבן אויך געזאָגט די רוזשינער-קינדער אויף טשערנאָוויץ.

צו יענער צייט האָבן אין טשערנאָוויץ געלעבט אייניקע משכּילים, צווישן זיי דער העברעיִשער שריפטשטעלער א. אהרנשטיין. די משכּילים זיינען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דעם גייסט פון דער צעשטע־רונג און פאַרניכטונג פונם אַלטן, טראַדיציאָנעלן יידנטום, דער גייסט, וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען פון בערלין און האָט אָנגעשפּאַרט אין גאַ־ליציע דורך דעם תּלמיד פון מענדעלסאָן, הערץ וכדומה. אַט די משכּילים, אַז זיי האָבן דערהערט פון די געשעענישן מיט ר' בער לעוויער, האָבן זיי זיך זייער געפרייט; זיי האָבן געגלויבט, אַז ר' בער איז דער ריכטיקער מענטש, וועלכער וועט זיך שטעלן בראָש פון אַ גרויסער השכּלה-באַוועגונג. לכן האָבן זיי באַשלאָסן אים צו ראַטעווען פון די הענט פון זיינע ברידער און אים ברענגען צו זיך קיין טשערנאָוויץ. זיי האָבן וועגן דער גאַנצער זאַך דערציילט דעם פּראָקוראָר אין טשערנאָוויץ און דער לעצטער צוזאַמען מיט א. אהרנשטיינען זיינען געפאָרן קיין סאַדאַגורע. אַז זיי זיינען אָנגעקומען אין „הויף" פון סאַדאַגורע, האָט דער פּראָקוראָר פאַר־לאַנגט, מען זאָל אים ווייזן ר' בערן. ר' בער אָבער איז געווען איינגעשלאָסן אין אַ חדר און דער שליסל איז געווען ביי זיין ברודער ר' אַברהם-יעקב. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס מען האָט אים איינגעשפּאַרט, האָט ר' אַברהם־יעקב געענטפערט: ווייל ר' בער איז משוגע, און האָט אויך געוויזן אַ באַ־שטעטיקונג פון אַ דאָקטאָר. דער פּראָקוראָר האָט באַפוילן, מען זאָל עפענען דאָס צימער. ווען ער האָט דערזען ר' בערן, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ געזונטן מענטשן. אויף זיין פראַגע, אויב ער וויל אַוועק פון סאַדאַגורע, האָט ר' בער מיט גרויס פרייד געענטפערט, אַז ער איז גרייט די מינוט אָפּצופאָרן. און אַזוי האָט מען אים געבראַכט קיין טשערנאָוויץ.

פון די דריי יידישע פאָרשטייער אין טשערנאָוויץ האָט נאָר איינער, דאָקטאָר רייטמאַן, מסכּים געווען אים ביי זיך אויפצונעמען, ווייל די פאָ־

ליציי האָט מורא געהאַט אים צו לאָזן אין האָטעל, כּדי צו פאַרהיטן פון גרויסע דעמאָנסטראַציעס פון די חסידים, האָט די פּאָליציי באַוואַכט דאָס הויז פון דעם דאָקטאָר. ר׳ בער האָט זיך דאָרט גוט געפילט. דאָרט האָט ער געגעסן טריפות און מחלל שבת געווען. ער האָט זיך גאַנץ פריי אויפגעפירט.

## ז.

די מעשה מיט ר׳ בערן האָט אַ שטאַרקן איינדרוק געמאַכט אין דער גאַנצער יידישער וועלט און בפרט אין דער חסידישער וועלט: דער גרויסער צדיק, דעם רוזשינערס זון, דעם „מגידס״ אייניקל, האָט עפנטלעך געגעסן טריפות און מחלל שבת געווען, און געפינט זיך ביי אַן אפּיקורס גמור אין הויז! פאַרשיידענע מעשיות האָט מען דערציילט וועגן אים און וועגן זיין אויפפירונג דאָרטן. די קעגנער פון די רוזשינער האָבן די דאָזיקע מעשיות צעליינגט אויף טעלערלעך און זיי גענומען אַלס באַווייז, ווי מען דאַרף זיך דערווייטערן פון אַ דרך, וואָס פירט דערצו. זיינע פאַנאַטישע חסידים אָבער האָבן קיין שלעכט וואָרט ניט געלאָזט אויסריידן אויף אים. אויב ער פירט זיך אויף אַזוי — האָבן זיי געזאָגט — איז מסתּמא ווייסט ער וואָס ער טוט. ער האָט זיך אומישנע אַראָפּגעלאָזט אין דער נידער — האָבן געזאָגט אַנדערע, כּדי ער זאָל קענען ראַטעווען די, וואָס זיינען אַראָפּגעזונקען צו דער טומאה אאז״וו.

די קליגערע צווישן זיי האָבן געזאָגט, אַז ער איז משוגע. זייער גלויבן אין אים איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן געזאָגט, אַז ווען זיי וועלן זען, אַז ער עסט אַ האָז, וועלן זיי די „שיריים״ עסן, און אַז מען האָט מיט זיי זיך שטאַרק מתווכח געווען און זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, האָבן זיי געזאָגט: „איר פאַרשטייט ניט און איר זייט ניט בכּוח צו פאַרשטיין אָט דעם גרויסן דרך פון אונזער רבין ר׳ בערעניו״.

## ח.

וואָס האָט ר׳ בער געטאָן אין טשערנאָוויץ? ווי האָט ער דאָרט זיין צייט פאַרבראַכט? פון דער פרייהייט, וואָס ער האָט איצט געהאַט, איז ער געוואָרן אינגאַנצן איבערראַשט. ער האָט פאַרהאַסט די חסידים און די גאַנצע אים פאַרהאַסטע סביבה האָט ער מער ניט געזען; ער האָט מער ניט געזען לעבן זיך די גבאים זיינע, וועלכע האָבן אים פריער באַוואַכט אויף יעדן שריט און טריט און שפּיאָנירט אַלע זיינע באַוועגונגען. ער איז איצט אַ פרייער מענטש! נו, האָט ער געוואָלט אויסנוצן זיין פרייהייט. ער האָט

געוואלט אפגאלן די באָרד און זיך אנטאן אין אייראפעיִשע מלבושים און באזוכן דעם טעאטער.

ביי ד"ר רייטמאנען איז געווען א קליינע טאכטער פון צען יאר. זי איז געווען שיין און ליב. זי האט דעם „צדיק" ליב געהאט און האט אים גרויס כבוד אפגעגעבן. זי פלעגט פאר אים זינגען דייטשע לידער און שפילן אויפן קלאוויר. זי האט אים געלערנט דייטש און האט אים אויס־געלערנט זיך צו חתמענען „בערנארד פרידמאן". מיט איר האט ר' בער דעם גאנצן טאג פארבראכט. די בני־בית האבן זי גערופן: דער קליינער גבאי.

דער העברעיִשער שריפטשטעלער א. אהרנשטיין האט אים גע־בראכט ספרים פון דער נייער העברעיִשער ליטעראטור. אמאל האט ער אים געבראכט דעם ספר „וויכוח על הקבלה" פון ש. ד. לוצאטו און דאס בוך „הצופה לבית ישראל" פון ערטער, וואס לאכט אויס דעם חסידיזם און די צדיקים. דאס ערשטע בוך האט ער ניט געלעזן. ער האט געזאגט: ווער וויים דען ניט, אז די גאנצע קבלה איז נאר אן אויסגע־טראכטע נארישקייט פון פעלשער און צבועקעס? דאס אנדערע בוך האט ער נאר טיילווייז געלעזן און האט זיך זייער געפרייט. ער האט ניט דער־לייענט ביזן סוף, ווייל, ווי ער האט זיך אויסגעדריקט, קאן ער ניט פאר־שטיין ערטערס גרויסע מליצה. אהרנשטיין איז אפט צו אים געקומען און ער האט זיך ביי אים נאכגעפרעגט וועגן שפינאזען, וואס זיין נאמען האט ער אמאל געהערט.

אמאל האט ד"ר רייטמאן געמאכט בי זיך א סעודה און האט איינ־געלאדן די משכילים און אויך אייניקע קריסטן. אלע זיינען געקומען צו זען דעם מאן, וועלכער האט געשפילט אזא גרויסע ראלע אין יידישן לעבן. זיי האבן געגלויבט צו זען פאר זיך א גרויסן געלערנטן און געבילדעטן מענטשן, וואס האט געהאט א שטארקן מוט צו פארווארפן עושר און כבוד, כדי פריי צו לעבן און צו דענקען. אבער זיי האבן באלד געזען ווי גרויס זייער טעות איז. זיי האבן געטראפן אן אומוויסנדיקן מענטשן מיט א לייכט־זיניקער נאטור. ער איז ביי זיי געווען נאר א שפילצייג און א מין נקמה קעגן די פון זיי פארהאסטע חסידים. זיי האבן זיך איבער אים לוסטיק געמאכט. איינער האט אים געפרעגט: צי ער האט, אלס צדיק, ארויסגע־טריבן שדים און לצים. ר' בער האט געענטפערט: „אמאל איז צו מיר גע־קומען א ייד פון יאס און האט מיך געבעטן איך זאל ארויסטרייבן דעם לץ, וועלכער זיצט אין זיין הויז. איך האב אים געענטפערט: אין דיין שטאט זיינען דאך פאראן אפיקורסים, וועלכע גלויבן ניט אין לצים, לכן איז בעסער, אז דער לץ זאל בלייבן אין דיין הויז, כדי צו וויזן די דאזיקע

אפיקורסים, אז עס זיינען פאראן לצים אויף דער וועלט. דערמיט וועסטו פארדינען א גרויסע מצווה, ווייל דו וועסט מקדש זיין שם שמים".

## ט.

וואס לענגער ר' בער האט זיך אויפגעהאלטן אין טשערנאוויץ, אלץ גרעסער איז געווארן די מהומה ביי די רוזשינער קינדער און ביי זיין פרוי. זיצן און צוקוקן, ווי ר' בער זיצט אין טשערנאוויץ ביי אן אפיקורס אין הויז און איז עובר אויף דער תורה בפרהסיה, האבן זיי מער ניט געקאנט. מיט געוואלט אויפטרעטן, ווי זיי האבן מיט אים געטאן אין לעווי, זיינען זיי איצט מער ניט בכוח געווען. לכן האבן זיי זיך אנטשלאסן און האבן צו אים געשיקט זייער שוואגער, דעם צדיק ר' מענדל וויזשניצער, ער זאל אים איבעררײדן, ער זאל צוריק קומען צו זיי. אז ער איז צו אים געקומען און האט אים געטראפן ביים דאקטאר אין הויז, האט דער וויזשניצער צעריסן זיינע קליידער און האט געוויינט ווי א קינד. ער האט געפרווט אים איבעררײדן, ער זאל זיך אומקערן, אבער זיין מי איז געווען אומזיסט. מיט א צעבראכן הארץ איז ר' מענדל צוריקגעפארן און האט זיינע שוואגערס דערציילט פון דעם אומגליק, וואס ער האט געזען.

דערווייל האט זיך קהל באוויזט. דער גרויסער רעש איז געווארן שטילער און מען האט אנגעהויבן צו פארגעסן אן דער גאנצער זאך. אבער פלוצים האט אויסגעבראכן דער גרויסער סקאנדאל, און ווי בוימל אויפן פייער האט זיך א גרויס פייער פארשפרייט און עס איז אנטשטאנען א גרויסע מהומה ביי אלע יידן בכלל און ביי די יידן אין גאליציע בפרט: ר' בער האט אפגעדרוקט אן „אפענעם בריוו" אין העברעיש אין דער העברעישער צייטונג „המגיד", און דער בריוו האט גורם געווען צו גרויסע מחלוקתן און שפאלטונגען צווישן די יידן און חסידים, און האט גורם געווען צו גרויסע רדיפות קעגן די רוזשינער קינדער. ר' בער האט אין דעם בריוו געשריבן:

„איך וויים, געערטע לעזער, אז די יידן אין פארשיידענע לענדער, געבילדעטע און נארישע, ריידן פון מיר און פרעגן: וואס איז מיט מיר געשען, וואס איך בין געווארן א גאנץ אנדער מענטש? איך האב מיך דעריבער אנטשלאסן מודיע צו זיין אפן דעם גאנצן כלל ישראל, אז אין הארצן גלויב איך אין איין גאט און אין אים וועל איך זיך תמיד האלטן פעסט; איך גלויב אין זיין תורה און אין די יידישע חכמים, וועלכע גייען פארויס, אבער ניט צוריק; איך בין ניט אפגעטראטן פון גאטס וועג, איך האב נאר פון מיר דערווייטערט אט דעם המון נאראנים, וואס גלויבט אין נארישקייטן. איך וויל דא ניט ריידן צו די נאראנים און פאלשע, וועלכע

מאכן פון ליכט פינסטערניש און פון פינסטערניש ליכט, אט די וועלכע זיינען אנגעטאן אין מאסקעס פון פרומקייט און אונטער די מאסקעס זיינען פארשטעקט אלע שלעכטיקייטן. ניין, ניט צו זיי וויל איך דא ריידן, ווייל זיי זיינען פארברעכער אין ליכט פון דער חכמה און ריינעם גלויבן. איך וויל דא ריידן נאר צו די געבילדעטע און אויפגעקלערטע אין יידישן פאלק, ביי וועלכן עס איז פאראן חכמה און דער ריינער גלויבן — אט זיי וויל איך זאגן, אז ביי מיר איז דער אמת און דער ריינער גלויבן.

,,הגם איך בין ניט בכוח אויסצורייסן די דערנער פון דעם יידישן וויינגארטן; איך בין ניט בכוח צו רייניקן זיין גלויבן פון די נארישע מנהגים, וועלכע האבן גארניט קיין שורש אין דער תורה און זיי זיינען געווארן פארשלעפט פון בבל דורך אונזער פאלק, וועלכעס האט זיך אין בבל אויסגעמישט, וויל איך אבער ליבער דינען דעם אמתן גאט — לכן האב איך קיין מורא ניט פאר די נאראנים, וועלכע גייען אין דער פינ־סטער און ברומען און שרייען קעגן מיין וועג״.

דעם בריוו האט ער אונטערגעשריבן ,,דוב־בער במהור״ר ישראל, טשערנאוויץ, יום א׳ לחדש אדר, תרכ״ט, לפ״ק״. דעם בריוו האבן בא־שטעטיקט די 3 פארשטייער פון דער יידישער קהילה אין טשערנאוויץ: יצחק רובינשטיין, ד״ר יהודה־לייב רייטמאן און ד״ר משה־יוסף פעכנער. אין זייער באשטעטיקונג זאגן זיי, אז דער בריוו באווייזט, אז מען האט נאר אויסגעטראכט א בילבול, אז ר׳ בער איז געווארן א כופר באלהי ישראל; ער האט נאר פון זיך אראפגעווארפן די אלע נארישע מנהגים אאז״וו.

דעם בריוו האט דיקטירט א. אהרנשטיין אויף דעם פארלאנג פון די טשערנאוויצער משכילים. אז ער האט געבראכט דעם בריוו צו ר׳ בערן, ער זאל אים חתמענען, האט ר׳ בער געזאגט: ,,איר האט אין בריוו גע־שריבן, וואס איך טראג אויף מיין הארץ״.

דער בריוו, ווי מען זעט, איז געשריבן גאנץ דיפלאמאטיש. ער רעדט פון ריינעם גלויבן אין גאט און אין דער תורה, אבער ער איז קעגן די ,,נארישע מנהגים״, וואס מען האט פארשלעפט ,,פון בבל״ און וואס זיינען אויפגענומען געווארן אין יידנטום. מיט אנדערע ווערטער: ער מיינט דעם תלמוד.

דער בריוו האט געמאכט אן אומבאשרייבלעכן רעש אין דער גאנצער יידישער וועלט. די פרומע, ווי אויך די משכילים, האבן זיך זייער אויפ־גערעגט איבער דעם בריוו. די ערשטע זיינען געווארן אינגאנצן נידער־געשלאגן, וואס אזא מאן ווי ר׳ בער האט אפן געלייקנט אין דער גמרא און אירע מצוות, און איז אפילו אויפגעטראטן אלס מסית ומדיח. די משכילים

פארקערט האָבן זיך זייער געפרייט מיט דעם בריוו, ווייל זיי האָבן גע־גלויבט אין ר׳ בערס כוח און האָבן אין אים געזען א גרויסן רעפאָרמאַ־טאָר אין יידנטום, זיי האָבן באַטראַכט זיין בריוו ווי א מאַניפעסט פאַר א נייער באַוועגונג. אלע העברעיִשע צייטונגען פון יענער צייט האָבן גע־ווידמעט אַרטיקלען דעם ענין און די יידישע סטודענטן אין קיעווער אוני־ווערסיטעט האָבן ר׳ בערן געשיקט א דאַנק־בריוו, און דער בריוו איז אין רוסיש אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטונגען.

בראש פון די יידישע משכילים אין רוסלאַנד איז געווען דער העב־רעיִשער שריפטשטעלער גאָטלאָבער, וועלכער האָט זיך שטאַרק באַגייס־טערט פון דעם בריוו און האָט ר׳ בערן געשיקט א בריוו פול באַגייסטע־רונג און האָט אים אונטערשטיצט. מיט גרויס התלהבות שרייבט ער אים: ,,וואונדערלעך זיינען דיינע מעשים, דו גרויסער מענטש און גרויסער גייסט! ווי גרויס און הערלעך ביסטו אין מיינע אויגן!״ גאָטלאָבער האָט אים ניט פאַרשטאַנען; ער האָט געמיינט, אַז ר׳ בער האָט, פון גרויס ליבע צו בילדונג און וויסנשאַפט, אויפגעגעבן זיין אַלט לעבן. פיל בעסער האָט אים פאַרשטאַנען דער באַקאַנטער העברעיִשער שריפטשטעלער סמאָלענסקי, וועלכער האָט ניט געגלויבט אין זיינע ווערטער וועגן ריינעם גלויבן און האָט פון דעם דאָזיקן מענטשן, ר׳ בערן, ניט פיל געהאַלטן.

## י.

דער בריוו, ווי איך האָב אויבן געזאָגט, האָט געמאכט א גרויסן רעש צווישן די פרומע יידן בכלל און די פרומע יידן אין גאליציע בפרט. ווי א דונער פון הימל האָט דער בריוו געטראָפן דאָס גאנצע פרומע יידנטום. עס איז אנטשטאנען א גרויסע עמפערונג ניט נאָר קעגן ר' בערן אליין, נאָר קעגן אלע זיינע ברידער און זייערע הנהגות. בראש פון דער באוועג-גונג איז געשטאנען דער בארימטער גאון און צדיק, ר' חיים פון סאנץ.

ר' חיים, וועלכער איז דעמאָלט אלט געווען ביי 70 יאָר, איז געווען א זייער גרויסער רב און א גרויסער מפורסם אלס צדיק. פיל טויזנטער חסידים זיינען געפאָרן צו אים, אויך פיל ניט־יידן האָבן ביי אים עצות געפרעגט, און ער האָט יעדן געענטפערט, יעדן אויפגענומען מיט ליבע. ער איז געווען א מענטשנפריינד; ער האָט ניט געקאָנט לעבן אָן מענטשן; ער איז תמיד געווען מיט זיינע חסידים; יעדן טאָג האָט ער צוזאמען מיט זיי געגעסן, מיט זיי געפירט שמועסן, פאַר זיי תורה געזאָגט, עצות געגעבן, דערציילט און באלערנט. בקיצור, ער איז געווען זייער פאָטער, לערער, ברודער, פריינד. ער האָט געהאָט זייער א גוט הארץ. זיין גאנץ געלט, וואָס ער האָט פון זיינע חסידים באקומען, האָט ער צעטיילט צווישן די אָרעמע-לייט. ער האָט אָפט פארמשכונט זיין „חנוכה־לעמפל" אָדער זיין קידוש-כוס און האָט דאָס געלט פארטיילט צווישן די אָרימע.

ער איז געווען א פייערדיקער מענטש, מיט א שטארקן טעמפעראַ-מענט. פול מיט התלהבות איז ער געווען אין זיין עבודה צו גאָט, און פול התלהבות האָט ער זיך אָנגענומען „קנאת השם". ער האָט ניט געוווסט פון קיין האלבקייטן, פשרות. זיין וועג איז געווען גראָד, קאָנסעקווענט. „וואָס איז די עבודה צו גאָט?" — האָט מען אים אמאָל געפרעגט. „יעדע

מינוט און יעדע רגע דאַרף דער מענטש אויפגיין אין גאָט'' — איז געווען זיין ענטפער. און אַזוי איז ער אויך געווען אין לעבן; ער האָט געליבט דעם ערלעכן מענטשן ביז צום אויסערסטן, אָן א סוף און אָן אַ גרענעץ, אָבער דעם פאַלשן, דעם שלעכטן, האָט ער געהאַסט אָן אַ גרענעץ און אָן א סוף. ער האָט ניט נאָכגעגעבן, מען האָט ניט געקאָנט אויף אים ווירקן. האָט ער עפּעס אָנגעהויבן, האָט ער עס געמוזט דורכפירן ביז צום סוף. להיפוך צום ,,בערדיטשעווער רב'' איז פאַר אים געווען אַ חילול־השם פיל ערגער ווי חילול־ישראל, און בפרט, אַז דער חילול־השם איז געווען דורך א ,,בעל בעמיו''. אין אַזאַ פאַל האָט ער ניט געהאַט קיין שום גרענעץ. זיין האַס און רדיפות קעגן דעם מחלל־שם־שמים האָט גאָרניט געהאַט קיין מאָס. ער איז געווען דער אמתער קנאי פאַר גאָט.

און אָט דער פייערדיקער ייד האָט זיך געשטעלט בראש פון דער באַוועגונג קעגן דעם לעוויער און זיינע ברידער.

## יא.

דער ,,אָפענער בריוו'' פון ר' בערן האָט אויפגערודערט גאַליציע. אויסער די רוזשינער חסידים זיינען אַלע דאָרטיקע יידן, חסידים און ניט־חסידים, מיט גרויס שנאה אויפגעטראָטן קעגן אַלע רוזשינער קינדער בכלל און קעגן ר' בערן בפרט. פון אַלע עקן גאַליציע האָט מען געשריבן צו ר' חיים סאַנצער, ער זאָל זיך שטעלן בראש פון דער גרויסער התנגדות און זאָל זיך אָננעמען קנאת ה' צבאות. אין די בריוו האָט מען אים גע־שריבן פון דער ,,גרויסער חוצפּה פון די סאַדאַגורער חסידים. זיי זיינען תּמיד געווען גרויסע עזות־פּנימער, אָבער איצט שרייט זייער חוצפּה אין אַלע גאַסן, און די האָר שטעלן זיך אויף, אַז מען הערט ווי זיי זאָגן, אַז דער וועג פון לעוויער איז העכער פון אונזער פאַרשטאַנד און איז פול מיט געהיימענישן''. ענלעכע בריוו האָט ער באַקומען פון פיל יידישע שטעט, אונטערגעשריבן פון רבנים און אַנדערע פּני העיר. זיי ערקלערן ר' חיים סאַנצער, אַז ער איז דער איינציקער מענטש, וועלכער איז בכוח ,,די דער־נער פון גאָטס ווייַנגאָרטן אויסצורייסן און פאַרלענדן''. זיי שרייבן אים: ,,ווער איז דען אין אונזער דור גרעסער פון אייך? אין אייך איז פאַראַן דער גייסט פון גאָט, און איר זייט די קרוין און דער גדול הדור''. ר' חיים האָט געענטפערט מיט אַ פייערדיקן בריוו. אין דעם בריוו איז ער אַרויס־געטראָטן קעגן די סאַדאַגורער חסידים און קעגן אַלע רוזשינער קינדער. ער שרייבט וועגן די לעצטע: ,,די מומרים, וואָס זאַמלען געלט און טוען מיט דעם געלט קיין צדקה ניט, זוכן נאָר פאַרגעניגן, זיי עסן און טרינקען פיל און פאָרן אין גאָלדענע און זילבערנע קאַרעטעס, און זייערע ווייבער

טוען זיך אן ווי די גויעס, און אלע יידישע טעכטער לערנען זיך אפ פון זייערע מעשים. לכן איז א מצווה צו מפרסם זיין, אז דער וועג איז א וועג פון טויט און מען דארף זיך פון אים דערווייטערן״. אויף די רוזשינער־סאדאגורער חסידים שרייבט ער: ,,די כת רשעים, וואס זאגן, אז דער וועג פון דעם משומד ימח־שמו (ר׳ בער) איז א גרויסער און דערהויבענער וועג,—זיינען מיר מחוייב זיך מוסר־נפש זיין און מודיע זיין ברבים, אז זיי זיינען ווידערשפעניקער און זייערע ספרים זיינען מומרים און עס איז אסור צו נוצן זייערע תפילין און מזוזות; זייערע מלמדים זיינען משומדים און מען טאר ניט לערנען ביי זיי. מען זאל זיי באלד פארטרייבן פון שטאט. מען טאר ניט עסן פון זייער שחיטה און מען דארף זיך ניט מיט זיי מתחתן זיין. שיידט זיך אפ פון די רשעים און איר זאלט מיט זיי ניט ריידן, ניט שלעכטס און ניט גוטס. איר זאלט זיי מבזה זיין בפני רבים, בדי יעדער מענטש זאל וויסן פון זייער שאנד, אאז״וו״.

מען קאן זיך פארשטעלן, וואס פאר אן איינדרוק דער בריוו האט געמאכט — אזא בריוו פון אזא גרויסן מענטשן, ווי ר׳ חיים סאנצער, וועלבער איז געווען א פייערדיקער חסיד פון ר׳ ישראלצע רוזשינער גופא. פון דעם בריוו האט מען געמאכט פיל קאפיעס און מען האט זיי צעשיקט בכל תפוצות ישראל. און די סאנצער חסידים האבן געפאלגט, וואס זייער רבי האט געשריבן.

אזוי איז געקומען צו אזא שרעקלעכער מחלוקת. פלוצים איז ארוים געגאנגען א קלאנג, אז דער סאנצער בריוו איז גארניט געשריבן פון סאנ־צער, נאר ער איז געפעלשט. אין דער אמתן האבן אויך פיל ניט געגלויבט, אז אזא גרויסער מענטש ווי דער סאנצער האט געקאנט שרייבן אזא שרעק־לעכן בריוו. אבער דער סאנצער האט אפגעדרוקט דעם בריוו אין פיל טויזנטער עקזעמפלארן, און האט נאך אין פארשיידענע בריוו באשטעטיקט אלץ, וואס אין דעם ערשטן איז געשטאנען. אין אנדערע בריוו, וועלכע ר׳ חיים האט פונאנדערגעשיקט צו אייניקע רבנים, ווענדט ער זיך זייער שטארק קעגן די ברידער, דעם רוזשינערס קינדער, און גרייפט זיי אלע זייער שטארק אן. ער שרייבט: ,,אלע ברידער פון דעם משומד זיינען גלייך ווי ער. איר זאלט ניט גלויבן אין זייערע פארגלאצטע אויגן און אראפגעלאזענע קעפ. אלץ וואס זיי טוען, איז פאלש, שקר וכזב. זיי זיינען עובר אויף דער תורה, זיי גייען ניט אין מקווה, זיי גיבן ניט קיין צדקה, זי עסן פיל, זיי פוצן זיך און שפיגלען זיך און קוקן פיל אין שפיגל. און זייערע פרויען זיינען עובר אויף דת היהדות, גיבן אוים פיל געלט אויף קליידן זיך נאך דער לעצטער מאדע און פארן רייטנדיק אויף פערד. מיר האבן פון די אלע זאכן געוואוסט און געשוויגן, ווייל מיר האבן געמיינט,

אפשר וועלן זיי זיך בעסערן; אָבער די צייט האָט געדויערט און זייערע זינד האָבן זיך נאָכמער געשטאַרקט, ביז בפֿרט דער בעסטער פון זיי האָט מחלל געווען שם שמים און האָט שפּאַצירט מיט זונות. לכן האָב איך מיר געזאָגט: מען טאָר ניט מער שווייגן, מען מוז זיך פון די רשעים דערווייטערן, ביז זיי וועלן תשובה טאָן".

## יב.

דעם רוזשינערס קינדער האָבן איינגעזען, אַז וואָס לענגער ר' בער פאַרבלייבט אין טשערנאָוויץ, אַלץ שטאַרקער וועט זיין די מחלוקת און דער חילול־השם, און ווייל זייער ערשטער פּרוּוו דורך דעם שוואָגער האָט ניט געהאָלפן, האָבן זיי איצט געמאַכט אַן אַנדער פּרוּוו דורך געוואַלט: זיי האָבן געבעטן די רעגירונג, אַז זי זאָל זיך אַריינמישן אין דער זאַך און זי זאָל אים צווינגען, ער זאָל זיך אומקערן צוריק. די ברידער האָבן געגעבן צו פאַרשטיין דער רעגירונג, אַז צוליב זיין פאַרבלייבן אין טשערנאָוויץ איז אַנטשטאַנען אַ מחלוקת צווישן די יידן, און די אמונה ווערט דורך דעם אָפּגעשוואַכט. די דאָזיקע טענות און דערצו דער שוחד האָבן געהאָלפן און דער גובערנאַטאָר האָט איינגעלאַדן צו זיך ר' בערן און האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר אים און פאַר כלל ישראל, ער זאָל צוריקפאָרן אַהיים.

ר' בערס לאַגע אין טשערנאָוויץ האָט זיך פאַרערגערט: די פערציק טויזנט גולדן, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין פייער־קאַסע אין לעווי און וואָס זיינען געווען די שטיצע פאַר זיין צוקונפט, — דאָס דאָזיקע געלט איז פאַרשוואונדן, און די מי פון דאָקטאָר רייטמאַן, וואָס איז געפאָרן קיין לעווי, כדי איינצוקאַסירן דאָס געלט, איז געווען אומזיסט. זיין זיצן אין טשערנאָוויץ האָט אויך קיין תכלית ניט געהאַט, און די דאָרטיקע משכילים, וואָס האָבן זיך מיט אים פריער שטאַרק געפרייט, האָבן אָבער נאָכדעם, ווי זיי האָבן פון אים זיין „מכתב גלוי" אַרויסבאַקומען, אין אים מער קיין אינטערעס ניט געהאַט און האָבן אים פאַרלאָזן. פון דער אַנדער זייט האָבן אים די ברידער גערופן און געבעטן און צוגעזאָגט אַלדאָס גוטס, ווען ער וועט זיך אומקערן אַהיים.

קיין פעסטן כאַראַקטער האָט ער ניט געהאַט, קיין ציל אין לעבן האָט ער אויך ניט געהאַט, שטרעבונג צו בילדונג און וויסנשאַפט אויך ניט; זיין געלט האָט ער מער ניט — וואָס זאָל ער איצט אָנהייבן טאָן? האָט ער זיך אַנטשלאָסן צוריקצוקערן זיך אַהיים. נאָך אַכט וואָכן זיצן ביי ד"ר רייטמאַנען אין טשערנאָוויץ, איז ער צוריק געפאָרן קיין סאַדאַגורע

און האָט זיך באַזעצט ניט ווייט פון דער שטאָט ביי זיינער אַ שוועסטער אין הויז.

די פרייד פון די סאַדאַגורער חסידים איז ניט צו באַשרייבן. אומע־טום, וואו די חסידים פון דעם רוזשינערס קינדער האָבן געוואוינט, איז געווען שמחה וששון. מען האָט ר׳ בערן פאָטאָגראַפירט און מען האָט דאָס בילד צעשיקט בכל תפוצות ישראל, כדי צו ווייזן, אַז ער טראָגט באָרד און פיאות, ווי פריער. זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו זאָגן, אַז זיין דרך אין טשערנאָוויץ איז געווען זייער גרויס, פול מיט סודות, און ניט יעדער איז בכוח אים צו פאַרשטיין. דער גבאי פון דעם סאַדאַגורער רבין האָט געשריבן אַ בריוו צו די סאַדאַגורער חסידים, אַז דער לעוויער צדיק האָט אין טשערנאָוויץ מלחמה געהאַלטן מיטן ס״ם און ער האָט אים מנצח געווען, און איצט איז ער ווידער אַרויפגעשטיגן צו אַ גרויסער מדרגה און האָט גרויסע געפאַלענע נשמות דורכדעם מתקן געווען.

פון דער שטאָט סקאַלוט, אין גאַליציע, האָט מען געשריבן ר׳ חיים סאַנצערן: „אַז די רוזשינער חסידים זיינען געוואָר געוואָרן פון דעם צוריקקער פון לעוויער, האָבן זיי געמאַכט אַ סעודה מיט מוזיק און טענץ אויף די גאַסן. זיי האָבן פיל געגעסן און געשיכורט, האָבן זיך פאַרשטעלט אין גוייִשע און אויך אין ווייבערשע קליידער. זיי האָבן מחרף ומגדף געווען אַלע צדיקים און האָבן געזאָגט: ווער עס איז מהרהר וועגן דעם הייליקן ר׳ בער, איז גלייך ווי ער איז מהרהר וועגן דער שכינה. ביז איצט האָבן מיר גאָט געבעטן, אַז דער הייליקער רבי זאָל אונז פירן אַנטקעגן משיחן; איצט בעטן מיר גאָט, אַז דער הייליקער רבי זאָל זיך מתגלה זיין און זיין שיין זאָל זיך אַנטפּלעקן, און ער אַליין בכבודו ובעצמו זאָל אונז ברענגען קיין ארץ־ישראל״.

אָט די אַלע ידיעות האָבן דעם צאָרן פון ר׳ חיים סאַנצער נאָך מער פאַרשטאַרקט. ער האָט אין דעם געזען די גרויסע סכנה פאַר דעם גאַנצן יידנטום, און ער האָט זיין ווערק קעגן אַלע סאַדאַגורער ברידער נאָך פייערדיקער געמאַכט, און האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן, מען זאָל זיך פון די סאַדאַגורער חסידים דערווייטערן מיט כל המיני ריחוקים. זיינע אָנהענגער האָבן אים געפאָלגט און די מחלוקת האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג.

אמת, דאָס רוב רבנים און צדיקים אין גאַליציע און אין רוסלאַנד זיינען געווען אויף ר׳ חיימס צד, אייניקע האָבן זיך אָפן אויסגעדריקט פאַר אים און אַנדערע האָבן געשוויגן, אָבער מען האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען מיט אים; אָבער עס זיינען אויך געווען אַזוינע, וואָס זיינען אָפן קעגן אים אַרויסגעטראָטן. למשל, דער אָלעסקער רבי, ר׳ חנוך, אַ חבר פון

ר׳ חיים סאנצער, האט געזאגט וועגן די סאדאגורער ברידער בזה הלשון: „זיידענע מענטשן און זיידענע נשמות — איז דען מעגלעך, אז יעדער זאל זיי פארשטיין?״ אויך דער צדיק ר׳ אברהם-צלאל פון ניקאלאיעוו האט געהאלטן מיט די סאדאגורער. ר׳ מאטעלע טשערנאבילערס קינדער האבן זיך אין הארצן געפרייט איבער דער מפלה פון די סאדאגורער; דער אלטער האס צווישן די צוויי „הויפן״ איז נאך ניט געווען אינגאנצן אויס־געלאשן; נאר דער עלטערער ברודער זייערער, ר׳ אהרן טשערנאבילער, וועלכער איז געווען דער שווער פון ר׳ דוד־משה טשארטקאווער, האט פריער, בעת ר׳ חיים סאנצער האט אים געשריבן וועגן דער מחלוקת, גע־האלטן מיט ר׳ חיימען. ער האט געזאגט: „ר׳ חיים איז א גרויסער צדיק און איז נאענט צו די געגנטן פון די סאדאגורער, און ווייסט געוויס פאר־וואס ער שרייט״. אבער נאכדעם, אז זיין איידים און זיין טאכטער האבן אים געשריבן און געבעטן, ער זאל זיי אונטערשטיצן, האט ער זיין מיינונג געביטן און האט געזאגט בזה הלשון: „איך ווייס ניט, וואס וויל דער אלטער (ר׳ חיים) זיין אויבן? ער וויל פארריכטן די וועלט״. אבער אויך ער איז ניט אפן ארויסגעטראטן פאר די סאדאגורער.

## יג.

זינט דער לעוויער איז צוריקגעקומען אהיים, האבן די סאדאגורער חסידים אויפגעהויבן זייערע קעפ און האבן אנגעפירט א שטארקע פראפ־אגאנדע, צו ווייזן, אז דער לעוויער איז דער זעלבער צדיק ווי ער איז געווען. די טשערנאוויצער עפיזאדן האבן זיי אדער איינגעהילט אין מיס־טישער קליידונג, אדער אינגאנצן פארשוויגן. דער עיקר איז, אז ער ווייזט זיך איצט צו זיין דער זעלבער גרויסער צדיק, ווי ער איז געווען פאר טשער־נאוויץ. אזוי האט מען פון סאדאגורע פארשפרייט די דאזיקע ידיעה: „דער הייליקער רבי, דער הייליקער צדיק, ר׳ בער שליט״א, האט געפראוועט דעם הייליקן טיש ביום קודש און האט געזאגט תורה ווי די אמתע צדיקים. צוויי הונדערט חסידים זיינען ביי אים אויף שבת געווען און זייערע הער־צער זיינען פון אים נתעורר געווארן״.

די סאדאגורער חסידים האבן באקומען מוט, באזונדערס די חסידים אין אוקראינע און אין רוסלאנד, וועלכע זיינען דאך ווייט געווען פון דעם ארט גופא, גאליציע, וואו דאס פייער פון דער מחלוקת האט געברענט. צוויי הונדערט רבנים האבן זיך פארזאמלט ד׳ ניסן תרכ״ט און האבן ארויסגעגעבן א פסק אויף ר׳ חיימען, אויפן גרונט פון צוויי עדות און אויפן גרונט פון דעם חילול־השם, וואס ר׳ חיים האט גורם געווען, אז ר׳ חיים האט מחרף ומגדף געווען דעם מגיד און דעם מלאך און דעם

רוזשינער. אין דעם „פסק״ אסרן זיי די ספרים פון ר׳ חיימען, ווי די ספרים פון מינים און אפיקורסים. זיי אסרן זיין הוראה, זיי אסרן מיט אים זיך מתחבר צו זיין און זיי ציילן אים צווישן די רשעים, וועלכע האָבן ניט קיין חלק אויף יענער וועלט. דעם פסק האָבן אונטערגעשריבן נאָר ניין-און-פערציק רבנים. ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיך אונטערגעשריבן נאָר די רבנים, וועלכע זיינען געווען סאַדאַגורער חסידים. דעם פסק האָבן זיי אָפּגעדרוקט אין פיל טויזנטער עקזעמפּלאַרן און צעשיקט בכל תפוצות ישראל. אין דער זעלבער צייט האָט זיך פאַרזאַמלט אין ירושלים די דאָר־טיקע סאַדאַגורער חסידים און האָבן מחרים געווען דעם סאַנצער אין בית־הכנסת מיט שופר־בלאָזן און האָבן אַרויסגעגעבן אַ כתב מיט חרמות און קללות אויף ר׳ חיימען און פיל חסידים האָבן דעם כתב געחתמעט.

## יד.

אָט די אַלע געשעענישן, בפרט דער חרם פון ארץ־ישראל קעגן ר׳ חיימען, האָבן געמאַכט אַ שרעקלעכן רושם. אַרויפוואַרפן אַ חרם אויף אַזאַ גאון און צדיק, ווי ר׳ חיים, און נאָך אין ארץ־ישראל — אָט דאָס האָט אויפגעוועקט אַ גרויס צאָרן ביי די גאונים פון דער גאַנצער וועלט. די גאונים, ווי ר׳ יוסף־שאול נאַטאַנזאָן און ר׳ יצחק־אהרן עטינגאַ פון לעמבערג, זיינען געווען די ערשטע, וועלכע זיינען מיט אַ שאַרפן בריוו אַרויסגעטראָטן. זיי זיינען געווען אין כעס קעגן די ארץ־ישראל־יידן, וואָס האָבן געוואָרפן אַ חרם אויף אַזאַ „הייליקן גאון, אַ צדיק יסוד עולם, וואָס מיר לעבן פון אים; דער גרויסער מענטש, וועלכער לערנט טאָג און נאַכט און איז פאַרטיפט אין עבודת אלהים, אין צדקה און גמילות חסדים״. זיי האָבן זיך געווענדט צו די גרויסע גאונים אין רוסלאַנד און גאַליציע און זיי האָבן פיל אונטערשטיצונגען באַקומען. זיי האָבן זיך אויך געווענדט צו דעם אַמסטערדאַמער גביר ונדבן, ר׳ עקיבא לערן, וועלכע איז געווען אַ ממונה אויף דער קופת הצדקה פון ארץ־ישראל און ער האָט זיך דער־וואוסט פון ארץ־ישראל, אַז די דאָרטיקע סאַדאַגורער חסידים האָבן געצווינגען פיל מענטשן, זיי זאָלן דעם חרם אונטערשרייבן, ווען ניט, וועלן זיי אָנ־ווענדן זייער מאַכט און זיי וועלן די „חלוקה״־געלטער ניט באַקומען.

דערווייל האָבן זיך פאַרזאַמלט צוויי טויזנט מענטשן, צווישן זיי הונדערט רבנים, און האָבן אַרויסגעלאָזט אַ „קול קורא״, וואו זיי אונטער־שטיצן אַלץ, וואָס ר׳ חיים האָט געטאָן, און זיי דערמאָנען נאָך אַמאָל דעם איסור פון ר׳ חיימען, מען זאָל זיך אָפּשיידן פון די סאַדאַגורער חסידים און פון זייערע רביים, ווייל זיי זיינען עובר אויף דער תורה אאז״וו. עס זיינען נאָך געווען אַזעלכע צדיקים און גאונים, וואָס האָבן

נעפּרוווט מאַכן שלום צווישן ר׳ חיימען און די סאַדאַגורער ברידער, ווי, למשל, ר׳ מענדל וויזשניצער, דער שוואָגער פון די סאַדאַגורער ברידער, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן ר׳ חיימען, ער זאָל חרטה האָבן אויף זיינע רייד און זאָל מודיע זיין, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, און אַז די סאַדאַגורער זיינען באמת צדיקים.

דער פאָרשלאָג האָט געבראַכט ר׳ חיימען אין גרויס כעס און ער האָט געזאָגט: „איך פאַרשטיי גאָר ניט, ווי וואַגט ער מיר צו מאַכן אַזאַ פאָרשלאָג. נאָכדעם ווי איך האָב מיך מוסר־נפש געווען פאַר קנאת ה׳ צבאות און פאַר זיין הייליקער תורה, זאָל איך איבערבעטן אָט די אפּיקורסים?״

גורער חסידים. אָבער די אַלע באַמיאונגען האָבן גאָרניט געווירקט אויף

עס זיינען אויך ליטעראַרישע פּרוּוון געמאַכט געוואָרן, און שריפטן זיינען דערשינען צו ווירקן אויף ר׳ חיימען, ער זאָל חרטה האָבן אויף זיינע רייד, וועלכע ער האָט גערעדט קעגן אַזוי פיל טויזנטער יידן, סאַדאַ־ ר׳ חיימען. ער איז געבליבן פעסט אויף זיין פּלאַץ. ער איז ניט געווען דער מענטש. וואָס זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין פעסטער איבערצייגונג.

## טו.

די סאַדאַגורער ברידער גופא האָבן זיך אין דער גאַנצער מחלוקת זייער פיין געהאַלטן, גלייך ווי זיי בעצם וואָלט די גאַנצע זאַך גאָרניט נוגע געווען. זיי האָבן געשוויגן און האָבן קיין וואָרט ניט געזאָגט קעגן ר׳ חיימען. אַז מען האָט זיי וועגן דעם געפרעגט, האָבן זיי געענטפערט: „ווי קאָן מען מלחמה האַלטן קעגן אַזאַ תלמיד־חכם, ווי ר׳ חיים סאַנצער?״

אינמיטן דער שטאַרקער מחלוקת און סקאַנדאַלן פון אַלע זייטן, איז אַ נייע איבערראַשונג געקומען פון דעם לעוויער, ר׳ בער. ער האָט אַרויס־געלאָזט אַ נייעם מאַניפעסט, אַ „קול קורא״, וועלכער איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן און פונאַנדערגעשיקט אין דער גאַנצער וועלט. אין דעם „קול־קורא״ האָט ער חרטה גמורה אויף אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן: „ניט מיט דעם גאַנצן פאַרשטאַנד האָב איך די מעשה געטאָן. אויך די צוזאַמענשטעלונג פון דעם זינדיקן בריוו (געמיינט דעם „מכתב גלוי״ פון טשערנאָוויץ) איז ניט געווען פון מיין האַרץ״. ער דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אים ווידער געזונט געמאַכט און ער איז ווידער ביי זיין „הייליקער פאַמיליע״, אין הויז פון „זיין הייליקן ברודער״, ר׳ אַברהם־יעקב. ער זאָגט צו, אַז ער וועט „אָפּהיטן אַלע מצוות, אויך אַלע דקדוקים״, און וועט גיין אין דעם הייליקן וועג, „וואו זיינע הייליקע עלטערן זיינען געגאַנגען״. בקיצור, די גאַנצע געשיכטע פון פאַר טשערנאָוויץ און אין טשערנאָוויץ — אַלץ, וואָס

מיט אים איז די לעצטע צייט פאָרגעקומען, איז נאָר דערפאַר געשען, ווייל ער איז געווען משוגע, יוצא מן הדעת. דעם בריוו האָבן די צוויי רבנים פון סאַדאַגורע באַשטעטיקט.

ווי דער ערשטער בריוו פון טשערנאָוויץ, אַזוי איז אויך דער נייער „קול־קורא" ניט פון אים אַליין געשריבן געוואָרן. דיביידע בריוו זיינען פון אַנדערע דיקטירט געוואָרן און ער האָט זיי אונטערגעשריבן. לכן האָט דער „קול־קורא" גאָר קיין רושם ניט געמאַכט.

## טז.

עטלעכע יאָר האָט געדויערט די גרויסע מחלוקת צווישן סאַנץ און סאַדאַגורע. די ביידערליי חסידים האָבן זיך צעטיילט אין צוויי פיינדלעכע לאַגערן און זיי זיינען זיך געווען שונאים בנפש.

אין דער זעלבער צייט האָט ר׳ בער געלעבט אין סאַדאַגורע גאַנץ אָפּגעזונדערט און אַליין. ער איז ניט מער צוזאַמענגעקומען ניט מיט די חסידים און אויך ניט מיט זיינע ברידער. אויך אויף אַ שמחה, אַז עס איז ביי זיי געווען, איז ער ניט געגאַנגען צו זיי. די חסידים זאָגן, אַז ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַן אמתער צדיק און די משכילים דערציילן, אַז ער האָט גאַנץ פּריוויזיניק געלעבט און אַז אין לעצטן פּסח פאַר זיין טויט האָט ער אפילו געגעסן חמץ.

אין יאָר תרל״ו, כ״ה ניסן, איז ר׳ חיים סאַנצער געשטאָרבן, און שפּעטער מיט אַכט חדשים, י״ג כסלוו, תרל״ז, איז ר׳ בער געשטאָרבן אין סאַדאַגורע. די ביידע הויפּט־העלדן פון דער דראַמע, די ביידע הויפּט־גורמים פון דער גרויסער מחלוקת, וואָס האָט זיי פיל צרות געבראַכט, זיינען פאַרשוואונדן, און דורך דעם איז די שטאַרקייט און שאַרפקייט פון דער מחלוקת אויך ביסלעכווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ביז עס איז געקומען דער זון פון ר׳ חיים סאַנצער, דער צדיק ר׳ יחזקאל שיניאַווער, און האָט גע־פּרוווט מאַכן שלום צווישן סאַנץ און סאַדאַגורע. צו אַן אמתער און גאַנצער התקרבות איז דאָך ניט געקומען.

ר׳ בער איז געשטאָרבן און מען האָט אים באַגראָבן אין דעם זעלבן אוהל, וואו עס ליגט זיין פאָטער, דער רוזשינער. אָבער מען האָט אים ניט געלייגט לעבן פאָטער, נאָר אין אַ ווינקל...

אין יאָר תרכ״ט, י״ד כסלוו, איז געשטאָרבן ר׳ נחום פון שטעפּאַ־נעשט; תרמ״ג, י״א אלול, איז געשטאָרבן אברהם־יעקב פון סאַדאַגורע; תרנ״ד, ל״ג בעומר, איז געשטאָרבן ר׳ מרדכי שרגא פון הוסיאַטין, און אין יאָר תרס״ד, הושענא־רבה, איז געשטאָרבן דער לעצטער פון רוזשינערס קינדער, ר׳ דוד־משה פון טשאָרטקאָוו.

דעם רוזשינערס קינדער זיינען געשטאָרבן, אָבער די „סאַדאַגורער דינאַסטיע" איז ניט געשטאָרבן. זי האָט זיך נאָך ווייטער אַנטוויקלט און פאַרצווייגט, וואָרעם די אַלע רוזשינער־קינדער, אויסער ר' בער דער לעווער, האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך קינדער און זייערע קינדער האָבן אין פאַרשיידענע שטעט פאַרפלאַנצט און אויפגעבויט נייע „הויפן", מיט נייעם גלאַנץ, און עקסיסטירן עד היום הזה.

---

# „די לודמירער מויד״.

## א.

די יידישע פרוי האָט אין חסידות אַ בעסערע שטעלונג, ווי אין דעם יידנטום פון די למדנים, רבנים אד״גל. אין לעצטן האָבן זיי תמיד געפילט אַ דערוויַיטערונג; אָבער אין חסידות איז די גליַיכבאַרעכטיקונג פון פרויען אַזוי גרויס, אַז אַ פרוי איז אַפילו געוואָרן אַ צ ד י ק, אַ פירערין פון חסידים, ווען זי האָט זיך נאָר דערוואָרבן די נייטיקע מאָס קענטעניש און צידקות. מיר באַגעגענען ביַי חסידים עטלעכע יידישע פרויען, וועלכע האָבן דערגרייכט צו דער הויכער מדרגה „צדיק״. אַזוי האָט אין די צייטן פון בעש״ט געלעבט „די פרומע ריוועלע״ פון סאַטאַנאָוו. דער בעש״ט האָט אַמאָל נאָענט פון סאַטאַנאָוו דערזען אַ גרויס ליכט שייַנען אין דער שטאָט; אַז ער איז געקומען אין שטאָט אַריין און די פני־העיר האָבן אים מקבל־פנים געווען, האָט ער געזאָגט: שעמט אייך, וואָס ביַי אייך, מאַנס־ביל, האָב איך דאָס ליכט ניט געפונען, נאָר ביַי אַ פרוי. און די פרוי איז געווען „די פרומע ריוועלע״. איר פרומקייט און אירע מופתים האָבן זיך געלאָזט הערן אומעטום. בעת זי פלעגט באַזוכן דעם קבר פון איר מאַן, פלעגט זי שלאָגן אויף דעם קבר מיט איר שטעקן און זאָגן דערביַי: „הירשל, בעט גאָט אויף דיינע קינדער, זיי זאָלן תמיד בליַיבן עניים ואביונים, כדי זיי זאָלן ניט אָפּקערן זיך פון גאָטס וועג״. אַמאָל זיינען אַלע קינדער צו איר געקומען אויף שבת. ערב־שבת האָט זי געמאַכט אַ סעודה און איז געזעסן צוזאַמען מיט אירע קינדער. ביַים עסן האָט זי פאַרלאַנגט פון זיי, זיי זאָלן תיכף אַוועקפאָרן פון איר פון שבת. „גאָט — האָט זי געזאָגט — האָט מיר געגעבן קינדער איך זאָל פון זיי נחת האָבן אויף יענער וועלט, אָבער ניט אויף דער וועלט״.

די טאָכטער פון בעש״ט, האָדל, איז געווען באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט, און דער בעש״ט האָט אויף איר געזאָגט, אַז זי האָט

זייער א גרויסע נשמה. די חסידים פלעגן זיך פון איר לאזן בענטשן און איר ווארט איז ביי זיי געווען הייליק. מען פלעגט אויך דערציילן פיל מופתים פון איר. אויך איר טאכטער פייגע, די מוטער פון ר׳ נחמן בראצ־לאווער, איז געווען באקאנט אלס צדיקית. אויף איר האבן די צדיקים געזאגט, אז זי איז א בעל רוח־הקודש. זי האט אויך שטארק געווירקט אויף דער אנטוויקלונג פון איר זון, ר׳ נחמן בראצלאווער, און ער איז גע־שטאנען אונטער איר איינפלוס א סך מער ווי אונטער דעם איינפלוס פון זיין פאטער.

אין דער חסידישער וועלט איז אויך באקאנט דאס אייניקל פון דעם „אפטער רב״, רחלע. זי איז געווען שטארק בקי אין די חסידישע תורות און מעשיות און האט געהאט א שטארקע השפעה אויף די חסידים. פיל חסידים פלעגן זיך פארזאמלען צו הערן פון איר די הייליקע סיפורים פון די צדיקים.

באקאנט אין דער חסידישער וועלט איז אויך די טאכטער פון דעם טשערנאבילער מגיד, חנה־חיה. אירע ברידער, „די טשערנאבילער קינ־דער״, האבן אויף איר געזאגט, אז זי איז אזא צדיקית ווי זיי, און זי איז ראוי צו פירן חסידים ווי זיי, נאר דאס שטריימל אונטערשיידט צווישן איר און זיי. דורך איר פרומקייט און גוטהארציקייט האט זי זיך געשאפן א גרויסן נאמען צווישן אלע טשערנאבילער חסידים, וואס פלעגן קומען צו איר, פון איר זיך לאזן בענטשן און הערן פון איר מעשיות פון איר „הייליקן פאטער״, דעם טשערנאבילער מגיד.

אט די אויבנדערמאנטע יידישע פרויען האבן אין חסידות דער־גרייכט אזא גרויסע מדרגה, וואס קיין יידישע פרוי האט אין רבנישן יידנטום ניט געקאנט דערגרייכן, שוין ניט צו ריידן פון צוצוקומען צו אזא מדרגה, צו וועלכער עס איז געקומען די פרוי מיטן נאמען „די לודמיר־ער מויד״.

## ב.

זי איז געבארן געווארן אין לודמיר (וולאדימיר־וואלינסק) אן ערך אין 1815. זי האט געהייסן חנה־רחל און איז געווען א בת־יחידה ביי איר פאטער, ר׳ מאנעס בערבערמאכער, א ייד א באלעבאס און א שטיק לערנער. די מוטער איז אויך געווען א וואוילקענעוודיקע. נאך אלס קינד האט חנה־רחל יעדן איבערראשט מיט אירע פעיקייטן. אז זי איז עלטער געווארן, האט זי דערוואָרבן פיל קענטענישן אין מדרש, אגדות חז״ל און ספרי מוסר. זי איז געווען זייער פרום און האט געדאוונט מיט גרויס התפעלות און התלהבות. איר נאמען האט זיך געלאזט הערן אין דער גאנצער סביבה

און יעדער האָט אויף איר געטייטלט מיט די פינגער און מען האָט זי גע־רופן „די צדיקית".

חנה־רחל איז אויפגעוואַקסן און פון אַלע זייטן האָבן זיך געלאָזט שדכנים איר ריידן שידוכים. עס זיינען געווען פיל בעלנים צו חתונה האָבן מיט חנה־רחלען, אָבער ר' מאָנעש האָט געוואוסט, וואָס פאַר אַ טאָכטער ער האָט, האָט ער זיך דעריבער געקווענקלט און איז געווען שטאַרק איבער־קלייבעריש. נאָך פיל משא־ומתנם האָט זי דער פאָטער פאַרקנסט מיט אַ בחור פון לודמיר, און גראָד דעם בחור האָט חנה־רחל ליב געהאַט פון אירע קינדער־יאָרן אָן. איר ליבע און בענקעניש צו אים איז געווען זייער שטאַרק, אָבער דאָס אַלץ איז געווען נאָר אין דער שטיל. קיין מענטש, און אַפילו דער בחור אַליין, האָט פון דעם ניט געוואוסט. אויך איצט, נאָך דעם קנסמאָל, האָט זי זיך ניט געקאָנט מיט אים זען און ריידן מיט אים, ווי עס איז געווען דער שטייגער אין יענער צייט. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אויף איר שטאַרק געווירקט. זי האָט ניט געהאַט קיין מענטשן, פאַר וועמען זי זאָל זיך קענען אויסריידן: די מוטער איז געווען געשטאָרבן, דער פאָטער איז געווען אַ טרוד, טאָג און נאַכט מיט זיינע עסקים, און זי האָט שטילערהייט געליטן. זי האָט זיך צוריקגעצויגן פון מענטשן, איז גע־ווען תמיד פאַרטיפט אין הייליקע ספרים און פלעגט פאַרלאָזן איר חדר בלויז דעמאָלט, ווען זי פלעגט גיין אויפן קבר פון איר מוטער. בלויז דאָרט, אויף איר מוטערס קבר, פלעגט זי זיך גוט פילן. דאָרט פלעגט זי זיצן עטלעכע שעה און וויינען. דאָרט האָט זי איר ביטער האַרץ אויסגע־גאָסן און דאָרט האָט זי געפונען שטאַרקונג און טרייסט.

אַמאָל — דערציילט די חסידישע לעגענדע — איז חנה־רחל געזעסן אויף איר מוטערס קבר, טיף פאַרזונקען אין אירע געדאַנקען, און איז איינ־געשלאָפן. אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז שוין געווען אָוונט. איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט צו פאַרלאָזן דעם בית־עולם, איז שוין געוואָרן שטאַרק פינסטער. אַ שרעק און אַ ציטערניש האָט אַרומגעכאַפּט חנה־רחלען. זי האָט אָנגעהויבן צו לויפן איבערן בית־עולם, האָט זיך בעת מעשה פאַרטשעפּעט אָן אַ קבר און מיט אַ גרויס געשריי איז זי אומגע־פאַלן אויף דעם קבר און איז געבליבן אין חלשות. דער שומר פון בית־הקברות, וואָס האָט געהערט דעם געשריי, איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט זי אויפגעהויבן און האָט זי געבראַכט צו איר פאָטער. אייניקע וואָכן איז חנה־רחל געלעגן קראַנק אין בעט און האָט גאָרניט גערעדט. די דאָקטוירים האָבן זיך שוין געהאַט מייאש געווען זי געזונט צו מאַכן. נאָר פּלוצלונג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון טיפן שלאָף, האָט גערופן דעם פאָטער און האָט צו אים געזאָגט: „איך בין ערשט געווען אויפן הימל ביים בית־

דין של מעלה און דאָרט האָט מען מיר געגעבן אַ נייע, אַ גרויסע נשמה״. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז חנה־רחל געזונט געוואָרן.

פון דער צייט אָן איז חנה־רחל געוואָרן גאָר אַ נייער מענטש, מיט גאָר נייע אויפפירונגען. זי האָט אָנגעהויבן זיך אויפצופירן ווי אַ מאַנסביל. זי האָט געטראָגן אַ טלית־קטן מיט ציצית, האָט געלייגט תּפילין און אָנגעטאָן אַ טלית, און דעם גאַנצן טאָג איז זי געווען פאַרטיפט נאָר אין תּורה און תּפילה. אַט דעמאָלט האָט זי באַשלאָסן ניט חתונה צו האָבן, ווייל זי האָט געפילט, אַז זי שטייט איצט העכער פון דער גשמיותדיקער וועלט. זי האָט גענומען אירע תּנאים און האָט זיי אָפּגעשיקט צוריק צום חתן.

ג.

ביני־לביני איז איר פאָטער, ר׳ מאָנעש, געשטאָרבן און האָט איר איבערגעלאָזט ירושה. זי האָט זיך אויסגעבויט אַ בית־מדרש מיט אַ חדר מיוחד פאַר זיך. אין דעם חדר איז זי געזעסן על התּורה ועל העבודה. דער בית־מדרש האָט נאָך ביז דעם קריג עקסיסטירט אין לודמיר און מען האָט אים גערופן „גאָרנשטיבל״, און אין אים האָבן געדאַוונט די ראַכ־מיסטריווקער חסידים.

אַט די וואונדערלעכע מעשים פון חנה־רחל האָבן זיך באַלד געלאָזט הערן אומעטום, אין דער גאַנצער סביבה, אין די שטעטלעך און דערפער. אַלט און יונג האָבן גערעדט פון דער הייליקער „לודמירער מויד״ און מען האָט דערציילט גרויסע מופתים, וואָס זי טוט טאָג־טעגלעך, און פון אירע וואונדערלעכע תּורות. פון אומעטום האָבן מענער און פרויען, יונגע אַן אַלטע, אָנגעהויבן פאָרן צו איר. אייניקע האָבן געוואָלט זען פון איר אַ מופת, די אַנדערע האָבן געוואָלט זי אַליין זען און גאָר אַנדערע האָבן געוואָלט הערן פון איר תּורה. אויך למדנים און רבנים זיינען געקומען צו איר, אָבער זי האָט קיינעם ניט אַריינגעלאָזט צו זיך. זי איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין איר צימער און נאָר פון דאָרט, דורך דער אָפענער טיר, פלעגט זי זאָגן תּורה אָדער בענטשן דעם עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין איר בית־מדרש.

איר נאָמען איז געוואָרן גרעסער און גרעסער און די לעגענדע פון איר, אַלס „הייליקע יונגפרוי״, האָט זיך פאַרשטאַרקט טאָג־טעגלעך. אַלטע חסידים, וועלכע זיינען נאָך געפאָרן צו די אַלטע צדיקים, זיינען געקומען קיין לודמיר צו זען דאָס וואונדער, און האָבן צוגעגעבן, אַז די „לודמירער מויד״ איז אַן „אמתער צדיק״. אויך גרויסע צדיקים פון יענער צייט האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ, הערנדיק וועגן זייער נייעם „קאָלעגע״ אין ווייבערשע קליידער. אייניקע פון זיי האָבן געזאָגט, אַז אין איר איז מגולגל געוואָרן אַ נשמה פון אַ גרויסן צדיק; אַנדערע האָבן געזאָגט פאַרקערט, אַז פון איר רעדט אַ „דיבוק״. אָבער אַזוי צי אַזוי, איז דער נייער

צדיק, „די לודמירער מויד'', זיי געוואָרן אומבאַקוועם און זיי האָבן געוואָלט פון איר פּטור ווערן. און איבערהויפּט איז עס דאָך געווען אַ גרויסער בזיון: זיצט אַן אַלטע מויד אין טלית־און־תּפילין, זאָגט תּורה און בענטשט דעם עולם! זיי האָבן אָנגעהויבן זי צוצורײדן, זי זאָל דאָך ענדלעך חתונה האָבן, אָבער זי האָט פון דעם ניט געוואָלט וויסן.

דערווייל האָבן זיך גענומען מערן די חסידים, וואָס זיינען געפאָרן צו איר; זיי האָבן זיך אָנגערופן: „דער לודמירער מוידס חסידים''. זיי האָבן געדאַוונט אין איר בית־מדרש. שבת צו שלש־סעודות פלעגן זיי זיך פאַרזאַמלען אין בית־מדרש און זי פלעגט, פון איר צימער, ביי דער אָפענער טיר, זאָגן פאַר זיי תּורה. איך האָב נאָך געקענט אַ חסיד פון דער לודמירער מויד, אַן אַלטער, פרומער ייד, וועלכער האָט מיר מיט גרויס התלהבות דערציילט פון דער גרויסער צדיקית און פון איר תּורה־זאָגן.

סוף־כּל־סוף איז עס געלונגען דעם טשערנאָבילער מגיד, ר' מרדכי, איבערצורײדן די מויד זי זאָל חתונה האָבן. ער האָט געזאָגט: „מיר וויסן ניט, וועלכן צדיקס נשמה איז מגולגל געוואָרן אין איר, אָבער עס איז דאָך שווער פאַר אַ צדיקס נשמה צו געפינען רו ביי אַן אישה''. דורך זיין שטאַרקן צוריידן האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ רב. דער רב אָבער האָט מודה געהאַט זיך אָנצורירן אָן זיין הייליקער פרוי, און זיי האָבן זיך באַלד געגט. זי האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט, אָבער דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט אויך מיט דעם צווייטן מאַן, און זיי האָבן זיך באַלד געגט. אַזוי איז חנה־רחל געבליבן „די לודמירער מויד'' ביז איר טויט.

אָבער די צדיקים האָבן דאָך דערגרייכט זייער ציל. זיי, וועלכע פאַרקערן תּמיד מיטן פאָלק, קענען אויך זיין פּסיכיק, און זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז ווען חנה־רחל וועט חתונה האָבן, ווי אַלע אַנדערע פרויען, וועט איר השפּעה אויף דעם המון ווערן אָפּגעשוואַכט: זי וועט מער ניט זיין פאַר זיי די וואונדערלעכע מויד פון לודמיר. אַזוי איז עס אויך געווען. באַלד נאָך איר ערשטער חתונה איז שוין איר השפּעה אויף דעם המון געפאַלן. מען איז שוין מער צו איר ניט געפאָרן צו זען פון איר גרויסע מעשים און מופתים. זי איז שוין מער ניט געווען „די הייליקע מויד''. דער המון האָט זיך געזאָגט: זי איז דאָך סוף־כּל־סוף אַ מענטש גלייך ווי אַלע, און האָט אויך חתונה געהאַט און האָט אַ מאַן גלייך ווי אַלע. אָבער, האָט מיר געזאָגט דער פריער־דערמאָנטער לודמירער חסיד, עס איז דאָך אין איר געבליבן אַ שטיק „רוח הקודש'' און זי איז געבליבן ביי איר טויט אַ גרויסע צדיקית.

צום סוף פון איר לעבן איז זי אַריבערגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און דאָרט איז זי געשטאָרבן.

---